— בערעניו, אָט־אַזוי ווי איך דערצייל דיר:

די פייגל זענען ממש פון דאַך געפאַלן — אַזאַ שטאַרקער פראָסט איז דעמאָלט געווען. דער ווינט האָט געריסן די שינדלען פון דאַך; אָבער אינעווייניק, אין שטוב: אויף אַ גרויסער, זילבערנער טאַץ, געשמאַלצן פון גוט־יידישע מטבעות, האָט מען דיך צום פדיון־הבן געטראָגן... — בערעניו... און דער טאַטע דיינער האָט דיך געקושט, טאַנצנדיק מיט דיר ביז אין דער גרויסער שטוב אַריין, וואו דער עולם איז געזעסן ביי געגרייטע טישן... — און גילדענע רענדלעך האָסטו אין דיינע הענטעלעך געהאַט, אָנגעגרייט פאַרן כהן... און אויסגעצירט ביסטו געווען און... און... און... הי... הי...

די אַלטע באַבע מאַטל האָט זיך פאַרטראַכט און מיטאַמאָל איינגעדרעמלט. בערעניו — בער פרידמאַן — האָט מיט אַ פּאָר גליענדיקע אויגן אַ וויילע באַטראַכט זיין איינגעדרעמלטע באַבע און זיך פאַמעלעך אויפגעהויבן פון שטול. שטילערהייט האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט פון שטוב און געבליבן שטיין אויפן פאַרשנייטן געסל. ס'איז געווען אַ קליינער מהלך ביזן שטעטל, ביזן מיט־מאַרק, וואו יידן וואוינען — — — באַלד ביים אָנהויב פון דער גרויסער וועלט־מלחמה, ווען די ערשטע צאַרישע חילות האָבן אין יאָר 1914 איינגענומען גאַליצישע שטעט און שטעטלעך מיט דער שווערד, און זיי חרוב געמאַכט מיט פייער, איז אויך דאָס גרויסע הויז פון דער משפחה פרידמאַן, וואָס איז געשטאַנען אינמיט פון קריקעווער מאַרק, דאָס ערשטע חרוב געוואָרן. האָבן זיי, די פרידמאַנס, זיך באַזעצט אין אַ פאַרוואָרפענעם הייזל, ווייטער פון דער שטאָט אַרויס, דאָרטן וואו ס'ציען זיך שוין די פויערשע גערטענער און אויבס־סעדער.

אין אָפּגעלעגענעם ווינקל איז רויק און קיין סך אויגן זעען נישט, וואָס ס'טוט זיך אין האַרצן... — די משפחה פרידמאַן דאַרף

וואוינען ווייטער אַ ביסל, אָפּגעזונדערט; מיט זיך אַליין, אין די ווייס-געקאַלכטע, פּויערישע ווענטלעך, וואו ס'קאָן טליען דער צער פון אָפּגעקומענע, פון יורדים...———

אין דרויסן איז געפאַלן אַ פייכטער שניי.

בער האָט זיך געהילט אין זיין נישט-איבעריק וואַרעמען מאַנטל און געהויכט אין די פאַרבלויטע הענט. ער, וועמען מ'הופט נאָך „בערעניו", איז שוין אַ זעכצן-זיבעצן-יעריקער בחור. שטייט ער אויפן ראָג פון גוייִשן געסל און ווייסט נישט, וואוהין זיך אַהינצוטון איצט, אינם ווינטערפאַרנאַכט, מיט זיין מאָדנער אומרו, וואָס האָט זיך צו אים אַריינגעצויגן און וואָס באַגלייט אים.

שניי-פלעקעלעך מאַכן אים פייכט די אויגן-לעפלעך, דאָס אָדלער-נעזל, כאַפּן זיך אַרונטער אונטערן שמאָלן קאָלנער און נעצן אין קאַרק.

— „וואוהין פאַלט מען אַריין איצטער אַ?" — טראַכט ער אָנ-געשטרענגט.

מיטאַמאָל האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנקעלע: ביי לוסי גראָס אין פּעדערשטן סאַלאָן איז שוין אַוודאי אָנגעצונדן דער גרויסער הענגלאָמפּ. אַרום קיילעכדיקן, פאַרשפּרייטן טיש זיצן מענטשן מסתמא און לאַכן... און זי, לוסי, זיצט געוויס ביי דער פּיאַנע, לויפט מיט די פינגער איבער די ווייסע און שוואַרצע קלאַווישן... זי, לוסי, קוקט זיך אַלעמאַל אום, ווענדיק הערן וואָס מ'רעדט... וועגן איר...

— „און טאָמער איז דאָרטן דאָ דער „דאָקטאָר"?"

בער האָט איבערלייגט ביי זיך. איבערלייגנדיק אַזוי, איז אים קאַלט געוואָרן. ער האָט צערירט די פיס און גענומען שפּרייזן. אין אָנהייב פּאַמעלעך, גלייך ווי ער וואָלט געציילט די טריט, אָדער גאָר געזשאַלעוועט די אָפּגעריבענע קאַלאָשן, נאָך פון דער פריד-מאַנישער פאַר-מלחמהדיקער גאַרדעראָב.—

אין געסל איז שוין גאָר טונקל געוואָרן. האָט ער גענומען שפּרייזן גיכער, ווי ער וואָלט דאָס מורא געהאַט פאַרן אייגענעם שאָטן, וואָס האָט זיך גערוקט הינטער אים.

ביים גרויסן קלויסטער, וואָס שטייט אויפן צווייטן עק פון אָפּגע-לעגענעם געסל, האָט געפלעמלט אַן איינציקע לאַמטערן און אַרום

זיך פֿאַרשפּרייט אַ מאַטע, געלבלעכע שײַן. בער האָט דערגרייכט אַהינצו. פֿון דאַנען איז אים שוין נישט ווייט צום הויפּט־טראַקט, וואו אין די פֿאַרנאַכטן און אָוונטן שפּאַצירט, געוויינלעך, דער שטעטלדיקער יונגער עולם. דאָ איז אים שוין היימלעכער געוואָרן. הגם זוי נאָר די טונקלקייט פֿאַלט צו, צעשרייט זיך, ערגעץ אין אַ שפּאַלט פֿון גלאָקנטורעם, אַן אַלטע סאָווע, שלאָגט מיט אירע שווערע פֿליגלען אין די נאַקעטע ציגל, אָניאָגנדיק אַ שווערקייט און אומעט אין די געמיטער פֿון פֿאַרבײַגייער.

בער האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַם לאַמטערן, אַקעגן אים האָט עמעצער פֿאַרבײַגעשפּרייזט מיט אַ פֿאַרשטיקטן געלעכטערל. צוויי זײַנען זיי געווען: אַן „ער“ און אַ „זי“. אַ רוסישער סאָלדאַט אין אַ גרויסער שעפּסענער „פּאַפּאַכע“ און בײַ זײַן זײַט די שטעטלדיקע זונה, וואָס בחורים רופֿן זי אָן מיט ווילדע נעמען און חוזקן פֿון איר אָפּ.

אַ קורצע ווײַל האָט בער זיי בײדן נאָכגעקוקט, ביז זיי זײַנען ערגעץ נעלם געוואָרן הינטער אַ פּײַערישן פּלויט...

דאַן האָט ער ווײַטער צערירט די פֿיס, שיפּער פֿאַררוקט די פּאַר בלויטע הענט אין די מאַנטלקעשענעס און געלאָזט סימנים פֿון זײַנע קאַלאָשן־פּאָדעשוועס איבערן שניי.

הפּנים, קיין באַשטימטן ציל האָט ער נישט געהאַט, „בערעני“. אים האָט, ווײַזט אויס, גאָר אַ יונגע אומרויִקייט אַרויסגעטריבן פֿון די פּויערישע, געקאַלעכטע שטיבלעך, אין אָוונטיקן דרויסן אַרויס. אַפֿילו נישט צו לוסי גראָס דער יונגער, שטיפֿערישער יפֿהפֿיה, מיטן גרינעם באַנטיקל אין אירע האָר און פּליושענעם חן־בענדעלע אַרום קלאָרן האַלז, האָט עס אים געצויגן. וואָרעם אָנקומענדיק אינמיטן מאַרק, צום טראַקט, האָט ער זיך פּלוצלונג איינגעפּלאָנטערט צווישן די פֿולע אָנגעלאָדעוועטע „בריקעס“ און שליטנס, וואָס האָבן געשלעפּט סחורות פֿון „יענער זײַט גרעניץ“, ערגעץ אין די ווײַטערע, גרעסערע גאַליצישע שטעט, וואָס זײַנען אַצינד געווען באַזעצט פֿון צאַרישע אַרמייען, און האָבן געהאַט זייער איינציקן סחורה־קוואַל אין רחבֿותדיקן, פֿאַרפֿונדעוועטן „פּאָניע־לאַנד“.

און דאָס שטעטל קריקעוו ליגט נאָענט בײַ דער גרעניץ, אַ פּונצן װערסט פֿון טײַך זברוטש. האָט מען דאָ, פֿאַר די קריקעװער אײנפֿאָר־הײזער געפּיטערט און געזוכט „פּאָסטאָיעװנע" אויף בײַנאַכט.

בער האָט באַטראַכט די באַלעגאָלעס, אין גרויסע שעפּסענע טולופּעס, אין געװאַנטענע „װאַליאָנקעס" אויף די פֿיס, און מיט גע־פֿלאָכטענע בײַטשן אין די הענט, אָנגעטוענע אין פֿוטער־הענטשקעס מיט איין פֿינגער.

ער האָט געצופּט שטרוי פֿון די בריקעס־אַראָפּ, געטאַפּט די דיקטע־קעסלעך מיט ליװאַדער צוקער און — מאָדנע־אָן אַ שום פֿאַר־װאָס, בגנבה, אַראָפּגעריסן די בלײערנע פּלאָמבעס פֿון די זעק קאָרן־און װײצן־מעל.

נאָר מיטאַמאָל:

— בערעניו, בער!

בער האָט זיך אַ שאָקל געטון און שיר אומגעפֿאַלן, װי אַ נאַכט־האַנדלער, װעמען מ׳רופֿט אָן בײַם נאָמען, בעת ער טוט אַ מלאכה שלאָפֿנדיקערהייט.

פֿון איינעם פֿון די אײנפֿאָרהײזער איז גראָד אַרויס דער פֿאָטער זײנער, ר׳ הירשל פֿרידמאַן, און דערזען צװישן די בריקעס און שליטנס זײן געציטערטן בכור.

— שלעפּסט זיך אַרום צװישן באַלעגאָלעס?

— כ׳שלעפּ זיך נישט אַרום...

ר׳ הירשל האָט מער גאָרנישט געזאָגט. און בער האָט מער גאָר־נישט געהאַט צו ענטפֿערן. זײ האָבן זיך בלויז אַרײנגעקוקט אין די אויגן, און באַלד זיך געװענדט מיט די רוקנס אײנער צום אַנדערן.

ר׳ הירשל איז אַרײן אין אַ צװײטן טויער. בער האָט אים נישט נאָכגעקוקט. ער האָט זיך װײטער געפּלאָנטערט פֿאַר די אײנפֿאָר־הײזער און געקוקט אין די באַלויכטענע פֿענסטער פֿון די „טשאַינעס", פֿון װאַנען ס׳האָט אַרויסגעשטראָמט אַ געפּילדער פֿון סוחרים, מעק־לערס, באַלעגאָלעס און פֿון באַקנעפּלטע „סטראַזשניקעס", די פֿרעמדע ממונהים איבער דעם שטאָטישן סדר און אָרדענונג...

בײַ איין פֿענסטער האָט ער זיך לענגער אָפּגעהאַלטן, בער. די שויבן זענען נישט געװען פֿאַרפֿרױרען און ער האָט געקאָנט זען

אַלץ, וואָס אינעווייניק טוט זיך: פּאָר אַ גרויסן טיש זענען געזעסן עטלעכע סוחרישע יונגעלייטלעך, געזופּט פון גלעזער און געהאַלטן קאָרטן אין די הענט. ער האָט צוגעלייגט די נאָז צו דער שויב, ווי ס'וואָלט אים אַ מאַגנעטישער כּוח צוגעצויגן. ער האָט ברייטער צעעפנט די אויגן, ווי וועלנדיק דורכשניידן מיט זיינע בליקן דאָס גלאָז. נאָר...

— טשטאָ טי! אַ גנב! איש-טי קאַקאָי!

צוויי צוואַנגען האָט ער דערפילט אויף זיינע אַקסלען, בריענדיקע קליעשטשעס, וואָס ווילן אים אונטערהויבן אין לופטן.

— מאַט טוואָיו! אין דיין מוטער...

פּאָליצייסקישע צוויי לאַפּעס האָבן אים פעסט געהאַלטן און פון אַ פאַרענדיקן מויל האָבן געדונערט שטראָף-רייד.

— דו! דו!... מעג מען אַזוי?! האַ?

אַ מערכה, שמעון-וואָלף דער בעל-אַכסניה, דער מיט דער מעשענער באָרד, איז גראָד ירויסגעקומען פאַרן טויער און אויסגעטייטשט דעם פּאָליצייסקי, אַז ס'איז גאָר קיין גנב נישט, נאָר פאַרקערט:

— גאָספּאָדין „קאַפּיטאַן", טאָ בערעניו... דאָס איז בערעניו... אַ לייטישער, ר' הירשל פרידמאַנס בכור; יעוואָ טאַטע... עך, געוועזן... אַ פּריניץ... כאַ-כאַ! אַ טשיקאַווער יינגל דער בערעניו... לאָזט אים אָפּ...

— איש-טי קאַקאָי! טשוטשאַלע! צום נאַטשאַלניק קום! קום!

בער האָט נישט געעפנט די ליפּן צום רעדן. ער האָט זיך אַפילו נישט געבעטן מיט די אויגן. נאָר שמעון-וואָלף דער בעל-אַכסניה, דער מיט דער מעשענער באָרד, האָט אונטער דער באַהאָרטער נאָז אַ פּאָנפע געטון, עפּעס מרמז-געווען דעם פּאָליצייסקי, און מיניה-וביה אים אַ קלאַפּ געטון, שוין מעשה-גוט-ברודער, אויף זיין ברייטער, באַפּעלצטער פּלייצע:

— כ'וועל געבן... טשאַי... ביי מיר... געבן טשאַי...

— נו, אוכאַדי! אודיערי! אַנטלויף! — האָט דער פּאָליצייסקי נאָך אַ געשריי געטון אויף בערן און אַריינגעשפּאַרט, אינאיינעם מיט שמעון-וואָלפן, אין גרויסן פינסטערן הויז אַריין, פון וואַנען ס'האָט

זיך געטראָגן אַ געשטאַנק פֿון פערד־צואה, פייכטן שטרוי און פאַר־לעגענער קאָניוטשינע...

בער האָט עפּעס אַ ברום געטון. אָט, הפּנים, אויף די אַקסלען איז אים נישט איבעריק לייכט געווען פֿון סטראַזשניקס „גלעט“. ער האָט זיך שוין געקליבן אָפּטרעטן פֿון דאַנען, נאָר דאָ, ווידער:

— בערעניו, בער... — ר׳ הירשלם איז פֿון ערגעץ אָנגעקומען..

פֿאַרן באַלויכטענעם פֿאָדער־פֿענסטער פֿון שמעון־וואָלפֿס אַכסניה האָט בער דערזען צוויי בלאָע, אָנגעלאָפֿענע אָדערן ביי ביידע זייטן פֿון זיין פֿאָטערס שלייפֿן. צוויי גרויסע, ברוינע מאַנדל־אויגן. וואונדער־לעכע אויגן; און די געקרייזלטע, שוואַרצע באָרד, באַזאַלצן מיט שנייעלעך.

— בערעניו... שטייסט ביים פֿענסטער... קוקסט אַריין...

— איך שטיי נישט ביים פֿענסטער... איך קוק נישט אַריין...

עפּעס האָט אים אַ שניט געטון, בערן, דאָרט וואו ס׳איז דאָס האַרץ.. און עפּעס ווי ס׳וואָלט זיך גאָר וועלן אויסשיטן מיט אַ בייזן געוויין... האָבן זיך אָבער די פֿיס אַ הייב געטון און צעלאָזט...

— בערעניו.....

מער האָט ר׳ הירשל נישט נאָכגעשריגן. — —

אַז בער איז צוגעקומען צום הויז, וואו זי, לוסי גראָס, וואוינט, האָט ער ביי זיך אַ לאַנגע וויל נישט געקאָנט פּועלן אַריבערצוטרעטן די שוועל. די טעמפּע פּיאַנע־קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געריסן דורך די פֿאַרהאַנגענע און פֿאַרהויכטע פֿענסטער, האָבן אים אָפּגעהאַלטן אויף די טרעפּלעך פֿון הילצערנעם, פֿאַרשנייטן גאַניק און נישט צוגעלאָזט צו דער טיר, וואָס איז נישט געווען אינגאַנצן צוגעהאַקט. ער האָט זיך אָבער צוריק אויך נישט אומגעקערט, בער.

אומגעריכט האָט זיך די טיר אויפֿגעפּראַלט און אויפֿן גאַניק איז אַרויס — אַ באָרוועסע — נאַסטקע, די געזונטע דינסט מיטן רויטן אָנגעצוויקטן פּנים. דערזעענדיק בערן אויפֿן גאַניק, האָט זי זיך צעבי־כעט, אַז זי איז שיר נישט צעשאָטן געוואָרן פֿאַר לאַכן...

— איז עמעצער אינעווייניק? — האָט בער זי אַ פֿרעג געטון, ווי גאָרנישט פֿון אים וואָלט זי אַזוי חוזק — זענען געסט דאָ?

— ווער האָט צו זיין? — האָט נאַסטקע צוריקגעפרעגט, נישט קאָנענדיק זיך אָפּלאַכן צו דער זעט.

— מ'גייט נאָך נישט שלאָפן?

— פאַרוואָס אַזוי פרי שלאָפן? — האָט די שיקסע ווידער געענט־פערט מיט אַ שאלה.

בער האָט מער נישט געפרעגט. ער איז אַריין אין פירהייזל, אָנגעקלאַפּט אין טיר און, נישט וואַרטנדיק אויף קיין פאַרבעטנדיקער תשובה פון אינעווייניק, אַראָפּגעצויגן די קליאַמקע. —

ער איז נישט מבולבל געוואָרן, בער. ער האָט זיך אויך נישט פאַרשעמט, כאָטש דער ערשטער האָט אים אָפּגעמאָסטן דער „דאָק־טאָר", דער אָפּטער אַריינגייער אין הויז פון דער פאַמיליע גראָס.

— אַ גוטן אָוונט, ליבינקער! דאָברי וועטשור! — האָט דער „דאָקטאָר" ווײַנשל אויסגעצויגן אויף אַ קליינגענדיקן פויליש און זיך אונטערגעהויבן פון דער געבעטער שטול, אין וועלכער ר'האָט באַק־וועם „גערוט", אַסיסטירנדיק לוסין ביי דער פיאַנאָ.

בער האָט עפּעס אַ ברום געטון אונטערן אָדלער־נעזל:

— [illegible]... אַ גוטן...

דער איבריקער עולם: דער הוסטנדיקער פאַן גראָס, מיט די געדיכטע, גראָע וואָנסן און שפּיציקן קנעבל־בערדל, די הויכע בלאָנדע פאַני גראָסאָוואַ און זייער בוכהאַלטער — אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַ הויכן, שטייפן קאָלנער, אַ „פּאָטער־מערדער" — וועמען מ'האָט אין קרי־קעס גערופן מאָריץ לעקיש — זיי זענען געזעסן אַרום גרויסן, קיילעכדיקן טיש און געשפּילט זייער „געוויינלעכן קליאַבר" אויף דריי הענט...

זיי האָבן, ווי כלאחר־יד, אָפּגעענטפערט בערן אויף זיין שטילן „גוטן־אָוונט" און ווייטער געפירט דעם קאָן, אומגעשטערט. די פאַני גראָסאָוואַ האָט אפילו אַרויסגעלייגט די קאָרטן, האַלטנדיק גרייט די רעכטע האַנט צום „האַנטקוס", אָבער בער האָט זיך רויק אַוועקגע־זעצט אין ווינקל אויף אַ קושעטקע און נישט באַמערקט דער הייזפרוים וואַרטנדיקע האַנט... —

— אָ, פרידמאַן! — האָט לוסי מפסיק געווען אינמיטן דעם ציגיי־נער־באַראָן־וואַלס — אָ, פרידמאַניו!

— מאַלי פרידמאַן... דער קליינער פרידמאַן! — האָט דער „דאָקטאָר“ וויינשל אויסגעפּעסערט...

ער האָט געקנייטשט דאָס היטל אין די הענט. ער האָט נישט געקוקט אין קיינעמס זייט און אויף קיינעם. ער האָט בלויז באַטראַכט זיינע אָפּגעריבענע קאַלאָשן, וואָס האָבן אָנגעמאַכט טייכעלעך וואַסער, מחמת ער האָט זיי פאַרגעסן אויסצוטון אין פּירהייזל.

עפּעס האָט אים הנאה געטון, וואָס ער אַרבעט אָן אַן אומאָרדענונג, אַ נעץ, אַרום זיך, אָט דאָ אין „סאַלאָן“ ביי דער „פּאַנסטוואָ“ גראָס... ער האָט אַ שמייכל געטאָן. לאַנג האָט אָבער דער שמייכל נישט אָנגעהאַלטן. די הנאה האָט זיך גיך איבערגעגאָסן אין אַ טיפן פאַרדראָס און אין עפּעס אַ צער, אַ נישט פאַרשטאַנענעם. — לוסי האָט אים מער קיין איינציקן בליק נישט געשענקט...

בלישטשענדיק מיט אירע נישט-איבעריק גרויסע, טונקעלע אויגן, האָט זי זיך צוגעבויגן אין דער זייט פון „דאָקטאָר“ און, מיט אַ שטיפעריש געלעכטערל, אָנגעקוואָלן פון זיינער אַ קיילעכדיקער חכמה, וואָס ער האָט איר אַריינגעשעפּטשעט אין אויער.

דער „דאָקטאָר“ וויינשל האָט באַקומען נאָך מער לשון און געזוכט צו גלאַנצן מיט „הומאָר“. האָט ער גענומען שנעלן מיט די ווייכע פינגער אין די וועסטל-קנעפּלעך, קנייטשן דעם שמאָלן, פאַרוואַקסענעם שטערן, באַוועגן מיט די אויערנלאַפּן, וואָס האָבן ביי אים אַראָפּגעהאַנגען ווי ביי אַ פּודל-הונט, און איז אַרויסגעפאָרן:

— און דיר, קאָכאַסיו, טייערינקער, הייסט מען נישט לייענען „קרישמאַ“ פאַרן שלאָפן-גיין, האַ? האַ, פרידמאַן קליינער, כי-כי... כע-כע...

ער האָט אויף אים אויסגעגלאָצט אַ פּאָר איבערגעלאָפענע אויגן.

— און מען שמייסט דיך נישט דערפאַר, וואָס דו שלעפסט זיך אַזוי שפּעט, אַ? כ'מיין, דיין טאַטע דאַרף דיך נאָך שמייסן... האַ, פרידמאַן מאַלי? כי-כי... כע-כע... גלענצנד!

די אַרומזיצנדיקע האָבן זיך צעלאַכט. צום מייסטן האָט זיך געלאָזט הערן מאָריץ לעקיש. ער האָט געצויגן זיין שטייפן קאָלנער אין דער ברייט, כדי זיך צו מאַכן „לופט“ און צו פאַרלייכטערן דעם געהאָלדער.

— כאַ=כאַ! אָך=אָך! אַך געוואַלט... ר׳ הירשלם בכור... פּאַננאָ
לוביו... אָך=אָך, ער איז דאָך פאַרליבט. יאַק באָגאַ קאָכאַם...
ווי גאָט איז מיר „היילי״ק״... — האָט ער גענומען שווערן, כאָ=רייך
לעקיש, און ווינקען מיט די אויגן אויף בערן, וועלכער איז נאָך
אַליין געזעסן אַ שווייגעדיקער. —

— און דו ענטפערסט זיי גאָרנישט?.. קהע... הע... קהע...—
האָט, הוסטנדיק, זיך אַריינגעמישט דער פאַן גראַם אַליין—שווייגסט
זיי, „יונגער הער״ פרידמאַן?

— איך הער... קעגן „דאָקטאָר״ ווינשל און מאָרייך לעקיש...
שווער בייצושטיין... „לעקיש עט ווינשל״... נישטאָ קיין עצה... גרויסע
צוויי דעמבעס... מיט פאַרייניקטע כוחות... —

נאָך דעמדאָזיקן ענטפער האָט דער „דאָקטאָר״ זיך געפילט
אַ ביסעלע אומבאַקוועם; זיך געדרייט אויפן שטול, און מאָרייך לעקיש
האָט אָפטער געצויגן זיין שטייפן קאָלנער. פאַן גראַם האָט געזוכט
צו פאַרפירן אַ שמועס וועגן מלחמה=פּאָליטיק און די פאַני גראָסאָוואַ
האָט אַריינגעשריגן אין קיך אַריין צו נאַסטקען, זי זאָל אָנגיסן טיי.
לוסי האָט געצופט דעם מעדאַליאָנטשיק אויף איר נישקשהדיק=
דעקאָלטירטער, יונגער ברוסט און די רעכטע באַק האָט ביי איר
געפלאַמט. זי האָט געקוקט דאָ אויפן „דאָקטאָר״, דאָ אויף בערן און
יונג=מיידלערישע טראַכטונגען האָבן אָנגעפילט איר לייכטן מוחל...

אַ שטימונג, ווי נאָך אַ קורצן געוויטערל. נאָר....

— הייסט עס, אַז מען באַגראָבט זיי, די „פּאָניעס״, ביי די קאַר=
פּאַטן, האַ? קהע... קהע... קבע... ווי קאָן מען אָבער וויסן דעם אמת,
אַז זייערע צייטונגען, די „פּאָנישע״, זענען פול מיט שקרים און „אונ=
זערס״ אַ בלעטל צייטונג איז נישט צום זען... אַי=אַי, פאַניע דאָקטאָ=
רשע, די „ווינער נייע פרעסע״... אַי... אַי... קהע... קהע...
„צען גולדען״ וואָלט איך געגעבן פאַר איין בלאַט... פאַניע דאָקטאָ=
רשע, „זאָוואַהר איך יודע בין״...—

מ׳האָט דערלאַנגט טיי. מ׳האָט געזופּט און פּאָליטיקירט. מ׳האָט
באַרעכנט די גרייס פון די צאַרישע אַרמייען, באַוואונדערט די שכלדיקע
אויפטואונגען פון די דייטשע גענעראַלן און דעם כוח פון די „טייערע
עסטרייכישע צוויי=און=פערציקער קאַנאָנען״...

דער „דאָקטאָר" ווײַנשל איז געווען אַן עסטרײַכישער „פּאַטריאָט". ער האָט געהאָפט אויף אַ גיכער באַפרײַונג פון דער רוסישער אינוואַזיע, זיך געטרייסט און אַנדערע געמונטערט:

— איר וועט זען! מיר מוזן זיגן! אונזער עסטרײַכישע און דײַטשע חכמה וועט באַווײַזן דעם כּוח! נישט דער רוסישער דזשעגעכץ און די בערישע פּעלצן! אָ, וואָלטן שוין געווען די אונזעריקע! פרײַוויליק גיי איך אין דער אַרמיי, קעמפן קעגן די ווילדע באַרבאַרישע מאָסקוויטערס! אויסראָטן עס, דאָס ווילדע, קולטורלאָזע פאָלק. אָ, איך פיל אין זיך אַ הייליקן, גרויסן, וואונדערלעכן כּוח! אָט־אַזוי, אָט־אַזוי — וואָלט איך געשריטן אויף רעכטס און אויף לינקס מיט מײַן שווערד און זילבערנע טראָלד — איך, אַלס אָפיציר, וואָלט, נאַטירלעך, געהאַט אַ זילבערנע טראָלד מיט פראַנזן — אָט־אַזוי!... אָט־אַזוי, יאַק באָגאַ קאָכאַם!

ער האָט פון אונטער זיך אַפּגעכאַפּט די שטול, געוואָלט אַ פאָך טון אין דער לופטן, אָבער בײַם ערשטן הייב האָט ער געטראָפן גלײַך אין גרויסן, ברענענדיקן הענגלאָמפּ אונטערן באַלקן. דער לאָמפּ איז אַראָפּ מיט אַ געקלינגערײַ און צעשאָטן געוואָרן אויף קלײנע שטיקלעך שערבעלעך און פּיץ־פּיצלעך גלאָז.

ס'איז געווען אַ מהומה, אַ געוואַלד. די מאַנסבילן האָבן געליאַרעמט, געדרייט זיך, אָבער אויסגעקומען זענען זיי אויף דיזעלבע ערטער און געבליבן שטיין ווי די גולמס. די פרויען, מיטער און טאָכטער, האָבן געקוויטשעט אויף בײַ־קולות און געריסן די האָר. דער קנייט האָט נאָך געברענט און פון פלאַם האָט זיך אָנגעכאַפּט אַ שפּיץ פון גרויסן קאָבריץ אויפן דיל. די שטוב איז פול געוואָרן מיט רויך און פאַרצווייפלטע קולות.

נאָר דאָ איז געשען אַ חידוש: בער, וועלכער האָט זיך, ווי אַרום, דערכאַפּט וואָס ס'איז נייטיק צו טון, האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן זײַן אייבער־בגד, אַ פאָך־געטון אויף דעם ברענענדיקן קאָבריץ און מיט ביידע הענט גענומען שטיקן און לעשן דאָס פײַער.

אַ היבשע צייט איז ער אַזוי געלעגן אויפן דיל. און ביז די מאַנסבילן מיט הערלישן „דאָקטאָר", וועלכער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן

דעם שמול אין זיין פאַרגליווערטער האַנט, זענען צו זיך געקומען, איז דאָס פייער שוין געווען פאַרלאָשן. יאַסטקע, די דינסט, האָט געעפנט אַ פענסטער און אַ קאַלטער ווינט האָט צעבלאָזט דעם רויך. דער עולם האָט זיך ביסלעכווייז באַרויקט און אַנטשוויגן געוואָרן, אינמיטן דעם חורבן אין טונקלען צימער.

די דינסט האָט אַריינגעבראַכט אַ ליכט. בער, וועלכער האָט זיך נאָך פריער באַוויזן אויפצוהייבן פון דיל, איז געשטאַנען ביים טיש און געדרייט אויף אַלע זייטן זיין פאַרסמאַליעטן מאַנטל מיט די אויסגעברענטע לעכער. מאָריץ לעקיש האָט זיך אַ צי געטאָן ביים קאָל-נער:

—כ'וועט דיר אַריין לופט דורך די לעכער, קליינער פרידמאַן... דו...

ער האָט נישט פאַרענדיקט זיין מימרא. לוסי, נאָך אַ טויט-בלייכע, וואָס האָט נישט אַראָפּגענומען אירע צעשראָקענע אויגן פון בערן, האָט פלוצלונג אַרויסגעלאָזט אַ מוראדיקן קוויטש:

— בלוט! בלוט! אויף זיינע הענט... פרידמאַנס....

— פאַרוואונדעט,—האָט „דאָקטאָר" זיינשל אַרויסגעשטאַמלט.

אַלע האָבן גענומען באַטראַכטן בערס הענט, וואָס זענען געווען פאַרשטאָכן מיט שטיקער גלאָז און פאַרסמאַליעט פון פלאַם...

עמיץ האָט זיך אָנגערופן:

— מ'דאַרף אַריינברענגען דעם פעלדשער...

אין דער רגע האָבן זיך טאַקע ביידע, אי מאָריץ לעקיש, אי דער „דאָקטאָר" זיינשל אַרויסגערוקט פון צימער, צו ברענגען בערן „גיכע הילף". פאַן גראָס אַליין איז אַריין אין קיך נאָך קאַלט-וואַסער און די פאַני גראָסאָוואַ נאָך לייוונט און וואַטע.

בער איז געבליבן אויג-אויף-אויג מיט דער צעשראָקענער לוסי. ער האָט איר אַנטקעגנגעהאַלטן די פאַרוואונדעטע הענט און עפּעס האָבן זיינע אויגן געשמייכלט פון ווייטאָג און הנאה...

— ס'טוט וויי, בער? — האָט לוסי אַרויסגעשטאַמלט...

— אַ ביסל, לוסי...

ז' האָט זיך צוגעשאַרט און באַרירט מיט אַ שפּיץ-פינגער בערס בלוטנדיקע רעכטע האַנט...

— דאָ, בער?
— יאָ, לוסי...
— וואו נאָך?
— דו... דו... — האָט בער פּלוצלונג אַ כּרום געטון און זיינע ביידע בלוט־טריפנדיקע הענט האָבן געוואָלט אַרומכאַפּן איר האַלז — דו... דו!

האָט זיך די טיר געעפנט און דער „דאָקטאָר" וויינשל איז אַריין מיט אַ גדולה, פירנדיק אַ רוסישן פעלדשער אין אַ סאָלדאַטסקען מונדיר, וואָס האָט ערגעץ געהאַט זיין קוואַרטיר אין שכנות.

— אָט קליינער! דער גאָספּאָדין פעלדשער איז דאָ... אַזאַ אומפּאָרזיכטיק יינגל! אָנשטאָט צו שלאָפן — שפּילט ער זיך גאָר מיט פייער! — האָט דער „דאָקטאָר" וויינשל געטרייסט...

בערס אויגן זיינען איבערגעלאָפן. די ציין האָבן ביי אים געקלונגען אין מויל און די קני האָבן אַ ציטער געטון. אַזאַ כּעס האָט אים באַוועלטיקט:

— איר, „דאָקטאָר"! מיט אַ טראָלד און פּראַנון! לוסי... טפוי! — האָט ער אַרויסגעבראָכט — טפוי!

ער האָט זיך אַ קער געטון מיטן רוקן, און ווי אַ הולער, וואָס רייסט זיך אַוועק פון זיינע היטער, איז ער אַרויס אין שנייקן, קאַלטן דרויסן...

— בערעניו... פאַניע פרידמאַן... מאַלי!.. קליינער!

אָבער בער האָט זיך נישט אומגעקוקט. געלאָפן אין בלויזן קאָפּ, אָן אַ מאַנטל, בלויז מיט די אָפּגעריבענע קאַלאָשן אויף די פיס און... מיט צוויי אָפּגעבּרענטע צעבלוטיקטע הענט — הען, הען, צום פויערישן געסל, וואו פאַרשנייטע שטייען די ביימער אין גער־טענער און ס׳ציען זיך די איינגעדרעמלטע איבב־בערג.

* * *

שטיל איז ביי די פרידמאַנס אין וואוינונג. וויס־געקאַלכטע זענען די ווענט אין דער פויערישער כאַטע. בלייכע, ווי דיראָזיקע ווענט, זענען די פּנימער פון די איינוואוינער, וואָס שווייגן אַליין, ווי אָט די ווענט.

אַזוי דער זיידע ר' נוחקע, אַזוי ר' הירשל פרידמאַן, ר' נוחקעס איידים, אַזוי דבורהל, די הירשעלעכע. אַזוי אַלע, אַלע, די קינדער ר' נוחקעס און די אייניקלעך זיינע.

די איינציקע, וואָס רייסט איבער די שטילקייט פון צייט צו צייט, איז די באָבע, ר' נוחקעס ווייב, די אַלטע מאַטל, מיט וועלכער ער לעבט שוין קרוב צו פופציק יאָר. בייזערט ער זיך טאַקע, דער זיידע ר' נוחקע, הלמאי אַ מענטש האָט טענות, הלמאי אַ מענטש רעדט. קנייטשט ער דעם שטערן, ר' נוחקע, פאַפקעט דעם לאַנגען ציבוק און שאַרט זיך אַריין צו זיך אין קליינטשינקן חדרל אַריין, וואו ס'ליגט אַן אָפן ספר אויף אַ הינקענדיקן שטול; דאָרט וואו מ'קאָן זיך פאַרגעסן, אַז מ'איז נשרפים, אָפגעקומענע יורדים...

אַזוי שוין ס'דריטע יאָר באַלד...

אָבער אַמאָל—ע, אַמאָל—דוכט ערשט-נישט-לאַנג-האָט מען נאָר באַדאַרפט אַ זאָג טון: „דאָס הויזגעזינד" — האָט שוין יעדער געוואוסט: ר' נוחקעס...

אַ הויז איז געשטאַנען אינמיטן מאַרק, ביים הויפט-טראַקט, אַ לאַנגס, אַ גרויס, אַ ברייטס, וואָס איז געגאַנגען בירושה פון קינד-צו-קינד. געבויט דאָס הויז האָט נאָך מאַטלס אַ זיידע, ר' יאָנטל זיידענער, און אָנגעקומען איז דאָס הויז ביז צום יונגסטן איידים פון דער „זיידענער" משפחה, צו ר' נוחקען.

און דאָס גרויסע הויז אויפן מיטן מאַרק איז געווען אַ הויז פון גרויסער מזיגה און שפע. סקלאַדעס פון פלאַקס, וואָס מ'האָט געשטרייפט, — אין יענע יאָרן ווען קיין באַן איז נאָך נישט געגאַנגען — אויף טיפע בוידן, ביז דער גרויסער שטאָט הימפאָלונג, וואָס און זיבנבירגן; ביז קיין קרוינשטאָט, אָדער גראָסוואַרדיין, אַזש אין אונגאַרן.

און אַנדערע סקלאַדעס זענען נאָך געווען אין דעם הויז: פון תבואה, וואָס מ'האָט געשיקט קיין האַמבורג און טריעסט; און פעלן, וואָס זענען געגאַנגען מיט פורן אַזש ביזקל ווין און ביז לייפציג, וואָס אין דייטשלאַנד.

און ר' נוחקע האָט מענטשן געהאַלטן און מענטשן האָבן פון אים געלעבט און אים געלויבט, פאַר זיין ליימישקייט, נאמנות, און

פאַר דעם, וואָס ער דערצערנט נישט קיין פליג אויף דער וואַנט. ר׳ נוחקע איז געווען אַ ייד אַ גוטער, בטבע, וואָס לאָזט זיך קענען און פאַרשטייט, וואָס מענטשלעכקייט באַטייט. אפילו אין די יאָרן פון גאָר גרויסער מזיגה, פון גרויסן האַנדל און סוחרישער פאַרטראָודקייט, איז ער, ר׳ נוחקע — דאַן נאָך אַ יונגערמאַן אַליין — נישט בלויז פאַרמיגן געווען אין געשעפט. ער האָט נאָך צייט געהאַט אין זין צו האָבן אַ קהלשן ענין, אַ חברה, אַ קלויז און יעל-כּולם: קראַנקע אָרעמע לייט...

ר׳ נוחקע, אַ ייד אַן אידעלער, כאָטש נישט קיין גרויסער למדן און נישט קיין פליאַסקעדריגע חסיד, איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן אַראָפּגעבראַכט קיין קריקעוו דעם אַפּטערם אַן אייניקל און אים געמאַכט פאַר קריקעווער צדיק. — —

ציען זיך אַזוי יאָרן נאָך יאָרן. ר׳ נוחקעס טונקעלע באָרד ווערט גרוי, די סחורה גייט שוין מיט דער באַן און אַליין מיטפאָרן דאַרף מען שוין זעלטן. —

און אַז ס׳זענען אָנגעקומען די צייטן פון באַנען, די „מודערנע״ צייטן, איז אויך דאָס הויז ר׳ נוחקעס געוואָרן אַ „מודערנע״. די עלטערע טעכטער ר׳ נוחקעס זיינען זיך צעפאָרן אין שטעט צו וואוינען בײַ רייכע שווער-און-שוויגער און געבליבן אין דער היים איז די יינגסטע, די געראָטנסטע, די שענסטע: דבורהל.

אָ, די דבורהל האָט שוין געלערנט „דייטש-און-פראַנצייז״ און געקאָנט שטיקן מיט אַ פּאָרים-זייד. דערצו איז זי אַ געפוצט מיידל געווען. געגאָסן אויף זיך שמעקעדיקע וואַסערן — לעקעכצער און שמירעכצן, אויף קריקעווער לשון — און האָט געזונגען, ווי אַ קאַנאַריקל.

האָט עס, אָט די דבורהל, געמאַכט פון די ליכטיקע, יידישע חדרים אין ר׳ נוחקעס הויז צימערן פריצישע, „סאַלאָנען״ מיט רויטע, פליושענע דיוואַנען, מיט געשניצטע טאַבאָרעטן און מיט שווערע מעשענע באַשלעגן אויף טיר-און-פענסטער, וואָס זענען פאַרהאַקט און פאַרהאַנגען געוואָרן.

און הורך דיזאָזיקע פאַרהאַנגענע טיר-און-פענסטער קאָנען שוין

שכנים און גלאַט רכילותניקעס נישט געוואויר ווערן, וואָס אינעווייניק טוט זיך אָפּ.

אפילו זוסיע, דער אַלטער משרת, וואָס איז געווען ביי ר׳ נוחקען אי פּאַרוואַלטער, אי שומר, אי בעל־יועץ, דערדאָזיקער זוסיע, וואָס פלעגט אויספּויקן איבער אַלע גאַסן די נייסן פון „הויז“ — אַז אפילו ער פלעגט שוין אויך קנייטשן מיט די פּלייצעס:

— „קיין שלעכטס, ווי איך וויים נישט! אַז די דבורהל מאַכט עס פּאַ־פּאַנסקו, פּריציש, אָן מיר, אָן זוסיען“....

אַ שטרענג און קלוג מיידל איז זי געווען, די דבורהל; אַ מינקעלע, מיט אַ פולן פּנים.

— „אַ געשמאַקע“ — האָט מען גערעדט. סיי ווייבער, סיי די דאָזיקע מאַנסבילן, וואָס האָבן זיך אין יענע צייטן מתיר געווען צו וואַרפן אַ בליק אויף אַ בתולה...

— „זגראַבנאַ, סלושנאַ; אַ הויך, שיין סאָסנעלע“ — פלעג באַזונדערס אָנקוועלן דעם דירעקטאָר פון גראַפס סקראַב.

ווער שמועסט דער גויישער „שופט“ פון דעמאָלטיקן „קאַיזער־קעניגליכען געריכט“, הער יוסטוס פּאַגל, דער פלעג גאָר פון די כלים אַרויס:

— „איינע נעטטע ציאָנס־טאָכטער!“ — האָט ער געשנאַלצט מיט דער צונג און געקוועטשט דעם טראָפּ אויף „ציון“. דערדאָזיקער יוסטוס פּאָגל פלעג זייער אָפט זיך אַריינכאַפּן צו ר׳ נוחקען אין הויז אַריין און מענטשן האָבן טאַקע „געמורמלט“, אַז ער קומט אומישנע אַזוי, מיט כלערליי אויסריידן....

זוסיע, ווידער, האָט געהאַט צו דערציילן, ווי אַזוי דער הער „רעכטער“ זיצט אויבנאָן, טרינקט „לחיים“, טוט אָן אַ ניידענע יאַרמולקע אויפן קאָפּ און רעדט גוטס אויף יידן...

— „און זיינע ווערטער“ — איז זוסיע מבטיח — „גייען ביז צום סאַמע קיסר פראַנץ־יאָזעף אַליין, זאָל מאַריך־ימים־זיין!...“ און זי, די דבורהל, דרייט זיך אַרום טיש און וואַרפט אויך אַריין אַ גוט וואָרט... וואָרעם זי קען, די דבורהל; אַ מויל אויף שרייפעלעך... „האָט אויסגעשטאַנדירט גראָבע ביכער, ווי דער מעבור־יבוק די גרעב, און רעדט בראַנצייעניש, אַזוי ווי מ׳שטייט דערביי... יאָ... יאָ“ —

אַזוי פאַרענדיקט ער, זוסיע, און רייבט די הענט פון גרויס גדולה=וועגן.... — — —

אָבער אין איין טאָג — און קיינער האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס — האָט זיך פאַרהאַקט דער טויער פון ר׳ נוחקעס הויז. די געהויבענע אורחים האָבן אויפגעהערט צו קומען. אין די צימערן איז געוואָרן שטיל און די גאַרדינען האָבן זיך אויסגעלייגט נאָך געדיכטער איבער די פענסטער=וויטרינעס. דבורהלען האָט מען שוין אינגאַנצן נישט געזען אין גאַס און ר׳ נוחקע אַליין איז אויך געוואָרן אַ זעלטענער גאַסט אין דרויסן, איבער דער שוועל. שטאָטלייט זענען נייגעריק געוואָרן; אָבער סיי אָנגעשטעלטע, סיי דינסטן, סיי, דער „הויפט", זוסיע — זיי האָבן קיין וואָרט נישט געזאָגט. לאַנגע טעג איז דער טויער געווען פאַרהאַקט, ביז.... ביז איינמאָל אין אַן אויף=דער=נאַכט:

גרויסע שטורקאַצן האָבן געפלאַקערט פאַרן פאַראַדנעם אַריינגאַנג. אַלע פענסטער זענען געווען באַלויכטן און אַלע טירן אויפגעפראַלט: תנאים ביי דבורהלען צו מזל! און מיט וועמען? — די גאַנצע שטאָט האָט געוואוסט, אַז מיט אַ בחור׳ל, אַזש פון דער גרויסער שטאָט באַרדיטשעוו, וואָס ליגט זייער ווייט, אין „טיף רוסלאַנד"; אַ יתום, אָן טאַטע=מאַמע, אָבער פון די גאָר גרויסע „טעפּ באַרבאָליעס"; אַ מיוחס, וואָס רעכנט זיך אין קרובהשאַפט מיט אַ סך רביישע הויפן....

ראשי=פּרקים האָט מען געשריבן אין הויף ביים קריקעווער צדיק און „ער" זאָל לעבן אַליין, מיט זיין הייליקער האַנט, האָט געחתמעט די תנאים:

נאום ר׳ נחום בר׳ שרגא אַדמו״ר דק״ק קריקעוו שליט״א.

און נאָך די ראשי=פּרקים איז געווען אַ סעודה אין אייגענעם הויז.

זיינען געקומען די חשובסטע לייט פון נאָענטע שטעט און דערפער. פּריצים, שררות און „נאָבעלע לייט". אָבער די גאָר געהויבענסטע ביי דער סעודה זענען געווען די מחותנים מצד החתן. און געזען האָט מען טאַקע אַז — לויטער „זיידנצייג".

דער מחותן, ר׳ נותקע, אין אַ פּאָר נייע הויש־לעדערנע שטיוועלעטלעך אויף די פיס, האָט זיך געדרייט אַרום די טישן, געשטעקט די רעכטע האַנט צו „לחיים“ און גאָר מאָדנע געשוויגן. איבער דער געפּלומטער, זיידענער וועסט האָט זיך געבאָמבלט די יום־טובדיקע ליולקע און האָט נישט געפּיפקעט ווי־ס׳באַדאַרף צו־זיין. לעבעדיקער און ווייבעריש־גרולדיקער איז געווען די מחותנתטע מאַטל, ר׳ נותקעס ווייב. איר האָט גרויס הנאה־געטון, וואָס די רביצין פון הויף, זאָל לעבן, איז אַליין, מיט איר הייליקן כבוד, מיטגעפאָרן צו־ן איר אין הויז אַריין צו דער סעודה. האָט זי, מאַטל, זיך טאַקע שטאַרק געגרויסט פאַר די שטאָטישע ווייבער. ובפרט אַז „זי“, די רביצין זאָל לעבן, האָט זיך דין צעשמייכלט, אויפגעשנירעוועט איר מיילעכל און אַ זאָג געטון:

— „איצט, מאַטל, זענען מיר דאָך עפּעס קרובים“ — האָבן שוין די ווייבער נישט אויסגעהאַלטן. זיי האָבן געאָכצט און געוואָרפן בליקן צו די אייבערשטע טישן, כדי רעכט אָנצוקוקן דאָס בלייכע בחורל, דעם חתן, ביי וועמען ס׳שפּראָצט נאָך קיין בערדל אפילו נישט און זיצט שוין „צווישן שווערע יידן“...

— „נאָר מיט אַ גוטן מזל, דבורהל! נאָר מיט אַ גוטן“ — האָבן די ווייבער נישט געקאַרגט קיין ברכות און אָפּגעשפּאָכן עין־הרעס...

נאָר דבורהל, די כלה, האָט זיך בלויז געמינעט. איר טונקעלער פּנים האָט זיך יעדעס מאָל פאַרצויגן מיט אַ רויטקייט און אַ פּייעריל האָט זיך געצונדן אין אירע אויגן. די פינגער אירע האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט איבערן פּליושענעם קלייד, אין וועלכן זי איז געווען אָנגעטון; די פינגער האָבן, אומבאַמערקטערהייט, געבויערט אין טיפן פּליוש, ווי וועלנדיק אויסבויערן אַ לאָך און דערגיין צום לייב, דעם געבאָדענעם אין די פיינסטע און שמעקעדיקסטע וואַסערן, וואָס האָט איצט אַזוי געברענט....

— „לחיים טובים ולשלום!“ — האָבן זיך מאַנסבילישע קולות געלאָזט הערן.

דעם גאַנצן אָוונט האָבן ניגונים און זמירות זיך געריסן פון די אָפענע נגידישע פענסטער, הען־ערגעץ אין דער טונקלקייט אַרויס — זיי האָבן זיך געטראָגן ווייט פון הויפּט־טראַקט אַוועק, ביז די הינטער־

הינקל, צום שול־געסל, וואו זקנים און זקנות, דער שטעטלדיקער דלות, זיינען געזעסן אויף די פּריזבעס און האָבן זיך דערציילט וואונדער פון ר׳ נותקעס עשירות און ניסים פונם „הויזגעזינד״.

שמואל־אַריה, דער בלינדער אונטער־בעדער, וואָס געדענקט אַ סך זאַכן, נאָך פון זיינע יינגלערישע יאָרן אָן, האָט דערציילט פאַר זיינע צוהערער:

— „אַז איך בין נאָך אַ קליין יינגל געווען, געדענק איך, ווי דאָס שטעטל האָט זיך גערעשט... ס׳איז געגאַנגען אויף רעדער... מ׳איז געוואויר געוואָרן, אַז ביי ר׳ יאָנטל ווידענער אין קעלער האַלט זיך אויף אַ געלער האָן, וואָס „דאָסט״, במחילה, מיט לויטער גילדענע רענדלעך... פון דעמאָלט אָן זענען זיי נתעשר געוואָרן, געוואָקסן און געוואַקסן״....

די ניגונים האָבן זיך געריסן אַלץ ווייטער און שטאַרקער. דער בלינדער שמואל־אריה האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן, איבערגעצויגענע מיט צוויי גרויסע, ווייסע בילמעס, צום אויסגעשטערנטן הימל, אַ טרייסל געטון מיטן קאָפּ און זיך צעשמייכלט:

— „אָבער דאָס ווייסט איר נישט, אַז ר׳ נותקע איז זיך נוהג ביי תנאים פון יעדער טאָכטער צו סילוקן אַ גאַנצן פינף־ליטערדיקן טאָפּ, אָנגעפילט מיט גילדענע רענדלעך... יאָ... יאָ... אין דער פרי, היינט אין דער פרי ביים דאַווענען, האָב איך געהערט, אַז ביי דבורהלס תנאים, ביי דער מיזינקעס, ס׳הייסט איצטער־אָ, בעת מיר זיצן דאָ, דאַרף ער סילוקן צוויי טעפּ. און צו צען ליטערדיקע, גילדענע רענדלעך״.... —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

ביי די פרידמאַנס אין די ווייסע פויערישע שטיבלעך שווייגן אַלע. ס׳שווייגט שוין אפילו די אַלטע באָבע מאַטל. דורך די קליינע שייבלעך, וואָיעט אַ ווינט אַריין און אַ קעלט יאָגט איבער אַלע ווינקלען און מאַכט גליווערן די אברים. און שטיל איז. מ׳גייט ממש אויף די שפּיץ־פינגער. אַזוי דער אַלטער ר׳ נותקע, אַזוי דער איידים, ר׳ הירשל פרידמאַן, אַזוי זיין ווייב דבורהל און אַזוי אירע יינגסטע קינדער. אין אַ בעט — אין איינעם פון די שטיבלעך — ליגט בער, אויך אַ שווייגעדיקער. זיינע ביידע הענט זענען פאַרבונדן מיט מאַר־

ליע און וואַטע. אויך דער קאָפּ זיינער איז אַרומגעוויקלט, און ביים שטערן — אַ פענכער אייז. שוין דער דריטער טאָג אַז ער ליגט אַזוי און דרייטאָג אַ טאָג קומט אַ דאָקטאָר איפּבינדן, באַטראַכטן און פאַרבינדן די וואונדען; מעסטן די היץ און טאַפּן דעם דופק.

שוין דריי טעג, אַז ער ליגט אַ שווייגעדיקער, בער, מיט אַ פּאָר אָפענע אויגן און קוקט פאַר זיך. קוקט אויף די אַלע, וואָס גייען נעבן אים, נעבן זיין בעט פאַרביי, אָדער שטעלן זיך אַוועק, אָדער זעצן זיך אויף אַ ראַנד.

קיינער פון אָט-די אַלע פרעגט נישט איבער, און קיינער מאַכט נישט הערן קיין וואָרט.

מעגלעך, אַז אַלע ווייסן וואויל, וואו און וויאַזוי דאָס איז געשען: די צוויי אָפגעשרפעטע, פאַרשטאָכענע הענט; דאָס פאַרקילונג און די היץ. אָבער — מ'רעדט נישט. אַזוי אַלע, און נאָך מער דער פאָטער, ר' הירשל פרידמאַן. ער גיט בלויז אַ קוק מיט זיינע צוויי גרויסע, ברוינע מאַנדל-אויגן, פאַרציט לייכט זיינע ברעמען און זאָגט אָפּ, די פאַר זיך:

— וועסט זיך איבערליגן, בערעניו...

— כ'וועל זיך איבערליגן...

נאָר אַז ער דרייט זיך אוים, ר' הירשל, זעט קיינער נישט ווי פון זיינע מאַנדל-אויגן קייקלען זיך טראָפּנס און ווערן פאַרפאַלן אין זיין געדיכטער, געקרייזלטער באָרד...

און אַז ער שטייט שוין מיטן פּנים צו דער טיר געווענדט, פרעגט בער פלוצלונג:

— גייסט אין מאַרק?

— אין מאַרק גיי איך...

— גייסט מעקלערן?

— כ'גיי...

— גיי... וועט זיין... וועט...

און די טיר פאַרהאַקט זיך. — — —

אַז דער אָוונט פאַלט צו און בער בעט, אַז מ'זאָל נישט מאַכן קיין ליכט אין דעם חדרל, שאַרט זיך אַריין די באָבע מאַטל און זעצט זיך אויף זיין בעט אַוועק. בער קוקט אויף איר און מאָדנע

גערדאַנקען, אָפּגעריסענע, ציִען דורך זיין מוח אַדורך. אָט למשל: „וואָס־זשע שלעפּט זיך אָט די זקנה אַרום, מיט אַן אַלטן קניפּל, מיט אַ שטערנטיכל־פּערל אין בוזעם, און וויל עס נישט אַרויסליגן? וואָס־זשע דרייט זי זיך אַרום, ווי אַ שאָטן פון אַ יענער וועלט, און וויל נאָר רעדן? ס'שווייגן דאָך אַלע?! אַלע!"

און נאָך מאָדנער: אָט דעם פאַרביסענעם בעז'ן גלוסט זיך דווקא הערן...

דער ווינט רייסט דאָס שטרויענע דעכל, רייסט די געמיינע פענסטער־רעמלעך און פייפט אין קוימען.

די אַלטע באָבע מאַטל בויגט זיך פלוצלונג אָן איבעז'ן בעט און פאַרגייט זיך:

— האָסטו דאָס באַדאַרפט, בערעניו, האַ? וואונדן? וואונדן — —

און דאָן גייט שוין, אין דער שטיל, אַוועק אַ לאַנגע, לאַנגע מעשה, וואָס האָט איר אָנהייב נאָך אין די לאַנגאָנעדיקע יאָרן, ווען ער, בער, איז נאָך אויף דער וועלט נישט געווען; ווען ער האָט נישט געוואָלט קומען... אַ מעשה, ווי אַזוי ניין יאָר, לאַנגע ניין יאָר האָבן זיינע פאָטער־און־מוטער אָנגעשפּאַרט ביי אַלע גוטע־יידן און מיט געוואַלט אים אויסגעבעטן....

אָבער דעמאָלט, ווען זיין באָבע דערציילט דאָס — ער קען שוין, אגב, די מעשה פון לאַנג — טוט אים עפּעס באַנג, פאַרדריסט אים: הלמאי האָט ער זיך פאָרט געלאָזט אָנרעדן פון יענע גוטע־יידן און איז אַראָפּ אויף דעם עולם?!

אָבער אַממייסטן באַנג טוט אים: הלמאי איז ער געקומען אַזוי שפּעט!....

און די באָבע פאַרענדיקט:

— מיט אַ שמייכעלע און מיט אַ קוויטשעלע האָסטו זיך באַוויזן אויף דער וועלט...

ווערן בערס אויגן גרעסער, פינקלענדיקער; שפּיגלט זיך אין זיי אָפּ אַ געלעכטערל:

— כאָ־כאָ!.. מיט אַ קוויטשעלע... — — —

— — — — — — — —

בער איז געווען ר׳ הירשל פרידמאַנס און דבורהלס בכור, וואָס איז בײַ זײ געבוירן געוואָרן היבש יאָרן נאָך זייערע חתונה. ר׳ הירשל האָט שוין אין איין צייט זיך געשראָקן, אַז ער בלייבט אָן עקר, און אַז דאָס „הויז", וואָס האָט מיט זיין אָנקומען קיין קריקעוו אָנגעהויבן הייסן אויף זיין נאָמען, דאָס פרידמאַנישע — אָנשטאָט ביז אים דאָס ווידענע, — אַז דאָס הויז, וואָס האָט באַקומען נייע מנהגים און נייע פירונג, זאָל גאָר נישט אַוועק צוריק מיטן אַלטן שטייגער.

ער האָט זיך גאַנץ גוט מצער געווען, ר׳ הירשל, דערדאָזיקער שטרענגער, פאַרשלאָסענער „פירשט", ווי מען האָט אים גערופן אין קריקעוו: ער האָט זיך מער געזאָרגט, ווי זיין יונג ווייבל דבורהל. דערדאָזיקער ר׳ הירשל, וואָס האָט נאָך קיינעם קיין „רבי" נישט גערופן — אפילו נישט די עלטסטע יידן מיט די לענגסטע בערד, די יידן וואָס זיצן אין מזרח־וואַנט — אָט דער גבירישער יחסן פלעג נאָכקוקן די אָרעמסטע פון די אָרעמסטע יונגעלייט, וואָס האָבן געפירט קינדער בײַ די הענט...

אַמאַייסטן אָנגעבלאָזן פלעג ר׳ הירשל גאָר זיין אויף זיין שווער, אויף ר׳ נוחקען. און דער אַלטער פלעגט עס ממש פילן, גוט פילן, הגם ער האָט זיך געמאַכט כלא־ידע, ווי נישט אים וואָלט ער גאָר געמיינט, דערדאָזיקער חריפותדיקער איידים, דער חכם...

און צוליב דער „חכמה" פלעג אויך דבורהלען אויסקומען צו ליידן: צוליב דעם שניידנדיקן וואָרט פון איר הריץ...

פלעג זי, אין די נעכט, פייכט מאַכן איר ווידן געלעגער און נישט צו־טון קיין אויג. עפּעס האָט זי געוואַרט, געוואַרט אויף אַ וואונדער. בייַנאַכט אויפן ווייסן בעט און פאַרטאָג, בעת ער, איר הירשעלע, פלעג צומאַכן הינטער זיך די טיר פון שלאָפצימער. זי פלעג הערן זיינע געציילטע טריט איבערן דערביַיקן, גרויסן סאַלאָן און, האַלב־נאָך־אין־דרימל, באַוועגן אירע ליפּן:

— גייסט דאַווענען, הירשל? גיי, קרוין...

די געציילטע טריט אין צווייטן חדר פלעגן פאַרהילכן, ווי צעשאָטן ווערן, און אַרום איז אויסגעוואַקסן אַ לוייערנדיקע, מידע שווערקייט...

דאַן וואַקסט פון פחד אַ־ויס אַ בטחונדיקע, ריין־פריצישע דערוואַרטונג: אויפן נס, אויפן וואונדער..... — —

און דער וואונדער איז געשען. פונקט צום ניינטן יאָר איז די שטילע פרייד פלוצלונג געבוירן געוואָרן!

דוכט, אפילו די וויגל־קינדער אין קריקעוו זענען אויפגערודערט געוואָרן פון דערדאָזיקער בשורה. היינט־זשע שוין אין „הויז"! דוכט, די ווענט האָבן געזונגען! די שווערע פאָרטיערן, די גאַרדינען און פאָרהאַנגען האָבן זיך, ווי מיט איינמאָל, צענומען און פון די צימערן אַרויס האָט אַרויסגעשטראַלט די שטילע, ווייך־ווייבערישע האָפענונג: כ'וועט געבוירן ווערן אַ קינד....

און דבורהל האָט אַליין אַריינגעהאָפטן פעדים אין קליינע קישעלעך, צענויפגעלייגט באַטיסטענע און זיידענע וויקלשנורען און אפילו בראָקאַטענע... און ר' הירשל פלעג, אין די אָוונטן, לענגער אויף איר קוקן, אויף זיין דבורהלען, וואָס האָט זיך גערויטלט פאַר פרייד און פאַר שעמעוודיקייט.

און איין אויף־דער־נאַכט, אין אַ ווינטערדיקן, האָט ער לענגער געלאָזט האַפטן די בליקן אויף זיין ווייבל:

— וואָסזשע זאָגסטו, דבורהל? און זיין וועט „עס"? און דו וואָס ווילסט? האָט דאָך דער הייליקער, זינקעווער פעטער צוגעזאָגט אַ בן־זכר...

— ער האָט אָבער געזאָגט, דער הייליקער פעטער דיינער, אַז ער שרעקט זיך עפּעס פאַר אַ בן־זכר — האָט דבורהל זיך פאַררויטלט.

ר' הירשל האָט זיך אַוועקגעדרייט. דאָס ווייבל, פאַרגראָבנדיק די אויגן אין איר שויס, האָט נישט געקאָנט זען, ווי דער מאַן אירער האָט איצט מער ווי אַלעמאָל געביסן די אייבערשטע ליפּ מיט דער געדיכטער וואָנסע, און, פאַר אויפרעגונג, גענומען קרייזלען אַ פּאה; קרייזלען און קרייזלען...

און אין איין נאַכט איז עס געווען: אַ מוראדיקער פראָסט האָט געבושעוועט, דער דאַך האָט זיך געהויבן אין לופטן, דער ווינט האָט די קוימענס ממש אויסגעריסן... אין דערדאָזיקער נאַכט האָט, ווי שוין לאַנג נישט אַזוי, זיך געלויכטן אין אַלע שטובן פון הויז...!

אַלע אינעווייניק, פֿון גרויס ביז קליין, האָבן געוואַרט. באַלעבאַטים, משרתים און דינסטן. אפֿילו דער אַלטער זוסיע, וועמעס פֿונקציעס זײַנען אין די לעצטע יאָרן שוין גאָר קליינע געווען, איז אויך אויף געווען.

מיט אַ שטעקן אין האַנט איז ער געשטאַנען גרייט צו לויפֿן אין שליחות. איז טאַקע אַזוי געווען: קוים האָט זיך דערהערט דער ערשטער קינדערשער קוויטש און דער פֿריידיקער געשריי: „מזל־טוב, אַ זכר!", איז ר' נחקע אַרויס פֿון זײַן ש"ס־חדר און אַ וואונק געטון צו זוסיען:

— זוסיע, שלאָפֿסט? כאַפּ אויף זיך די בונדע, נעם דעם לאַמטערן און לויף אין הויף אַרײַן! קלאַפּ אָן בײַם רבין, קלאַפּ אָן בײַ דער רביצין, בײַ די קינדער! זאָג אָן: דבורהל האָט מוליד געווען אַ זכר! זוסיע, הערסט? — — — —

אין דרויסן האָט אַ ווינט געשפּילט מיטן פֿלאַם פֿון וועקסענעם ליכט, וואָס האָט געשטעקט אין זוסיעס גרויסן לאַמטערן. דער ווינט האָט זיך געבריהט צו לייגן די שיין. און מיט דער גראָער, לאַנגער באָרד, זוסיעס, וואָס האָט אים געגרייכט ביזן גאַרטל, האָט דער ווינט זיך געשפּילט, צעבלאָזן די האָר, געמיקעט ווי פֿעדים, אָדער זאַנגען.

דעם אַלטן יאַסינאָוון שטעקל אין האַנט, האָט זוסיע געדראַליעט איבערן סקריפּענדיקן שניי, אין הויף אַרײַן, וואָס איז געלעגן אַ היבשן מהלך פֿון מאַרק. טראָגנדיק די בשורה פֿון „בן־זכר", חזרנדיק זיך די ווערטער, ווי אַזוי אָנצוזאָגן, איז ער פּלוצלונג שטיין געבליבן, זוסיע. זײַן קאָפּ מיטן פֿוטערנעם קאַוואָק איז געבליבן הענגען איבער דער ברוסט און אַזאַ פֿראָסטער געדאַנק איז נולד געוואָרן אין זײַן שווערן שאַרבן:

— „געבוירן געוואָרן אַ ילדל... אַ נײַ דור... ס'לויפֿן די יאָרן... ווער־זשע ווייסט, וואָס דאָס ילדל וועט אויסוואַקסן? אָבער דו, זוסיע, וועסט שוין דעמאָלט קיין משרת נישט זײַן... וועסט שוין גאָר נישט זײַן... קיין שליח נישט זײַן, קיין היטער נישט זײַן... וועסט שוין גאָרנישט זײַן, זוסיע, מיטן קאַוואָק און שטעקן... ווען ס'ילדל וועט אויסוואַקסן".....

אַ שאָטן האָט פאַרבייגעצויגן פאַר זוסיעס אויגן. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון און שנעלער צעלאָזט די פּיס.

אַז ער האָט אַ קלאַפּ געטון בּיים צדיק אין טונקעלען שלאָף־חדר און אַריינגעשריגן: „מזל־טוב! אַ בן־זכר! בּיי דבורהלען"..., האָט זיך גאָר אַ שיין באַוויזן אינעווייניק און דער צדיק איז מיט זיין הייליקן כבוד צוגעקומען צום פענסטער, וואָס איז פלוצלונג אָפּגעגאַנגען פון פראָסט. דער צדיק האָט אָנגעשפאַרט זיין טייערן קאָפּ אָן דער שויב און אַרויסגערעדט:

— דבורהל, זאָגסטו, האָט געוואונען? אוי! אוי! כ'האָב געוואוסט... אַ בן־זכר... אוי! ס'איז נגזר געוואָרן!.. און איך האָב זיך געבעטן בּיי הירשלען!..

זוסיע איז געשטאַנען, אַ צוגעקוועטשטער, בּיים פענסטער. נאָך מיטאַמאָל האָט דער צדיק אַ פליעסק געטון אין די הענט און זיך צעזונגען:

— אַ־אַ־אַ! מזל־טוב! זוסיע! זאָג הירשלען, זאָל ער נישט קומען פאַרן ברית! זאָג: איך הייס אַ נאָמען געבן בער! אַ סגולה! נאָכן גרויסן בּערעניו!

ווידער איז אינעווייניק טונקל געוואָרן און די הייליקע געשטאַלט איז פאַרשוואונדן געוואָרן. פון ערגעץ האָט זיך געטראָגן אַ מוראדיקער וואָיען פון אַ הונט. זוסיע האָט זיך אויפגעכאַפּט, ברייטער אויפגעריסן די אויגן, אָבער בשום אופן האָט ער זיך נישט געקאָנט דערמאָנען, צי ער האָט יאָ אָנגעקלאַפּט בּיים צדיק צי נישט...

ער האָט עפּעס אַרויסגעמורמלט, אַ שלעפּ געטון די שווערע שטיוול און אונטערגעהויבן דעם לאַמטערן מיטן אויסגייענדיקן, וועקבענעם ליכטל:

— „ווער ווייסט, וואָס דאָס ילדל וועט אויסוואַקסן? אָבער דו, זיסיע, וועסט שוין דעמאָלט... האַ, זוסיע קאַוואַק?.. האַ?.. — —

— — — — — — — —

די ווייבער אין קריקעוו מיינען, אַז דאָס יינגעלע, בּערעניו, איז נאָר אין אַ הייבל געבאָרן געוואָרן; אַז בּיז זיין געבוירן ווערן איז זיין מלאך צוקאָפּנס געשטאַנען, און אַז ער איז אויף דער ליכטיקייט

אַרויס, האָט זיך אויפֿן הימל זיין שטערן צעפֿינקלט און דאָס קינד האָט די שיין דערזען...

אַזוי מיינען זיי און גלויבן אָן דעם, די קריקעווער ווייבער, וואָס דערציילן זיך אָן חידושים פֿון דעם כּל־הגוטס, וואָס דאָס יינגל האָט, און פֿון דעם גוטסקייט און פֿראָסטקייט, וואָס שטעקט אין אים אַליין. אָבער דערבּיי וואונדערן זיי זיך פֿאָרט:

— „און וואָס חברט ער זיך פֿאָרט מיט יעקב־נתן הויקערל, מיט יאיר לאַטוטניקס דערכעווייטשנעם פֿעמפֿיק?—דאָס פֿאַרסטראָמפּע־ווטע האָרבּאַטשל שלעפּט זיך דאָך נאָך־אַליין צו גרשון טרעמפּובּקע דעם הרדקן־מלמד און בּערעניו, דאָס פֿרינצל, לערנט שוין גמרא בּיי חיים־חייקל צלם־קאָפּ! און גלאַט — ווי קומט ער אינגאַנצן צון אים, הא וואָס“?

אַזוי האָבן זיך די ווייבער געחידושט, געאָבצט און יאָ—און—ניישט געקאָנט בּאַשטיין:

— „מסתּמא נאָר אַ גבירישע מאַנקאָליע, נגידישע חפציות!“

בּיי זיי האָט זיך עפּעס נישט אויסגעגלייכט:

— „זעט נאָר, ס׳פּרינצל מיטן פֿידעלע, וואָס שפּילט שוין בּיי געצל קאַנאַ־יק, בּיים סאַמע גרענדעניק... זעט נאָר, ס׳פּרינצל לערנט שוין בּיים פּיפּעסיר דאַוויד—און דאָס הויקערל קריכט אים נאָך אַליין נאָך!“

אָבער אַ סך ווייניקער ווי די ווייבער, די יצעיקעס, האָבן זיך געחידושט די אייגענע. פֿאַרקערט:

— זאָל זיך ס׳קינד אָנפּרייען, „פּרייען“ — האָבן זיי געשמייכלט. —

זינט מ׳האָט דאָס יינגעלע דאָס ערשטע מאָל איינגעוויקלט אין טלית און דער פֿאָטער אַליין, ר׳ הירשל, האָט עס אויף די הענט אָפּגעטראָגן אין חדר אַריין, האָט זיך בּערעניו צוגעבּונדן צו אַנדערע קינדער.

און כאָטש די קליינע יאָסעלעך און משהלעך האָבן געוואוסט, אַז נאָר אין חדר שפּילט ער זיך מיט זיי; שפּילט זיך מיט פֿראָסטע בּלעכלעך, העלצלעך און אַז אין דער היים... „אין דער היים האָט ער אַ גילדן שטיבעלע, גילדענע שיכעלעך, און אַ יאַרמולקעלע פֿון

לויטער זייד און גאָלד, האָט ער"... און כאָטש זי האָבן געוואוסט, אַז נאָר אין חדר עסט ער פון אַ פּאָרצעלייען טעלערל, וואָס דער אַלטער זוסיע ברענגט אים, און אין דער היים... „אין דער היים טרינקט ער פון אַ קריגעלע, אַ זילבערנעם, פון בית=המקדש"... — כאָטש אַזוי האָבן זיי דאָך זייער ליב געהאַט דעם חבר, וואָרעם די גלאַנצנדיקע קנעפּ פון זיין מונדירל, די קנעפּלעך, וואָס זיינען ביי די קינדער אַזוי איינגעבאַקן געוואָרן אין די הערצלעך — האָט ער זיי אַוועקגעשענקט און תמיד אַהיימגעטראָגן אַן אָפּגעשניטענע און מיט אַ סך לעכער. גאָר אָפּט אַזוי. און וואָס=אַ=מאָל מער. —

דער בעסטער חבר בערס איז טאַקע געווען יעקב נתן הויקערלס יאיר שניידערס יינגל. צוגעצויגן האָט יעקב=נתן דעם קליינעם „פּרינץ" מיט זיינע מעשיות. זייער שיינע מעשיות האָט ער געוואוסט צו דערציילן: פון פאַרכישופטע בת=מלכּס און פון גאָלדענע שלעסער אין וואַלד; פון קיסרים און פון בערן; פון אָרעמע און רייכע: אַמייסטן: פון אָרעמע און רייכע...

און בערעניו האָט ליב געהאַט צו הערן. אַ סך, אין גאָנצאַמאָל פון סאַמע אָנהייב. ס'איז גאָר קיין גענוג נישט געווען. און יעקב נתן הויקערל האָט נישט געטאָרט אַוועקטרעטן אויף אַ וויל; ס'האָט זייער אָפּט געטראָפן, אַז מען האָט אים געדאַרפט אויסבעטן נעבן „פּרינצלס" בעטל, און דאָס שניידערישע יינגעלע האָט נעכט אָפּגעוואָלט, ניסנדיק און קראַצנדיק ס'פּלייצעלע אויף די זיידענע בעטגעוואַנטן...

אָן יעקב=נתנען האָט בער נישט פאַרגעסן אפילו דאַן, ווען ער האָט שוין געלערנט געאָמעטריע און לאַטיין ביים טשיפּעליאַווע „פּראָפעסאָר" דאַוויד און דאָס האָרבאַטשל יעקב נתן איז שוין, גאָט=צו=דאַנקען, געזעסן ביים פאָטערס „טיש" און געלערנט שטשאָבען אַ פויערישן סיראַק, מיט אַ שאַרע=פּאָדים.....

גאָר אָפּט פלעג ער, בערעניו, איבערלאָזן אי דעם „פּראָפעסאָר" דאַוויד, אי דעם „קאַפּעלמייסטער" געצל קאַנאַריק, דעם מיטן שעפּטענעם, געקרייזלטן קעפּל, און זיך אַראָפּכאַפּן צו יאיר שניידער און אַלקער אַריין. וואָרעם דאָרט האָט ער געקאָנט הערן אַ וואונדערלעכע געשיכטע, אַרויסגעלייענט פון ביכלעך.

דער קליינער בער האָט געהאַט אַ נטיה, זיך מער איבערצונעמען מיט דער אַגדה, ווי מיט דער הלכה; מיט מיטאָלאָגיע, מער, ווי מיט דער חכמה פון „ליניעס און ווינקלען". הערנדיק אַן „אמתע מעשה", אָדער אַ וואַזשנע פּאַסירונג פון „לעבעדיקן" לעבן, האָט ער געקאָנט פאַרגאַפּט ווערן! און אויף צו דערציילן און לייענען איז ערשט יאיר אַליין דער אמתער בריה געווען!

ווי אַזוי־זשע האָט בער זיך געקאָנט איינהאַלטן אינדערהיים? און פאַר וועמען נאָך קאָן מען אויסדערציילן „ס׳האַרץ", אויב ניט פאַרן שניידער? — אַפילו דער שטומער יודל, דער שומר ביי די „פרידמאַנס", דער מיטן קאָזע־בערדל און אייביק מיטן גראָבן שטעקן אין האַנט, אַפילו ער האָט אויך נישט געקאָנט פאַרהאַלטן בערן ביים טויער. זיין מרוקען און ברומען האָט נישט געהאָלפן... — עפעס האָט דאָך אַמאָל געמוזט פאַרלויפן... — — — אין איין ווינטערדיקן נאָכמיטאָג, זיצנדיק ביי זיך אין חדרל (אַ באַזונדערס האָט ער שוין געהאַט, בער) מיט זיין מייסטער געצל קאַנאַריק איבער אַ בוך נאָטן, האָט זיך די טיר געעפנט און, אומגעריכטערהייט, איז אַריינגעקומען ר׳ הירשל. דווקא נישט דעם פאָטערס טבע געווען. גיכער האָט אַמאָל געקאָנט אַהערצו פאַרבלאָנדזשען דער זיידע ר׳ נוחקע, זיך אַוועקזעצן, און האָרכן, ווי זיי ביידע שפּילן. דער אַלטער האָט געהאַט אַ שניט אין נגינה און געקאָנט אָנשמירן אַ סמיטשעק מיט קאַלאַפאָניע. אָבער דאָס מאָל — דווקא ר׳ הירשל, ניט זאָגנדיק אַ וואָרט, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן, געקוקט און געשוויגן. ערשט, אַז די ביידע פידלער האָבן אַרויסגעלייגט די כלים פון די הענט, האָט ר׳ הירשל אַרויסגענומען זיין גאָלדענעם פּאָרטסיגאַר און אונטערגעטראָגן געצלען. דער „קאַפּעלמייסטער" איז מבולבל געוואָרן. אַ פּאָר מינוטן האָט ער אַרומגעקראַצט מיט די פינגער אין דער פושקע, ביז ער האָט אַרויסגענומען צו פאַררויכערן. און דאָ ערשט ר׳ הירשל:

— וואָס זאָגט „מען" אויף מיין תכשיט? קאָן ער שוין שפּילן? וועט שוין קאָנען פּראַווען אַ קבצנישע חתונהקע?

געצל קאַנאַריק איז ווי געפּלעפט. די צונג פּלאָנטערט זיך ביי אים, ס׳פּעלט לשון:

— פאַניע... הער... פריד... זאָ גאָט, מיר הילפט... קאַן... זאָווי... ווערט ווערן איין קאָמפּאָזיטאָר!... זאָווי דער גראָסער חנא וואָלפּסטאַל... אַנו, בערעניו, נים די גייגע! איינס!... צוויי!... איינס... צוויי... דריי... פיר! טאַקט! טעמפּאָ!... עף, גע! צע, בע!...

אָבער איידער זיי האָבן באַוויזן צו ענדיקן אַ „טעאַטער־מאַרש", האָט ר' הירשל אַרויסגענומען זיין שווערן זייגער, אַ קוק געטאָן און, מיט אַ לייכטן גענעץ, זיך צוגעלאָזט צו דער טיר. אָבער דאָ: טראַך! דער קליינער „פרינץ" איז אַזוי אַרויס פון די כּלים, אַזאַ כּעס האָט זיך אין אים אָנגעצונדן, אַז ער האָט אַ שליידער געטאָן דעם פידל צו דרערד און אַרויס דורך אַ זייטן־טיר...

ר' הירשל האָט זיך אויסגעדרייט, אַרומגעקוקט און מיט אַ שמייכל אַ פרעג געטאָן ביי דעם טויט־בלייכן געצל:

— ווער מען נאָך קאָנען שפּילן אויף דער שברי־כּלי? מע דאַרף זי אויפהויבן... זאָל ער...

געצל קאַנאַריק האָט זיך אָנגעבויגן, באַטאַפּט דעם פידל און עפּעס געבעבעט:

— די זעעלע... צעבראָכן... אינעווייניק... די דושע... די... אָ־וואַ... די...

— און וואוהין איז דער תּכשיט אַוועק? מסתּמא צום שניי־דער, איאָ?... — — —

אַוודאי אַהין! דער גאַנצער מיט־מאַרק האָט געקוקט, ווי בער איז געלאָפן, אָן אַן איבערשטן בגד, אָן אַ היטל, דעם באַרג־אַראָפּ, צום הינטער־געסל, וואו ס'שטייט די געל־געשמירטע כאַטע, יאיר שניידערס אייגענע נחלה...

דעם קליינעם בערן איז אָנגעגאַנגען אַ געוויין. אַ כּעס האָט אין אים געטליעט. אָבער צוקומענדיק צו יאירס טיר, האָט זיך דער כּעס אָפּגעטאָן, אַזוי ווי מיט אַ שפּרונג, און בער איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל, מיט אַ שמייכל און אַ טשאַקעדיקער.

דאָס איינציקע שטיבל, וואָס טוליעט אין זיינע הוילע ווענטלעך און נידעריקער סטעליע אַ היבש ביסל נפשות, איז איצט אָפּגע־

גאַנגען אין שוויס... ס׳האָט זיך געפּאַרעט. יוטע די שניידערקע האָט אויפגעלייגט בוטשענע וואָרצלען אין אויוון אַריין און גערוקט קאַר־טאָפּליעס צום בראָטן. יאיר איז געזעסן אויבן־אָן, געהאַלטן אינמיטן שטשאָבען אַ געוואַנטענעם סידאַק און האָט זיך בעת־מעשה צוגע־זונגען זיין באַליבט לידעלע:

„אוי, פריינטעלע,
מי־ זיינען אלע, אלע פראנצויזן!
אוי, פריינטעלע,
מיר גייען אלע אין לעכערדיקע הויזן!..." —

די אַלטע צוועטל, יאירס בלינדע מוטער, וואָס שלעפּט זיך אַרום מיט איבער אַ „מאה", ווי קריקעווער הינטערגאַסווייבער שמועסן, האָט זיך געוואַרעמט אויפן פּיעקאַליק און שטיל אונטערגעקרעכצט:

— אוי, גאָט, פאָטער האַרציקער, כ׳זאָל שוין דעם פּאַר־פּסח דערשלעפּן!....

און נאָך צוויי שטיקלעך נפשות זיינען געווען אין דעם שטיבל ד׳־על־ד׳: מרים־גיטל, יאירס עלטסטע מיידל, און אַ קליין וויגל־קינד, וואָס ווערט נאָך נישט גערופן ביים נאָמען, כאָטש ס׳איז שוין פון לאַנג געיידישט.... דערווייל איז דאָס יעקב־נתנס יינגסטע ברו־דערל...

מרים־גיטל האָט אותו־רגע געהאַלטן אין וויגן דאָס קינד און שטופּן אַ פּלעשעלע מיט אַ גומי־ציצל אין פּיסקל... אַ־אַ־אַ! האָי־דאָ! ליו־ליו!.... —

בערס טשאַקנדיקער אַריינקום האָט אַלעמען איבערגעשלאָגן און אַרויסגערופן אַ לאַנגע פאַרוואונדערונג:

— „זע נאָר! בערעניו!... כע־כע.... ס׳קאָצל־קומט!

און מיטאַמאָל:

— אָך־טאָג איז מיר! קוק נאָר, ר׳איז דאָך נאַקעט! אָדם־נאַקעט! — האָט יוטע די שניידערקע זיך צעפּעטעט — אָך־טאָג איז מיר נישט־געשען! וואָס איז? אַנו, קום נאָר גיכער צו צום אויוון, בערעניו!...

יאיר שניידער האָט עפּעס אַריינגעבורטשעט אין אַ געוואַנ־
טענעם, גראָבן סוראַק אַריין און זיך צעציקלט:

„מיר זיינען אַלע, אַלע פּראַנצויזן,
מיט לעבעדיקע הויזן!" — — —

שפּעטער איז שוין גאָר היימלעך געווען. דער קליינער „פּרינץ"
האָט זיך אַראָפּגערעדט פון „האַרצן" און ס'איז געבליבן, אַז מ'דאַרף
שלום־מאַכן...

יאיר האָט אַראָפּגעלאָזט פון סטעליע אַראָפּ אַ מין־לאָמפּ, וואָס
האָט זיך געבאָמבלט אויף אַ לאַנגן פאַרזשאַווערטן דראָט, זיך
בהרחבהדיק צוריקגעזעצט צום טיש, און מיט אַ לעבעדיקן געניעץ
געמונטערט:

— אַנו, חברה, באַרבאָלקעלעך! אַזוי, יוטע, ווייז אַהער די
בורא־פּרי־אַדמהלעך!

מרים־גיטל און יעקב־נתן זיינען באַלד אַרויסגעקראָכן אויפן
טאַפּטשאַן, וואָס איז געשטאַנען ביים עק טיש און געגרייט דאָס קיי־
נעצייג....

— אַנו, בער, אַנו, אַהער צום טיש! — האָט יאיר פאַר־
בעטן — אַנו!... ביי אייך אינדערהיים עסט מען איצט זיכער נישט
קיין קאַרטאָפליעלעך אין די הייבלעך, אין מענטעלעך, האַ?

דער קליינער בער, פון פריער שוין צוגעוויינט צו די התנהגותן
פון יאירס געזינדל, האָט זיך אויך אַרויפגעכאַפּט אויפן טאַפּטשאַן
און געשטרעקט אַ פּאָר הענט צום גרויסן, אייזערנעם טאָפּ, וואָס
יוטע האָט אַוועקגעשטעלט. גלייך מיט אַלע האָט ער געשיילט די
הייטעלעך פון די קאַרטאָפליעס, געקילט זיי אויף די ליפּן, געטונ־
קען אין אַ בלעך־זאַליץ און זיך געלאָזט וואוילגיין....

יעקב־נתן הויקערל איז געווען אין זיבעטן הימל; הלמאי זיין
חבר בער איז אַזוי היימישלעך. קייענדיק, האָט ער אַזוי אָנגעקוואָלן,
אַז ס'איז אים פּייכט געוואָרן אונטערן שנויצל... — —

מ'איז מיט די קאַרטאָפליעס אויך פאַרטיק געוואָרן. יאיר האָט
באַווישט באָרד־און־וואָנצעס, נאָכגעפּרעגט מכּוח טיי און דערווייל גע־

נומען וויקלען היימיש־געבראָקטע טיטון־לאָקשן אין אַ דיקן ביבולע־פּאַפּיר. מיט אַ חנדעלע האָט ער געבעטן אַ קויל פייער:

— אנו, מרים־גיטל־לעב, גיב זיך א הייב,
זאָל דיר נישט זיין טייער, פאַרן טאַטן אַ קויל פייער! — —

אָט־דאָס מיינט מען: יאיר איז אויפגעלייגט! און אַז ער איז אויפגעלייגט וועט שוין גיין אַ מעשה נאָך אַ מעשה, אַ געשיכטע אין אַ געשיכטע; און אפשר וועט ער זיך טאַקע נעמען לייענען, נאָך פאַר מעריב.

זיצנדיק אויפן טאַפּשאַן, האָט בערעניו געפּלאַמט, צעגאַנגען געוואָרן פאַר פרייד, און איין־וועגס שיר נישט געשפּרונגען פון דער הויט אַרויס, פאַר גרויס דערוואַרטונג.... ער האָט געקוקט יאירן אויף די ליפּן, אין די הענט און ממש זיך גענומען בעטן:

— ווען? ווען?

— וואָס, פּרינץ מיינער? — האָט יאיר אים אַ שנעל געטאָן אין נאָז — דבר, רעד מיט פּיסקעס!

— לייענען דעם „טיראַן“, ר' יאיר.... — —

„מיר זיינען אלע, אלע פראַנצויזן“...

יאיר האָט נישט פאַרענדיקט זיין באַליבטן סטראָף. עפּעס איז ער אין דער רגע אַן אַנדער מענטש געוואָרן, דער דאָזיקער לאַטוטניק, רב יאיר!.... אַ זעלטענער קנייטש האָט זיך אָפּגעלייגט אויף זיין שטערן, דער רוקן איז גלייכער געוואָרן און די פינגער פון איין האַנט האָבן גענומען אויספּויקן אַ מאַרש אויפן טיש, אַזש שער־און־אייזן האָבן אָפּגעענטפערט מיט אַ געקלאַנג.

— דעם „טיראַן“, האַ? כ'על דיר צוליב־טאָן, פּרינצל — האָט יאיר זיך צעשמייכלט.

אַליין האָט ער אַפּירגעשלעפּט פון אונטערן הינקענדיקן בעטל אַ גרין, אָפּגעקאָוועט קעסטעלע מיט ביכלעך, צו וועלכן קיינער האָט זיך נישט געטאָרט צורירן און עס אַליין מיט אַ באַזונדערער כוונה אויפגעשלאָסן. אַ סך ביכלעך האָט ער געהאַט אין קעסטל, אַ גאַנצן

אוצר. זיי פֿליִען אָנקומען אַזש פֿון סאַמע נעווי-יאָרק, פֿון יאירס אַ לייבלעכער שוועסטער, וואָס וואוינט דאָרט אין פּיט-סטריט.

בער האָט געקוקט אויפֿן קעסטעלע און די אויגן זיינען ביי אים איבערגעגאַנגען.

— דער „טיראַן", האַ? הערן? הנני מוכן ומזומן לקיים מצוות טיראַן — האָט יאיר אַ פּאָך געטאָן מיטן טעוועלע — אַנו, אויסגעזעצט און שאַ!

אַז אַלע זיינען געזעסן אַרומגעזעצט אַרום טיש, מיט אויפגעשטעלטע אויערן און אַיינגעהאַלטענע אָטעמס, האָט יאיר אַרויסגעדרוקט דעם קנויט פֿון רויכערדיקן פּיגל-לאָמפּ, אויסגעריינִיקט די נאָז, און אַ פּרווו געטאָן דאָס קול:

— דער „טיראַן", שפּאַנענדיקער ראָמאַן אין צוויי טיילן, מיט אַן עפּילאָג....

אין קליינעם שטיבל האָט זיך איינגעלייגט אַ שטילקייט, אַזש מ'האָט געקאָנט הערן, ווי ס'קנאַקט אַ האַרטער גודז אין אויוון, און דער אַלטער צוועטלס יעדן איינציקן קראַץ...

נאָר די אויגן אַלעמענס האָבן גערעדט! בער האָט זיך אַ ביסל אָפּגערוקט פֿון די אַרומזיצנדיקע, אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, און געהאָרכט און געהאָרכט:

— „אַמאָל האָט געלעבט אַ גרויסער שרדה, און דער שרדה האָט זיך אויסגעבויט אַ פּאַלאַץ פֿון ריינעם מירמלשטיין אין אַ געדיכטן וואַלד....

און אַ טעכטערל האָט ער געהאַט, דער שרדה, שיין ווי די זון אום תמוז און מיט אויגן, בלוי, ווי דער טיפֿער בלויער הימל"—

וואָס ווייטער — אַלץ לעבעדיקער, וואָס לעבעדיקער — אַלץ פּאַרכאַפּנדיקער. יעקב-נתן האָט זיך געהאַלטן מיט איין האַנט ביים פּעדערשטן הויקער און געטרונקען און געטרונקען מיט פֿלאַקער יעדעס וואָרט וועגן זיין גאָלדהאָריקן שרדהשן טעכטערל. און מרים-גיטל האָט צוגעמאַכט אירע אויגן, אַרומשפּאַצירנדיק אין רייכן, מירמלענעם פּאַלאַץ, וואָס ווייט, טיף, אין געדיכטן וואַלד...

— „און אויפֿצושטיין פֿלעגט דער שרדה ביים שיין פֿון מאָרגנשטערן, און וואַלד אַריין אַריינגיין, וואו אין אַ לאָך פֿון אַן אַלטן,

בריטן דעמב האָט ער געהאַט זיין אוצר פאַרבאָרגן: רענדלעך, פערל און אבנים־טובות, וואָס האָבן זיך געמיניעט אין מיליאָסן קאָלירן. און איבערציילן פלעגט ער יעדעס מאָל יעדן שטיין, יעדעס שטיינ־דעלע און יעדן פערל"... וואָס ווייטער — נאָך לעבעדיקער און נאָך פאַרכאַפנדיקער.

יאיר האָט אויפגעהערט שנייצן די נאָז און שטופן טאַבאַק אין די פאַרלייגטע לעכער. זיין קול איז ריינער געוואָרן און די ראיה שאַרפער. מיט איין פינגער האָט ער זיך געטייטלט אין ביכל אי־בער די שורות, און מיט דער אַנדער האַנט האָט ער געמאַכט צייכנס, ווי איינטייטשנדיק יעדן מיין:

— „אָבער אַ רשע איז ער געווען, דער שררה. מיט ריטער פלעגט ער זיינע קנעכט שמייסן, וואָס זיינען פאַר אים אויף די קני געקראָכן"....

די אַלטע צוועטל, אויפן פיעקעליק, האָט אַ קרעכץ גע־טאָן:

— אוי, ועט ער אָפּקומען אין גיהינום!... בראָטן און ברענען וועט מען אים, דעם רשע־מרושע!....

דערהערנדיק דעם זיפץ, האָט דער קליינער בער אַ פּאָך גע־טאָן מיט זיין האַנט און זיך צעיאַכמערט:

— ער וועט אָפּקומען? גאָט וועט אים שטראָפן? גאָט וויל דאָך נישט!

מיר אַליין וועלן אים דערשטיקן! מירן זיי אויסוועהרגן, די רשעים, די, וואָס פאַרגראָבן די אוצרות און שמייסן די קנעכט! אָט אַזוי!

און אַרום זיין אייגענעם האַלז האָט ער פאַרוואָרפן זיין ביי־נערדיק הענטל און זיך אַליין גענומען שטיקן.

— שוטה! נאַרישער פריניק, וואָס טוסטו?! ס'איז דאָך דיין האַלז, און די גאַנצע מעשה איז נאָר אַן אויסגעטראַכטע פון אַ פאַרפאַסער! שאַ, שוטה, הער ווייטער!

יאיר האָט זיך דערמאָנט אָן אַ שמעק־טאַבאַק און גענומען ווייַ־טער לייענען:

„אין איין פאַרטאָג וואַקסט אויס פאַרן שררהס אויגן אַ זקן,

מיט אַ ווייסער באָרד, אָנגעטאָן אין אַ זאַק אויף די לענדן, און זאָגט צום שררה אַזוי: הער אויס, דו, רשע, כ׳קום דיך וואָרענען“...

— וואָרענען! — איז איבערגעלאָפן פון מויל צו מויל.

בערעניו איז געזעסן אַן איינגעקנוילטער אין דרייען, ס׳פּנים באַהאַלטן אין די הענט. הפּנים ער האָט שוין גאָר נישט געהערט: נישט די שרעקלעכע שטראָפרייד דעם זקנס, און נישט דעם אַדוני־שררהס געיאָמער. ער האָט גאָרנישט געפילט. אַפילו נישט די קעלט, וואָס האָט גענומען בלאָזן דורך די שלעכט־באַוואָרנטע פענסטער, און נישט געהערט דעם ווינט איבערן קוימען־האָקן...

האָט ער נישט געהערט, ווי די טיר טוט אַ סקריפּ אויף די פאַרפרוירענע זאַוויעסעס און נישט דערזען, ווער ס׳בלייבט שטיין אויף דער שוועל. ערשט דאָס קול פון אַריינקומענדיקן האָט אים אויפגעוועקט:

— צייט אַהיימצוגיין, תכשיט!

ר׳ הירשל פרידמאַן, אָנגעטאָן אין אַ ברייטן טולופּ, מיט אַ סויבלענעם היטל אויפן קאָפּ, איז געשטאַנען פון דערווייטנס. אַ שמייכל האָט זיך אויסגעלייגט אויף זיין פּנים, אַרום די מילוויגקלען און געטענצלט אויפן שפּיץ־נאָז.

די שטוב־מענטשן האָבן פאַרלוירן ס׳לשון. יאיר האָט יאָ עפּעס געפרוווט זאָגן, אָבער מער ווי „טי... טי“ האָט ער נישט אַרויסגעבראַכט. די איבעריקע האָבן געגלאָצט מיט די אויגן. אָבער באַלד איז געשען דאָס, וואָס האָט אויף זיי אָנגעוואָרפן אַן אימה: דער קליינער תכשיט איז אַראָפּ פון טאַפּטשאַן, געכאַפּט די געגנאָ־סענע שניידער־שער און זיך אַ וואָרף געטאָן צום פאָטער.

— שררה! — האָט ער זיך צעשריגן! — שררה!

אָבער ר׳ הירשל האָט אַ שמייכל געטאָן:

— דוב־בער! — —

האָט ער אַרויסגעלאָזן די שער פון האַנט, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, ביי ר׳ הירשלס פיס, און זיך צעפּיעשטשעט:

— פאַרוואָס איז אַזוי, טאַטע?! פאַרוואָס.... — — — —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

אין קריקעוו שטייען טעג הייסע. סוף־תמוזדיקע. שטיל איז אין מאַרק און ליידיק אין די קראָמען. פוסטקייט פון פאַר־שניט־צייט. ס'זיינען די טעג, ווען פויערים שטייען אויף גאַנץ קאַיאָר, קוקן אויפן הימל און שפּאַנען צו די פעלדער:

— „אַנו, אפשר שוין געצייטיקט ס'ברויט צום שניידן...“

שטיל איז אין די בייטאָג־שעהן. וואו־נישט־וואו ביי אַ קרעמל פון אַייזנוואַרג דערהערט זיך אַ שאַרפער קלאַנג: אַ פאַרשפּעטיקטער האָספּאָדאַר פרוווט נאָך אָפּ אַ קאָסע, צי אַ סערפּ צון אַ שטיין.

ס'דרעמלען די מאַרקיזיצערס פאַר די שטעלעכלעך און ס'גע־געצן ברייט די זיצערקעס, ווישנדיק מיט ציצענע פאַרטעכער די רי־קעס שווייס, וואָס טריפן פון די שטערנס און באַקן.

נודנע זיינען זיי, די לאַנגע טעג, פון פאַרטאָג אָן, ביז צו די קילע, אָוונטיקע שעהן, ווען מ'קאָן „דעם אָטעם כאַפּן“...

אין די דאָזיקע טעג איז אויך פוסט פאַרן „הויז“. די תמוז־דיקע פאַר־שניט־טעג ציען זיך ביי די פרידמאַנס מיט דער זעלבי־קער שלעפּערדיקייט. — — — — — —

ס'איז דאָס לעצטע יאָר, וואָס קריקעוו לעבט אַ לעבן פון אַ טרוים, אַ דויערהאַפטיקן. דער לעצטער פאַר־שניט, ווען מעקלערס, ליידיקגייער, דרייען מיט די שטעקעלעך און זאָגן נביאות:

— „דאָס יאָר איז אַ קאָרג געוועטעניש. אָבער איבעראַיאָר, אַז גאָט וועט אונז שענקען ס'לעבן און געזונט, וועט זיין אַ בע־סערס. און איבער צווי יאָר, און איבער דריי — הי־הי! בחצי־חינם וועט זיין תבואה! מ'וועט שיטן קאָרן און ווייץ אין טייך אַריין, אַזוי ווי צוריק מיט פופציק יאָר... ווער געדענקט דאָס? הי־הי... ס'וועט זיין...“

דאָס איז געווען דער זומער, ווען בער האָט, אומגעריכט, גע־מאַכט דעם ערשטן חשבון און דערגאַנגען, בערך, אַזוי: „עפּעס איז ענג אין קריקעוו! און אַזוי ענג, ווי ס'איז אין קריקעוו, מוז זיין אומע־טום, אין אַלע שטעט און מדינות, איבער גאַנצן גאָטס־וועלטל“...

פון בערס מויל האָט דאָס געהערט שמואל קלונמאַן אַליין, און זיך געחידושט:

— אָט אַזוי מיינסטו אויפן רעכטן אמת, בערעניו? —

שמואל קלוגמאַן איז דער בלאָנדער, שטעטלדיקער חכם; אַן עטלעכע־און־דרייסיק־יעריקער גרויש, וואָס האָט אין זיין רשות די שליסעלעך פון די דריי בלויע קרן־קימת־פושקעס, און וואָס איז בחורוויז געווען אַ בעלן, פאַר אייגענע „גרייצערס" צו פאָרן אַזש קיין באַזעל, צום אַ ציון־קאָנגרעס....

ווי אַזוי אָט דער שמואל קלוגמאַן, דער למדן־אַפּיקורס, וואָס מאַכט קידוש איבער זויערמילך, זיין אַלטער מוטער אויף להכעיס, — ווי אַזוי האָט ער זיך געשאַפן אַן אַריינגאַנג אין „הויז", איז נישט קלאָר. אָבער פאַרוואָס אַמייסטן נאָר אין די זומער־טעג, איז לייכט צו טרעפן: ר' הירשל פרידמאַן איז, געוויינלעך, דעמאָלט אין די ווייטע וואַרעמבעדער....

אָבער טאַקע אָט־דער דאָזיקער משכיל אַליין האָט עס גע־בראַכט דערצו, אַז בערעניו זאָל זיך ערנסט פאַרטראַכטן און גלייכ־צייטיק פאַרשפינען אין לייכטע, בלויע חלומות. די ערנסטע טראַכ־טונגען זיינען געקומען צוליב דעם, וואָס בער, דאָס יינגל, האָט דערפילט, אַז אַזוי־אָט ווי יידן לעבן אין קריקעוו, איז גאָר קיין תכלית נישט און גאָר קיין מין־לעבן נישט אינגאַנצן. און דער־גאַנגען איז ער, אַז אַזוי ווי אין קריקעוו איז אויך אין טשאָרטקיוו און אין לעמבערג און, מסתמא, אין ווייטן, גרויסן באַרדיטשעוו...

אומעטום איז פויל־זומערדיק, ערב ניי־געדעטעניש; אַלע יידן דרייען זיך אַרום מיט שטעקעלעך אין די הענט, וואַרטן אויפן גיכן „שניט" און אויף אַ גוטן „אָסיען". אַחוץ אפשר אַזוינע געציילטע צווי־דריי „הער־פרידמאַנס".

און חלומות, ווייכע, בלויליכע, האָבן בערן אַרומגעשפונען: אָט די זעלביקע יידן, וואָס נויגן זיך פאַרן אַלטיטשקן ריכטער יוסטוס פאָגל, אַזוי גוט ווי פאַרן גראַפס לאָקאַי מיט די באַקן־באַרדן; די זעלביקע יידן, וואָס וואוינען אויפן הויפּטטראַקט און ליגן אין גע־האַקטע וואונדן אין הינטערגעסל, אַז אָט זיי אַלע.... אַך, וואָס זיי וואָלטן אַלין נישט געקאָנט! אַקערן און זייען... אַפילו אַ בית־המקדש בויען!...

פאַרשיידענע זיינען געווען זיינע נאָכטראַכטונגען. ערנסטע, ביזן טיפסטן יסוד דורכגענומענע: „וואָס וועט זיין מיט יעקב־נתן הוי־

קערל, וואָס קאָן נישט אַקערן און נישט זייען? לאַטעס וועט מען דאָך לחלוטין נישט דאַרפן לייגן... און וואָס וועט זיין מיט ר' הירשל פרידמאַן? ווער וועט דאָ איבערנעמען זיינע סקלאַדעס און זיינע סחורות? מ'וועט דאָך מוזן גיין פונדאַנען.... „גיין!" בלייבט: „זאָל נעמען ווער עס וויל! אַלע מעגן! און זאָל ר' הירשל.... אַפילו שטיינער האַקן!"

אויך גאָר פאַרביקע, פאַרבענקטע, פלעגן זיין אַמאָל פיל שעהן. אין די בין־השמשות, ווען ער פלעגט האַלטן דעם פידל און נענדעווען אין עולמות. פלעגט קומען איבער אים אַן אויפריכטונג: „ס'וועט דאָך קומען דער גואל.... בן־דוד און אַ ליכטיקייט איבער גאָר דער וועלט". — —

און מאָדנע: דאָס פערצן־פופצן־יעריקע בחור'ל, וואָס האָט פריצייטיק פאַרלוירן די אמונה און זיכערקייט; וואָס האָט טיילמאָל, על־פי־שכל, פאַרלייקנט די מציאות פון אַ בורא־עולם, וואָס האָט געלאַכט פון „שכר־ועונש" — דער זעלבער האָט געקאָנט איבערגעטרייסלט ווערן ביזן גרונט: —

— איך וואָלט באַדאַרפט צו'ן אַ... צדיק.... מאַמע — האָט ער איינמאָל אַ זאָג געטאָן.

איז די מוטער זיינע, דבורהל, געבליבן שטיין אַ צעחושטע און האָט נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן איר געציטערטן בכור. אַ מערכה, שמואל קלוגמאַן איז גראָד אַריינגעקומען, זיך דייטש'ש פאַרנייגט און צעווייעט די אָנוואַקסנדיקע מרה־שחורה.

— גוטען טאַג! ווי גייט'ס?! ווי בעפינדען זי זיך? און דו, בער? — האָט ער אויסגעציקלט מיט אַ ניגון, דער בלאָנדער אַפיקורס, און אַ הויב געטאָן זיין ווינער האַלבן צילינדער.

בער האָט אים אָפגעענטפערט מיט אַ פריינטלעכן שמייכל. האָט זיך שמואל באַלד אַוועקגעזעצט און גענומען אַרבעטן מיט דער צונג. תחילת האָט ער גערעדט וועגן זיינע חדר־און־שול־יאָרן. שפּעטער האָט ער דערמאָנט זיין בחורישע, ראָמאַנטישע צייט, „די שטורעם־און־דראַנג פעריאָדע", און דאַן ערשט אַרויסגעפּאָרן:

— און איצט, דאַכט, פאַנגסטו אָן שטורעמען... ריכטיק, בער?

בער האָט אים אויסגעהערט. ס'האָט אים גאָרנישט גערירט, וואָס שמואל וויל אים איבערפרווון. אים איז בלויז אָנגעגאַנגען, צי וויל ער נישט אַמאָל פון אים, פאַרשטעלטערהייט, אָפּחוזקן. — —

און איך מיין, אַז יעדעס יינגל וויל זיך רייסן אין די הימלען, ריכטיק, בער?

— צו־וואָס אין די הימלען, הער קלוגמאַן, ווען מ'קאָן דער־גרייכן אויף דער ערד??

— כ'פאַרשטיי, וואָס דו ווילסט זאָגן, יונגע, איך פאַרשטיי דאָך— יאָ. מיינסט, אַז מ'דאַרף געפינען אינהאַלט... אַרבעט... אויסדריק־לעך, יאַ — דורכאויס....

ערשט דאָ האָט שמואל גענומען אַוועקלייגן אַ שטיק דרשה וועגן „אידעאַל", וועגן „נאַציאָן"; עתיד און עבר; וועגן קרן־קימת און „ציוניזמוס".

— ציוניזמוס, יונגע.... ציוניזמוס.... אם אשכּחך ירושלים...

בער האָט אים געהערט און נישט געהערט. אים האָט זיך גע־דאַכט, אַז אָט דער דאָזיקער שמואל האָט, גראָד ווי ער, נישט וואָס צו טאָן; אַז דער זעלבער שמואל איז גראָד ווי ער, אַ מפונק פאַר נודנע טעג....

— אָבער מ'דאַרף דאָך: — האָט בער אָנגעהויבן — מ'דאַרף...

— הער מיך, יונגע! — האָט שמואל איבערגעשלאָגן און איז איבערגעגאַנגען צו קאָנקרעטן — דו וואָלסט זיך באַדאַרפט אַרויסכאַפּן פונדאַנען; אַרויס אין דער גרויסער וועלט. די וועלט וועט דיך שוין לערנען. פאַר קיין ווין! קיין ווין פאָר! איך געדענק, ווען... — —

ער האָט נאָך גערעדט, שמואל קלוגמאַן, אָן אויפהער, און נישט באַמערקט, ווי די שעהן לויפן, אַז די זון זעצט זיך נידעריקער און אין צימער ווערט טונקעלער, וואָס אַמאָל.

— די גראָסשטאַדט, איינע קליינעקייט!.... — — —

ביז די מוטער האָט דערמאָנט:

— אפשר אַ ביסל אין וואַלד אַריין אַרויסגיין? איר וועט דאָך אויך מיטגיין, אַיאָ, הער קלוגמאַן? — — —

בער האָט געפאָלגט. זיינען ביידע אַרויס פון „הויז". איבערן וועג האָבן זיי לאַנג געשוויגן. שמואל האָט געשאַרט מיטן מאַגנע־

טישן שפּיץ פון שטעקעלע איבער די טראָטואַר־פּליטעס און בער האָט שטיל, אין זיך, געציקלט אַ ניגון. צום וואַלד איז נישט ווייט געווען. גאַנץ קריקעוו איז דאָך אַרומגערינגלט מיט וואַלד פון אַלע זייטן.

אין שטעטלדיקן פּינקס איז פאַרשריבן, אַז מיט הונדערטער יאָרן צוריק איז גאַנץ קריקעוו באַשטאַנען פון בלויז איין שטוב, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן וואַלד, און געוואוינט דאָרט האָט נאָך דער עלטער־עלטער־זיידע פון דער זיידענער משפּחה. געהאַלטן האָט ער דאָרטן די וואַלד־קרעטשמע, פאַר וועלכער ס'פלעגן פאַרפאָרן באַלעגאָלעס מיט זייערע בריקעס. געווען איז דאָס נאָך הען־הען אין די טערקישע און טאָטערישע צייטן....

היינט שטייט שוין, דאַנקען גאָט, אַ שטעטל מיט עטלעכע הונדערט יידישע נפשות, וואָס פאָרן און מערן זיך. און דער וואַלד — הגם שוין היבש אויסגעהאַקט — איז נאָך אַלץ געדיכט און גרויס; אין די הונדערטער יאָרן ציט ער זיך. פעלט נישט, בכן, אין דער דאָזיקער געגנט קיין געהילץ און קריקעווער יידן, וואָס פאָכן קוים מיט די נשמות, האָבן זומער־לעב וואו צו שעפּן לופט, אין די פאַרטאָגן און פאַרנאַכטן. ווער שמועסט שבת, נאָכן טשאָלנט, הילכט אַזש אָפּ דער וואַלד פון די קינדערשע קולות; און דאָס געשנאָרכצעריי פון די באָרוועסע מאַנסבילן, וואָס ליגן אָן די קאַפּאָטעס, מיט די פּנימער אַראָפּ, אין גראָז אַריין, קלינגט ווי אַ וואוילע ווטאָרע צום מחיהדיקן פויגל־געצווירקעריי.

בייכיקע ווייבער, מיט קופּקעס און הייבלעך, לייגן זיך אויס אויף אַ זייט, די פּיס צעשפּאַרט, פרייכן, יאָגן די פליגן און צעגייען זיך פאַר תענוג:

— „האַ־האַ! לופט! אַן אויפריכטונג! אָסור צי אין יאַרעמטשע, צי אין קאַרלסבאַד איז דאָ בעסערע! אַלע קעמערלעך פּוצט זי אויס. האַ! האַ! ברײנע לעבן, זופּט, זופּט אַרויף! טרוינע קרוין, טוט אַ גוטן צי!.... מחיה.... האַ, מעכאַיעשקע!“ — —

היינט, אין סאַמע דאָנערשטאָג, איז נישטאָ אַזאַ גרויסער עולם. אָבער אויף דער פאָדערשטער וואַלד־אַלייע פעלן נישט קיין מאַנסבילן און ווייבער און צאָן־קדשים. נאָך ווי אַזוי! אָט שטייט אַפילו

אַ רעדל ייִדן, אַרומגעגאַרטלט מיט פּאַטשיילקעס, מיט שטריקלעך, און דאַוונט מנחה בציבור. ר׳ יהושוע־אָשרל שוחט, אַ ייִד אַ שוואַרצינקער, מיט היבש מיחושן און סתם קראַנקע לונגען, שטייט פאַר אַ ברייטן דאָמב און זאָגט די הויכע שמונה־עשרה. דאָס מניין לופּטזופּערס כאַפּט אונטער און דער וואַלד הילכט אָפּ פון די ברוך־הוא־וברוך־שמו׳ס און אָמנ׳ס

און די שקיעה־פלאַמען צירן פּורפּור־רויט די הימל־ברעגעס, די בוימער נויגן די באַגולדטע קרוינען, ווי אַרויסווייזנדיק זייער הכנעה פאַר די תפילות פון חולאים, חלושים, וואָס בעטן אַ רפואה־שלמה אויף זייערע מכות, וואונדן און שלעק...

און די זון פאַרזינקט ערגעץ צווישן הימל־און־ערד־ראַנדן, און בלויז בלוטיק־רויטע פלעקן בלייבן איבער נאָכן אונטערגאַנג. אַ טונקלקייט שפּרייט זיך אויס, הילט איין די בעלי־חיים און די דוממים.

און די דאָזיקע, וואָס לעבן אויף דער ערד, אָטעמען און פילן ברייטקייט אין זייערע קעמערלעך, ציען זיך אויס, אויף די שפּיץ־פינגער, און ווילן אַ טרייסל טאָן: צור־חיינו....

פייגל ענטפערן אין די צווייגן: ציר... ציר... צ ר !..

אויף אַ קעגנאיבערדיקער לאָנקע מעלה־גרהן נאָך בהמות די אונטערגעקאָסעטע היי און לוצערניע. די פאַסטוכעס, אין צעלאָזענע סטענדלעך און קויטיקע גאַטקעס, קנאַקן מיט די בייטשלעך און פאַרגייען זיך פאַר גרוים גדולה:

— „אַי־וואַי, טאַטעלעך, מאַמעלעך! זשיד־זשיד — כאַלאַמאַי!!“—

— וואָס זאָגסטו, יונגע?

בער שווייגט. אין תוך־גענומען איז דאָס אַלץ טיפער, ווי ס׳איז. אַ הייפל ייִדן.... ציען זיך אין די הימלען, אין מנחה־צייט.... און טונקעלער ווערט, טונקעלער....

— ווי געפעלט דיר די פּאַנאָראַמע, בער? זעסט, אַלע זײַנען זיי אַזוי, אַלע ייִדן! ניכט־וואַר?

ער האָט זיך ווידער צערעדט, שמואל קלוגמאַן, גערדייט מיטן שטעקעלע, און נישט באַמערקט, אַז בער רוקט זיך אונטערוויילעכץ אַוועק. לסוף האָט ער זיך דערכאַפּט, שמואל, אַז ער איז אײנער אַליין

ביי דעם וואַלד־ראַוו, ביי די מאַלינע־קוסטעס און בער איז נישטאָ לעבן אים. ער האָט זיך אַרומגעזען און גענומען רופן:

— בער, בערעניו! יונגע, יו־נ־גע!

בער איז שוין געווען אין אַנדערן ווינקל. אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים, האָט ער זיך צוגעקוקט, ווי אַרום ר׳ יהושע־אָשרל שוחט, וואָס איז שוין געזעסן אויף אַ דיקן שטאַם, ביים ראַוו, וואָס טיילט אָפּ דעם וואַלד־רעוויר פון טראַקט, איז געלעגן אויסגעצויגן דאָס גאַנצע מנין־יידן און זיך צוגעהערט צו די וואונדערלעכע סיפּורים. קראַצנדיק די האָריקע ברוסטן און רייבנדיק, מיט די זשופּיצע־פּאָלעס, קנעכל־און־פּיאַטעס, האָבן זיי אונטערגעטשמאָטשקעט פאַר התפעלות.

די ווייבער — די, וואָס זיינען זיך נישט צעגאַנגען קאָכן וועטשערע און ראָשטשינען חלה אויף שבת — האָבן זיך נענטער צוגערוקט און פאַרגלייזט די אויגן. אַפילו די קינדער האָבן אויף זיך אַרויפגעצויגן דעם הדרת פון שווייגעדיקייט.

ר׳ יהושע־אָשרל שוחט איז אַ גרויסער ידען אין די וואונדערלעכע סיפּורים וועגן גאונים, רבנים און מנהיגים פון דורות. דערצו פאַרמאָגט ער אַ מתיקות אינם דערציילן, און קאָן פאַנגען די הערצער. ווער שמועסט, אַז ער קומט דערציילן וועגן אַלטן הוסיאַטינער, זיין זכות זאָל אונז ביישטיין, פאַלט ער גאָר אַריין אין התלהבות:

— „אָט דאָס געדענקט מיין טאַטע, דער טאַרנערידער, דער שוחט, אַז דער אַלטער הוסיאַטינער, זיין זכות זאָל אויף אונז מגין זיין, פלעגט גאַנץ סוכות נישט אַרויסגיין פון זיין סוכה... און די סוכה זיינע איז דאָך, כידוע, געווען באַשלאָגן מיט גאָלד און זילבער... אַ כלילת־יופי... פלעגט ער צו זיצן, דאַווענען, לערנען און נישט אַרויסטרעטן. נאָר איין ר׳ ליפּא גבאי, — ער איז שוין אויך אויפן עולם־האמת — פלעגט האָבן דעם צוטריט צום רבין. בעת ער, ליכטיק זיין זאָל זיין אָנדענק, פלעגט אָנהויבן זאָגן הלל און צוגעקומען צו אנא ה׳ הושיעה־נא, פלעגט ר׳ ליפּא אַריינקומען אין די זאָקן — די פּאָדלאָגע איז דאָך געווען אויסגעלייגט מיט טייערע, פּליושענע קאָבריצן — און אָפּענטפערן: אנא ה׳ הצליחה־נא... אוי.... אוי...."

ר׳ יהושוע־אָשרלעז טוט עפּעס אַ שטאָך אין דער ריפּ. ער כאַפּט דעם אָטעם, איז משמיע נאָך אַ קרעכץ און דערציילט ווייטער:

— אָבער הושענא־רבה, בעת ער, זכרונו־לברכה, פלעגט שוין זאָגן הלל, אין קלויז, ביים עמוד... אוי... אוי!... די נענועים אַליין האָבן דאָך געדויערט דריי שעה. גאַנצע דריי פערטל שעה יעדער שאָקל מיטן לולב אין יעדער זייט אַריין... אַזוי איז געווען דער וואונדערלעכער מנהג זיינער און אַזוי לאַנג האָט זיך געצויגן זיין ניגון... אוי... אוי... און דעם ניגון געדענקט איר? אָט אַזוי: אָנאָ־באָם... ה—בים־באָם... הושיעה... באָם־באָם, נא־אָ־אָ... אָ... נא.. אוי־נאָ! — —

בער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט ביים בוים און צוגעהערט. אָבער אים האָט די דאָזיקע מעשה דווקא נישט גערירט. עפּעס אַנדעריש האָט ער דערוואַרט. עפּעס, וואָס איז אים אַליין אומקלאָר; אָבער פּאָרט גאָר עפּעס אַנדערש! וואָרעם אויב שוין יאָ רבים, פאַרוואָס נישט דערציילן וועגן אַנדערע, וועגן אַ סך אַנדערע, וואָס האָבן זיך אין גאָלדענע סוכּות נישט אָפּגעשלאָסן און האָבן נישט... אָ, זייער אַ סך „נישטן"!... האָט ער זיך צוגערוקט צום הייפל יידן און זיינע ווערטער האָבן פּלוצלונג דורכגעשניטן די אָוונטיקע שטילקייט:

— און פון וועגן ר׳ מנחם־מענדל וויטעבסקער ווייסט איר? און פון וועגן ר׳ ישראל פּלאָצקער און ר׳ אברהמל קאַליסקער? אָ, דריי הונדערט גיבורים, מענער און ווייבער, האָבן זיי צונויפגענומען און, מיט זיי אינאיינעם געוואַנדערט אַ גאַנץ האַלב יאָר, ציענדיק, פון גרויס בענקשאַפט קיין ירושלים. דאָ איז זיי ענג געוואָרן. אָבער נאָך די יסורים פון זייער וואַנדערונג האָט זיי אַ פרייד אַרומגענומען. „די שמחה איז גרויס אָן אַ שיעור און אָן אַ ברעג", האָט ר׳ מענדעלע באַפוילן. און די וויטעבסקער רביצין האָט פרעמדע וועש געוואַשן, כדי ס׳חיות צו דערהאַלטן. אָבער גליקלעך איז זי געווען! „מיר איז ליכטיק געוואָרן פאַר די אויגן", האָט ר׳ ישראל פּלאָצקער געשריבן..." אַזוי! אַזוי! און איר וואָס? גאָלדענע סוכּות! אויסגעטאָן פון דאַגות! איר און אייערע רבים! נענועים... לולב... לופט... איר!

ער האָט זיך געריסן, בער, און אים האָט אויסגעפּעלט לשון. —

— מיין רביצין, זאָל לעבן, וועט נישט וואַשן קיין פרעמדע גאַטיעס! — האָט זיך פלוצלונג אַ יידל צעפּאָנפּעט — פרעמדע העמדער! נישט דערלעבן וועסטו דאָס, שגץ, שאַיגאַצו איינער! אַפילו נישט אירע אייגענע כתונתן וועט זי זשמיקען, שאַיגאַץ דו! בעסער אַ יאָר אין איין העמה, איידער... דו! דו עבריאַן איינער!

שמואל קלוגמאַן איז שוין געווען אינטערגעקומען. ער האָט געשווינדער געדרייט דאָס שטעקעלע:

— וואָס זאָגסטו?

בער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. אויף זיין יונגלערישן פנים האָט געקרייזלט אַ שמייכל פון ביטול:

— אָט, זיי רייסן זיך אין די הימלען, הער קלוגמאַן, אָט זיי!

דאָס פּאָנפּעוואַטע יידל האָט זיך נאָך אַלץ געלאָזט הערן:

— וואָס גייט דיך אָן מיין רביצין, שגץ?! נישט דיין עסק דערסטאַן!! — —

בער האָט אויסגעריסן אַ ריטל און זיך געלאָזט פּאָראויס. —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

נאָכדעם זיינען וואָכן אַוועק. ביי בערן האָט זיך די צייט געצויגן אין שווייגעניש. דוכט, ער איז גאָר גרויזאַם געוואָרן און אומברחמנותדיק. ער האָט צו קיינעם נישט גערעדט און קיינעם קיין גלייך וואָרט נישט געענטפערט. ווער שמועסט דעם פאָטער זיינעם, ר׳ הירשלען, אים האָט ער אינגאַנצן אויסגעמיטן.

שטובמענטשן האָבן זיך געשראָקן און אומרויק געוואָרן. מ׳האָט געזוכט עצות און נישט געקאָנט געפינען. ערשט אין איין שבת־צונאַכטס, פּיפּקענדיק זיין לאַנגען ליולקע־ציבוק, האָט דער אַלטער ר׳ נוחקע געפונען די אמתע תרופה.

— נו, האַיט, צום רבין! — האָט ער שאַרף אַ זאָג געטאָן — טוט אייך אָן און פאָרט אַראָפּ אין הויף אַריין. האַיט־האַיט, בער! נו, הירשל! כ׳וועל הייסן איינשפּאַנען! האַיט־האַיט!

פּאַטער און זון האָבן מער נישט איבערגעפּרעגט. שווייגנדיק, האָבן זיי זיך איבערגעקוקט און, שווייגנדיק, אָנגענומען דעם אַלטנס פּסק.

---

— אײַ־וואַי! נאָר וואָס נאָך הבדלה! — האָט אַהרן־לייב דער ברייטפּלייציקער, רויטער לייב־גבאי אַ פּליעסק געטאָן אין די דלאָ־ניעס, דערזעענדיק ר׳ הירשלען, וואָס האָט געהאַלטן זיין היבשן בכור ביי דער האַנט — אַ קליין ביסקעלע פּריער, ר׳ הירשל, וואָלט איר נאָך געווען געהערט דעם רבינס הבדלה! היינט דווקא שפּע־טער געמאַכט....

— אַזוי אויך שייך... — האָט ר׳ הירשל אָפּגעענטפערט און זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער קלויז. — אַזוי אויך שייך... נישקשה...

קיין סך־עולם איז אין קלויז נישט געווען. אַ פּאָר דאָרפס־יידן, וואָס האָבן שוין באַוויזן אָנצוקומען פון נעענטערע ישובים, כדי זיך צו „פּראַווען" נאָך הבדלה, האָבן געוואַשן די הענט ביים בלע־כענעם האַנט־פאַס און געלאָזט הערן אויף אַ קול: „נקבים־נקבים"...

אַ פּאָר היימישע ווייבער, די קעפּ פאַרוויקלט אין שפּיצן־שאַליקעס, האָבן אַרומגערינגלט פייביש קוויטל־שרייבער, וואָס איז געזעסן אין צפון־זייט און געשריבן די בקשה־קוויטלעך מיט אַ גראָבער גענזענער פּען. די ווייבער האָבן זיך איבער אים געשאָקלט און ער האָט, אין אײַלעניש, פאַרטייטשט, יעדערער באַזונדער. צום איינער:

— איז וואָס־זשע ווילט איר נאָך? ני, שוין! קרענק האָב איך שוין אַריינגעשריבן, מאָזלען אויך; דער שנורס געשווילעכץ, און דער מוזינקע דעם רעכטן זיווג אויך מוסיף־געווען. וואָס־זשע נאָך?!

אויף אַ צווייטער יידענע פייזערט ער זיך שוין:

— איר ווילט נישט? דאָ טאָר מען קיין סך נישט רעדן! דער רבי האָט פיינט אָנשיקעניש! ווי הייסט? זייט נישט קיין חצופה! דער רבי אַליין זאָל אייך צושטעלן אַ בן־זכר? —

אָט אַזוי פאַרטיקט ער אָפּ פייביש סופר, פאַרווקט אַלעמאָל די גענזענע פּען הינטערן אויער און ציילט, מיט כוונה, די מטבעות, וואָס די ווייבער שטעקן אים אַריין אין יד־אַריין.

פון פייביש קוויטל=שרייבער גייען די ווייבער צו דער טיר, וואָס פירט אין חדר=מיוחד אַריין, אין „פּראַווע=שטיבל“. דאָ מוזן זיי פריער געפינען חן און חסד אין די אייגן פון געצל=מלך, טיר=שמש, כדי צו קאָנען פריער „צוטרעטן“. ביי געצל=מלכן, אַ מלופים=קינד, מיט צוויי לאַנגע און ברייטע הענט, וואָס אַרבעטן, ווי אַ פּאָר וויאָסלעס, גייען בסך=הכל גאָר נישט אָן קיין בקשות. ער האָט ליב צו וויסן, פון וואָס ער לעבט... פּאַרטיילט ער מיט דער ברייטער האַנט און זשאַלעוועט נישט קיין גוט וואָרט:

— צום שוואַרצן יאָר גייט! ווייבער, פּישערינס! צוּן אַלדי=רוחות! — —

ר׳ הירשל איז געוויינט צו די קולות. ער קען אַלע גבאים און אַלע כלבים, וואָס דרייען זיך אין „הויף“. אָבער בער קוקט מיט ווילדער נייגעריקייט. שנאַפּט און קאָן זיך גאָרנישט אָנחידושן מיט דעם גבאישן בייז=וואונדער. ער האָט ביי זיך געפרעגט, ווי אַזוי אייגנטלעך דאָס קאָן געמאָלט זיין: „געצל=מלך און פייביש — די טויערן פאַרן צדיקס הייליקער ברכה...“

ער איז בייז געוואָרן אויף זיך, הלמאי ער אַליין דרייט זיך אויך דאָ אַרום און זוכט „עפּעס“, גלייך ווי די אַלע ישובניקעס מיט די שמוישענע היטלען אויף די קעפּ און מיט שטריקלעך אויף די לענדן, אַרום די געוואַנטענע בונדעס. איינמאָל פאַר אַלעמאָל: „וואָס וויל ער דאָ? — וואָס, אַ שטיינער?“

ער איז צוגעגאַנגען צום לערן=טיש, וואָס ביי דער דרום=וואַנט, וואו זיין פאָטער ר׳ הירשל איז געשטאַנען און זיך צוגעקוקט. אַרום דעם דאָזיקן לערן=טיש זיינען געזעסן עטלעכע שטאָט=יונגעלייט, וואָס עפענען נאָך אַמאָל אַ ספר און חלומען גדולות... ס׳האָבן זיך אַרומגעצאַמפּערט גלאַט בחורים און געפרעגט קשיות ביי די יושבים, פּרושים, וואָס קוועטשן יאָרן=לאַנג די בענק און זיינען די אייביקע, הויפּישע קעסט=קינדער.

ביי דעם לאַנגן טיש האָבן נישט אויסגעפעלט קיין סתם בטלנים און אַנדערע הויפּישע מאַרשטאַליערים. בער האָט באַטראַכט דעם עולם און אַ מאָדנער געפיל, אינאיינעם מיט קאַלטע אַנגסטן, האָבן אים באַשלאָגן. — און דאָ מיט אַמאָל:

— זולל=וסובאניק, יאַך וועל דערציילן דעם רבין, אַז דו רייסט בײַ מיר אַרויס די גענזענע פולקעס!

— און עך וועל זאָגן דער רביצין, אַז דו טרינקסט זויערמילך פון לאַדושטשיק פאַר די זעקס שעה! זויפער! עך וועל טאַקאָן זאָגן!....

מיט בערן האָט עס אַזש אַ וואָרף געטאָן. ערשט אַ קליין בחורל, וואָס האָט זיך אַרומגעפּלאָנטערט אַרום טיש, האָט אים גע־געבן צו פאַרשטיין, אַז די צוויי יידן, וואָס רייסן זיך איבער דער פולקע, דאָס זיינען די עלטסטע פרושים, ר׳ דוד איזשביצער און קוניע טאָרנער; אַז דאָס פּראַווען זיי אַזוי אַ באַזונדערע מלווה=מלכה אין ווינקל....

און איידער בער האָט נאָך געפונען אַ פּאַסיק וואָרט פאַר די צוויי יידן, וואָס האָבן זיך שוין לאַנג אָפּגעזאָגט פון עולם=הזה מיט אַלע תענוגים, איידער ער האָט זיי נאָך געקאָנט גוט באַטראַכטן די צוויי יידן, מיט די לאַנגע פּיאות און די גאַרטלען פאַרשטעקט, האָט ער אויף זיך דערפילט אַ פּאָר הענט:

— דער טאַטע האָט שוין צוגעטרעטן. קום!

— וואוהין? — האָט בער, אַ מבולבלער, איבערגעפרעגט.

אָבער אַהרון=לייב, דער רויטער לייב=גבאַי, האָט אים גע־האַלטן בײַ אַן אַרבל און נישט אָפּגעלאָזט:

— קום, זיך פּראַווען!

ער האָט אים צוגעשלעפּט צו דער טיר און אַ קאָמאַנדעווע גע־טאָן:

— ס׳איז ר׳ הירשלס בכור, געצל=מלך!

געצל=מלך האָט אַ שאָקל געטאָן מיט זיין גרויסער מאָרדע, אַ מאַך געטאָן מיט די וויאָסלעס — מיט זיינע הענט — און זיך געלאָזט הערן:

— נו, אַריין, האַי=דאַ!

איידער בער האָט זיך נאָך אַרומגעקוקט, האָט דער טיר=שמש אויפגעפּראַלט די טיר און אים אַריינגערוקט, ווי מרוקט אַריין אַ בלעך. — — —

---

צוויי פּאָר אויגן האָבן זיך באַגעגנט. דעם רבינס: ווייכע, כּמעט קינדישע, בלויע. און בערס — גליענדיקע און מאָגנעטישע. אַ רגע האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט. ס'האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז דער רבי וואַרט, בער זאָל אָנהייבן דער ערשטער. בערס ליפּן האָבן טאַקע גע־צאַפּלט, ער האָט אָבער קיין וואָרט נישט אַרויסגעבראַכט. האָט דער רבי אַ גלעט געטאָן זיין שיטערע גראָע באָרד, אַ טרייסל געטאָן דעם שטריימל מיטן אויפגעשטעלטן, סאַמעטענעם שפּיץ און זיך אָנגע־רופן:

— הירשל, דער יינגל דיינער איז תּמיד אַזאַ שותק?

ר' הירשל איז געשטאַנען ביים פענסטער און געווישט מיט אַ פינגער די שויבן.

— אַ שווייגער אין דער לעצטער צייט — האָט ר' הירשל אָפּ־געענטפערט.

— און דאַוונען דאַוונט ער אויף אַ קול?

ר' הירשל האָט נישט געוואוסט, וואָס צו זאָגן.

— אַזוי.... אַזוי... איך פאַרשטיי שוין — האָט דער רבי אָפּ־געזיפצט... — אַזוי... אַזוי...

נאָר מיטאַמאָל האָט זיך דער צדיק אויפגעהויבן פון זיין פליו־שענער, טיפער שטול, צוגעלאָזט צו דער ספרים־שראַנק, אויפגעריסן די פאַרגלאָזטע טירלעך און אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ. אַזאַ טיפער קרעכץ האָט זיך געלאָזט הערן איבערן שטיבל:

— אַי־אַי! וואָס איז מיט דעם דור?!.... מהפּכה!... מהפּכה!... אַי... ס'דור....

אָבער תּיכּף נאָכדעם האָט ער זיך אַ ריס־אַוועק־געטאָן, צוגע־לאָפן צום טיש און אַ געשריי געטאָן:

— דו זאָלסט מיר רעדן, דוב־בער בן דבורה!

און דעם צדיקס בלויע אויגן האָבן שוין מער נישט געקוקט אַזוי ווייך און מילד. אין זיי האָט געפלאַקערט אַ כּעס:

— דו זאָלסט מיר רעדן! — האָט אים דער רבי אָנגענומען פאַר אַ האַנט — הערסט?

בער האָט אַ ציטער געטאָן. ער האָט בשום אופן נישט גע־קאָנט תּופס־זיין, וואָס דער רבי וויל פון אים, און פאַרוואָס ער

בייזערט זיך דאָס אַזוי. ס'איז אים בכלל קשה געווען דער אַרום־און־אַרום. ער האָט זיך געפּרוּווט באַפרייען פון רבינס האַנט.

— וואָס רייסטו זיך? — האָט דער רבי געצאָרנט — פון דער ערשטער מינוט אָן מוזן מיר זיך מיט דיר רייסן; האָסט נישט געוואָלט אַראָפּקומען אויף דעם עולם — האָבן מיר דיך מיט גע־וואַלט געבראַכט און מיט געוואַלט וועלן מיר דיך האַלטן; הערסט? זאָלסט מיר שוין רעדן!

בער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און צוגעפאַלן צום פאַרשפּרייטן טיש, אויף וועלכן ס'איז געלעגן אַן אָפן ספר, אַ טאַבאַק־שקעטע־לע, אַ גרויסע, רויטע פאַטשיילע און ס'איז געשטאַנען אַ זילבערנע רער מיט דריי גרויסע, ברענענדיקע ליכט.

— וואָס ווילט איר פון מיר? — האָט בער פלוצלונג אַרויס־גערעדט.

— הם. מירן דיך שוין נייטן...

דער רבי האָט אָבער נאָכגעלאָזן בערס האַנט. — — —

און ס'האָט ווידער זיך געקאָנט דאַכטן, אַז דער צדיק וואַרט, עמעצער זאָל אָנהייבן דער ערשטער. ער האָט געגלעט זיין גרויע באָרד און געטרייסלט מיטן דרייצן־שפּיציקן שטריימל. נאָר מיטאַמאָל האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו ר' הירשלען, וואָס איז געשטאַנען ביים פענסטער, און געוויזן מיט אַ פינגער צו דער טיר:

— לאָז אונז אַליין, הירשל. וועסט וואַרטן ביז כ'וועל דיך רופן:....

— כ'וועל וואַרטן, פעטער.... — — —

און חידושלעך: קוים איז ר' הירשל געווען אויף יענער זייט טיר, האָט בער באַקומען לשון. דער רבי האָט נישט געצאָרנט און זיינע אָדערדיקע, לאַנגע פינגער האָבן געפּיקט אויפן דעקל פון ביי־נערנעם טאַבאַק־שקעטעלע:

— רעכט... רעכט... רעכט....

בער איז געשטאַנען ביים טיש, געקוקט פאַר זיך און אַרומגע־זוכט אין זכּרון:

— כ'האָב געטראָגן אַ שנאה צום טאַטן... און איצט — אַ רחמנות.

כ'האָב אַלעמען ליב.... אַלע, די, וואָס ענג איז.... שמאָל... אָבער איך...

דאָס יינגל, בער, איז צוגעפאַלן צום גרייז=גראָען גוטן=יידן, אָנגענומען ביים עק פון זיידענעם גאַרטל און נישט אָפגעלאָזט:

— מ'האָט מיך געבראַכט צו איך! מ'האָט מיך אַהער געפירט! אָבער וואָס? וואָס?

— כ'האָב געוואוסט.... כ'האָב זיך געבעטן... צו=שפּעט אַראָפּ... אַן אַנדער דרך....

— שיקט=זשע, רבי, אַן אויפריכטונג.... אויף אַלע! אָדער זאָל קומען — מבול!

— אַי=אַי! וואָס שעלסטו אַ וועלט?! אין אַזאַ שעה...

בים! באָם! דלינג! דער פענדל=זייגער אויף דער וואַנט האָט אָנגעהויבן שלאָגן.

— אַי=אַי! שעלט נישט אַ וועלט — איז זיך דער רבי פאַרגאַנגען.... — — — — — — —

— — — — — — — —

אַזוינע מינוטן פון דערהויבונג זיינען געווען גאָר געציילטע. נאָכן נודנעם זומער איז געקומען דער האַרבסט און נאָכן „גוטן אָסיען" האָט אָנגעהאַלטן אַ ווינטער, אַ טעמנער און ווינטן האָבן געבושעוועט. ס'האָבן זיך געצויגן טעג אַזוינע, ווען מ'הויכט זיך אויף די נעגל פאַר קעלט און מ'שרעקט זיך פאַר די פאַרנאַכטן.

און געשטאַלטן אַיינגעהילטע אין שמאַטעס שלייכן זיך ביי די איינגעהויקערטע ווענט פון די שטיבלעך. — —

טעג אַזוינע, וואָכן, ווען דער הונגער קערט איבער די געדערים ביי די קריקעווער הינטער=גאַס=קינדער און זקנים האָבן קיין אַנדער ברירה נישט, ווי אַנטשוויגן צו ווערן און איבערצולאָזן אַ בינטל ביינער אויף קהלס באַראָט...

ווי=זשע קאָן מען דעמאָלט זיצן רויק ביים בלאַנקענדיקן סאַמאָוואַר און הערן דאָס שיפּען פון זידנדיקן וואַסער?

אָוונטן, ווען געשטאַלטן שלייפן זיך פאַר די אָפּגעווייסלטע ווענט... — — —

אין איינעם אַזאַ אויף=דער=נאַכט איז בער אַרויס פֿון „הויף“ און זיך לאַנג אַרומגעשלעפּט איבער די שטעטלדיקע געסלעך, זוכנדיק כאָטש איין שייבל אָן פֿראָסטבלומען, כּדי אַהין אַריינצוקוקן און זען, וואָס ס'טוט זיך: חושך, אָבער אומגעריכט: טאָג?...

אָבער ער האָט אין ערגעץ גאָרנישט געזען. שויבן פֿאַרזעצטע און — אייביקע רו. אַפֿילו בײַ יאיר שניידער איז שטיל. מ'הערט נישט דאָס וואוילע לידל. ווי אויסגעליידיקט אינעווייניק. נאָר דאָס געלע קישעלע אין שויב האָט עדות געזאָגט, אַז עמעץ האָט דערמיט פֿאַרשטעקט די לאָך, מורא=האָבנדיק פֿאַרן בייזן פֿייף...

בער איז צוויימאָל צוגעגאַנגען צו דער טיר, געריִרט די צעבליטע, זשאַווערדיקע קליאַמקע און אָפּגעלאָזט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז קוים וועט ער עפֿענען די טיר, וועט ער זיכער דערזען יעקב=נתנען, אַ בלייען, ווי אַ מילץ, ליגנדיק אונטער אַ בערגל סי=ראַקעס. און יאיר — מיט אַ נאָדל=פֿאָדים און אַ פֿאַרשטאַרצטער האַנט... ער איז אַוועק פֿון טיר. אָבער וואוהין? וועגן און געסלעך אַזוי ווייניק! — —

---

אין איינעם פֿון די ערשטע ווײַסנע=טעג, נאָך פּורים, איז זוסיע דער אַלטער משרת אײַנגעפֿאַלן. דריי טעג האָט ער געקרעכצט אויפֿן בעטל, אין אַ אונטערשטן, אָפּגעלאָזענעם קעמערל. ער האָט שטאַרק געשלוקערצט און מ'האָט אים נישט פֿאַרשטאַנען.

אַ פּאָר מינוט פֿאַר גסיסה האָט ער באַקומען לשון און געבעטן, מ'זאָל אים אַריינשיקן די באַלעבאַטים. געהייסן האָט עס: ר' הירשלען. דער אַלטער ר' נוחקע איז סײַ=ווי געזעסן לעבן אים. און בער האָט דאָך אים אַליין דערלאַנגט וואַסער און צורעכטגעמאַכט ס'קישן.

ר' הירשל איז אַרײַנגעקומען. זוסיע האָט זיך משוגעדיק צעכאָרכלט. אַ פֿרייד האָט אים געשטיקט אין גאָרגל:

— דו... מיר... קדיש... זאָגן...

ר' הירשל האָט פֿאַרצויגן די ברעמען. ער האָט פֿאַרקרימט ס'מויל. אָבער בער האָט אָנגענומען דעם פֿאָטער פֿאַרן האַנט, צוגעפֿירט נעענטער צום בעט און שניידנדיק אַרויסגערעדט:

— זאָג אים צו!

זוסיע האָט דאָס לעצטע מאָל געעפנט די אויגן און אַרויס־געכאָרכלט:

— בער... זוסיע קאַוואוק... שוין זען... דיך... אויסוואַקסן... זאָג.... זאָג... ס'וועט זיין...

ער האָט אַ לעצטן שלוקערץ געטאָן, דער משרת, און די האָר פון זיין אויסגעצויגענער, לאַנגער באָרד זיינען געוואָרן שטייף. דרעט־לעך.

ר' נוחקע האָט זיך איבערגעבויגן איבערן בעט און ר' הירשל האָט געזוכט די טיר...

אַ שעה שפּעטער האָט מען געגראָבן זוסיעס קבר. אָבער וויפל מ'האָט נישט געגראָבן, האָט זיך אַלץ געוויזן וואַסער. האָט זיך בער דערמאָנט אָן דער מעשה, אַז ערגעץ אין אַ לאַנד לאָזן זיך גופים פון קנעכט איבערן וואַסער, כדי אַזוי־אַרום צו קומען צו איינ־מאָל־איינציקער רו.... — —

ביי דער קבורה האָט ר' הירשל געזאָגט קדיש און דערביי געקוקט, ווי די פייגל קומען צוריק פון די וואַרעמע לענדער. דאַן זיינען זיך אַלע גיך צעגאַנגען אַהיים.

בער האָט זיך פאַרהאַלטן אויפן בית־עולם און געזען, ווי יחיאל, דער קרומער קברן, שטעקט אַריין אַ צווייגל ביים פרישן בערגל, ברומענדיק:

— נו, זוסיע קאַוואוק... האָסט דיר פאַרגונען אָפּצוקלייבן אַ צייט... דעמאָלט, ווען ס'וואַסער קוועלט און ראָבן פגרן אויס...

ער האָט אַוועקגעהאַצקעט, יחיאל, און איבערגעלאָזן לעבער פון זיין אָפּגעקאָוועטער קוליע איבער דער ליימיקער בית־עולם־סטעזש־קע....

בער האָט זיך אַרומגעקוקט און אַוועקגעלאָזט צוריק אין שטאָט אַריין.

איבערן וועג האָט זיך אים געוואָלט קלערן וועגן „טויט". ער האָט שטאַרק געוואָלט טרעפן דאָס רעטעניש: „אָט, זוסיע האָט געלעבט... געלעבט... און..."

נאָר דאָ קומט אַנטקעגן אַ טרעגער=יונג, האַלט פאַר זיין נאָז אַ גרויסן דראָנג מיט אַ טאָוול, אויף וועלכן ס'איז אויסגעשפּאַנט אַ פאַרביקער פּלאַקאַט מיט גרויסע אותיות: „נאָר איין גאַסט=שפּיל! נאָר איינמאָל! דאָס וועלט=באַרימטע שטיק „הערצעלע מיוחס, אָדער יעקל באַלעגאָלע“. צום וויינען און צום לאַכן, מיט געזאַנג און טאַנץ פון משה ריכטער. דער באַרימטער קאָמיקער, הער שנעק, וועט אויפטרעטן. קומט אין מאַסן און באַוואונדערט!“

דער טרעגער=יונג האָט נידעריקער אַראָפּגעלאָזט דעם דראָנג און בער האָט באַטראַכט די פאַרווישטע פאָטאָגראַפיעס פון אַ טייל אַקטיאָרן און אַקטריסעס.

דאָס גאַנצע מין „יידיש=טעאַטער“ איז פאַר אים געווען אַ ניים, וואָרעם לויט דעם „פּראָפעסאָר“ דאַווידס אָנווייזונגען, האָט ער נישט געטאָרט באַזוכן „דיזע שמייגלעסן און שמאָנצעסן, פוי טייפל!“...

אָבער איצט, אַ פולקום פרייער און פּטור פון זיין לערערס תורות און עצות=טובות, האָט דער פאַרביקער פּלאַקאַט אים צוגעצויגן און געריצט.

איינקוקנדיק זיך אין די פּרצופים פון די דאַמען און מענער, האָט ער זיך געוואָלט אויסמאָלן, ווי אַזוי זיי מוזן דאָס אויסזען, לעבעדיקע! אין דער מינוט האָט ער אינגאַנצן פאַרגעסן אָן די טויטע: דעם ערשט=באַגראָבענעם משרת זוסיע, וואָס רוט זיך אָפּ אין אַ נאַסער גרוב און קאָן שוין צו=זיך קומען...

אין אים האָט זיך דערוועקט אַ באַגער, וואָס האָט געמוזט טליען אין דער טיף: דערגיין ס'רעטעניש פון פאַרביקן לעבן! די מענטשן אויף די אַפישן — קאָנען זיי אַריינבלאָזן אַ רוח=חיים?

דער טרעגער=יונג מיטן גרויסן דראָנג אין האַנט האָט זיך געלאָזט צו די איבעריקע געסלעך מיט אַ געשריי:

— „קומט און זעט! טעמטער! איר וועט וויינען און לאַכן! איר וועט ווישן די אויגן און זיך האַלטן ביי די בייכער: קומט אַלע: יידן, מיידן און גרושות!“

בער האָט געהערט יעדעס וואָרט און אויסגעפונען, אַז ער איז גערעכט, דער טרעגער=יונג: מ'דאַרף קומען... בפירוש קומען...

און אינאָװנט, זיצנדיק אויף אײנער פֿון די פֿאָדערשטע בענק, אויסגעשטעלטע אין אַ גרויסער פֿערד־שטאַל, און קוקנדיק אויף דער אָפֿענער סצענע, װאָס איז צונויפֿגעקלאַפּט געװאָרן פֿון עטלעכע ברעטער און איז אינגאַנצן געשטאַנען אויף גרויסע ביר־פֿעסער, האָט ער געשטראַלט פֿאַר הנאה.

נישט דווקא די שוישפּילער, איבערגעטונענע אין אָפּגעשליסענע קאַפּאָטעס, היטלען און צעפּלאָכטענע גאַרטלען; און נישט די שוישפּילערינס, אויסגעסטראָיעט אין שײטלען, שערצן און מאַנטילעס, האָבן אים אַזוי דערהויבן... אין אמתן האָבן זײ אים, רגעס־װײז, געעקלט....

זײן װאונדערלעכע הנאה איז געקומען פֿון דעם אַרום־און־אַרום. ער האָט געזען, װי דער גאַנצער עולם אין שטאַל־טעאַטער שטעלט אויף מויל־און־אויערן און הײבט זיך אַוש פֿון די ערטער. און בעת דער גביר־רשע בײזערט זיך אויפֿן קבצן־באַלעגאָלע, — בײלט דער עולם די פֿויסטן פֿאַר כּעס! און ער האָט געפֿילט, װי די פֿרײד װאַקסט אָן, װען „חוה־לאה“ און „חיים־יואל“ בעטן זיך איבער און גײען אַ טענצל: „לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן!“

און ער האָט אַלײן נישט װינציקער געװײנט פֿאַרן גאַנצן עולם, װען די „שטילע טײבעלע“ האָט צוליבן גבירס רישעות אויסגעהויכט איר כּשר, יונג נשמהלע....

אַז דער „פֿאָרהאַנג“ איז געפֿאַלן, האָט זיך קײנער נישט גערירט פֿון אָרט. פֿון די לעצטע בענק האָבן זיך גאָר דערהערט קולות:

— „גיט אַהער דעם טרעלבוך! גיט אַהער דעם הערצאַלע־פֿערפֿאַלע! מירן עם װײזן: גיט עם אַהאַיער!“

אַ טײל װאוילע יונגען האָבן זיך טאַקע אַ לאָז געטאָן איבער די קעפּ, אַ ריס געטאָן דעם „פֿאָרהאַנג“, צענויפֿגעשטוקעװעט פֿון מעל־זעק, און שיר נישט געשטאַנען מיט די שטיװל אויף דער סצענע.

אַ מערכה, דער דירעקטאָר האָט זיך דערכאַפּט און, במחילה,

אין די בלויזע תחתונים, שוין מיט אַ האַלבן בערדל און מיט דער יאַרמולקע אין די הענט, זיך באַווייזן פאַרן עולם.

— האָכגעשעצטעס פובליקום! — האָט ער אַ געשריי געטאָן — זי ווערדן אַנטשולדיקן! ס'איז דאָך בלאָז שפיל! קונסט!

— אַראָפ! אַראָפ! — האָבן די יונגען געשריען — דו הער־צאַלע־פערצאַלע! דער באַבען דיינער פאַררעד די ציין! דו האָסט געטריבן אין דר'ערד אַריין...

— אָבער מיינע הערן... זי לעבט דאָך....

— דו זאָלסט אַזוי דערכען! אַנישט זאָל זי שוין אַרויסקומען!

ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן. די טויטע טייבעלע האָט, נעבעך, געמוזט אויפשטיין תחית־המתים און, אין אונטערקליידל, מיט צעשויבערטע האָר און אַיינגעריזטן פנים, זיך באַווייזן אַקעגן לאָמפ.

— איך לעב... איך לעב... — האָט זי זיך געבעטן און געשמייכלט.

דער עולם האָט ערשט רעכט געליאַרעמט, געפאַטשט אין די הענט און געפאָכעט מיט די היטלען:

— זיין מזל, דעם טרעלבוכס! זיין שוואַרץ מזל!.... — — —

די שוישפילערין איז געשטאַנען אויף דער סצענע און געוואַרט, אַז נאָך דער לעצטער גאַסט זאָל שוין אַרויס פון שטאַל. אָבער דער לעצטער, בער, האָט זיך אָנגעהאַלטן ביי אַ זייטיקן סלופ און זיך נישט געקאָנט אַוועקרייסן. און די אַקטריסע, אין נעגליזש, האָט געוואַרט. דער דירעקטאָר מיטן האַלבן בערדל איז שוין אויך געווען פאַרשוואונדן און „טייבעלע" איז געשטאַנען איינע אַליין אויף די ברעטער. אין שטאַל איז שוין קיינער נישט געווען. זיינען זיי געבליבןביידע, איינס־קעגן־ס'אַנדערע: בער אין די לעבעדיק־געוואָרענע טייבעלע.

דער גרויסער לאָמפ, וואָס האָט געהאַנגען אינמיטן שטאַל אויף אַ בעליק, האָט אַלעמאָל אויסגעזעצט מיט אַ שפיציקן פלאַם, געררויכערט און געהאַלטן ביים אויסגיין. האָבן זיי ביידע אַ פנים געהאַט, ווי דיקע, אומבאַוועגלעכע שאָטנס. אָבער די שוישפילערין, אין אונטערקליידל, איז די ערשטע געקומען צו זיך. איר איז איינגעפאַלן, אַז ס'איז אפשר גלייך, אַ טאַפ צו טאָן דעם דופק ביי

דעם יונגן יאָלד, וואָס האַלט זיך אָן אָנעם סלופּ און וויל בשום אופן נישט אָפּציען. האָט זי זיך צערירט און אַ שמייכל געטאָן:

— נו, איר זעט דאָך... איך בין יאָ אַ יינע לעבעדיקע... איר ווילט אייך נישט גלויבן, פּראָשע פּאַנאַ?... נו, קוקט אייך צו, איי־דער דער לאָמפּ גייט אויס...

בער האָט זיך פעסטער געקלאַמערט אָן זיין דערמבענעם אָנ־האַלט.... ער האָט געוואָלט ענטפערן, אָבער ווי אויף להכעיס, האָט ער נישט געקאָנט געפינען דאָס נייטיקע וואָרט. דאָס ערשטע מאָל אויג־אויף־אויג מיט אַ פרוי און אַ שווישפּילערין דערצו! דאָס ערשטע מאָל אַזאַ מאָרגע, אַזאַ וואונדערבאַרע רעגונג... אַ וואונדערלעך גע־פיל....

די שווישפּילערין האָט זיך צוגערוקט ביזן ראַנד פון די ברע־טער און איינגעשטעלט נאָך אַ פראַגע:

— איר וואַרט אפשר אויף עמעצן?

בער האָט שוין מער נישט געקאָנט שווייגן. ער האָט אַרויס־געשטאַמלט:

— כ׳האָב... אייך נאָר... געוואָלט...

די שווישפּילערין האָט זיך שטיל צעלאַכט, — הפּנים מ׳זאָל אויף יענער זייט „קוליסן" נישט דערהערן — און אָפּגעענטפערט:

— נו, זעען זי יאַ, פּראָשע פּאַניטשאַ!

— אייער אמתן פּנים — האָט בער זיך שוין דערוועגט — אַזוי ווי איר זעט אויס נאָכן שטאַרבן...

ביי דער שווישפּילערין איז געבליבן אַ סברה, אַז ס׳איז טאַקע כדאי צו נעמען די מאָס ביי דעם יונגען יאָלדאַק און זי האָט ווידער העפלעך אָפּגעענטפערט:

— מיט פאַרגעניגן... איר דאַרפט זיין אַן אינטערעסאַנטער קאַ־וואַליר... וואַרט אויף מיר אויף יענער זייט, ביים ווער... מיר וועלן זיך ביידע גוט אָנקוקן! גוט?

זי האָט זיך פאַרנייגט און פאַרשוואונדן געוואָרן. — —

דער לעצטער אַרויסגעשאָסענער פלאַם פון לאָמפּ האָט זיך טיף געזעצט און אויסגעגאַנגען. דורך די אָפענע טירן האָט זיך אַריינגעריסן אַ ווייסקייט פון אַ מיט־חודשדיקער ערב־פרילינג־נאַכט,

אינאיינעם מיט די ווידערקולות פון די קריקעווער נאַכט־שומרים און אַ געבילערײַ פון צוגעפּענטעטע הינט...

בער האָט זיך גאָרנישט גערירט פון אָרט, הגם מ'האָט אים בפירוש געהייסן גיין און וואַרטן... אים איז נישט אינגאַנצן קלאָר געווען, צו וואָס אייגנטלעך זי רופט אים אַרויס, ווען זי האָט זיך אָט טאַקע־דאָ געקאָנט באַווייזן... און נאָך אומקלאָרער איז אים געווען, וואָס אַ שטייגער זי קאָן וועלן פון אים? און אומהיימלעך איז אים געוואָרן ביים געדאַנק וועגן אַ באַגעגעניש מיט אַ ווילד־פרעמדער פּ־וי, דאָס ערשטע מאָל, אויף די פוסטע, קריקעווער געסלעך.... ער האָט זיך געשראָקן פאַר דעם, וועגן וואָס ער האָט שוין אַמאָל געפרוווט, בגנבה, טראַכטן, צוביסלעך... אָפּגעריסן. און איצט, אינמיטן נאַכט, האָט ער אויך נישט געהאַט די העזה צו דערטראַכטן ביזן סוף, וועגן דעם... „נו, וועגן“....

דערפאַר אָבער האָט ער אַצונד דערפילט, ווי זיינע שלייפן פּושען זיך אָן, ווי ס'האַמערט ס'האַרץ, און אַן אָנמאַכט באַפאַלט אים, נישט אַוועקצורייסן זיך פון אָרט. ער האָט שוין חרטה באַקומען, צו וואָס ער איז אינגאַנצן דאָ געבליבן... מעגלעך, אַז ער וואָלט זיך נאָך לאַנג געווען אַזוי געקלאַמערט אַרום סלופּ, ווען אים וואָלטן נישט מיטאַמאָל אָנגעשראָקן די לוסטיקע קולות פון די שויי־שפּילער, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן און, אומגערעכטערהייט, גאָר געלאָזט אַרויסגיין דורך דער „אָפענער סצענע“. ער האָט זיך גיך אַוועקגעריסן פון סלופּ און אַרויס אין גאַס.

מיט גיכע שפּאַן האָט ער געוואָלט איבערלויפן דאָס אָרט, וואו ער האָט זיך באַדאַרפט טרעפן מיט דער אַקטריסע. אָבער ווי דערשטוינט איז ער געוואָרן, ווען זי איז אים פּלוצלונג אַנטקעגנגעקומען, אַרויסרוקנדיק זיך פון אַ ווינקל....

— האָסט מיך געלאָזט וואַרטן, צוקערל? איך בין הינטן־אַרום אַוועקגעגאַנגען.... איז וואָס־זשע וועט איצט זיין? וואו וועלן מיר איצט אַהינקומען? אָט גייען דאָך שוין די קאָלעגן!

— וואו דאַרפן מיר דען אַהינקומען? — האָט בער געשטאַמלט, שרעקנדיק זיך צו פאַרשטיין איר מיין — וואו...

— ביסט אַ שאַרמאַנטער קאַוואַליר!.... געפעלסט מיר זייער... ביסט שוין אַוודאי אַ יאָר צוואַנציק אַלט, ניין? ווייניקער?...

— איך בין... ווייניקער... איך בין נאָך נישט קיין...

— מאַכט נישט אויס! זאָג בעסער, טייערינקער, האָסטו עפּעס גוטע זאַכן? מיר וועלן זיך מאָרגן אויך טרעפן... גיב, עפּעס, הערצכען, איינע גוטע גאַבע...

דערביי האָט זי זיך צו אים צוגעבויגן, אים אַ גלעט געטאָן און אָנגערירט זיין אויער מיט אירע ליפּן:

— נו, האָסט נישט קיין זיסע זאַכן?

— איך...

און כאָטש ער האָט גוט געוואוסט, אַז זיינע קעשענעס זיינען ליידיקע, האָט ער דאָך אַריינגערוקט די הענט און אַרומגענישטערט...

די אַקטריסע האָט זיך דערווייל אומגעקוקט און דערזען, אַז אירע „קאָלעגן" זיינען שוין נישט ווייט.

— גיכער, ווייל זיי יאָגן אונז שוין אָן! — האָט זי צוגעאיילט.

בער איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט. ער האָט גאָרנישט געקאָנט געפינען. און ער האָט דאָך אַזוי שטאַרק געוואָלט איר געבן אַ גוטע, אַ זיסע זאַך! פּלוצלונג האָט ער זיך דערכאַפּט:

— איך וועל געבן עפּעס אַנדערש!

— וואָס, טייערינקער?

— גאָלד!

— האַ? גאָלד וואָס — גאָלד?

ער האָט אויף גיך אָפּגעשטשעפּעט פון וועסטל ס גילדענע קייטעלע, וואָס דער זיידע זיינער, דער אַלטער ר' נוחקע, האָט אים געגעבן צו דער בר־מצווה, און מיט ציטערנדיקע הענט דערלאַנגט דער שוישפּילערין.

— אָט! נעמט!

די אַקטריסע האָט עס אַפילו נישט רעכט באַטראַכט. אויף גיך האָט זי עס אַריינגעוואָרפן אין בוזעם אריין, דורך דעם דעקאָלט פון איר בלוזקע.

— דו ביסט אויך אַ גאָלד! לאָמיך קושן דיינע ליפּן — דאַמעאָ!

זי האָט צוגעקלעפּט אירע געפּאַרבטע, גראָבע לעפּצן צו זיין מויל און בער האָט זיך נישט געוועהרט דאַקעגן.

— איצט זאָג אַ גוטע נאַכט צו דיין יוליען — האָט זי אין אַ פּאָעטישן טאָן אויסגערופן — און אַנטלויף! און מאָרגן... אפשר וועט שוין דיין יוליע דאָ... אויף נימער... ווידער...

די טעמפּע געלעכטערס פון דער פריילעכער כאַליאַסטרע שפּילער האָבן זיך שוין געלאָזט הערן פון גאָר דער נאָענט.

בער האָט איר נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער געטריבן פון דער מורא, נישט איבערגעפאַלן צו ווערן פון אירע „קאָלעגן", און אונטערגעיאָגט פון זיין „יוליען" אַליין, האָט ער עפּעס אַרויסגעשטאַמלט און עוקר־געווען.

ער האָט גיך געשפּאַנט, דרייענדיק זיך פון איין געסל אין אַנדערן. אָבער אים האָט זיך געדאַכט, אַז עמעץ יאָגט אים נאָך, און פּאָכט מיט אַ שווערער זאַך הינטער זיין רוקן.

ער האָט נאָך האַסטיקער גענומען שפּרייזן. ממש אונטערגעלאָפן.

צוקומענדיק שוין צום „הויז", האָט ער זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, איידער ער האָט אויפגעשלאָסן דעם טויער. קריקעווו איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן. קיין סימן נישט פון לעבן, קיין בן־אָדם נישט אין גאַס. נאָר ערגעץ ווייטער, אין די הינטערגעסלעך, האָבן זיך נאָך אַלץ געהערט די הויכע געלעכטערס פון דער כאַליאַסטרע שפּילער, וואָס זיינען געגאַנגען שלאָפן אין זייערע גוט־ברודערישע קוואַרטירן.

בער האָט אַ צי־געטאָן די קליאַמקע פון שווערן טויער. אויף דער אַנדער זייט, אינעווייניק, איז געזעסן דער שטומער יודל, מיט אַ שטעקן אין האַנט, און געוואַרט. דערזעענדיק בערן, האָט ער אַ מרוק געטאָן און שוין געוואָלט פאַרלייגן די אַייזערנע שטאַבע. אָבער בער האָט זיך נאָך פאַרהאַלטן אויף דער שוועל. ער האָט געוואָלט דערקענען, צי לאַכט נישט אויך זיין „יוליע" מיט אַלע אינאיינעם.

— „זי לאַכט אַוודאי"...

זיין מויל האָט זיך געקרימט... — — —

די נאַכט נאָך דער באַגעגעניש האָט ער פאַרבראַכט אַ שלאָפ־לאָזע. ס'איז דאָך אַנדערש נישט געמאָלט, — אַנגסטן! און צום פרימאָרגן האָט ער זיך קוים דערוואַרט. ס'איז שוין אַן אַנדער מין אומרו געווען אין זיין וואַרפן זיך אויפן געלעגער און אין קראַצן די הויט, ס'לייב. — —

אַז דער טאָג האָט זיך געשטעלט און בער, אַן אָנגעטאָנע־נער, האָט געזוכט אַן אָרט אין שטוב, וואוהין זיך אַהינצוטאָן מיט זיינע צוויי הענט, מיטן גאַנצן לייב־און־לעבן און אַליין נישט גע־קאָנט געפינען, האָט ער זיך, באין־ברירה, ווידער אָנגעכאַפּט אָן דער גאַס.

ער איז אַרויס. — און אין דרויסן איז ערב־פרילינג. נאָך פייכט, אָבער שוין זוניק. קריקעוו שמעקט מיט ערב־פסח. טירן פון הייז־לעך פראַלן זיך אויף און ס'לופטערן זיך אויס די נאָרעס. שטוב־כלים וואַלגערן זיך פאַר די טירן און מיידלעך שייערן זיי. ווייבער האַנדלען געגנז און הינער און בערדיקע יידן באַטאַפּן די זעק אויף פויערישע וועגענער.

די געסלעך ווערן פון שעה צו שעה לעבעדיקער און רעשי־קער. מאַרקיזצערינס וואַרפן אַראָפּ די שווערע שאַלן פון די פליי־צעס, אָטעמען אָפּ פרייער, און מיט צעעפנטע מיילער שעלטן זיי די פאַרבייגייער און פאַרשעלטן זיך אַליין אויף די ביינער.

בער שפּאַנט פון מיטן־מאַרק ביז צו די עקסטע ווינקלען, אַזש ביז צום הקדש, וואו אויף פריזבעס זיצן אויסגעזעצט עטלעכע זקנות און באַטאַפּן, אַקעגן דער זון, די קאַפּאָטיכלעך; און אורחא־פורחא־ניקעס ליידיקן איבער די טאָרבעס און קוקן איבער די פאַלדן פון די אַרבע־כנפותן...

און פון הקדש פאַרבלאָנדזשעט ער אין דער „דייטשער גאַס", וואו ס'וואוינען, אין ווילעס, די „בעסערע לייטע". די פענסטער פון איינער אַזאַ „ווילע" זיינען אויפגעריסן און ס'הערט זיך אַרויס דאָס געזאַנג פון אַ דינסט־שיקסע, בעת זי טאַנצט מיט די באַרשטן אי־בערן געוואַקסטן דיל.

אַנטקעגן די אָפענע פענסטער פון אַן אַנדערן הייזל אַזאַרן האָט זיך בער אָוועקגעשטעלט אויף אַ ווײַלע. פון דאָרט האָט זיך געריסן אַ צאַרט, מיידלעריש קול און לאַנגזאַם־צוגעקליבענע טע־נער פון אַ פּיאַנאָ.

בער האָט געוואוסט, אַז אין דעם הויז וואוינט דער פּאַן גראָס, אַ תּבואה־עקספּאָרטער, וואָס רעדט — „שטאַנדעס עמעס" — דייטש; וואָס האָט אַ בלאָנדע פרוי, די פּאַני גראָסאָוואַ, וואָס האַקט עקשנות־דיק נאָר פּויליש, מיט אַ סך גרייזן און מיט אַ האַרטער „למד"; און וואָס זיי ביידע האָבן אַ בת־יחידהקע, לוסי...

און געוואוסט האָט ער, אַז די דאָזיקע לוסי גראָס גייט אָן אין קריקעוו פאַר אַ שיינינקער.

שטייענדיק אַקעגן פענסטער און צוהערנדיק זיך צו איר לייכ־טער מוזיק, האָט ער זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן געניי, ווי אַזוי זי זעט אויס. אים האָט זיך נאָר פּלוצלונג איינגעמאָלן אַן ענ־לעכקייט צו דער אַקטריסע „יוליע". ער האָט געפּרוווט זיך אָפּ־צושאָקלען פון דער דאָזיקער פאָרשטעלונג. ער האָט אָבער גע־פילט, ווי זיין פּנים ווערט הייס, און פאַרשטאַנען, אַז פאַרפלאַמט מוזן זיין זיינע באַקן. — —

ער האָט אַוועקגעשפּאַנט; געשפּאַנט אין זינקן טאָג.

און: „ס'איז דאָך אַזוי ווייניק געשען" — האָט עס געפּיקט אין מוח. און: „זי איז דאָך שוין נישטאָ אין קריקעוו, די יוליע". — — אַוודאי איז זי שוין נישטאָ אין שטאָט און ס'איז אַוודאי זייער ווייניק געשען. אַ סימן — די רו איז זייער גיך געקומען. נאָך צוויי־דריי טעג. — — — —

בער איז געקומען צו זיך, אָפּגעטרייסלט זיך פון סך שטותע־רייען, לויט זיין מיינונג, און געפּרוווט זיך ערנסט צו פאַרנעמען מיט עפּעס־וואָס. מיט וואָס — האָט ער נאָך רעכט נישט געוואוסט. ער האָט ערשט גענומען אויסקלויבן, אויסגעפינען. אָבער דער ערב־פּסח האָט געשטערט דורכצופירן זיין פּלאַן: אַוועקצופאָרן קיין ווין, פון וואָס שמואל קלוגמאַן האָט געהאַלטן, אַז ס'איז שוין די העכ־סטע צייט. ער האָט געמוזט וואַרטן, בער. נאָר וואַרטן איז אים שוין אויסגעקומען געווען לאַנג. תּיכּף נאָך פּסח איז דער פּאָ־

טער זיינער, ר' הירשל, קראַנק געוואָרן, אַוועק אַזש קיין בערלין צו גרויסע פּראָפעסאָרן און אַהיימגעקומען ערשט נאָך שבועות. אָפּגערוט זיך פון איין נסיעה, האָט דער פאָטער זיינער זיך גענומען קלויבן אין די וואַרעמבעדער און בער האָט נאָך אַליין נישט געקאָנט אַרויסקומען מיט זיין פּלאַן. ביז... ביז...

ביז די ערשטע קויל איז געפאַלן און ס'האָבן זיך אַ וואַקל געטאָן די זיילן פון דער וועלט! 1914.. מלחמה. מ ל ח מ ה... — —

* *
*

אין די ווייסגעקאַלכטע ווענט, אין דעם פויערישן שטיבל, וואו די משפּחה פרידמאַן וואוינט, ווערט שטילער פון טאָג-צו-טאָג. גלייך אַלע, די דאָזיקע איינוואוינער, וואָלטן אין דער שטילקייט פון די ווינטער-טעג, יעדער אין זיין ווינקל, אין זיך אַליין, שווייגנדיקערהייט אַריינגעטראַכט. גלייך זיי וואָלטן ווען, שטומערהייט, תּופס-זיין, וויאַרום זיי האָבן זיך אַהערצו גענומען, און ווי גיך דער אָפּגאַנג איז איבער זיי געקומען; ווי זיי וואָלטן וועלן קומען צום אָנהויב פון ערשטן גילגול...

איז אַזוי קאַלט און פאַרשלאָסן אין די דאָזיקע חדרימלעך און אָן אַ שמייכל...

נאָר איינער פאַרציט אַמאָל ס'מויל: בער.

ליגנדיק נאָך אַליין אויפן בעט מיט באַנדראַזשירטע, וואונדיקע הענט, וואָס היילן זיך צו-ביסלעך און בייסן, ווערט אים פיינלעך צוליב דער אַרומיקער שווערקייט. ס'שרעקט די קאַלטע ווייסקייט פון די ווענט, און ס'שרעקן אים אַפילו די קוים-באַוועגלעכע שאָטנס פון זיינע אייגענע לייט. ס'ציטערן זיינע ליפּן און ווילן אויסשרייען: „נו, ס'איז דאָך אַזוי! איך האָב עס געוואוסט, צו אַלדי-גוטע יאָר! ס'האָט דאָך אַזוי באַדאַרפט געשען!"

נאָר ער שרייט נישט. גלייך ווי אַלע. און אַז עס פאַלט, אין מיטאָג-צייט, אָפּ די היץ און ער הערט אויף, אויף אַ קורצער ווייַלע צו פיבערן, דערגייט ער צו דער פולקומסטער רויקייט. און אין דער רו, וואָס דערהויבט אים צו קלאָרקייט, דערזעט ער אַ נייעם אָנהויב: — ס'שיילט זיך אַראָפּ די אַלטע הויט און אַ נייע ציט

זיך איבער. אַ מענטש קריכט אַריין אין אַ נייער הויט, אין אַ זיכערע, אין אַ האַרטערער, אין אַ פעל! בערן ווערט גערוימער פון אָטעם דעם באַנייונגס־געדאַנק: „אַוודאי! מען מוז מיט די הענט אין פייער אַריין גיין, כדי פאַרהאַרטעוועט צו ווערן!“

און נחתדיקער ווערט אים פון דער אייגענער זיכערקייט, אַז ס'האָט זיך געלוינט אַזוי: „דען, וואָס־זשע הייסט צו האָבן אויסגעוואַשענע אויגן און אַ שלאָגנדיק האַרץ? און וואָס־זשע דען הייסט, זיך צו שטעלן, זיך צו ווייזן?“

ער רופט צוריק אין זיין זכרון יענע רגע, ווען אַלע אין שטוב ביים פאַן גראָם זיינען צעטומלט געוואָרן, בעת דער ברענענדיקער לאָמפּ איז אַראָפּ; ער דערמאָנט זיך אָן דער זעלטנסטער רגע, ווען ער איז געשטאַנען אויג־אויף־אויג מיט דער צעשראָקענער לוסי און פון זיינע פינגער האָט געטריפט בלוט... — שמייכלט ער, בער, דעם אייניציקסטן שמייכל אין די שטילע, פויערישע ווענט....

אָבער מיטאַמאָל ווערט זיין פנים פאַרוואָלקנט און ס'צוקן די ליפן: „ווי אַזוי, אייגנטלעך, נעמט ער זיך.... ווי אַזוי קומט ער גאָר צו איר? ווי אַזוי?“

ס'רויכערן זיך שוין ווידער זיינע אויגן. פון לויזן העמד אַפּער זעצט אַ היץ און דער קאָפּ ווערט שווער. ער איז באַלאָדן דער קאָפּ. ס'ציען אַדורך גאַנצע שטיקער דערמאָנונגען, מטושטשע: „ווי אַזוי? ווי אַזוי?“ די אויגן זעצן אַרויס פון די לעכער און זעען: „אַ אלול־טאָג. איינער פון די ערשטע מלחמה־טעג. אַ בהלה. יונג און אַלט, מענער און ווייבער, מיט זויג־קינדער אויף די הענט, לויפן איבער גאַסן. גאַנץ קריקעוו צעלויפט זיך. אַ מהומה. איבער קעפּ פייפן קוילן און רויך־וואָלקנס קנוילן זיך אין לופטן. די קולות פון די צעשראָקענע יידן קאָנען נישט דערגרייכן צו די הויכע הימלען און לייגן זיך צו דער ערד. צעפלאָשעטע יאָגן זיי: ווייבער, בערדיקע לייט און וויינענדיקע קינדער, פון זייערע שטיבלעך אַרויס, און זוכן אַ באַהעלטעניש אין די גוישע געסלעך; אין קאַמערן און גריבער. און אינאיינעם מיט די היימישע לייט לויפן נאָך אַנדערע יידן. דאָס זיינען פליטים, אַנטלאָפענע פון דער גרענעץ־שטאָט הוסיאַטין, וואָס ליגט ביים זברוטש. דער פחד פאַר די צאַרישע חיילות.

פֿאַר די ערשטע גרויסע רוסישע פּאַפּאַכעס, וואָס האָבן באַוויזן אײַנצונעמען דאָס ערשטע קיר״השע שטעטל און עס אַוועקלאָזן מיטן פֿייער, האָט אַרויסגעיאָגט אַלע ייִדן פֿון דאָרטן. זײַנען זיי צופֿוס געלאָפֿן, נישט באַשוכטע און האַלב-נאַקעטע. און פֿאַר שרעק האָבן מעוברתע ווײַבער מוליד-געווען אונטערוועגס און אָפּגעגאַנגען אין דמים.

און די קוילן פֿליען אַלץ געדיכטער, פֿײַפֿן אין דער רויִקער לופֿט און די קולות ווערן פֿאַרצווייפֿלטער...

בערס אויגן פֿאַרגלייזן זיך. ער דערמאָנט זיך: „דער שטומער יודל, זייער שומר, האָט אָפּגעשלאָסן דעם טויער פֿון „הויז" און אַלע, אַלע פֿון די פֿרידמאַנס האָבן זיך אויך אַוועקגעלאָזט. דער ייִדע ר׳ נוחקע האָט נישט געהייסן אַנטלויפֿן פֿון קריקעוו. ער האָט געהייסן אײַנדערהיים זיצן און איבערוואַרטן: עד יעבור זעם... האָבן זיי אַצונד געמוזט איבערלאָזן די גרויסע סאַלאָנען און זוכן אַ באַהעלטעניש בײַ גויים. וואָרעם ס׳ערשטע זוכן דאָך די קאָזאַקן אין די גבירישע הײַזער. און מ׳צווייטע — קוילען זיי סתּם ייִדן. אָבער אין די גוייִשע הײַזער איז זיכערער. די ערלים הענגען אויס איקאָנעס פֿאַר די טירן, צלמים, געהייליקטע בינטלעך-קרייטעכצער און אַפֿילו אַן אָפּגעסמאַליעטן דבר-אַחר....

גייען זיי, די פֿרידמאַנס, צו דער גוייִשער גאַס און בעטן אַ ווינקל, אַ באַהעלטעניש, בײַם „סטאַרשי-בראַט" פֿון צערקווע, בײַם גרייז-גרויען באַלעבאָס שטעפֿאַן סטאַדניק, וואָס האַלט זיך פֿאַר ר׳ נוחקעס אַ גוטן פֿרײַנט און אַ שכן, אַ סוסיד....

ער קראַצט זיך אַפֿילו אין פּאַטילניצע, דער דאָזיקער שטעפֿאַן, צלמט זיך, שטייט אַליין אויך אַ צעשראָקענער, קוקט מיט אַ פּאָר גרויסע, וואַסער-גראָע אויגן און ישובט זיך. לסוף בעט ער אַרײַן אין קאַמער אַרײַן:

— טאַ, זאַכאָדיט, סוסידו! קומט אַרײַן שכן. טאַ... יאַק בידאַ.... גאָט וועט העלפֿן!... באָה דאַסט!... —

און אַז ס׳פֿאַלט צו די נאַכט דונערן קאַנאָנען איבער דער שטאָט און הימלען באָדן זיך אין ראָזאָווען פֿלאַם. די משפּחה פֿרידמאַן ליגט אין אַ פֿייכטן קעלער, וואָס אונטער סטאַדניקס סטאָ-

דאָלע און מיט זיי אינאיינעם איז אויך אויסבאַהאַלטן די פאַמיליע גראָם, וואָס האָט אויך גוטע קענטשאַפט מיט דעם רייכן, באַלעבאַטישן סטאַרשי בראַט.

זיצן זיי אַלע אויף פעסלעך, אויף שטיינער און ריידן נישט אַרויס אַ וואָרט. דאָס פריילין לוסי, דאַכט, זיי ווײַנט שטילערהייט, פאַרדעקט זיך ס׳פּנים מיט איין האַנט און מיט דער אַנדערער — מאַכט זי זיך צו־רעכט דאָס גרינע באַנטיקל אין אירע האָר...

און די שעהן קריכן... קריכן, ווי פוילע טשערעפּאַכעס...

אַ ציטער לויפט די ביינער אַדורך. ס׳בלוט הויבט אָן גליווערן.

אַרום האַלב־נאַכט באַווייזט זיך אין קעלער דער באַלעבאָס שטעפאַן, שטופּט אָן טאַבאַק אין זיין גוליעוואַטער נאָז, גלעט זיינע ווייסע, פעטע פּאַטלעס און ניסט:

— טאַ זנאַיעטע... איר ווייסט — מאַכט ער — שוין... אַנטלאָפן דער לעצטער פראַנץ־יוזעפּסקער זעלנער... טאַ זנאַיעטע, ס׳סידעס, מיין פאַראָבאָק דערציילט, אַז ער האָט שוין אַליין געזען דעם ערשטן מאָסקוויטער... טאַ... אָבער איר, ס׳סידעס, מעגט דערווייל כאַפּן אַ דרעמל.... מיין פאַראָבאָק וועט אויסשפּרייטן שטרוי און וועט אייך געבן זעק... טאַ... און ברויט וועט ער ברענגען. איך נעם אויף, מיט וואָס גאָט גיט... טאַ... און אַ צלם האָב איך אַרויסגעהאַנגען פאַר אַ שמירה, און אַ הייליקן קאַהאַניץ מיט אייל...—

מען איז אַנטדרעמלט געוואָרן, אין דער פינסטער. קיין שאָד. איינגעהילטע אין פלאַכטעס, צוגעדעקטע מיט זעק, רוט מען אויף בינטלעך שטעכיקן שטרוי — — — — — —

דאָ האָט בער פלוצלונג אַפּערגעפירט פון אונטער דער דעק זיינע צוויי באַנדאַזשירטע הענט און געוואָלט עפּעס אַרומנעמען אין דער לופטן. זיי זיינען אָבער, פאַר אָנמאַכט, צוריקגעפאַלן אויף דער דעק. ער האָט טיפער איינגעגראָבן קאָפּ אין קישן און שטיל געשעפּטשעט אַ נאָמען. —

זיינע אויגן פאַרגלייזן זיך ווידער. און אַזוי דערקענט ער דעם זעלביקן פינסטערן קעלער, וואו ליגנדיק איינגעשרומפּן אויף אַ בינטל שטרוי, האָט ער מיטאַמאָל דערפילט אַ פרעמדן קערפּער לעבן זיך: לוסין...

און ער געדענקט: קיינער האָט דעמאָלט נישט געקאָנט זען, ווי זיינע הענט האָבן געציטערט, זיינע פינגער זיך געלענגערט און קוים באַרירט לוסיס האָר... צוגעקראָכן צון איר האַלז... און... — —

ביז ווייט נאָך האַלבער נאַכט זיינען זיי געלעגן אַזוי. ביז ס'האָבן זיך ווידער דערהערט דעם פויערס באָרוועסע שפּאַן איבערן קעלער. מיט אַ בשורה איז ער געקומען, דער אַלטער. קראַצנדיק זיך אין דער האָריקער ברוסט, האָט ער דערציילט:

— טאַ... ניבע זיי זיינען זיי שוין דאָ, די מאָסקאַליעס; גאַנצע מחנות, ווי זאַמד און שטערן נישט צום ציילן... טאַ... און ניבע האַקן, האַקן זיי שוין אויף די זשידאָווסקע קראָמען. זאָל זיי גאָט נישט שטראָפן פאַר די זינד, זיי זיינען דאָך פון אונזער אמונה... אָבער וואָס קאָן מען טאָן, אַז אַ פייער האָבן זיי פאָרט גע־מאַכט און ס'ברענט דיין הויז, סוסידו „נייעך"? ס'איז גאָטס שטראָף, סוסידו פרידמאַן.... —

ס'האָט קיינער נישט איבערגעפרעגט. ס'האָט קיינער נישט אי־בערגעחזרט. דער אַלטער שטעפּאַן האָט זיך אַ שיבער געטאָן אי־בער דער פאַטילניצע און אַרויסגעשפּאַנט פון קעלער.

אַלע האָבן, דאַכט, געקוקט פאַר זיך און נישט געקאָנט דורכשניידן דעם חושך, וואָס האָט זיך אויסגעהאַנגען געדיכטער, כדי צו דערזען די העלישע שיין און די פלאַקערנדיקע פייער־צונ־גען. בלויז דער פאַן גראָס האָט, הוסטנדיק, אַרויסגעמייקעט אַ וואָרט און אַ טרייסט־ווערטל:

— נאַ זאָוואָס! הער גאָט! אָבער שעם זיך, ליבער, עדלער פראַנץ־יאָזעף דער ערסטע....

אין קעלער איז ווידער שטיל געוואָרן און ווייסטע שעהן זיי־נען געקראָכן... ער געדענקט גוט, בער: אין דרויסן איז שוין אַוודאי דעמאָלט דער פרימאָרגן געשטאַנען, ווען אין קעלער אַריין האָט זיך, דורך אַ נישט־פאַרדיכטעוועטן שפּאַלט, אַריינגעריסן אַ שמאָלער ליכט־פּאַס. דעמאָלט האָט ער אויפגעריסן איין אויג און דערזען אַ צעפּאַטלטן קאָפּ־האָר אויף זיין ברוסט. לוסיס קאָפּ. באַלד האָט אויך לוסי זיך אויפגעכאַפּט, געקוקט צעחושט, דערשראָקן, אָבער אין אַ רגע אַרום ווידער אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין

ברוסט. האָט ער ערשט דעמאָלט דערפילט די אָנגענעמע שווער־קייט און דערצו דערהערט לוסיס קול: „ליג... ריר זיך נישט... ס'איז גוט אַזוי...״ — — —

ער קאָן זיך נישט דערמאַנען מער. אין זיין ברענענדיקן גע־הירן קנוילן זיך שטיקער בילדער, מטושטשע. פּאַסירונגען אין ווער־טער אָפּגעהאַקטע. אַנגסטן באַשלאָגן אים און ער דערפילט, אַז ער באָדט זיך אינגאַנצן אין שווייס. אַ ווילדע שרעק כאַפּט אים אַרום. פון דעם פּחד פאַרזינקט ער אין אַ דרעמל, וואָס מאַכט אים פאַרגעסן אָן אַלץ־אַרום.

זעט ער נישט, ווי אין חדרל לייכט אויף אַן אָנגעצונדן ליכט און ווי אויף די שפּיץ־פינגער שאַרן זיך אַריין עטלעכע שאָטנס און רוקן זיך צו זיין בעט.

אַ דאָקטאָר אין אַ גרויען שינעל קוקט אויפן שלאָפנדיקן און טרייסט, שטילערהייט:

— שווייס... קריזיס... מ'דאַרף וואַרטן, ביז ער וועט זיך אי־בערוועקן....

ער זעט נישט, בער, ווי לעבן זיין מוטער שטייט נאָך עמע־צער, אַיינגעהילט אין אַ טונקעלן מאַנטל און אין אַ טיפן לע־דערנעם היטל אויפן קאָפּ: זי, לוסי.

מיט גרויסע אויגן קוקט זי אויפן שלאָפנדיקן און בעט זיך שטיל:

— איך וועל דאָ זיצן... איך וועל וואַרטן, יאָ?

מען זאָגט נישט „יאָ״ און מען זאָגט נישט — „ניין״. דער דאָקטאָר גייט אַוועק און זאָגט צו שפּעטער ווידער צו זיין. דבורהל, די מוטער, שטעקט אַריין ס'ליכט אין אַ קליינעם מעשענעם לייכ־טערל און זעצט זיך אַוועק אויף אַ נידעריקן פוס־בענקעלע. אויך די אַלטע באָבע מאַטל רוקט זיך שטיל אַריין. לאַנגע דערוואַר־טונג...

---

און אין דעם אויף־דער־נאַכט איז טאַקע געווען דער קריזיס. ווען בער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, איז ער געלעגן אין אַן אויסגעווייקטן ליילעך, פון אָפּגעגאַנגענעם שווייס. ער האָט זיך גע־

פּילט אויסגעמאַטערט, אָבער דערפֿאַר איז אים געווען לײַכטער. ער האָט דערקענט די אַרום־שטייענדיקע, און ווי פֿאַרחידושט איז ער געוואָרן, ווען ער האָט מיטאַמאָל דערזען לוסין לעבן זײַן בעט! ער האָט אויף איר געקוקט מיט אַ פּאָר צעשטראַלטע אויגן, און ס'איז אים געוואָרן וואויל און גערוים. ער האָט דערקענט אָן מיידל, אַז זי וויל עפּעס פֿרעגן, און ער האָט זי געבעטן, מיט זײַנע הייכע בליקן, צו ריידן. לוסי אַליין האָט אויך געוואַרט אויף דער רגע, זי זאָל מעגן עפּענען ס'מויל. אָבער אירע ערשטע ווערטער זײַנען אַרויסגעקומען אַזוי אומגעלומפּערט, אַז ש בערן האָט זיך געגלוסט לאַכן. זי האָט געקראַצט מיט אירע פֿינגער אין לעדערנעם היטל און געפֿרעגט, צי בער וועט האָבן סימנים אויף זײַנע הענט... צי זײַנע פֿינגער וועלן נאָך זײַן אַזוי שיין, און צי אים טוט נאָך ווי דער קאָפּ פֿון היץ און פֿון פֿאַרקילונג...

אָבער נאָך די ערשטע אומבאַהאָלפֿענע פֿראַגעס האָט זי געפֿונען אַ פּאָר געמעכטע ווערטער, וואָס זײַנען פּאַסיק געווען פֿאַר אָט־דער־שעה. זי האָט דערציילט, ווי זי פֿלעגט יעדן טאָג נאָכפֿרעגן וועגן גאַנג פֿון זײַן שלאַפֿקייט, און ווי זי האָט, אויפֿשטייענדיק און לייגנדיק זיך, געבעטן גאָט, ער זאָל, „בראָן־באָזשע“, נישט שטאַרבן, צוליב איר...

אָבער דבורהלען, דער מוטער, זײַנען דעם מיידלס רייד נישט געפֿעלן געוואָרן. זי האָט זיך געדרייט אויפֿן פֿוס־בענקעלע און פֿאָרט געמוזט אַרויסגיין פֿון חדרל. סוף־כּל־סוף האָט אויך די באַבע מאַטל נישט געקאָנט פֿאַרדייען דער פּאַניענקעס דיבורים, אויף טיף־פּויליש. האָט זי עפּעס אַרויסגעמורמלט און זיך אויך אַרויסגעשאַרט פֿונדאַנען.

בלײַבנדיק אַליין, אויג־אויף־אויג, מיט לוסין, האָט בער זיך אָנגעשטרענגט אונטערצוהייבן פֿון קישן און קוים אַרויסגערעדט:

— ס'האָט זיך געלוינט, לוסי... ס'האָט דען אַנדערש געקאָנט זײַן?

לוסי האָט ווידער געקראַצט אין לעדערנעם היטל און נישט געפֿונען קיין ענטפֿער.

— וואָס־זשע דען הייסט גיין מיט די הענט אין פֿײַער? לוסי...

דאָ האָט לוסי זיך באַרעכנט און צוגעטראָטן נעענטער צום בעט:

— נו.... דאָבזשע, גוט... איך וועל דיר אַ קוש טאָן, ווען... ווען דו... אָבער נישט איצט... דו ביסט דאָך...

בער איז צוריקגעפאַלן אין קישן.

— דען וואָס־זשע...

ער האָט נישט באַוויזן צו ריידן מער. ווי אַ רואה־ואינו־נראה איז ר׳ הירשל געשטאַנען אין חדר, ביז ער האָט זיך געלאָזט זען. איינגעהילט אין אַ גרויסן, שאָפּענעם טולופּ, האָט ער אויסגעזען צו זיין דער פּאָרכטיקער קיניג פון די קליינע שאָטנדלעך, וואָס טאַנצן אויף די ווענט, ביי דער שיין פון קליינעם ליכטאל אין מע־שענעם לייכטערל.

— אַ גוטן אָוונט, זון...

בערן האָט געשטיקט אין האַלז:

— שוין צוריק פון....

— צוריק פון דער נסיעה, זון, אָן אַ מכשול.

ר׳ הירשל איז צוגעגאַנגען נענטער צום בעט און אַריינגע־קוקט אין בערס פּנים:

— וועסט זיין געזונט, זון. און גוט וועט זיין. גיך — און גוט!

— טאַטע....

ר׳ הירשל האָט זיך אַוועקגעדרייט פון בעט און געוואָרפן אַ קורצן בליק אויף לוסין.... ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און אַריינגעשריען:

— דבורהל! ברענג אַ ליכט!

נאָר ווייל מ׳האָט אַזוי גיך נישט געענטפערט, האָט ער זיך אַריינגערוקט אין אַנדערן חדרל אַריין. לוסי האָט אויסגעפונען, אַז ס׳איז שוין אייגנטלעך צייט צו גיין. זי האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, צורעכטגעמאַכט איר איינגעקנייטשטן מאַנטל און געבליבן שטיין גרייט:

— כ׳גיי... באָנדז זדרוווו!... זיי געזונט!

מעגלעך, אַז זי האָט נישט געזען בערס צעקרימטע ליפּן, אַנישט וואָלט זי אפשר אַזוי גיך נישט אַרויסגעלאָפן פון חדרל, איבערלאָזנדיק אַ לאַנגן שאָטן, אויפן געלבלעכן דיל...

נאָר געהערט האָט זי שוין זיכער נישט ווי בער רופט איר נאָך:

— איז וואָס=זשע... מער זאָגסטו נישט? — — —

דבורהל האָט אַריינגעבראַכט אַ ליכט, איבערגעבעט בערס געלעגער און אים דערלאַנגט טרינקען. ר' הירשל איז אַריינגעקומען, שוין מיט דער יאַרמולקע אויפן קאָפּ, און דערדויכערט זיין סיגאַר.

— ווייסט, בער, — האָט ער אָנגעהויבן — אין קאַמעניץ איז אַ פיינע שפּע. דאָרטן לעבן יידן בהרחבה. מ'האַנדלט ברייטלעך און איך האָב אויך אַזוי געטאָן...

— וואָס האָסטו געהאַנדלט, הירשל? — האָט דבורהל פאָרזיכטיק געפרעגט.

— כ'האָב געקויפט וועגענער צוקער. נישט געקלעקט פאַר זיך אַליין! צוריק! צוריק!...

באַלד איז אויך געווען דער זיידע ר' נוחקע, און פּיפּקענדיק זיין לאַנגן ליולקע=ציבוק, דורכגעצויגן צווישן די יאַסלעס:

— אַלץ געווען... און ס'וועט נאָך זיין...

דער אַלטער האָט זיך דורכגעדרייט איבערן חדרל און ווידער דורכגעזיגן:

— האָט איר אים כאָטש געגעבן עפּעס אין מויל אַריין? יאָ? נו... האַיט! האַיט! שלאָפן גיין. איך וועל שוין זיצן לעבן אים. ס'איז שפּעט. האַיט=האַיט! ס'איז שפּעט. האַיט=האַיט! מאַכט נאַכט!... — —

ווען אַלע זיינען אַרויס פון חדרל, האָט ר' נוחקע אָפּגערוקט אַן אַלטע שטול און זיך אַוועקגעזעצט. בער האָט נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון זיידן. געקוקט אויף זיין הויכן שטערן, אַרומגענומען מיט ווייסע האָר=בערגעס; געקוקט אויף זיינע געפלעשלטע פּיאות, אויף דער ווייסער באָרד און אויף זיינע אָדערדיקע הענט, וואָס האַלטן אונטער דעם ציבוק. און קוקנדיק אַזוי אויפן זיידן, האָט

ער געוואָלט דערקענען אָן אים דאָס פאַרבאָרגענע, דאָס, וואָס מאַכט אים אַנדערש פון זיין פאָטער, פון ר׳ הירשלען — דעם פאַרשטעלטן און שוואַכן. ער האָט פאַר זיך געוואָלט אויסטייטשן דעם חילוק צווישן זיין שוואַכן פאָטער, וואָס האָט שיר זיך נישט צעכליפעט פאַר פרייד, אַז ס׳קערט זיך אום, אַז ס׳הייבט זיך אָן פון־דאָסניי דאָס אַמאָליקע, אַז ער ווערט צוריק ר׳ הירשל; און צווישן דעם אויך־נישט־רעדעוודיקן זיידן, וואָס האָט זיך אַזוי וויניק צוגעהערט צו דער גוטער בשורה, און האָט בלויז אָפּגעפּטרט מיט אַ: „נו... ס׳וועט זיין.... ס׳איז געווען... ס׳וועט".

דאָס שווערסטע און פאַרפלאָנטערסטע אָבער איז געווען דאָס רעטעניש: אין וועמען איז ער, בער, געראָטן? וואָס וועגט אין אים איבער: די שוואַכקייטן, פוסט־גאַוודיקייטן פון זיין מיוחסדיקן פאָטער, צי די קלאָרקייט און אַנטשלאָסנקייט פון זיין גרייז־גרויען זיידן, וואָס ווערט נישט נתפעל און איז נישט געאײַלציק?... וואָס? וואָרעם ס׳איז דאָך אַ כּוח און אַ גלויבן אָן גורל: „געווען... ס׳וועט זיין"... און קיין שום אויפטו קאָן נישט גילטן. און וואָס איז די פעולה פון רייסן זיך צו וואַזשנע מדרגות?

בערס טראַכטונגען האָבן זיך געצויגן, ווי אויף אַ שנור פון באַשטימונג; ער האָט זיך געקלאַמערט אָן די שאַרפע ראַנדן פון גלויבן און אין אים האָט אויפגעלויכטן דער איבערצייג, „ס׳איז געווען"....

ר׳ נוחקע, אָנגעלענט אין שטול, האָט אַוודאי פאַר עלטערשוואַכקייט, באַלד געלאָזט הענגען זיין קאָפּ איבער דער ברוסט און געכאַפּט אַ דרעמל. בער האָט זיך איבערגעדרייט אויף אַ זייט און געשוויגן. ער האָט זיך איינגעהאָרכט אין דער שלווהדיקייט אַרום־זיך און צו דער שטילקייט, וואָס האָט פון פרי׳ער־אָן גענומען זיך אויסלייגן אין די דערבייַיקע חדרימלעך, וואו די איבעריקע לייט שלאָפן. און באַוועלטיקט פון דער נאַכטיקער שטילקייט, האָט ער, אין זיך, געבענטשט: „אין דער שטילקייט ווערט מען... דערהויבן"....

אַ לבנה, אַ פולע, אַ גלאַנציקע, איז אויפגעשוואומען און בער האָט זי דערזען דורך דער קליינער שויב. אים האָט זיך געדאַכט,

אַז זי שווימט נידעריק, איבער דער ערד, און, אַז זילבערנדיק די שנייִקע ווייסקייט, שמייכלט זי...

דער אַלטער ר׳ נוחקע האָט זיך פּלוצלונג אויפֿגעכאַפּט. ער האָט אַ צי געטאָן דעם אויסגעלאָשענעם ציבוק און זיך צעבייזערט:

— אַלץ ווייסן זיי! נאָר אַז מ׳דאַרף די פֿענסטער פֿאַרהענגען — דאָס פֿאַרגעסן זיי!

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון שטול, אויסגעזוכט אין אַ ווינקל אַ מין דעק און געפּרוווט פֿאַרהענגען ס׳פֿענסטער, וואָס אַקעגנאיבער בערס בעט. ס׳האָבן זיך אָבער נאָך אַלץ אַריינגעשניטן שמאָלע פּאַסן פּראָסטיקע ליכטיקייט.

דער אַלטער האָט זיך צוריקגעזעצט אין שטול. ער האָט אַרויסגעלייגט די ליולקע, אַריינגעשטעקט די הענט אין די אַרבל און מיט אַ זקנישער מידקייט זיך אַרויסגעכאַפּט:

— הנה לא ינום...

בער איז שוין געלעגן נאַזנדיק, די וויעס אויפֿגעריסן און געקוקט פֿאַר זיך.

— ולא יישן — האָט דער אַלטער ווייטער געצויגן.

* * *

— „הלוואי קומט שוין די ישועה! ווי דערלעבט מען שוין צו זען די ישועה מיט די אייגענע אויגן!“ — אַזוי האָבן טאָג־און־נאַכט געבעטן קריקעווער ייִדן און, מיט זיי אינאיינעם, ייִדן פֿון אַ סך גאַליצישע און בוקאָווינער שטעט און שטעטלעך, וואָס זיינען אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער רוסישער אָקופּאַציע. און אונטערן וואָרט „ישועה“ האָט מען באַדאַרפֿט פֿאַרשטיין די עסטרייכישע אַרמײ, וואָס זאָל צוריקקומען גיך און געשווינדט.

אָבער די דאָזיקע „ישועה“ האָט זיך צוריקגעצויגן און האַלט זיך־אויף אויף די קאַרפּאַטן־בערג. זי קומט נישט אויסלייזן פֿון קאַצאַפּישע ידיים!

— „אוי, אַ ישועה גיך און באַלד!“ — האָבן זיך קיר״הישע ייִדן

געוואונטשן און געסודעט, נאָכדעם ווי זיי זיינען אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן.

אָבער אין די סאַמע שווערסטע „גלות־טעג", אין די ערגסטע חדשים פון „עבדות", בלייבן יידן פאַרט יידן! ווינטש דיר היינט און בעט דיר אויס מאָרגן — צו פרנסה קומט עס נישט! און כל־זמן דעם מענטשנס אויגן זיינען אָפן — קאָכט דער מאָגן. ניין? האָבן יידן זיך טאַקע אַרומגעזען און אַ שיק־געטאָן די הענט צום מסחר.

און מעגלעכקייטן האָבן זיך טאַקע געוויזן גאָר וואַזשנע: אַזאַ גרויס, אַזאַ פעט רוסלאַנד שטייט אָפן און כאַטש טשערפּע אוצרות! האָבן קריקעווער יידן און יידן פון אַ גאַנצער געגנט זיך אַ לאָז געטאָן צום הוסיאַטינער גרענעץ־בריקל, וואָס איז געשטאַנען פראַנק־און־פריי, און זיינען אַריבער קיין רוסלאַנד. און בריהשע, רוסישע יידעלעך האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין טשיקאַוון קאַרדאָן־לאַנד און צעפירט זייערע הענט.

גאַנצע טראַנספּאָרטן צוקער, מעל, זאַלץ און גוטן קרימער טאַ־באַק האָט מען איבערגעפירט קיין גאַליציע, און פּוילע וועגענער מיט ווינער זיידנוואַרג, בעליצער שטאָפן און טשעכישע שוכוואַרגן האָבן די רירעוודיקע „פּאַנישע" סוחרים פאַרנומען אַהיים: קיין קאַ־מענעץ, קיין פּראָסקוראָוו, קיין אָדעס און אַפילו קיין קיעוו.

ס'איז אַוועק אַ מסחר, ווי גאָט האָט געבאָטן!

מ'האָט נאָך אַ רעד־געטאָן וועגן דער „ישועה", אָבער דער־ווייל זיינען יידן צו־זיך געקומען. מ'איז מושווה געוואָרן מיט זיך און מיטן „שונא". מ'האָט געכאַפּט דעם אָטעם, און זיך אַפילו אויפגעהערט שרעקן פאַר דער נאַגייקע, פאַרן צאַרישן קאָנטשיק. אין האַרצן איז מען שוין גאָר צופרידן געווען, וואָס די ישועה זוימט זיך. וואָרעם די „ישועה", אַז זי קומט אַריין, טוט זי אָן דאָס ביקסל און הייסט גיין פולווער־שמעקן.... איז דערווייל — אַ לויב צו השם־יתברך. הלוואי אויף ווייטער נישט ערגער! —

קריקעוו, וואָס ליגט נאָענט ביים זברוטש, איז גאָר אויפגעריכט געוואָרן. קריקעוו האָט ממש געזאָטן: פון רייכע, יידישע פּאָדריאַד־טשיקעס, וואָס זיינען אַריבערגעקומען, באַהאַנגענע אין טין־און־ גאָלד,

מיט געשוואָלענע טייסטערס און מיט אַ זאַטן, לעבעדיקן געלעכטער. פון בוקאָווינער פערד־סוחרים, וואָס זיינען געקומען אַזש פון טשער־נאָוויץ און פון ראַדעוויץ נאָך פּאָדאָליער פערד און כאַראַסטקאָווער פעלצן....

קריקעוו האָט געשפּעט! אַכסניות און שענקען האָבן געזאָטן פון אורחים; טרעגערס האָבן ממש נישט געהאַט קיין הענט אויף־און־אָפּצולאָדן; און קריקעווער פּאַרשייטע באַלעגאָלעס האָבן גע־זונגען „הללויהס" מיט אַ יום־טובדיקן נוסח, וואָרעם די גוטע באַנ־נעצן האָבן נישט גערינט פאַר ציווילן פּאַרקער און אַלץ איז גע־גאַנגען מיד פערד־און־וואָגן.

קריקעוו איז נישט געשלאָפן. אַז שוין יאָ ביים מאָסקוויטער אין גלות — זאָל מען כאָטש אָפּלעקן אַ ביינדל! אַז שוין יאָ חזיר־זאָל־זשע רינען איבער די ליפּן! איז טאַקע נישט געווען קיין שטוב, וואו מ׳זאָל זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. אייב נישט אויפן גרויסן אופן און כשרער האַנדל, — איז כאָטש קליין, בשתיקה און מיט „שאַריע"! „שאַריע" האָט געהייסן טרייפענער האַנדל: גישט קיין באַנדראָלירטער טאַבאַק, בראַנפן און טאַקע אַ גנבהלע אויך. יידן זיינען דאָך עפּעס בני־רחמנים — טאָ ווי־זשע קויפט מען עס נישט אָפּ, ווי אַזוי לייזט מען נישט אויס פון סאָלדאַטישע, רוצחישע הענט אַ היימישן חנוכה־לאָמפּ, אַ שבת־מנורה, אַ קידוש־בעכער, אַ גילדענעם זייגער? ווי אַזוי נעמט מען עס טאַקע נישט צו ביי אַ קאָזאַק אַ פּאָר גוטע שטיוול פאַר אַ האַלבן קאַרב, אַ מאַנטל פאַר צוויי האַרטע גילדן און שטיקער קאַרבאָלירטע געוואַנט פאַר אַ גלעזל י״ש?! יידן האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ מצווה־גדולה און סאָלדאַטן האָבן זיך דערוויילע געקוויקט מיטן ביטערן טראָפּן, אַ ביסל „וואָדקאַ". אַי, צוליב דער משקה האָט מען דערנאָך שלעכט אָפּגעשניטן, אָבער — ווי זאָגט מען עס? — פאַר דער האַנט...

בראַנפן האָט נישט געטאָרט געדאַכט ווערן. וואָרעם „וואָדקאַ" — האָבן די רוסישע איבערהאַרן אויסגעפינען — ווירקט שעדלעך אויף די „רעביאַטעס", אויף די סאָלדאַטלעכס קעפּ. זיי ווערן ווילד און הוליען, שפּייען אויף דער דיסציפּלין און אויף דער גאַנצער מלחמה — נאַפּליעוואַט!

האָט מען אײַנגעשטעלט אַלע גראַלניעס, אַלע פֿאַבריקן פֿון שאַרפֿע משקאות, אין די אײַנגענומענע, גאַליצישע שטעט, און אויסגעגאָסן גאַנצע פּראָפּינאַציע־קעלערן אין די רינשטאָקן אַרײַן און טײַכן.

די ערשטע װאָכן האָט גאַנץ קראָקע געשטונקען פֿון בראָנפֿן. פֿייערים האָבן געשעפּט מיט עמערס פֿון די בלאָטעס און סאָלדאַטן, קלײנע מפֿינקים, האָבן געטשערפּעט מיט זײערע קעסעלעך און לעפֿלען. קראָקעװער שװאַרצע קאַבאַנעס, חזירים, זײנען געפֿאַלן פֿון די פֿיס, ציגן און צאַפּעס האָבן געשטויסן און די עופֿות האָבן די קעפּלעך פֿאַרװאָרפֿן אויף די באַנטעס...

— טשאַ' מאָזשנאָ.... װאַסער — מאָזשנאָ, אָבער בראָנפֿן — באָזשע סאָכראַני! גאָט זאָל שומר און מציל זײַן — האָט געטענהט נאַטשאַלסטװע.

און אַלײן, נאַטשאַלסטװאָ, האָט געלעכצט נאָך אַ ביסל משקה; געמאַכט מיט די ליפּן און געצאָלט „אין־טאָג־אַרײַן" פֿאַר אַ פֿלעשעלע דאַלמאַטינער דרײַ־שטערן־קאָניאַק און פֿאַר אַ הײמיש, סקאַלער קװאַטירל פּאָלין־בראַנפֿן.

— „פֿאַר בראַנפֿן פֿאַרקױפֿן, באַקומט מען דרײַ חדשים תּפֿיסה, פֿופֿציק שמיץ, אָדער דרײַ טױזנט קאַרבן!"

אָבער ייִדן בלײַבן ייִדן, און פּרנסה, זאָגן זײ, איז געגליכן צו קריעת־ים־סוף און אין אַן עת־צרה מעג מען עובֿר־זײַן אויף אַ לאָװ. מ'האָט אויסגעגראָבן פֿון די קעלערן די באַהאַלטענע בריקעלעך און בוטליעס און זיך דערװאַרעמט. און אַז דאָס אמתע ביסעלע, אױג־שבֿאױג, האָט זיך אויסגעלאָזט, האָט מען אויך נישט אויפֿגעגעבן ס'עסק....

ס'זיצט, גאָט־צו־דאַנקען, אויפֿן קאַרק אַ קאָפּ און דער קאָפּ אַרבעט, שפּילט; געפֿינט אויס המצאות, פֿאָרטלען. צװישן ייִדן קאָן אָבער קײן סוד נישט באַגראָבן װערן. האָט אײן קראָקעװער ייִד, אַן אַמאָליקער בראַנפֿן־ברענער, אויסגעפֿונען אַ מין־סאַמאָװאַרל מיט אײן קומענדל, װאָס קאָכט אויס בראַנפֿן, אַזױ גוט װי אין די גרױסע, קופּערנע גראַלניע־קעסלען, האָט אַ צװײטער ייִד, גאָר אַ געװעזענער פּראָצענטניק, אַ חקרן, אויסגעפֿונען אַ סאַמאָװאַרל, דװקא מיט

צווי קוימענדלעך און געקאָכט דעם אמתן שבאמתן ספּירט. ס'איז געוואָרן לעבעדיק. איינע האָבן געברענט, די צווייטע געמעקלערט און דער דריטער — פאַר לויטער גוט-פריינטשאַפט און הנאה — צוגעטראָגן צום „קנעפּל". איז נאָך לעבעדיקער געוואָרן: חקירה-ודרישות, זוכענישן און טרעוואָגעס! סטראַזשניקעס האָבן גענישטערט און פאַרטיילט מיט דער ברייטער האַנט: ברכות אין דער מאַמען און עלטער-באַבען, שמיץ מיט דער נאַגייקע און געזיכערטע קעסט אין טורמע.

יידן וועלן אָבער אַלײן בלייבן יידן. די אמונה פאַרלירן זיי נישט. ס'זיצט אַ גרויסער גאָט אין הימל און ער וועט זיך דערבאַרעמען; ער וועט זיך סוף-כל-סוף מרחם זיין און צושיקן די גיכע „ישועה"…. — — —

אָבער די „ישועה" איז געגאַנגען הינטערוויילעכץ און צוריקוועגס. מ'האָט גאָרנישט געקאָנט באַשטימען, וואו די אייגנטלעכע גרענעץ איז. פון אַריבערגעשמוגלטע, אַלט-געבאַקענע דייטשע צייטונגען האָט מען גאָר אויסגעפונען, אַז די צאַרישע חיילות זיינען שוין העט-העט, אַריבערגעוואָרפן צוריק איבער דער אַלטער גרענעץ; די רוסישע קריגס-באַריכטן, ווידער, האָבן געטרומייטערט, אַז די מוטיקע „קינדערלעך" שטורעמען די עסטרייכישע פּאָזיציעס, אויפן הויכן באַרג „קירלאַ-באַבאַ" פון איין זייט, און פון דער צווייטער — זיינען זיי שוין פאַר די טויערן פון קראָקע! היינט-מאָרגן און — באַץ! — נישט איין בערדיקער קאַצאַפּ האָט געחלומט, ווי ער שפּאַנט דאָס שוין איבער די גאַסן פון דער שיינער שטאָט ווין, ווי ער שטעקט דאָס אויף די צאַרישע פאָן אויף דעם ווינער ראָטהויז און קייזערלעכן פּאַלאַץ; ווי ער כאַפּט דעם אַלטן תרח פראַנץ-יוזעף, אינאיינעם מיט זיין קלוגן גענעראַל העצענדאָרף, מיט אַלע שיינע פּרינצעסינס און קעבס-ווייבער און טרייבט זיי, מיט דער בייטש, אין געפאַנגענשאַפט; ווי ער פירט זיי קיין סיביר און קאָרמעט זיי מיט פאַרשימלטער קאַשע... — —

עך! סאָלאָווי, סאָלאָווי, פּטאַשיטשקאַ,
קאַנאַרעיושקאַ זשאַלאָבנאַ פּאָיאָט!
ראַז! — דוואַ!
וואָינאַ ניע ביעדאַ! — — —

דערווײַלע פּלײַצן גאַנצע מחנות אין די הונדערטער טויזנטער. זיי קומען פון דער גרענעץ און אויפן קריקעווער שייד-וועג טיילן זיי זיך: אַ העלפט פאַרנעמט זיך אין צפון-זייט, כּדי אָנצוקומען צו דער אַרומגערינגלטער פעסטונג פּשעמישל, וואָס גיט זיך נישט אונטער, און אַ צווייטע העלפט לאָזט זיך צו דרום, צום טײַך פּרוט. צו קאַרפּאַטן-רוסלאַנד.

זיי שטראָמען גאַנצע טעג. פאָלקן פּוס-גייער אַזש פון ווייטן סיביר, פון זאַבאַיקאַלער געגנטן, דאָנער קאָזאַקן, מיט רויטע לאַמפּאַסן בײַ די הויזן און פלאָכטן האָר פון אונטער די „פּוראַזשקעס", וואָס רײַטן אויף געזונטע פערד, און רײַטנדיק, שטעקן זיי אָן אויף זייערע גלאַנציקע שפּיזן אַן אויסגעכאַפּטע בולקע, אַ פּאַס זייף פון אַ קרעמל-טישל, אָדער גאָר אַ שטריימל פון אַ בערדיקן ייִדנס קאָפּ. ס'שיטן זיך, אויף נידעריקע, ביסטרע פערדלעך, טשערקעסן, קרימער און קאַווקאַזער טאָטערן, אין גרויסע פוטערנע פּאַפּאַכעס אויף די קעפּ און פעלן אויף די אַקסלען. זיי שפּילן מאָנאָטאָנע, אָריענטאַלער לידלעך אויף פּייפעלעך און פּייקלעך, און גלאָנצן מיט זייערע קליינע אייגעלעך, ווי קליינע, ווילדע מדבר-קעץ.... — —

אַז אַזאַ ביסל אורחים שטעלט זיך אָפּ אויף נאַכטלעגער, ווערט פּריילעך אין קריקעוו. מיידלעך פאַרקריכן זיך אין די קעלערן, פאַרשטופּן זיך אונטער די בעטן, און ייִדן שטעקן-אָפּ די אַפּותּיקאָס.

מ'קנייפּט זיך אין די באַקן, מ'מאַכט אָן ילָלות און.... מ'קומט איבער. סוף-כּל-סוף ווערט שיטערער און לויזער! פון הינטן שלעפּן זיך נאָך פורלעך — אָבאָזן — אָבער דאָס זיינען שוין אָפּט עלטערע, מיושבֿע קאַצאַפּעס, און גאָר אַ סך פון אַחינו-בני-ישׂראל: ליטוואַקעס! — —

דאַן ווערט קריקעוו צוריק אַ שטעטל, דער „נאַטשאַלניק אויעזדאַ" צוריק צאַר און דודל בענקערט — שני-למלך...

---

גאָר אַ וואַזשנע ראָל שפּילט דודל בענקערט אין קריקעוו!

ס'לאָזט זיך נישט אַזוי גרינטלעך אָנגעבן זיין שטאַם און יחוס. אָבער אַ פּאָר איינצלהייטן וועגן אים זיינען יאָ באַקענט. דודל בענקערט, אָדער ווי ער רופט זיך אַליין: דודאַלע, האָט אין איינעם פון

די פאַר=מלחמה=יאָרן געגנבעט די רוסישע גרענעץ, און געקומען אָנטאָן כבוד אין אַ פּאָר גאַליצישע שטעט. צוערשט איז ער געווען אין טאַרנאָפּאָל אַ באַהעלפער ביי אַ דרדקי=מלמד, דערנאָך אַ מצה=רעדלער ביי אַ כאָראָסטקאָווער בעקערין, און ערב=מלחמה זיך צוריק פאַרוואַלגערט אין גרענעץ=שטעטל הוסיאַטין, וואו ער האָט פאַרנומען די שטעל פון אַן אויוון=אויפגיסער אין מרחץ...

גאָר אַ סך מעשיות וויסן הוסיאַטינער לייט צו דערציילן וועגן דעם דאָזיקן דודאַלע, אָבער זיינע חידושלעכע איינפאַלן ווייזט ער ערשט אַרויס אין קריקעוו. אַהער איז ער אָנגעקומען גלייך מיט אַלע הוסיאַטינער אַנטלאָפענע, און גלייך מיט אַלע זיך געוואַלגערט אין פרעמדע שטיבער, שטאַלן און שייערס. אָבער ווייניקער פון אַלע — האָט ער געגעסן ברויט צו זעט און נאָך ווייניקער מאָל — — געביטן ס׳העמד אויפן לייב...

— „ווען נישט די ברייטע שמעון=וואָלוועכע וואָלט איך, דודאַלע קייזער, שוין לאַנג געווען אָנגעשפּאַרט ביי אַייער קרומען יחיאל באַגרעבער!... ווען נישט די שמעון=וואָלוועכע פון דער אַכסניה, וואָס האָט מיר יעדן טאָג געגעבן אַ ביסל זופּ און אַמאָל אַ פּאָר תחתונים אויך...“ — פלעגט ער זיך מיט שטאָלץ דערמאָנען און באַרימען, דעמאָלט ווען ער האָט שוין געקנאַקט מיט אַ נאַגייקע, געטראָגן אַ ווייסע קוטשמע אויף זיין געלאָקטן, שוואַרצן קאָפּ און פון זיין גרויען, אָפיצירסקן מאַנטל האָבן געגלאַנצט גרויסע זילבער=קנעפּ....

— „ווען נישט די שמעון=וואָלוועכע, וואָס האָט מיך געלאָזט איבערנעכטיקן אין איר אַיינפאָר=הויז, וואָלט איך, דודאַלע, נישט געוועזן אַצונד דאָס, וואָס איך בין — קייזער=אימפּעראַטאָר איבער אַייך, קיר״השע יידעלעך, שפּיאָנען, באַנדיטן, אין אַייער מאַמעס=מאַמעס=מאַמעס אַריין! שטייט סמירנאָ, פאַרכעס, ווען אַייער אימפּעראַטאָר רעדט!“ —

דאָס פלעגן זיין זיינע חכמהלעך, אָפּטע אָנצוהערענישן, צו וואָס ער פלעגט נאָך צוגעבן אַ ווונק מיט זיינע אַיינגעגראָבענע, כיטרע אייגעלעך...

די געשיכטע פון זיין אויפקום איז נישט קיין לאַנגע. בערך אַזוי: נעכטיקנדיק איינמאָל אין אַ איינפאָר־הויז ביי שמעון־וואָלוון (דער מיט דער מעשענער פּאָרד), האָט ער אינמיטן דער נאַכט פּאַרנומען אַ שטאַרקן פּראַל אין טויער. באַלד האָט ער דערהערט, ווי אַ מענטש רעדט צו זיך אַליין, זידלט סתּם אין דער וועלט אַריין און זינגט זיך אונטער. בטבע נישט קיין פּחדן, האָט דודל אָנגעצונדן אַ ליכט, אויפגעריגלט דעם טויער און דאָ — ער אַליין, יעוואָ וויסאָקאָראָדיע, דער נאַטשאַלניק איעודאַ, טימאָפּיי איוואַנאָוויטש קאַסטראָוו, אַן איינגעריכטער פון קאָפּ ביז צו די קנעכלעך, וואַקלט זיך און סליונעט. דודאַלע האָט תּיכּף אויפגעוועקט די שמעון־וואָלוועוועכע און ס'איז אַוועק אַן אַרבעט אַרום דעם „וואַשע וויסאָקאָראָדיע“. די שמעון־וואָלוועכע האָט אויפגעשלאָסן אַ באַזונדער גאַסט־צימער און דודאַלע האָט דאָרטן באַווישט און באַוואַשן דעם אָדון. אַז דער נאַטשאַלניק איז צו־זיך געקומען, האָט דער יונג גענומען אונטערפּירנס און אים באַגלייט צום גראַפּס פּאַלאַץ, וואו „יעוואָ וויסאָקאָראָדיע“ האָט געוואוינט. אונטערוועגס האָט ער נאָך פּאַרזאָרגט אַ שיינע ביישלעפערין, כּדי דעם אָדון זאָל פריילעכער ווערן אויפן האַרץ.... אָט אַזוי, בערך....

פון דער דאָזיקער נאַכט אָן דאַטירט זיך דודלס פריינטשאַפט און גוטע קענטשאַפט מיט טימאָפּיי איוואַנאָוויטש קאַסטראָוו.

שוין אויפן צווייטן טאָג, נאָך דער באַגעגעניש, איז דודל געזעסן ביים נאַטשאַלניק אין קאַבינעט און געטענהט:

— וואַשע וויסאָקאָראָדיע! איך, דודאַלע, האָב אַ פּאָר גוטע אויגן און געזונטע הענט... איך, דודאַלע, האָב גוטע אויערן און אַ מוח... כ'פאַרשטיי אַן עסק... קאַניעטשנאָ! וואַשע וויסאָקאָראָדיע דאַרף אַוודאי אַזוינעם, ווי איך, זייער נייטיק... אי קוקן... אי הערן... און אַז מ'וועט דאַרפן האַלטן ס'מויל — וועל איך אויך באַווייזן! איז — אויב דו, וואַשע וויסאָקאָראָדיע, ווילסט, כ'זאָל זיך אויסבייטן ביי דיר — טאָ נעם מיך אין דיינע דינסטן. — —

דודאַלע האָט נאָך געדענקט אַ ביסל רוסיש פון אַמאָל, און אַצינד זיך באַמיט צו גלאַנצן מיט ריינע דיבורים.

טימאָפּיי איוואַנאָוויטש, אַ געוועזענער קליינשטעטלדיקער פּרי־סטאַוו, וואָס האָט פאַרשטאַנען אַן עסק, האָט אויפגעריסן זיינע קע־צישע אויגן, אָפּגעמאָסטן דודלען פון שפּיץ־קאָפּ ביז צו די צע־ריסענע שיך, און אַ קורצן זאָג געטאָן:

— אָבער היטן מוזטו זיך, אין דיין מאַמען אַריין.

אָפּגעזאָגט דעם פּסוק, האָט זיך דער נאַטשאַלניק אויפגע־הויבן פון זיין שטול, אַ קלאַפּ געטאָן דעם יונג אין פּלייצע און אי־בערגעפרעגט:

— איז ווי אַזוי־זשע רופט מען דיך?

— דאַוויד מאָיסעיעוויטש מעדניק, וואַשע וויסאָקאָראָדיע!

— מאָלאָדיעץ! — האָט דער נאַטשאַלניק געשמייכלט פאַר גרויס הנאה.

ער האָט זיך צוריקגעזעצט אין שטול, אויסגעגלעט זיינע בלאָנ־דע וואָנסן, און צומאַכנדיק איינס פון זיינע קעצישע אויגן, קאַלט־בלוטיק געגומען ציען די ווערטער:

— דאַוויד מאָיסעיעוויטש מעדניק... וואָס־זשע וועסטו זאָגן, גאָספּאָדין מעדניק, אַז איך וועל דיך גאָר תּיכּף הייסן שמידן אין קייטן, און שיקן עטאַפּאָם אַהין, וואו דו געהערסט? מי זנאַיעם!... מיר וויסן, ברודערל, אַ דעזערטירל.... דאַ! אָט וואָס דו ביסט!

שייך זאָגן... דודל בענקערט איז נבהל געוואָרן. זיין שוואַרץ, גלאַנצנדיק פּנים איז געוואָרן ווייס, ווי אַ גוט־געקאַלכטע וואַנט. זיין תּשובה איז נישט געקומען אַזוי זיכער, ווי פריער, אָבער אינגאַנצן פאַרשיט האָט ער זיך דאָך נישט.

— וואַשע וויסאָקאָראָדיע! — האָט ער זיך אויפגעשטעלט אויף די שפּיץ־פינגער, ווי אַ סטרונקע — איך, דודאַלע, בין טאַקע אַן אַמאָליקער רוסישער פּאָדאַני, אָבער נישט קיין דעזערטיר! איך, אַז כ'וועל דאַרפן טראָגן בראַסלעטן אויף די הענט און גיין קיין סיביר, וועל איך גיין... אָבער, וואַשע וויסאָקאָראָדיע, כ'וועל שווייגן! געזען, געהערט און — ניטשעוואָ! און איצט — דיין ווילן, האַר!

טימאָפּיי איוואַנאָוויטש האָט ווידער אויסגעצויגן זיינע וואָנסן, אויפגעעפנט דאָס קעצישע אויגל און זיך צעשמייכלט:

— וואָט! טאַקע אַ מאָלאָדיעץ! מירן ביידע שווייגן, דאַוויד! —

דאַן זיינען די צוויי לייט זיך נאָך לאַנג פאַרזעסן אין קאַבינעט, שמועסנדיק וועגן פאַרשיידענע כלל־ענינים, בפרט וועגן היימישע, שטאָטישע אָנגעלעגנהייטן.

אַז דודאַלע איז שפּעטער אַראָפּ אין גאַס, האָט ער נישט געוואוסט, וואוהין פריער צו גיין: צי נאָך אַ זאַטן מאָלצייט טאַקע צו זיין ברייטער שמעון־וואָלוועכען, צי צו אַ שוסטער, קודם־כל אַ פּאָר נייע שטיוול אַרויפצוציען אויף די פּיס. אַ גאַנצער רויטער צען־רובלדיקער האָט אים געוואַרעמט אין קעשענע. —

טאַקע די זעלביקע נאַכט, נאָכן געשפּרעך מיטן נאַטשאַלניק, האָט דודל בענקערט געהאַט אַ בעסער געלעגער, אַ ריין העמד, און אויף צו־מאָרגנס האָט ער אַרומגעשפּאַצירט אין אַ פּאָר נייע שטיוול, מיט סקריפּ, און געקוקט, צי מען זעט אים און מ׳הערט אים שוין....

און — ויאנחו! קריקעוו האָט אָנגעהויבן זיפצן און קרעכצן. אין אָנהויב האָט מען נישט געוואוסט פונוואַנען און ווי־אַרום: אַלע געהיימע באַהעלטענישן זיינען אויפגעדעקט געוואָרן. יידן האָבן אָפּטער געצאָלט קאָנטראַבאַנדן, אַריינגעכאַפּט שמיץ און געגאַנגען רוען אין תפיסה. אָבער די דאָזיקע, וואָס האָבן געזוכט עצות און הילף, האָבן גיך געפונען: טאַקע דער זעלביקער דודאַלע בענקערט איז געוואָרן דער מליץ־יושר....

יידן האָבן פאַר אים געציטערט, זיך געבויגט, און גויים האָבן זיך געבויגן ביז די גאַרטלען. נאָר אַ רעטעניש איז עס געווען מיט דעם דודאַלע בענקערט: צענדליקער יידן זיינען צוליב אים פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, ס׳גאַנצע שטעטל האָט זיך אָנגעצאָלט „כאַבאַרן״ און... דאָך האָט זיך אים ס׳חיות אויסגעלאָזט נאָך אַ יידן. ס׳האָט געקאָנט טרעפן, אַז הערנדיק בלויז אַ רמז וועגן אַן אָרעמען חולה, ער זאָל אַריין, ווי אַ ווינט, און איבערלאָזן אַ טייסטערל אויפן טיש. און נישט איין יידיש מיידל האָט ער אָפּגעראַטעוועט פון סאָלדאַטסקע הענט און געוואַכט, ס׳זאָל אַ יידישער טאָכטער קיין בייז נישט געשען...

— „אַ יידישע טאָכטער דאַרף זיין ריין און שפּיגלדיק. דאַרף זיין שטיל, ווי אַ טייבעלע. טאַק, גאָלובושקאַ! — פלעגט ער זיך

פאַרדבהקען און פאַרגלייזן די אויגן — אַזוי ווי אַ מלאך.... אַנגעל ניעבעסני...״

אָבער זיין גרעסטע שוואַכקייט איז געווען, זיך איינצופּינען פאַר עלטערע לייט. און מער פון אַלע קריקעווער שיינע זקנים, האָט ער ליב געהאַט דעם אַלטן ר׳ נוחקען. גאָר אָפט פלעגט ער גאַנץ פריי וואַרטן אינדרויסן, פאַר דעם פויערישן שטיבל, כדי צו זען דעם אַלטן, בשעת ער גייט דאַוונען, און אים „גוט־מאָרגן״ ביטן.

נאָר געהויכט און געקרוינט זיינען די פרידמאַנס ערשט גע־וואָרן, נאָכדעם ווי אים, דודאַלע בענקערט, האָט זיך פאַרגלוסט, אין איין שבת, פּראַווען אַ יאָרצייט נאָך זיין טאַטן.

דעמאָלט איז ער בכיוון אַוועק דאַוונען אין דער „טשאַרטקאָ־ווער״ קלויז און איז די גאַנצע צייט געזעסן אין מזרח, לעבן ר׳ נוחקען. דער אַלטער האָט געהייסן אים מכבד זיין מיט מפטיר, נאָכן דאַוונען מיט אים געטרונקען תּיקון און אפילו צוגערופן ר׳ הירש־לען. דאָס איז שוין געווען געוויס, אַז דודאַלע זאָל אייך ליב באַקו־מען דעם שטאָלצן יורד, ר׳ הירשלען, און אים פאַרשרייבן אין צעטל פון זיינע ידידים...

פון דעם שבת אָן האָט ער אָפּטער אָפּגעשטעלט די פריד־מאַנישע לייט און זיך נאָכגעפרעגט וועגן זייער געזונט. נאָר יענע שוועל אַריבערצוטרעטן האָט ער נאָך אַלץ קיין העזה נישט גע־האַט. ר׳ הירשלס ברוינע מאַנדל־אויגן, זיין אָפּגעריסענער ברוס האָבן אים עפּעס באַאומרויִקט. פאַרן אַלטן ר׳ נוחקען, ווידער, פלעגט ער שטיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און אינמיטן גאַס זיך מתוודה זיין:

— „איך ווייס, ר׳ נוחקע.... איך פאַרשיק יידן קיין סיביר... איז וואָס־זשע זאָל איך טאָן? און אַז איך האָב זיי אַלע פיינט, מיט זייערע ווייבער און קינדער! אָבער איר, ר׳ נוחקע... זעט איר, פאַר אייך וואָלט איך.... אַלץ!״

איז אָבער געווען געוויס, דער אַלטער זאָל אים אַ זאָג טאָן: „יידן זיינען אַלע גלייך: יידן! און דו, דודל, אויך אַזוי״, ער, דו־דאַלע, זאָל זוכן דעם אַלטנס האַנט און זי כאַפּן קושן:

— אַלע גלייך, ר׳ נוחקע... יעי באָגו!

אָבער די הכנעה פאַרן אַלטן האָט גאָרנישט געשמערט, ער זאָל טאַקע אַ האַלבע שעה שפּעטער ווידער אַריין אין אַ שטוב אַריין, אויסקנאַקן מיט דער נאַגייקע און אָנאַרבעטן אַ חורבן: „אויסקוילענען! ריעזאַט! אַלעמען, יידעלעך פאַרשאָלטענע! פּראָקליאַטי!“

— — — — — — — —

— — — — — — — —

בער איז אַראָפּ פון בעט. ס׳איז געווען אין די ערשטע ערב=פרילינג=טעג פון יאָר 1915. די צאַרישע אַרמיי האָט דעמאָלט, מיט פאַרשטאַרקטע כוחות, אַ שטורעם=געטאָן אויף דער אויסגעהונגערטער פעסטונג פּשעמישל און יעדן טאָג האָט מען דערוואַרט די מפּלה פון די אויסגעהונגערטע עסטרייכישע חיילות. קריקעווער יידן האָבן, אין דער שטיל, גרויס עגמת=נפש געהאַט. זייער לעצטער „שטאָליץ“...

נאָר איינציק ביי די פרידמאַנס, אין די ווייסע שטובן, האָט מען נישט דערמאָנט די געשעענישן און נישט מרמז=געווען אויף דעם, וואָס ס׳וועט זיך מסתּמא באַלד לאָזן הערן...

בער האָט זיך, אַגב, יאָ אינטערעסירט מיט די מלחמה=געשעענישן, אָבער דער לעצטער בראָך, אַלס עסטרייכישער, האָט אים גאָרנישט באַרירט. פאַר אים איז בלויז געגוג געווען וויסנדיק, אַז פופציקער טויזנטער צאַרישע סאָלדאַטן האָבן געפונען ז״ער „אייביקע רו“ ביי דער פעסטונג, און אַז אַן אַרמיי פון איבער הונדערט טויזנט עסטרייכישע מענטשן אַרומגערינגלטע, הונגערן חדשים=לאַנג... פאַר אים איז געגוג געווען צו וויסן, אַז ס׳עקסיסטירט אַזאַ מין „אומגעזעענער, העכערער“ כוח און אַזאַ פילבאַרער באַפעל, וואָס טרייבט זאַבאַקאַלער פויערים, דאָנער קאָזאַקן און קאַווקאַזער טאָטערן אויסשטרעקן די העלזער, פאַרוואַרפן מיט די קעפּ, ביי די טויערן פון אַ גאַליצישער פעסטונג. און ס׳איז פאַר אים גאַנץ געגוג געווען וויסנדיק, אַז אַזאַ זעלביקער „כוח“ האַלט אויף ביים חיות הונדערט טויזנט אויסגעמאָרעטע, פאַרלייזיקטע טיראָלער געבערג=שוואַבן, אוקראַינער הוצולן און ברוינע באָסניאַקעס, וואָס ליגן איינגעגראָבן אין די פאַרפאַנצערטע „פאָרטן“ און האָלען מיט פייער אויף די פרעמדע באַלאַגערער....

ווער וועמען ס'וועט בייקומען איז אים קיין חילוק נישט געוועזן. ער האָט, אין דער צייט, פאַרגעסן דעם אונטערשייד פון „זיי" און „מיר"

— „מעגלעך — האָט ער נאָר געטראַכט — אַז מענטשן דאַרפן אויסציען זייערע קלאָען, אויסגיין פון דאָרשט, אויב זיי האָבן דערפון אַזאַ הנאה און טוען דאָס נאָך זינגענדיק און שפּילנדיק. מיט פּויקן און טאַצן"....

ער האָט נאָר געוואָלט טרעפן, ווי לאַנג, למשל, אַזאַ זינגענדיקער פייער-ספּעקטאַקל קאָן אָנהאַלטן.... ער האָט זיך געפילט געבונדן צום אָרט, געצוואונגען צו קוקן ביזן לעצטן סוף, ביזן אויסקלאַנג, און צו זיין אַ שטומער, זייטיקער עדות....

דערזעלבער בערעניו, וואָס האָט ביז צו זיין קרענק זיך צוגעהערט, אָפּגעגעבן צו זיין יונג-יינגלערישן אומעט און זיך געלאָזט טרייבן פון דעם אומרו, דער זעלביקער בער פרידמאַן האָט אַצונד דערפילט אַ האַרטע הויט אויף זיך, אַ זיכערן שמייכל פאַר יעדן גרויל.... — — —

ער האָט זיך געווערט קעגן יעדער ווייכקייט און הכנעה. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם טאָג, ווען לוסי פרידמאַן האָט אים באַזוכט, און זיך נישט געקאָנט מוחל זיין, הלמאַי ער האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ לויכטנדיקע פרייד צוליב איר קומען....

— „אומרייפקייט — האָט ער געטראַכט — שטות!"

ער האָט זיך באַמיט צו פאַריאָגן יעדן סענטימענט און אויסצופילן די לעכער מיט זאַכן מער רירעוודיקערע. אַמאָל האָט עס אים אַפילו יאָ אַ טרייב-געטאָן אַרויסצולויפן פון שטוב, דווקא זיך צו פאַרקירעווען צום געסל, וואו דער פאַן גראָם וואוינט, וואו לוסי וואוינט, אָבער באַלד האָט ער זיך דערמאָנט אָן העלדישן „דאָקטאָר" וויינשלס חכמות, אָן מאָריץ לעקישן מיטן שטייפן קאָלנער, אָן זיין הירזשענדיקן געלעכטער, און אים איז זויער געוואָרן צווישן די ציין.

די אויסניכטערונג האָט זיך אָנגעהויבן אָן אָנגעהאַלטן. דערצו איז נאָך אַנטקעגנגעקומען אַ באַשעפטיקונג, וואָס האָט אים פאַרנומען און פאַרכאַפּט.

ר׳ הירשלס מסחרים זיינען אַוועק גאַנץ גוט. ער האָט גע־קויפט צוקער אין רוסלאַנד און אַליין צוגעשטעלט די סחורה, אַזש קיין סטרי, דראָהאָביטש, אין די מקומות נאָענטע צום פראָנט, אויס־געלײדיקטע און אויסגעהונגערטע. די רווחים זיינען געווען היבשע און ר׳ הירשל פלעגט צוריקקומען, נאָך יעדער נסיעה, אַ צופרי־דענער, הגם זייער אָפּט אַן אויסגעווייקטער און פאַרקילטער; מיט אַ ניסטעלע און הוסטעלע...

אין די אָוונטן, נאָך אַזאַ געלונגענער נסיעה, איז ר׳ הירשל רעדעוודיק און חוזקט אַפילו, אויפן חשבון פון די עסטרייכער.

— זעלנערלעך!... אין שמאַטעס אָרום די פיס!... און די אָפיצירלעך... אויסגעפּאָמאַדירטע!... גיב זיי ווײַן... ווײַבער... און דער גוטער קייזער... מאַריך־ימים... טיפּשים! קוקט אָן אונזער פאָניעס! גע־זונטע שטיוול, געזונט ברויט און וואַרעמע פעלצן! נאַראָנים, זיי וועלן דאָך פאַרקריכן אַזש קיין פּעשט! זיי זיינען דאָך שוין... אין קימפּאָ־לונג! טיפּשים! וואַרטן אויף דער „ישועה״!

ר׳ הירשל איז רעדעוודיק געוואָרן. אינגאַנצן אַן אַנדערער גע־וואָרן. ער האָט גערעדט וועגן פאַרלאָזן די כאַטע, אין וועלכער ער האָט ערשט נישט לאַנג געוואָלט אויסגיין אַ שווייגעדיקער, אַ נישט־באַמערקטער, אינאיינעם מיט זיין אַמאָליקער גרייס און מיט זיין מגזע־הרבנישן ברום. ער האָט שוין גערעדט וועגן איבערנעמען אַ פריציש הויז און וועגן נייע שטוב־כלים, וואָס זיינען מרחיב דעם מענטשנס דעת...

די אַלטע באַבע מאַטל האָט זיך נישט געקאָנט געזעגענען מיט אירע שטילע תּרעומותן און ר׳ הירשל האָט געשפּאַסט:

— שוויגער, איר וועט אַרויסנעמען אײַערע פּערל פון קניפּל און איבערזען מ׳שטערנטיכל! — —

בער האָט אָנגעהויבן מקנא צו זיין זיין פאָטער. ער האָט גע־זען דעם שינוי פון אַ מענטשן, און אים געזוכט אין די שפּיגעלעך פון פאָטערס ברוינע מאַנדל־אויגן און אין דער באָרד אַפילו, וואָס איז געווען פיין צוגעקעמט און לעבעדיקער געוואָרן, צוליב די פרי־שע, גרויע פּעדים. ער האָט מקנא געווען דעם פאָטער, הלמאי

ער האָט געוואָלט אַ שפּיל טאָן מיט זיין יונגער קראַפט, זיך צו־רירן און אָנשטויסן אָן דער וואָר. אָבער איידער ער האָט זיך נאָך באַמיט עפּעס צו געפינען, איז אים גאָר אויסגעקומען צו זיצן אויף אַ הויכן באַלאָדענעם וואָגן. — — — — —

— — — — — — — —

ס'איז געווען אין איינער פון די נאָך־פּסח־וואָכן. די עסטרייַ־כער האָבן זיך גאָר פּלוצלונג אויפגעכאַפּט און, אומגעריכטערהייט, אַ שטורם געטאָן אויפן דרום־מערבדיקן פראָנט. אין משך פון עטלעכע טעג האָבן זיי צוריקגעוואונען אַלע שטעט, ביז דער פּשעמישלער פעסטונג. אויך אין דרום־מזרח־זייט, אויף דער גאָרליץ־קראָלאַ־באַבאַ־ליניע, זיינען די מפּלות פון די צאַרישע פאָלקן געוואַקסן מיט יעדן טאָג. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלהדיק אַנטלויפן. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און אויך די פאַרלוירענע פעסטונג פּשעמישל איז צוריק אָפּגעשלאָגן געוואָרן, מיט דער הילף פון די „דייטשע בראַווע מענער".

מיטאַמאָל און ווי אַוועקגעכישופט — האָט זיך אָפּגעטאָן די גרויסע שמחה: צאַר ניקאָלאַי דער צווייטער, וואָס האָט, נאָך זיין האָפּערדיקן, גרויסן טריומף־צוג צו דער געפאַלענער פעסטונג, זיך אויפגעהאַלטן אין דער שיינער שטאָט לעמבערג, איז פון דער פּלוצ־לונגדיקער איבערקערעניש צעטומלט געוואָרן און אינדערגיך אַנט־לאָפן פון אַיינגענומענעם לענדל.

די איבערהאַרן און גרויסע צאַרישע גענעראַלן האָבן, לכתחילה, נישט געוואוסט קיין עצה, אָבער זייער אַלטע געניטקייט האָט זיי באַלד אַרויסגעהאָלפן צו געפינען די אמתע סיבה פון זייערע אומ־גליקן און מפּלות:

— „יעווריי וינאָוואַטי: די יידן זיינען שולדיק! זיי האָבן דאָס געהיימע טעלעפאָנען צו די דייטשן! זיי, די שפּיאָנען, זיינען שולדיק!"

ס'האָט אַ האָגל געטאָן מיט רדיפות, וואָס זיינען געקומען, ווי אַ שווערע פּלאָג אויף די גאַליציאַנער יידן, צוגעוויינטע צו דער „געמיטלעכער קייזער־קיניגלעכער קאָנסטיטוציע"... — — פון שטעט און שטעטלעך האָט מען געפירט יידישע ציוויל־געפאַנגענע, פיי־

ניקנדיק זיי מיט אומבּרחמנותדיקע שמייך. מיט הונדערטער יידישע „שפּיאָנען" האָט מען קיין סך שהיות נישט געמאַכט: „ריעזאַט! האַקן! הענגען!" דערצו זיינען יעדן טאָג געבּוירן געוואָרן נייע גזרות: „יידן טאָרן נישט אַרויסבּאָרן; זיי מוזן זיצן, ווי די הינט אין די בּודעס"... — —

אויך אין קריקעוו האָט נאַטשאַלסטוואָ איינגעהערט „העלפן", און דודל בּענקערט האָט זיך נאָך אָפּטער באַוויזן אין גאַס. וואָרעם ערשט איצט זיינען די „שאָריע־געשעפטלעך" רעכט אָנגעגאַנגען און דודאַלעס עסקים האָבּן אָנגעהויבּן בּליען...

יידן האָבּן זיך אַרויסגעהאָלפן מיט גוייִשע שליחים, געמאַכט יד־אַחת מיט אָנגעזעענע „פּריצים", און דודאַלע האָט זיך געריבּן די הענט פאַר נחת:

— „עך, מערזאַוועצעס!" — —

אָבּער ר' הירשלען זיינען די דאָזיקע מסחרים שוין נישט איינגעגאַנגען. ער האָט פאַר־סיי אַראָפּגעלאָזט די בּרעמען און אַרומגעשפּאַנט, אַ שווייגעדיקער, איבּער די ווייסע פּיערישע חדרים. ער האָט נישט געהערט קיינעמס עצות און דאָ קיינעם קיין דעה נישט געפרעגט.

— אַז איך דאַרף נישט קיין עסקים! — האָט ער זיך איינמאָל צעשריִען אויף אַ יידן אַ מעקלער — כ'דאַרף נישט און גייט צו אַלדי בּייזע יאָר!

דער אַלטער ר' נוחקע האָט אים אַפילו דערפאַר געמוסרט:

— ווער שיקט עפּעס אַ יידן צון אַלדי־בּייזע יאָר? וואָס פאַר אַ דיבּורים זיינען דאָס עפּעס, האַ?

— איך וועל זיי שיקן אַלע, אַלע אינאיינעם, צום שוואַרצן יאָר!— האָט ר' הירשל מוסיף געווען.

דער אַלטער האָט שוין מער נישט גערעדט, אָבּער פאַ׳ יפ׳רם האָט ער אונטערגעבּרומט:

— די גזעס! דער יחוס.... מ'דאַרף זיי אויך... די פאַניעבּערעס.... — —

אָבּער גראָד דעמאָלט, ווען דער פאָטער האָט געוואָרפן אַן אומחן אויף די מסחרים, האָט זיך בּערן פאַרוואָלט אַ שפּיל־טאָן.

אין איין אָוונט האָט ער פּלוצלונג אַריינגעפירט אין שטוב אַריין דודלען און געהייסן פאַר אים צוגרייטן כּיבוד. דודאַלע בענקערט, אַ ביסל צעטומלט פון דער אַרומיקייט, האָט נישט געוואוסט פון וואָס אָנצוהויבן דעם שמועס און דערווייל געשוויגן. ער האָט בלויז געשמייכלט, ווען בער האָט געזאָגט אַ חכמה, און זיך געביסן די נעגל פאַר רציחה, ווען ר׳ הירשל האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ בייזן בליק. נאָר אַרויסגעהאָלפן האָט אים ערשט דער אַלטער ר׳ נוחקע:

— מסתמא, דודל, ביסטו נישט געקומען אומזיסט... נו, מ׳קאָן הערן.

דודאַלע האָט שוין מער נישט געקוקט אויף ר׳ הירשלס העוויות און איז אַרויס מיט לשון:

— ר׳ נוחקע... גאָספּאָדין פרידמאַן... ווען דודאַלע איז שלעכט... אָבער אַייך, יעי באָגו! פאַר אַייך גיי איך אַפילו מיטן קאָפּ אין דער אַדמה...

דער אַלטער האָט אים געפרווט איבערשלאָגן, אָבער דודאַלע האָט זיך ווייטער געמאָסטן אין דער לענג און אין דער ברייט:

— איך הייס נישט זיצן ליידיק! איר דאַרפט צוריקגיין אין די סאַלאָנען! איר — יאָ! איר דאַרפט גיין אין גאָלד! ריין, כּשר און ערלעך פאַרדינט! איך וועל אַייך היטן, ווי מיין אויג אין קאָפּ! איך ווייס שוין פאַרוואָס! איר דאַרפט גאָרנישט! נאָר בער דאַרף פאָלגן, וואָס איך הייס.

דער אַלטער האָט געצויגן רויק פון דער ליולקע און איבערגעפרעגט:

— אַלץ רעכט.... כ׳ווייס אָבער נישט וואָס דו ווילסט...

— איך ווייס שוין, זיידע, האָט בער אָפּגעענטפערט.

ר׳ הירשלס פּנים איז געוואָרן אָנגעצונדן, דאַן ווידער בלייך:

— אָבער איך... פון גאָרנישט וויל איך וויסן, תּכשיט מיינער!

— גאָספּאָדין פרידמאַן, משטאָ ווי — האָט דודאַלע זיך אונטערגעהויבן — וואָס איז?

ר׳ הירשל האָט זיך אָפּגערוקט אינאײנעם מיטן שטול און אײנגעביסן די צײן אין די ליפּן. — — — —

נאָך דעם זעלבן אָוונט איז בער פרידמאַן אַוועק מיט דודאַלען צו אַ היימישן פויער אויפן דאָרף. דער פויער האָט אַרײנגעפירט די חשובע לײט אין אַ זויבער־צוגעקליבן חדרל און לכבוד די אורחים אָנגעצונדן אַן אײל־לעמפּל. דאַן האָט דודאַלע אַ וואונק געטאָן און דער פויער איז אַרויס.

— טו זיך אויס פון קאָפּ ביז די פיס! נו, אויסגעטאָן זאָל ווערן! סקידאַי לאַכמאַני! ווארף אַראָפּ די שמאַטעס פון זיך! — האָט דודאַלע אַ קאָמאַנדעווע געטאָן.

בער האָט נישט איבערגעפרעגט און זיך אָנגעהויבן אויסטאָן.

— איוואַנע! וואו ביסטו, איוואַן?! — האָט דודאַלע ווײטער קאָמאַנדעוועט — דאַוואַי, גיב אַהער אַ מונדיר!

דער פויער האָט אַרײנגעבראַכט אַ פּעקל.

— אָט דאָ איז אַלץ, פּאַניע סטאַרשי — האָט דער פויער געוויזן — אי אַ לײוועטענע העמד, אי שאַראָוואַרעס, אי כאָליעוועס, אי...

— זדאָראָווא, איוואַנע! און איצט שפּאַן די פערד! שאַגאָם מאַרש!

אין עטלעכע מינוט אַרום איז בער געווען אָנגעטאָן אין אַ פּאָר פויערישע תחתונים פון גראָבער לײוונט, אין אַזאַ זעלביקן העמד, אַרויסגעלאָזן פון דרויסן און אַרומגעגאַרטלט מיט אַ פּאַסיק, צו וועלכן ס׳איז געווען צוגעבונדן אַן אײזערן מעסערל און ס׳האָט זיך געבאָמבלט אַ פּאַכירנער בײטל טיטון איבער דער דיך.

דודאַלע האָט אים באַטראַכט פון אַלע זײטן און געפונען אַ חסרון:

— די פיס אײנדרײען! אויסשמירן מיט בלאָטע, מיט לײם! ס׳פּנים אויך, די הענט אויך! וועסט גײן באָרוועס. די שטיוול וועסטו האַלטן אין וואָגן, טאָמער אַ רעגן... נו, איוואַנע! פיר דעם בחור צום גנאַי, זאָל ער זיך אויספּוצן... איך מוז שוין גײן!!

ס׳איז געווען נאָך האַלב־נאַכט. איוואַן, אַ געזונטער, יונגער פּוי־

ער, מיט אַ פּאָר רויטע וואָנסן און קלוגע אויגן, האָט זיך איבער־געצמלט און געעפּנט דעם אַרויספאָר־טויער.

— קריך אַרויף אויפן וואָגן, מיקיטאַ! — האָט ער אַ שמייכל געטאָן צו בערן — דו הייסט שוין איצט מיקיטאַ. ביז סטאַניסלאַוו ביסטו מיין פּאַראָבאָק. נו, היידאַ!

בער איז אַרויף אויפן וואָגן.

— בוואַי זדאָראָוואַ, זשינקאַ! זיי געזונט, באַבע — האָט איוואַן אַ וואונק געטאָן צו זיין דיקער גויעטע, וואָס איז אַרויס אויפן הויף אַ פּאַרשלאָפענע, זיך געטשוכרעט איבער די פּולקעס און געגענעצט צעצויגן.

איוואַן האָט אַ טשמאָק געטאָן צו די פערד, אויסגעצויגן די לייצעס און דער וואָגן, מיט פריש־געשמירטע רעדער, האָט שטיל אַרויסגעטורקעט פון הויף. די איוואַנעכע האָט תיכף צוגעשפּאַרט דעם טויער און פויל נאָכגערופן:

— שטשאַסליוואַ דאָראָהאַ! אַ גליקלעכער וועג!... — —

די פור האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן ר' הירשלס מאַגאַזין. דאָרטן איז שוין געשטאַנען דוואַלע און געוואַרט.

— אויפלאָדן! נאָר שאַ! די שטאָט איז געפּגרט! — האָט ער זיך געבריהט און געהאָלפן — היידאַ!

ר' הירשל האָט, אַ שוויַגעדיקער און אַ בייזער, אָנגעוויזן די קעסטלעך און איוואַן מיט דוואַלען האָבן אויפגעלאָדן אויפן וואָגן.

— גאָטאָוו! — האָט דוואַלע באַפוילן. — פאַרשליסט דעם מאַגאַזין און גייט שלאָפן, גאָספּאָדין פרידמאַן.

ר' הירשל האָט צוגעשלאָסן די טיר. נאָר, נישט זאָגנדיק אַ וואָרט, האָט ער אַ וואָרף געטאָן די שליסלען צו דוואַלס פיס און איז אַוועק. — —

— שרעק זיך נישט, בער, ער וועט זיך איבערבעטן! — האָט דוואַלע זיך אָנגערופן — אָבער דערווייל געדענק: האָסט צוקער, האָסט שאָקאָלאַד, האָסט טאַבאַק און דאָ האָסטו, זעסט, אַ קליין קעסטעלע? — שפּיל־קאָרטן! וועסטו נישט פאַרקויפן די סחורה מיט קאָפּ, קאָנסטו זיך דאָרט אויפהענגען, הערסט?

— גוט...

— כ׳פרעג דיך דאָך, צי דו הערסט?

— כ׳הער....

— וואָס! און פון דאָרט ברענג אַ צען פלעשלעך „דרײַשטערנדיקן קאָניאַק“ הערסט? אין אַ גרויסן פאַס פון בימל זאָלסטו אײַנפּאַקן, הערסט? זאָג: סלושאַיום!

— כ׳הער...

— עך, טי!... און איצט, וויאָ! מאַרש!

דער באַלאָדענער וואָגן האָט זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט און איז אַרויף אויפן שלעכטברוקירטן „קײזער־שטראָז“. בער איז געזעסן אויפן וואָגן, מיטן רוקן צו די פערד, אָנגערוקט דעם שטרויענעם קאַפּעליוש איבער די אויגן, און פון אונטער די ברייטע ראַנדן אַפיר געקוקט אויף די דרעמלענדיקע כאַטעס און אויף די דאַלע בענקערט, וואָס באַגלייט די פור, שפּרייונדיק מיט געמאָסטענע שפּאַן און פייפנדיק זיכער און זאָרגלאָז.... — —

---

דער וואָגן איז אַרויס אין אָפענעם פעלד. שלווה און ערבפּאַרטאָגיקער ציטער. ביסלעכווייז הייבט אָן גראָזן. די רעדער קאָלערן, און ווייט־אַרום אין פעלד הילכט אָפּ דער רעדער־סקריפּ און דאָס שווערע געטרייסלערײַ פון דער משא אויף דער פויערישער פור. איוואַן קנאַקט יעדע ווײַלע אויס מיט דער געפלאָכטענער בײַטש און זיינע יונגע „קאַשטאַנעס“ צעמזיקן דעם „קײזער־שטראָז“, מיט זייערע שאַרפע האָקנס פון די גוט־געשמידטע פּאָדקאָוועס.

— וויאָ, קאַשטאַני! — גיט איוואַן אונטער חשק זיינע טייערע „כודאָבעס“ — וויאָ, סאָקאָלי, אָדלערלעך! הייטאַ!

אויף אַ קאַסטן אינדערהויך, מיטן רוקן צו איוואַנען, איז בער געזעסן, ווי אַ צוגעוואָקסענער. מיט די הענט האָט ער זיך אָנגעהאַלטן אָן די שטריק, וואָס זיינען געווען אַריבערגעוואָרפן איבער די קאַסטנס, און געקוקט פאַר זיך, אויף דעם שטח, וואָס ציט זיך אײַן, שטרעקט זיך אַוועק, און אויף די קילאָמעטער־סלופּעס, וואָס שווינדלען הינטערווײַלעכץ צוריק.

זיי זיינען שוין געווען אַ היבש שטיק־וועג אַוועק פון שטעטל. אָבער נאָך ווייטער, ווי מיט די פערד־און־וואָגן, איז בער געווען אָפּ־

געלאָפֿן אין דרעמל.... נאָר די סוף-נאַכטישע שטילקייט און די זיך אָנרוקנדיקע מאָרגנגראָקייט האָבן אים אַרומגענומען, געשטאָכן און מער פֿאַרשלעפֿערט; איבערגעריסן יעדע צעצויגענע טראַכטונג... איוואַנס אויסגעשרייען און דאָס פֿערדישע הירזשען האָבן גאָרנישט געשטערט, אַז ער זאָל זיך איננאַנצן איבערגעבן און פֿאַרזינקען אין אַ שלאָף. די אויגנדעקלעך זיינען צוגעפֿאַלן און ער האָט שוין מער גאָרנישט געזען: די שטיקער נעפּלען, וואָס האָבן זיך געזעצט און די העלע פּאַסן, וואָס האָבן זיך געשניטן ביי די ראַנדן.— הפּנים די שטילקייט האָט אויך געווירקט אויפֿן פּויער, און ער האָט זיך דערמאָנט אָן אַ היימישער, נאָגנדיקער „דומקע":

דומי מאָאי, דומי מאָאי

ליכאָ מעני ז׳וואמי...

דער שטח האָט זיך אַליין אונטערווײַלעכץ איינגעצויגן, אַ קליין װעלדל און צוויי דרעמלענדיקע דערפֿלעך האָבן דורכגעשווינדלט, און פֿון דער גראָקייט האָט זיך שוין אַרויסגעשניטן אַ פֿרעמדע גרעסערע שטאָט, טשאָרטקאָוו, וואָס ליגט צעשאָטן אויף צוויי פֿעלזיקע בערגלעך. און וואָס אַ טייל פֿון איר נורעט זיך אין טאָל.

דומי מאָאי, דומי מאָאי

ליכאָ מעני ז׳וואמי...

דער וואָגן האָט זיך געלאָזן אַראָפּ-באַרג אין דערנענטערט צון אַ הילצערנער, לאַנגער בריק, וואָס איז פֿאַרוואָרפֿן איבער אַ בלייערנער, רויִקער טייך. דער פּויער האָט פּלוצלונג איבערגעריסן נודיען זיין לידל.

— פּאַסטאָי! שטיי! מאַט טוואָיו! — האָט זיך פֿון אַ קליינעם ביידל לעבן דער בריק דערהערט אַ געשריי און אַ סילועט האָט זיך אַרויסגערוקט. — פּאַסטאָי!

דאָס איז געווען אַ סאָלדאַט פֿון דער בריק-וואַך, אין אַ גרויסן, פּוטערנעם היטל אויפֿן קאָפּ און מיט אַ לאַנגער ביקס אין שאַרפֿן „שטיק" אין האַנט.

— שטיי! — האָט דער סאָלדאַט איבערגעחזרט — אַנו=קאַ!

דער פויער האָט אין דער רגע שטאַרק אָנגעצויגן די לייצעס, אַ ברוב געטאָן „טפּרו=קאַשטאַן“ און דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ טרייסל, פּונקט פאַרן בריק=סטאָלב.

— אַנו=קאַ, פּאָסמאַטרים! — האָט דער סאָלדאַט געגלעט זיין באָרד — מירן אַ קוק טאָן....

בער האָט זיך אַ שאָקל געטאָן אויפן קאַסטן און דורכגעוועקט. דערזעענדיק פאַר זיך דעם בערדיקן פאַרשוין מיט דער לאַנגער ביקס אין האַנט, האָט ער ברייט צעעפנט די אויגן און די ליפּן זיינע האָבן זיך תמעוואַטע באַוואויגן.

— אַ טשטאָ טי כאַבלושקאַ?! — האָט דער סאָלדאַט באַטראַכט בערן — ווער ביסטו דאָס, פויערל, האַ=קאַ?

— מיין פּאַראָבאָק — האָט איוואַן איבערגעכאַפּט, מורא=האָבנדיק, בער זאָל זיך נישט פאַרלירן. — מיין פּאַראָבאָק, וואָס היט מיר פערד=און=וואָגן.

— דאַ=אַס, אַזוי'ש — האָט דער בערדיקער סאָלדאַט באַשטעטיקט, אַרומטאַפּנדיק דערווייל מיט איין האַנט אין וואָגן — דאַ=אַס... און סחורה, ביי דיר געגנבעטע, האַ? און פירן, ווייסטו וואויל, טאָר מען נישט... און פּאַפּירן, „פּראָפּוסקן“ ביי דיר דאָ, האַ? אַני=קאַ, מירן אַ קוק טאָן, וואָס פאַר אַ פּאַפּיר ביי דיר פאַרהאַן!....

אַלע דריי, אי איוואַן, אי בער, אי דער בערדיקער סאָלדאַט, זיינען אַזוי פאַרנומען געווען מיט ווייזן און איבערקוקן די „פּראָפּוסקן“ און פּאַפּירן, אַז זיי האָבן נישט געזען, ווי די פּאַרטאָגנגראָקייט צעווייעט זיך, ווי די הימל=ראַנדן צינדן זיך אָן אין אַן אויפגאַנג=רויטקייט, און ווי אונטן מיניעט זיך דער רויִקער טייך. — —

— פּאַפּירן זיינען ביי דיר, דאַכט, נישט קיין אמתע, און סחורה איז ביי דיר נישט קיין ריינע און אַרום=און=אַרום — מ'טאָר נישט! ניעלזיאַ! מירן אונטערוואַרטן, ברודערל, און דאַן מאַרשירן צום קאָמענדאַנט.... אַזוי'ש, פויערל.... אַזוי'ש.... רוקט זיך אָפּ פון וואָגן!....

איוואַן האָט געפּאָלגט און צוגעבונדן די לייצעס צו דער האַליושניע. ער איז נענטער צוגעגאַנגען צום סאָלדאַט, וועלנדיק אים איינרוימען אַ סוד.

— איך בין אַ כריסטיאַנין.... אַ פּראַוואָסלאַוונער... מיין פּאַראַבאָק מיקיטאַ איז אויך אַן אונזעריקער און מיר אַלע ווילן לעבן... דאַ — האָט דער רויט-וואָנסיקער פויער איבערצייגט.

— אָבער! — האָט דער סאָלדאַט זיך אָפּגעווענדט — ס'איז מלחמה, פויערל און רעכט איז רעכט! פאַרשטייסט, האַ-קאַ?

איוואַן האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, טאַקע פאַרשטאַנען, אַז רעכט איז רעכט און דערווייל אַרויסגעקראַצט פון זיינע טיפע שאַראַוואַרע-קעשענעס אַ פּאָר גרויסע, קופּערנע מטבעות.

— אַוודאי... קאָניעטשנאָ! רעכט איז רעכט! — האָט איוואַן באַשטעטיקט, אַריינרוקנדיק, תוך-כדי-דיבור, די קופּערנע מטבעות אין דער מאָסקוויטערשער יד אַריין....

— ניעלזיאַ! — האָט דער סאָלדאַט זיך געקווענקלט! — רעכט איז רעכט און מלחמה איז...

— יאָ-יאָ....

— מלחמה! — האָט דער סאָלדאַט דערצויגן, און זיך מיטאַמאָל אָנגעהויבן באַקלאָגן: — וויניק, ברודערל, מאַלאָ... זע, ביסט אַ כריסטיאַנין, לייג כאָטש צו נאָך אַ גריווענקע... זאָל זיין אַ גאַנצער גילדן... מלחמה איז מלחמה...

— גאָט וועט דערלייזן! — האָט איוואַן אַ שמייכל געטאָן און אַרויף אויפן וואָגן — ער וועט!

ער האָט אויסגעצויגן די לייצעס און אין דער רגע האָבן די פוילע ברעטער פון דער בריק געקרעכצט אונטער דער משא פון דער באַלאָדענער פור.

אויסמיידנדיק די מיט-שטאָט, האָבן זיי זיך געלאָזט ווייטער באַרג-אַראָפּ, אין אַ טאָל אַריין מיט יונגן ווייץ פון ביידע זייטן.

— ס'שטעלט זיך אַ פיינער טאָג, זעסט?

— כ'זע. — האָט בער שטיל אָפּגעענטפערט.

— און ווי געפעלט דיר דער בערדיקער מאָסקוויטער? פופצן קאָפּיקעס ווייניק פאַר אים, דעם חזיר! אַ כריסטיאַנין איז ער... אַ הינטישער זון איז ער, זאָל אים די ערד איינשלינגען! טפרו!

דער פויער האָט אײַנגעהאַלטן דעם גולאָך און געלאָזט פּאַמעלעך גיין די פערד אונטערן נייעם באַרג.

— אַנו, מיקיטקאָ! — האָט זיך איוואַן צעשמייכלט. — דריי זיך נאָר אוים צו די פערד און נעם די לייצעס אין האַנט!

דער פויער האָט איבערגעגעבן בערן די בייטש, אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן, אָפּגעבונדן דעם פּאַס פון די תחתונים און זיך דערווײַלע אַוועקגעזעצט רייניקן, ביים ראָוו פון אַ האָבער־פעלד.

— גיב אַכטונג, זאָלסט נישט איבערקערן, ס׳איז אונטערן באַרג! — האָט דער פויער נאָכגעשריען, רייסנדיק, אײַנגעבויגענערהייט, אַ גרעזל לעבן זיך און קוקנדיק מיט אַ פאַרזשמורעטן אויג צום פייערדיקן זון־באַל, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין זיין גאַנצער גרויס אין מזרח־זייט — גיב אַכטונג, מיקיטאָ!! — — — — — —

אָבער וואָס ווייטער אין וועג אַריין, האָט גענומען ווייען אַן אַנדערע לופט און ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן די לויטערקייט אױפן הימל. אַרום דניעסטער־געביט האָבן זיך שוין געלאָזט הערן צוגעטויבטע קאַנאָנען־דונערן. איוואַן האָט אויסגעשפּיצט די אויערן און אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו בערן:

— הערסט, באַכאָר?

— כ׳הער....

— און ווייסטו וואָס דאָס איז? ס׳פּאַלט אַן אומשולדיקער נאַראָד.... מיר פירן סחורה און דאָרט... עך, בידנע מענטשן!...

איוואַן האָט זיך איבערגעצלמט און אַ טשמאָק־געטאָן:

— וויאָ! גאָט ווייסט: און דו, וואָס זאָגסטו? עך, גאָט ווייסט! וויאָ!

אָבער בער האָט זיך אַליין ערשט איצט אַרומגעזען: טאַקע אין פויערשע תחתונים, אַ באָרוועסער און פאָרט אין ווייטן וועג אַריין... ערשט איצט האָט ער רעכט נישט פאַרשטאַנען דעם שינוי, וואָס איז געקומען איבער אים, אין איין נאַכט. מ׳קאָן, הייסט עס — האָט

ער געטראַכט — טאַקע אַרויס פון דער אייגענער הויט, דעמאָלט, ווען ס'גלוסט זיך אַ שפּיל-טאָן, ווען אומרו טרייבט און מ'ווייסט נישט, וואָס צו טאָן מיט זיך. ווען מ'קאָן נישט זיצן צוגעפּענטעט און נאָגן אַן אייגענעם בלאָטער.... — —

— אָט באַלד, באַכאָר! ס'בלאַנקען שוין קלויסטער-שפּיצן: וויאָ, סאָקאָלי! — האָט איוואַן געמונטערט! — אָט באַלד!

ס'איז אָבער נישט געווען אָט-באַלד. וואָס נענטער צו סמאַניסלאַוו, איז דער מיליטערישער פאַרקער אויפן טראַקט געוואָרן געדיכטער, רווישיקער, און איוואַנס פערד זיינען דערשראָקן געוואָרן פון די אַוטאָמאָביל-געפייפערייען און דעם געקלאַפּערײַ פון די אָבאָזווענער. און נאָענט פון דער שטאָט זיינען זיי אַזוי צעטומלט געוואָרן, אַז זיי האָבן זיך פּשוט געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס און געפּאָרסקעט מיט די נאָזדרעס. וואָס מער בײַטשן איוואַן האָט אין זיי אַרײַנגעלייגט, אַלץ שטאַרקער האָבן זיי געפּאָכעט מיט די געדיכטע, האַרטע ווידלען און געדרייט מיט די אויערן-לאַפּן. לסוף האָבן זיי אַזאַ ריס-געטאָן דעם דישל, אַז דער וואָגן האָט זיך אַזש אַ קער געטאָן אין אַ זייט און בער, אינאיינעם מיט אַלע קאַסטענעס, האָבן זיך אַראָפּגעשאָטן פון דער הויך און געבליבן ליגן אויף אַ קופּע שטיינער בײַ אַ ראָוו.

איוואַן איז לאַנג געשטאַנען אַ געפּלעפּטער. זיינע רוטע וואַנגען האָבן זיך אויסגעצויגן און שטייפער געוואָרן. ערשט, אַז ער האָט זיך באַרויקט, האָט ער גענומען שעלטן זיך אַליין, די פערד, די גאַנצע וועלט אינאיינעם מיט זיין ווייב, די באַבע, וואָס ליגט אינדערהיים און כראָפּעט אונטער אַ בוים אַוודאי...

— עך, פּראָקליאַטי: און מ'דאַרף טאַקע צוריק אויפלאָדן... די זון זעצט זיך שוין באַלד.... אַנו, באַכאָר, הייב זיך שוין אויף! ריר זיך!

בער האָט אויפגעהערט באַווישן דעם צעבלוטיקטן שטערן און האָט, שווייגנדיק, צוגעלייגט אַ האַנט.

— שטאַרקער! היידאַ! האָסטו געזאָלט פרעסן סאַלע און קאָלבאַס, ווען כ'האָב דיר געשטופּט! אַנו, צום רוחס מאַמע! העכער! — האָט איוואַן געהאַוועט און געאײַלט. — אַנו, דאָ דידקאַ!—

די זון איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען. די ראַנדן אין מערב=זייט פלאַמען און זאָגן אָן אַ שיינעם טאָג אויף מאָרגן. די לופט ווערט קילער און אַ ווינטל ווייעט.

— אָט, סלאַווא באָהו! אַ לויב צו גאָט... סטאַנסלאַוו... און דו, באַכאָר, נישט דו צלמסט זיך און נישט דו דאַנקסט גאָט.

בער האָט צוגעפירט די האַנט צום שטערן און אָנגעטאַפט אַן אויפגעלאָפענע בייל און פאַרגליווערט בלוט....

— נישט דו צלמסט זיך און נישט... עך, באַכאָר...

---

אַז דער וואָגן איז, צוליב זיכערקייט, געבליבן שטיין אין אַ שטילן, פאַררוקטן געסל, האָבן זיך באַלד באַוויזן עטלעכע מעקלערס, באַטאַפט די קעסטלעך, געפרעגט אויף מקחים און דערווײלע רעקאָמענדירט אַיינפאָרהייזער. בער האָט זיי אַלע אויסגעהערט, אָבער לעת=עתה זיך נישט אויסגעגעבן. אַוואַן אַליין האָט גערעדט. האָבן די מעקלערס זיך דערווײלע מייאש געווען און אָפּגעטראָטן. נאָר איין פאַרשווינדל איז אַזוי צוגעשטאַנען, אַז מ'האָט בשום אופן נישט געקאָנט פון אים פטור=ווערן. אַ נידעריק יידל, מיט רויטע, אויסגעטריפטע אייגלעך, מיט אַ ברוינעם בערדעלע און אַ שאַרפן צינגל. אָנשפאַרנדיק זיך אָן זיין אַייזערנעם שטעקעלע, האָט ער זיך באַמיט צו געווינען דעם צוטרוי פון די פרעמדע.

— זיי וועלן זען... אירט זען. פאָלגט מיך און פאַרפאָרט טאַקע אין מיין אַיינפאָרהויז אַריין.... זי זינט דאָך אַין „יהודי"... אירט נישט באַדאַרפן גיין וויט... איכל באַזאָרגן אָנשטענדיקע קיפלייטע און זי וועלן פאַרקויפן די וואַרע.... זי ווערדן ביי מיר נאַכטן און שפייזן.... איך ערקענע דאָך אַן אינם געזיכט, אַיין יהודי... — האָט דאָס מעקלערל באַמאָסטן בערן און געטייטלט מיט אַ פינגער — זינד זי זיכער און, אַלזאָ! זאָ גאָט מיר הילפט! אַלזאָ!

בערן איז נמאס געוואָרן דאָס וואַרטן אין גאַס און ער האָט זיך איבערגעגעבן אין דעם יידלס הענט אַריין:

— נו, גוט נו, ווייזט וואו דאָס איז!

דאָס מעקלערל האָט זיך אַרויפגעכאַפט אויפן וואָגן און געריבן די הענט:

— יאַזדאַ, פאַניע גאַזדאַ! — —

דאָס גרינע הייזל האָט זיך געפונען אויפן „אַלטן רינג“. איבערן גרויסן אַיינפאָר־טויער איז געווען אַ פינסטערע, פאַרעיפּושטע שטאַל פאַר פערד און פונדאַנען האָט אַ נידעריק טירל געפירט אין דער וואוינונג אַריין. איוואַן האָט צוגעפירט די פערד צום זשלויב, זיך גענומען בריהן אַרום זיין כוראָבע און דאָס יידל האָט אָנגענומען בערן פאַרן אַרבל:

— פאַניע, מירן דערווייל'ע אַריינגיין אין צימער אַריין....

אינעווייניק, אין אַ גערוימען, געמיין־מעבלירטן צימער, האָט שוין געברענט אַ לאָמפּ און ביי אַ גרויסן טיש, אַ פאַרשפּרייטן מיט אַ ברוינער צעראַטע, האָבן צוויי מיידלעך געשפּילט אַ „טאָטש“. דערזעענדיק, דעם אַריינקומענדיקן „פאַראָבעק“, האָבן זיי אַרויסגעלייגט די קאָרטן פון די הענט און אָנגעשטעלט צוויי פּאָר גרויסע אויגן.

— טאָני! ליזע! דאָס איזט איין יודע! — האָט דאָס מעקלערל פאָרגעשטעלט.

— אַך! הער־יע!! — האָבן ביידע מיידלעך אויף איינמאָל אויסגערופן און זיך גענומען צופּן די נעגל פאַר גרויס חידוש — הער־יע!

— אינענס נאַמען... דאַכט, זי האַבן געזאָגט... פאַרגעסן... אַך דיזער קריגט... דער מוח.... דאָס... דאָסט... דינט נישט...

— פרידמאַן — האָט בער שטיל געענטפערט.

— אַבער הער פרידמאַן, זיצן זי... היר... ביטע אַם קאַנאַפּעי... — האָט דאָס יידל אָנגעוויזן אויף דער אָפּגעקראָכענער, פּליושענער סאָפקע — ביטע, ביטע... אַך, פאַרגעסן... מיין נאַמען איז קורפירסט, האַבע די ערע זיך פאָרצושטעלן.... קורפירסט. זיצט...

בער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין סאָפקע און אָנגעשפּאַרט אין ליין.

— זי זינד מיד, ניכט וואַר? און איך זע... עפּעס אויפן שטערן.... — האָט דאָס יידל ווייטער אָנגעהויבן, אַוועקשטעלנדיק זיך ביים פענסטער — און זי קומען דאָך פון וויט... פאַרגעסן... אַך דיזער קריג!.... מיין מוח...

— פון קריקעוו — האָט בער אָפּגעענטפערט.

— פון קריקעוו... זאָ-זאָ! און וואָס הערט זיך דאָרט נייעס?

ביידע שוועסטער, טאַני און ליזע, מיט בלאָנדע קעפּ, אָנגעטאָנענע אין ווייסע קליידלעך, האָבן געמאָסטן דעם גאַסט מיט זייערע העלע אויגן. די צוויי שוועסטער, ענלעכע צו זיך, ווי אַ צווילינג, האָבן זיך געלאָזט אונטערשיידן בלויז דורך זייערע נעזער. טאַני, הפּנים די עלטערע, מיט אַ לאַנגער, עטוואָס הויקעדיקער נאָז, און ליזע, מסתמא די יינגערע, — מיט אַ גראָבלעכן פּליישיקן נעזעלע און אַ גרין פּעפּערל אויפן שפּיץ.

— אַך! זאָ-זאָ, פון קריקעוו — האָט דאָס מעקלערל קירפּירסט נישט געלאָזט אָפּקילן — און זיכער מיד. יאַ-יאַ....

בער האָט באמת זיך געפילט אויסגעמאַטערט, שווער אין אומבאַקוועם. צו דעם אַלע האָבן אים אַצונד געשטערט די צוויי פּאָר העלע, מיידלערישע אויגן. זיי באַמעסטן פון קאָפּ ביז צו די באָרוועסע, אײַנגעריכטע פיס. און בער, אַ צעכראַסטעטער, אַ פאַרשטויבטער, האָט זיך נישט געקאָנט רירן. דאָס יידל האָט אים אָבער אַרויסגעהאָלפן:

— איר ברויכט אײַך נישט צו שעמען, הער פרידמאַן... מיר פאַרשטייען... מיינע טעכטער פאַרשטייען אויך.... קריגס צייטן...

בער האָט פאַרלייגט איין פוס איבערן אַנדערן און ס'איז אים אַלץ נישט אויסגעקומען באַקוועם. די מיידלעך האָבן זיך איבערגעקוקט, איבערגעשמייכלט, און איינע נאָך דער אַנדערער אַרויסגערוקט פון צימער.

— טאַני! ליזע! גרייט צו וואַסער! מאַכט טיי! דער הער פרידמאַן וועט זיך וואַשן... עסן — האָט דאָס מעקלערל קירפּירסט נאָכגעשריען — איר הערט?!

בלייבנדיק אַליין מיט בערן, האָט דאָס יידל זיך אויך געמאַכט גערויס: אויסגעטאָן דאָס האַרטע קאַפּעליושל, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס אויבערשטע כאַלאַטל, און צוזעצנדיק זיך לעבן זיין גאַסט, האָט ער שוין, מעשה-היימישער, פאַרפירט דאָס ניטקע געשפּרעך. ער האָט גערעדט וועגן די גוטע מקחים, וועגן דעם מאַנגל אין סחורות און געגלאַנצט מיט גרויס באַהאַוונטקייט. אינמיטן גע-

שפּרעך האָט ער באַוויזן אַריינצופּלעכטן זיין אייגענע געשיכטע און איבערצוגעבן גענויע פּרטים וועגן זיין טראַגעדיע:

— און מיין פרוי איז נעבעכיש געשטאָרבן.... קריגס־צייטן... געבליבן אַליין מיט צוויי רייצנדע טעכטער... יאַ... יאַ, און זייערע פיינע מאַנירן און ווי געשפּרעכיק זיי זיינען!.... און... יאַ... די ייִנגערע, וואָס פיר איין מונדשטיק זי באַזיצט!... זאָג אינען, הער פרידמאַן...

באַלד האָט זיך טאַקע די ייִנגערע צוריק באַוויזן און, שמייכלענדיק, געבעטן בערן אַריינצוגיין אין קיך אַריין:

— ביטע, איר קאָנט שוין גיין זיך וואַשן.... — — —

אין אַ קנאַפּער שעה, שפּעטער איז בער געזעסן ביים טיש, שוין אַ געוואַשענער, אַן איבערגעטאָנענער אין קורפירסטס יום־טובדיקן קאָסטיום און געגעסן אָונטערברויט, אַרומגערינגלט פון ביידע שוועסטער. קורפירסט איז געווען אַרויסגעגאַנגען אויפן מאַרק, כדי צו פאַרקויפן די סחורה און אויסצוגעפינען אַ פּאָר פלעשער „דריי־שטערנדיקן"...

ביידע מיידלעך האָבן לעבעדיק געפּלוידערט און בער האָט שוין הנאה געהאַט פון דעם אַרום. יאָ, אַז מ'וויל און מען איז דירעוודיק — האָט ער געטראַכט — קומט מען דאָך אָן... מעג זיך דער וואָגן צען מאָל איבערקערן....

— און דאָס האָט געמוזט זיין אַ שווערער ווען... אַן אַוואַנטורנער! — האָט די ייִנגערע זיך פאַראינטערעסירט — אַך, די מלחמה־אַוואַנטורעס!

אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן גלאַנצן ביים בלויזן געדאַנק וועגן אַוואַנטורע.

— נאָר אומבאַקוועם און שווער — האָט בער אָפּגעענטפערט — און מער גאָרנישט...

ס'איז נאָך נישט שפּעט געווען. דער אַלטער פעגדל־זייגער אויף דער טאַפּעטירטער וואַנט האָט געשלאָגן אַכט. ליזע האָט באַזגעצייכלט די קלעפּ און מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן ביי בערן, צי וואָלט ער נישט אַמאָל וועלן אָנקוקן זייער שטאָט.

— און דאָס טאַקע שוין גיין, — האָט זי צוגעגעבן — וואָרעם ביי אונז מעג מען נאָר ביז צען אַ זייגער שפּאַצירן. און מאָרגן אינדערפרי מוזט איר דאָך שוין צוריקפאָרן.

זי איז נעלם געוואָרן און באַלד־דערויף צוריק געווען אין צימער, איינגעהילט אין אַ בלויער זומער־פעלערנע און אַן אַזאַ זעלביקן קאַשקעטל, טיף אָנגערוקט איבער אַן אויער. בער האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול און, אַ שווייגעדיקער, געבליבן שטיין לעבן דעם מיידל. די עלטערע שוועסטער, טאָני, האָט זיך איבערגעטראָגן צו דער סאָפקע, פאַרוואָרפן איין פוס איבערן אַנדערן און אַראָפּגעלאָזן די נאָז:

— איך וועל דאָ וואַרטן אויפן פּאַפּאַ. אָבער זוימט אַייך נישט, הער פרידמאַן, טאָמער דאַרף אַייך דער פּאַפּאַ...

— גוט, גוט! — האָט די יינגערע צוגעוואָרפן און אַ שלעפּ געטאָן בערן ביי אַ פּאָלע.

אין אַיינפאָר־הויז איז שוין שטאַרק פינצטער געווען. ליזע האָט אָנגענומען בערן פאַר אַ האַנט, כדי אים זיכערער אין שנעלער דורכצופירן. אָבער כאָטש אַזוי האָט ער זיך אָנגעשלאָגן אָן דער פור, אין וועלכער איוואַן האָט געשמאַק געכראָפּעט...

— ס׳טוט וויי? — האָט דאָס מיידל איבערגעפרעגט.

— ניין....

בער האָט דערפילט אַ וואַרעמען, און שטאַרקן דרוק אין האַנט....

זיי האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון די שמאָלע, אָפּגעלעגענע געסלעך און אַרויס אויף דער „הויפּט־פּראָמענאַד“. דאָ האָבן זיי ביידע איינגעהאַלטן די טריט. דער דורכגאַנג איז דאָ שוין גאָרנישט קיין געדרימער געווען. ס׳האָט געווימלט פון אָפיצירן און אַנדערע באַקענטע לייט, וואָס זיינען, קאָמפּאַניעסווייז, געגאַנגען אין באַגלייטונג פון לייכט־געקליידעטע, שוועבעדיקע פרויען. דאָ האָבן געצויגן בלויז קלינגענדיקע שפּאָרנעס, בלאַנקענדיקע שווערדן און עזותדיקע בליקן און ווערטער.

בער האָט באַלד געהאַט פולע אויערן און זיינע אויגן האָבן זיך צעפינטלט. די הויכע לאַמטערן־שטאַנגען האָבן פאַרזייט גרינלעך

ליכט און פון די באַלויכטענע, צעפּראַלטע קאָפּעס האָבן זיך גע־טראָגן רוישיקע מוזיק־קלאַנגען.

— ס׳איז ביי אײַך אַ וועלטל — האָט בער געשטאַמלט.

דאָס מיידל האָט צוגעבויגן איר קאָפּ:

— איך הער נישט....

— כ׳זאָג, ס׳איז רוישיק ביי אײַך....

— און ביי אײַך און.... ווי הייסט אײַער שטעטל?

— אַ שטיל שטעטל קריקעוו...

— איך זע שוין, אַז איר זייט אַ קריקעווער! — האָט דאָס מיידל צוגעגעבן און דערביי זיך צוגעטוליעט צו בערן — איך זע שוין! אָבער דאָ גייט כאָטש ווי ס׳באַדאַרף צו זיין!....

זי האָט אים אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און בער האָט זיך נישט געווערט. ס׳האָט אים ווייניק געאַרט, וואָס זי דרוקט אַזוי שטאַרק זיין האַנט, וואָס זי קנייפּט אים פּשוט.

פאַר אים איז דאָס געווען עפּעס נייס, און דערצו דער רויש — גאָר פאַרביק! זיי זיינען געגאַנגען פּאַמעלעך, וואָס ווייטער מער איינ־געהאַלטענער, און ווייניק גערעדט. די „הויפּט־פּראָמענאַד“ האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ קליין גערטנדל. ליזען איז געפעלן געוואָרן זיך דאָרט אָפּצורוען. בער האָט גאָרנישט געהאַט דאַקעגן. דאָס מיידל האָט אויסגעפונען אַ פרייע באַנק צווישן עטלעכע ביימעלעך, פאַר־וואָרפן איר פעלערינע און זיך אַוועקגעזעצט.

— נו, און איר? אָט.... נו! — האָט זי געוויזן בערן צו זיצן.

זי האָט אַראָפּגענומען ס׳קאַשקעטל פון קאָפּ און עס געוואָרפן פון איין האַנט אין דער אַנדערער.

— איר... רוקט אײַך נאָר נענטער צו.... כ׳דאַרף דאָך נישט שרייען, אויב כ׳וויל ריידן! — האָט ליזע באַמערקט...

— נו, גוט... —

אַרום איז טונקל געווען און שטיל. און אויפן פאָן פון אָוונ־טיקער שאָטנדיקייט און שטילשווייגן האָבן, ווי אַ בייזער אָנזאָג, אָפּגעהילכט די קאַנאָנען־דונערן, וואָס זיינען געקומען פון נישט ווייט....

— איך טראַכט, אַז שיין מוז זיין, זיך צו ליבן ביים טאָקט פון האַרמאַט און פויק — האָט ליזע זיך מיטאַמאָל אָפּגערופן — און איר, וואָס דענקט איר?

— וועגן דעם טראַכט איך נישט... אפשר וועגן האַ־מאַט יאָ, אָבער נישט וועגן....

— און ווי האַלט איר פון ליבע אין אַלגעמיין?

— איך... — האָט בער ווידער געשטאַמלט.

— איר האָט נאָך, ווייזט אויס, נישט געליבט...

— וועמען?

— איר הערט, די ערד ציטערט אינגאַנצן! — איז דאָס מיידל איבערגעגאַנגען — מיר דאַכט, אַז זי וועט זיך עפענען און מ'רן איינזינקען.... איר ווייסט, דאָרט קומען אום, פון יעדן דונער, ליבהאָבער און געליבטע...

— ווי איר פאַרבינדט דאָס אַזוי!....

— יאָ! — האָט דאָס מיידל אַ ציטער געטאָן...

— ס'ווערט באַלד שפּעט, מיר דאַרפן שוין גיין, פרייליין...

די ביימער, איבער זייערע קעפּ, האָבן לייכט געניגט די קרוינען און דורך די געבויגענע צווייגן האָט זיך דורכגעריסן אַ שיין פון אַ לאַמטערן, וואָס האָט געברענט נישט ווייט.

— ס'איז נאָך נישט שפּעט, מיר קאָנען נאָך זיצן אַ ביסל — האָט ליזע אָנגעהויבן פון דאָס־ניי — מיר איז גוט דאָ, לעבן אַ קריקעווער, שווייגנדיקן בחור, וואָס האָט אַזוינע וואונדערלעכע אויגן... און....

— וואָס?

— איר זיינט דאָך נאָך אינדרויסן נישט געוועזן... איר האָט נאָך קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטן וועגן זאַכן... וואָס זיינט איר? קיין סוחר זיכער נישט! וואָס קלערט איר צו זיין אַמאָל?

— כ'ווייס נישט... כ'פרעג ביי זיך אויך...

— איר לייענט אַוודאי מעשה־ביכלעך, קריכט אַרום איבערן שטעטל, מיט אַ פולן קאָפּ נאַרישקייטן, און ווייסט נישט, וואָס אָנצופאַנגען... איר ווייסט נישט, וואו ס'הויבן זיך אָן אייערע זיבעצן־אַכצן יאָר, און וואָס איר וועט טאָן ביי דרייסיק, האַ, בחור?!

איר שנאַפּט מסתּמא, צו די טירן פון אַלע מיידלעך... ניין? און אויגן האָט איר וואונדערלעכע און אויערן אַזוינע קליינטשיקע און...

בער האָט שוין געציטערט; איבערן גאַנצן קערפּער קריכן מו־ראַשקעס.... קיצלען אונטער דער הויט... דאָס מיידל האָט אים אַרומגענומען מיט צוויי וואַרעמע, פולסירנדיקע אָרעמס און געבערשט זיין פּנים מיט אירע פּאָכיקע האָר...

— מ'דאַרף אייך עפּענען די אויגן... די אויערן...

זי האָט געקושט זיינע אויגן, אויפן שטערן און בער, אָטע־מענדיק שווער און, נישט וויסנדיק אַליין, וואָס ער טוט, האָט גע־נאָגט מיט זיינע צאַפּלענדיקע ליפּן איר ווייסן האַלז....

עמעץ איז פּלוצלונג פאַרבייגעגאַנגען. ליזע האָט אַוועקגעריסן איר קאָפּ און איז אויפגעשפּרונגען פון דער באַנק.

— קומט, פרידמאַן! דאָס שיסן ווערט העפטיקער! קומט! —

אין איילענישן זיינען זיי דורכגעגאַנגען די „הויפּט־פּראָמע־נאַד" און אַריין אויפן „אַלטן רינג". פאַרן גרינעם הייזל האָט ליזע זיך אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט. אַריינקוקנדיק אין זיינע אויגן, האָט זי מיט אַ כּעס צוגעוואָרפן:

— און דער־אָ לאָזט זיך אין וועגן... אויף אַוואַנטורעס!

אין שטוב האָט בער שוין געטראָפן קורפירסטן ביים טיש, מאַכנדיק חשבון.

— האַ! הער פרידמאַן, זייער גוט! די וואַרע פאַרקויפט! מאָרגן פרי קאָנען זי פאָרן, אין גאַטעס נאָמען! שאַויען זי אַן:

דאָס מעקלערל האָט געבעטן בערן אַריינצוקוקן אין צעטל און נאָכצוקאָנטראָלירן דעם חשבון. בער האָט אָבער בלויז אָנגעקוקט די אונטערשטע שורה, צוגענומען ס'געלט און געדאַנקט.

— נו, אַלזאָ! זי זען, איר וועט מיך דאָך געדענקען! געדענקען דעם נאָמען קורפירסט!

דאָס מעקלערל האָט געדרייט מיט זיינע טריפנדיקע אייגע־לעך, געצופּט דאָס בערדל און געריבן די הענט.

— דער „דריישטערנדיקער" איז אויך דאָ... — האָט ער מודיע־געווען אין אַ ביסל אַ שטילערן טאָן — מירן באַלד צוגרייטן דאָס

פּאַס! און איצט... טאָני, ליזע: עסן און שלאָפֿען! הער פֿרידמאַן דאַרף אויפֿשטיין גאַנץ פֿרי און... אונד... טאָני, ליזע! — —

טאָני האָט באַלד געמאַכט אַ געלעגער אויף דער אָפּגעקראָ־כענער סאָפֿקע און פֿאַרנומען מיט זיך די ייִנגערע שוועסטער:

— קום, ליזע, אין שלאָפֿצימער און דו, פּאַפּאַ, ביכט דאָך אויך מיד... גוטע נאַכט, הער פֿרידמאַן!

ביידע שוועסטער האָבן זיך אַרויסגערוקט פֿון שטוב. דער אַלטער קורפּיסט איז נאָך געבליבן אַ ווײַלע. ער האָט געלויבט דעם קאָניאַק, גערעדט פֿון וואַליוטע און דערבײַ אַ פֿרעג געטאָן, ווי כּל־אַחר־יד:

— און ווי געפֿעלט אײַך מײַן ליזע? אָ, זעען זי! די עלטערע איז נאָך מער געבילדעט... זי האָט יאַ „מאַטוראַ“.... שאַדע, דאַס זי... זי זינד.... וויפֿל אַלט? אָבער אים אַלגעמיינען... אַנגענעמע רוהע! — — —

בלײַבנדיק אַליין, האָט בער אויפֿגעצילעט דעם לעדערנעם בײַ־גאַרטל, אַרויסגעצויגן די באַנקנאָטן און זײַ אײַנציקווײַז איבערגע־קליבן בײַם ליכט. ער האָט נאָכגעציילט יעדעס פּאַפּירל, אָבער אַרײַנ־לייגנדיק צוריק אין טייסטער, האָט ער פֿאַרגעסן די צאָל. ער האָט ווידער געפּרוווט ציילן, אָבער דאָס איז אים לסוף נימאס געוואָרן. ער האָט צוריק אָנגעשטופּט די פּאַפּירלעך אין בײַ־גאַרטל אַרײַן און אינאיינעם מיטן חשבון געלייגט אונטערן קישן.

דאַן האָט ער פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן דעם מעקלערס בגדים, פֿאַרלאָשן דעם לאָמפּ און זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן פֿרעמדן גע־לעגער. די אויגן זײַנען צוגעפֿאַלן, אָבער קיין שלאָף האָט זיך צו אים נישט גענומען. אין קאָפּ האָבן זיך געמישט ציפֿערן, צאָלן און מאָדנע ווערטער פֿון אַ פֿרעמדן מיידל, וואָס האָט אים געקושט, און וועלכע ער אַליין האָט גענאָגט, ווי אַ וואָרעם.... זײַן מוח האָט נישט געדינט און ער האָט זיך נישט געקאָנט אויספּלאָנטערן. „איז, נאָך דעם, הייסט עס בין איך געפֿאָרן... איר ווייסט נישט, וואו ס'הייבן זיך אָן אונזערע זיבעצן־אַכצן און וואָס איר וועט מוזן טאָן בײַ דרײַסיק...“ די ווערטער האָבן זיך אײַנגעגלעט, נישט אַרויסצו־

רייסן.... „די ערד עפנט זיך... מירן איינזינקען .... ביי קאַנאָנען־דונער — ליבע...“

ער האָט זיך געוואָרפן פון איין זייט אויף דער אַנדערער. פאַרמאָרעטע וואַנצן האָבן דערפילט דעם פרעמדן, פרישן אורח און זיך צון אים אַ נעם געטאָן. איז נישט קיין שלאָף און דערצו אַ וויסטע אומהיימלעכקייט. האָט ער צוריקגעעפנט די אויגן און אַרומגעבלאָנדזשעט אין חשכות, וואָס האָט זיך אויסגעהאַנגען אין שטוב. ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז די סאָפקע פאָרט אַרום אין פינסטערן חלל. ער האָט זיך פאַרלוירן און פאַרגעסן וואו ער ליגט. בלויז פאַרנומען פון ערגעץ אַ טופען פון פערדישע קאָפיטעס, אַ רייסן מיט די מאָרדעס ביים זשלויב און אַ קלינגען מיט די צוימלעך. אויך שעפטשען, ערגעץ־נישט־ווייט, האָט ער געהערט; אַ פאַרשטיקטן געלעכטערל און אָפגעריסענע ווערטער: „כ'האָב נישט דערלייגט צון אים... אָנגעפייפט... און חשבון... כעכע!... טאָני... טאָני... האָב שכל... הלוואי מאָרגן ווידער... אַזאַ פלאָכט... שלאַפען!“

בער האָט זיך לאַנג געוואָרפן אויפן געלעגער, געקראַצט די הענט און די פיס, ביז בלוט. לסוף, אַ מידער און אַ צעמזיקטער, איז ער דאָך איינגעשלאָפן. אָבער אויך אין שלאָף האָט ער קיין רו נישט געהאַט: „סאָלדאַטישע ביקסן... איינרייסנדיקע בריקן... ברענענדיקע הייזער... קעפ... אברים... און צווישן דעם אַלעם ער, בער, מיט אַ ביטל געלט אין די הענט... דרייט זיך אַרום אין אַ פאָר פויערישע תחתונים און ווייסט נישט וואוהין זיך צו ווענדן... ווערט ער אַליין אַ ביקס, אַ קאַנאָן, וואָס שפייט מיט פייער, אַ לאַנגע רער און עמעץ רייט אויף איר אַרויף... רייט אויף זיין האַלז, וואָס איז פון מעש און קופער...“

ס'איז אים היים געוואָרן. ער האָט דערפילט אַזאַ ווייטאָג אין האַלז, אַז ער האָט זיך מיט אַ געשריי דורכגעוועקט. אָבער אין דער מינוט איז זיין שרעק געשטיגן, ביז חלשות: צוויי נאַקעטע מיידלערישע הענט רייסן זיך צו זיין האַלז, אַ גרויסער צעשויבערטער קאָפ דריקט זיין ברוסט און ווערטער הויכן אַרויף:

— שטילער... איך בין עס... טאַני... די קליינע ליזע שלאָפט... ווייסט נישט וואָס צו טאָן? סאָלדאַטן האָבן עפּעס אין מיר דער־וועקט און כ'וויל... טו אויך: דער טאַטע זאָגט, אַז ער האָט דיך דערויף געבראַכט... דו... איך בעט דיך...

דאָס בעטן איז אַריבערגעגאַנגען אין אַ שטילן געוויין און פון געוויין אין אַ גראַנגל.

— נו... נו!

בער האָט געפּרווט זיך צו באַפרייען פון די הייסע, נאַקעטע אָרעמס, פון דעם צעשויבערטן קאָפּ, אָבער דער ווילדער כּוח פון דעם מיידל האָט אים ביינגעקומען. דאַן האָט ער פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט, רעדער האָבן זיך געדרייט פאַר זיינע אויגן און ס'האָט דערוואַכט דער דרעמלענדיקער מאַנסביל־באַגער....

— יאָ... יאָ!

אויפגעבייטשטע געבליטן, פאַרשטיקטע, גיכע אָטעם־צוגן און פאַרגלייזטע אויגן... — — — — — —

ערשט דאַן:

— דו וועסט דאָך אַזוי גיך נישט קומען נאָכאַמאָל... און אויב דו וועסט נישט קומען איז נאָך גלייכער... טאָ פאַרוואָרף נישט מיטן קאָפּ.... — — —

אַ פוילקייט פון נאָך־געשטילטע ערשטע גלוסטונגען האָט זיך אָנגעגאָסן אין בערס ביינער און ער איז געבליבן ליגן מיט אַן אָפענעם מויל...

— דו וועסט מער אַהער נישט קומען, האַ? — האָט טאָני געפרעגט — זאָגסטו?!

— כ'זאָג...

— און וועסט מיך געדענקען?

— כ'וועל....

אין דער פינסטערער שטוב האָט דורכגעווייסלט אַ העמד, נאַ־קעטע הענט און פיס, און דער דיל האָט לייכט אַ סקריפּ געטאָן אונטער די וואַרעמע שפּיץ־פינגער.

מיט אַ פולן קאָפּ איז בער געלעגן. געגלאָצט אינם חושך אַריין. ער האָט געקרייצט די הענט אין דער ברייט, און האָט נאָך

געפּילט די מיידלערישע וואַרעמקייט אויפן ברעג פון קישן. אַ שמייכל האָט געקרייזלט אויף זיינע מויל=ווינקלען.

ער איז שוין מער נישט אַנטדרעמלט געוואָרן. אַ וואַכעדיקער, האָט ער געציילט די האַלבע שעהן און די שעהן, וואָס דער פענדדל=זייגער האָט אויסגעקלונגען; נאָכגעקוקט, ווי פאַמעלעך טוט זיך אָפּ די געדיכטע פינסטערניש און ווי ס׳גראָעט אין די פענסטער. ביסלעכווייז האָט זיך אויך אויסגעלויטערט אין זיין פאַרנעפּלטן געהירן און ער האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין, וואָס אַזוינס ס׳איז איבער אים געקומען. ער האָט שוין קלאָר געוואוסט, אַז דער מאַנסביל איז אין אים צייטיק געוואָרן. ס׳האָט אים אָבער גענאַרט: הלמאי האָט מען זיך ערשט אויף אים אָנגעזעצט און באַצוווּנגען?!... הלמאי האָט זי זיך געבעטן און ער... האָט זיך געווערט... און פאָרט...! —

דער מאָרגן האָט שוין אַריינגעקוקט אין פענסטער. אַרום איז נאָך שטיל געווען. אין אַנדערן צימער האָבן די שטובמענטשן נאָך גערוט. בלויז אין אַיינפאָר=הויז האָט זיך אַ מענטש שוין געלאָזט הערן. איוואַן האָט זיך געפּאָרעט אַרום די פערד ביים זשלויב, און מיטאַמאָל אָנגעהויבן ציילן די ווערטער פון זיין געבעט: „אָטשע נאַש איזשע יעסי וו׳ניעביעסאַך“....

בער איז אַראָפּ פון געלעגער. ער האָט אויף גיך אַריינגעטאַנצט אין לייווענטענע תחתונים אַריין, אַרויפגעצויגן אויף זיך דאָס גראָבע העמד און אַפּגעשלעפּט דעם בייגאַרטל פון אונטערן צ׳קאָפּנס. ער האָט איבערגעדרייט דעם שליסל פון טיר און אַרויס אין אַיינפאָר=הויז.

— דאָברי פּאָלודני! — האָט איוואַן אים באַגעגנט.

בער האָט געגעבן דעם פויער דעם ביטל און געהייסן באַהאַלטן אין זאַק=האָבער.

— אַזוי... — האָט איוואַן מסכים געווען — גוט... גאָט זאָל נאָר צוהעלפן.... ס׳וועט שוין זיין אַ לייכטערער וועג אַהיים.... אָבער טיי אַ טאָפּ וואָלט איצט גאָרנישט געשאַדט... מיינסטו נישט אַזוי?

בער איז צוריק אַריין אין שטוב. אין דער רגע האָט זיך אין אַנדערן צימער געלאָזט הערן אַ צעצויגענער געניץ: האַוו... הע....

הו...האָע!... דאָס האָט זיך דאָרט קורפירסט אויפגעכאַפּט און, גע־בעצנדיק, געוועקט זיינע טעכטער:

— ליזע, שלאָפסט? טאָני, שלאָפסט? כזע נישט מיינע שקאַר־פעטקעס! שטייט אויף, מוידן!...מ׳דאַרף...הע... האַו...העוו... מ׳דאַרף אַוועק־משלח זיין דעם אורח, איידער ער איז זיך מיישב... האַוו... הע...האַווע וואָ...אָ... ליזע, טאָני!

בער האָט, אַ באָרוועסער, געשפּרייזט איבערן צימער, אַראָפּ און אַרויף. באַלד־דערויף האָט קורפירסט לייכט געעפנט די טיר, אַריינגעשטעקט דאָס קאַלטענעוואַטע בערדל און געדרייט מיט די טריפנדיקע אויגלעך:

— גוטען מאָרגען, הער פרידמאַן! שלאַפען שאָן ניכט? אונד איך האָב זי ערשט וואָללען וועקען.... זעען זי!

דאָס יידל האָט ברייטער געעפנט די טיר, זיך אַריינגעשאַרט אין שטוב אַריין, ווישנדיק מיט די אַרבל זיינע וואונדיקע אויגן.

— אַלזאָ, מיר קאָנען פאַקן... — —

זיינען אַרויס אין שטאַל. קורפירסט האָט אַרויסגעשלעפּט די פלעשער קאָניאַק פון אַן אַלטן שטרויזאַק, וואָס האָט געפוילט אין אַ ווינקל און זיי געוויקלט אין שמאַטעס. דאָס ליידיקע בוימאייל־פאַס האָט ער אָנגעפילט מיט האָלץ־זעגעכץ און איינגעפּאַקט אַהין די סחורה.

— און איצט קאַנען זי פאַרען ביז נאַך פעטערסבורג! שפאַנען די פערד! שפאַנען!

דאָס יידל האָט זיך אַרומגעקוקט, אַ צופּ געטאָן דאָס בערדל און פאַרענדיקט:

— זי ווערדן צופרידן זיין... אָבער טראַכטן זי איך זאָל אויך... בע־כע... הער פרידמאַן... באַרעכנט... שטאַל־געלט... נאַכטלע־גער... פאַר ניצן מיינע קליידער... כע־כע... באַלד וועט אייך זיין פרישטיק... און... אונד... אונד... זי ויסן...

— וואָס? — האָט בער געוואָלט דערגיין — וואָס... אונד...

— כע־כע... זי ויסן... איר זיינט דאָך... זי וואַרען דאָך... בע־כע נישט אַליין.... יאַ־יאַ.... דאָס מיידל... זי...

ווי די ערד וואָלט פּלוצלונג עפענען איר מויל און ער, בער, וואָלט אָנגעהויבן זינקען אין דער טיף; די אויגן האָבן זיך בײַ אים איבערגעקערט און ער האָט דערזען פֿייערדיקע רעדער. אָבער אין הרף־עין האָט ער זיך אויסגעצויגן, לענגער געוואָרן און זיך אײַנ־געפּרעסן אין יידלס צורה אַרײַן:

— דאָס מיידל, זאָגט איר?

— טאָני! יאָ, טאָני — האָט קורפירסט דערקלערט — דיזע מיט דער.... און איר דאַרפט באַלוינען.... זאָוואָהר איך...

בער האָט אַרײַנגעשטופּט די הענט אין די טיפע הויזנקעשענעס, נישט געדענקענדיק, אַז זיי זײַנען פּוסטע און לעכערדיקע:

— גוט... ס'מיידל... באַלוינען — האָט ער אַרומגענישטערט אין די לייוונטענע תחתונים — גוט...

אָבער פּלוצלונג האָט ער אַרויסגעצויגן די הענט און אַ פּאָך געטאָן אין דער לופטן; מיט איינער האָט ער אַרומגעכאַפּט קור־פירסטס דאַרע גערגעלע און מיט דער אַנדערער האָט ער אָנגעהויבן שניידן איבערן קאַשטאַנעוואַטן פּנימל, איבערן מויל און שטויסן אין האַרץ אַרײַן.

— זיי וועלן צופרידן זײַן, הער קורפירסט! איר וועט שוין: פּאַר די טעכטער עקסטראַ באַצאָלן! איר... איר... איסוואורף! — האָט בער געשריען, ווי נישט מיט זײַן קול — איר, מנוול!

דער פּויער, איוואַן, האָט נישט גוט פֿאַרשטאַנען אָן וואָס ס'גייט. האָט ער אויף גיך אָפּגעבונדן די לייצעס, אָפּגעריסן בערן פֿון יידל און אים אַרויסגעזעצט אויפֿן וואָגן.

— טפו, שעלמאַ! רוח! — האָט דער פּויער אויסגעשפּיגן אויפֿן יידל, וואָס איז געפֿאַלן, אַ צעמזיקטער, אויף אַ קופּע גנאָי. — דער וואָגן האָט זיך אַ ריר געטאָן, אַרויס פֿון אײַנפֿאָר־הויז — וויאָ!

און דער פּויער האָט נאָך אַלץ געפּלוכט:

— שעלמאַ! וויאָ, קאַשטאַני, וויאָ! אַהיים, סאָקאָלי! אַזאַ... אַזאַ... טײַוול!....  —  —  —  —  —  —  —  —

—  —  —  —  —  —  —  —  —

הינטער קריקעוו האָט דער פּויער אײַנגעהאַלטן דעם גלאַף פֿון די פּערד.

— זאָל גוט טונקל ווערן. איצט קאָן מען נאָך נישט אַריינפאָרן! — האָט איוואַן באַמערקט.

די פערד זיינען געגאַנגען טריט=ביי=טריט און דער פויער האָט געדרייט אַ גראָבן פאַפּיראָס. אין אַ שטיק דיקן פּלים=פאַפּיר האָט ער אָנגעשיט טאַבאַק=קערנדלעך און פאַרקלעפּט מיט שפּייעכץ. פון זיינע טיפע הויזנקעשענעס האָט ער אַרויסגעצויגן אַ שטיק היבקע און געשלאָגן מיט אַן אייזנדל אָן אַ קרעמין=שטיינדל, ביז פונקען האָבן זיך צעשפּריצט. פון רויך האָט דער פויער באַקומען הרחבת=הדעת און געזוכט צו פאַרפירן אַ שמועס:

— זעסט, באַכאָר... מיר זיינען שוין ביי די קריקעווער פעלדער. מעגסט זיך ראַזדריכען. גענוג שוין צו שנאָרכצן! העי, מיקיטקאַ, אַנו, הייב זיך אויף! דערצייל נאָכאַמאָל, פאַרוואָס דו האָסט דעם זשידאָק אַזוי צעפּאַלמעסט! האָסט דאָך געשניטן אין זיין ווערעמדיקער מאָרדע אַריין, ווי אין אַ קרויט! העי, ראַזדריכע זיך!

בער איז נאָך אַלץ געלעגן, ווי אין אַ הינערפלעט. איוואַן האָט אים אָבער אַלעמאָל געמונטערט:

— דו... העי... די זון פאַרגייט שוין... אָט נאָך אַ ביסל... כ׳זע שוין דעם שפּיץ פון קריקעווער צערקווע.... אַ לויב צו גאָט.

דער וואָגן איז פאַרבייגעפאָרן פאַר אַן איבערגעפוילטן, הילצערנעם צלם, וואָס איז געזונקען אין אַ טאָל. איוואַן האָט אַראָפּגענומען ס׳היטל, זיך איבערגעכרעסטעט און אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ:

— אַ וואונדערלעכער נאַראָד... די יידן... — — —

ערשט, אַז ס׳איז גוט פינסטער געוואָרן און דער וואָגן איז געבליבן שטיין אויפן פויערישן הויף, האָט בער זיך דורכגעוועקט. מיט אַן אומגעלומפּערטער שווערקייט איז ער אַראָפּגעקראָכן פון פור און אַריין אין כאַטע.

די גראָבע גויטע מיט אירע פאַרייזטע פעמפּיקלעך האָבן אים אַרומגעשטעלט און באַגאַפט מיט זייערע גרויסע, גרויע אויגן. נאָר מיטאַמאָל האָט זיך געעפנט די טיר און אַ קול האָט אַ דונער געטאָן:

— אוכאַדי! וואָן! נו, ק'טשיטערטיאַם, רעביאַטישקי! אַוועק, מיאוסע באַבע!

אויף דער שוועל איז געשטאַנען דודאַלע בענקערט און מיט איין אויגל געמאָסטן בערן, וואָס איז געזעסן, ווי אַ דערשלאָגע־נער. די גראָבע איוואַנעכע האָט פאַרנומען אירע קינדער און, ווי אַ קוואָקע, זיך אַרויסגעשאַרט פון דער כאַטע, האַלטנדיק די הענט אויף אירע פעטע היפטן.

— נו־קאַ! וואָס־זשע זיצסטו, ווי אַ גולם? אָנגעטאָן און אַהיים! ביי דיר דאַרט איז אַ גאַנצע טרעוואָגע! — האָט דודל צוגע־שפּאַנט צו בערן — וואו איז דאָס געלט?

בער האָט נישט געוואוסט, וואָס ער פרעגט אים. מיט דער האַנט האָט ער געפירט איבער זיין צעביילטן שטערן און געפינטלט מיט די אויגן:

— ס'געלט... ס'געלט...

— נו, ס'געלט! — האָט דודאַלע איבערגעחזרט, שוין אויף אַ קול.

— דאַכט זיך, ביי איוואַנען אין זאַק האָבער....

— עך, טי, דוראַק! — האָט דודאַלע אויסגעשפּיגן און אַרויס אין הויף. — —

באַלד איז ער ווידער געווען אין כאַטע, האַלטנדיק אין איין האַנט דעם לעדערנעם ביי־גאַרטל און אין דער אַנדערער דאָס פּעקל מיט בערס בגדים.

— נו! אָנגעטאָן! גיכער! — האָט ער קאָמאַנדעוועט — און דעם „דריישטערנדיקן" האָסטו געבראַכט?

— אין פּאַס פון בוימאייל... — האָט בער פויל געענטפערט, אַרויפציענדיק די שיך אויף די פיס. — —

אַרויסקומענדיק אויפן הויף, האָט דודאַלע צוגערופן די איוואַ־נעכע, אַ שמיר געטאָן מיט דער נאַגייקע איבער אירע צעיורענע ברוסטן און איר אַריינגעהילכט אין די אויערן:

— זאָג דעם כלאָפּ דיינעם, ער זאָל דאָס פּאַס באַהאַלטן אין סטאָדאָלע, הערסט?

— כ'הער... — האָט די גוייִטע געשאָקלט מיטן קאָפּ און געריבן איין באָרוועסן פוס אָן אַנדערן....

— אַ טיפער שאַגאָס! — האָט דודאַלע אָנגענומען בערן פאַר אַן אַקסל.

זיי זיינען אַרויס פון הויף. אין גאַס איז שוין גוט פינסטער געווען. נישט ריידנדיק מער, האָט דודל געלאָזט בערן פאַראויס און אַליין צוגעאײַלט דעם גאַנג, פונהינטן. צוקומענדיק צו דער שטוב, האָט דודאַלע שטיל אָנגעוויזן:

— אָט שטייט דער זיידע און קוקט אַרויס אויף דיר.... — —

אין שטוב האָבן אַלע געוואַרט, אַחוץ ר' הירשלען. די ייִנ־גערע קינדער האָבן אַרומגערינגלט דעם אָנגעקומענעם ברודער און נייגעריק אָנגעשטעלט די אויגן, אפשר וועט ער דערציילן אַ חידוש... אָבער אָפּגענאַרטע און אַנטטוישטע, האָבן זיי זיך אָפּגערוקט אין די ווינקלען.

דודאַלע בענקערט האָט אַרויסגעלייגט אויפן טיש די באַנק־נאָטן פון טייסטער און געבעטן ר' נוחקען צו ציילן קרן און ריווח. דערביי האָט ער געוואָרפן כיטרע בליקן און געוואָלט טרעפן, פון וואָס און פאַר־וואָס ס'נעמט זיך בערס אומצופרידנקייט און זיין עקשנותדיק שווייגן.

— זעץ זיך אַוועק און גיב איבער חשבון, יאָט! — האָט דודל געפרוווט אַריינציען בערן.

אָבער בער האָט געענטפערט קורץ:

— זיידע, האָסט דעם טייסטער, האָסט די צעטלען... קוק דו... איך בין מיד....

ר' נוחקע האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן. באין־ברירה האָט ער אויפגעזעצט זיינעברילן אויף דער שפּיץ נאָז און אַרויסגעצויגן דעם קנויט פון לאָמפּ:

— נו... גוט... אָבער חשבון דו, דודל... ביסט דאָך אַ שותּף און דער ייִנגערער דערצו!...

אין דער מינוט האָט זיך געעפנט די טיר און ר' הירשל איז אַריינגעקומען פון גאַס; נאָר־וואָס זיך אומגעקערט פון בית־דין־שטוב, וואו ער האָט אָנגעהויבן איבערצוויצן גאַנצע טעג. דער־

הערנדיק דעם סקריפּ פון טיר, האָט ר׳ נוחקע צוויי מאָל אַריבער־געקוקט איבער דער בריל און, ווי אַן אויסגעלייזטער, זיך אָנגערופן:

— נו... גיי צו רעכענען, הירשל. בער איז שוין דאָ פון וועג. אַ שותּף וואַרט דאָך.

ר׳ הירשל האָט אַפילו קיין וואָרט נישט געענטפערט. אַ הייב מיטן אַקסל — און שוין געווען אין צווייטן חדרל. דער אַלטער איז געבליבן זיצן, ווי אַן אָפּגעשמיסענער. דאָ האָט זיך אָבער דודאַלע שוין מער נישט געקאָנט איינהאַלטן. ס׳האָט זיך אין אים דערוועקט אַ רחמנות־געפיל צו דעם אַלטן, און גלייכצייטיק האָט זיך אַזש געררויכערט פון זיינע נאָז־לעכער, פאַר כעס:

— ר׳ נוחקע, ס׳איז אַ נפש דער דאָזיקער ייד אַייערער איז, טשאָרט יעוואָ דיערי! וואָס מיינט ער זיך עפּעס? איך ווייס, ער וויל מיך נישט!... אָבער צי בין איך דען שוין גאָרנישט, האָ? ניע־אוזשעלי ווייסט ער נישט, אַז... קוּסיעם טשערטיאַם! מ׳דאַרף נישט חשבונען! איך בין נישט קיין שותּף און כ׳וויל נישט קיין חלקים! ניקאַק ניעט! כ׳האָב גלאַט געוואָלט וויסן... וואָרעם איר דאַרפט וואַקסן אין גאָלד! אָבער ס׳איז אַ מאָדנער נפש דער דאָזיקער ייד איז, טשאָרט יעוואָ דיערי!

דודאַלעס אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט אַ בלוטיקער פייכטקייט און איבערגעגאַנגען, פאַר אויפרעגונג אין טיפער באַליידיקונג. ער האָט צורעכטגעמאַכט דאָס היטל אויפן קאָפּ, אויסגעקנאַקט מיט דער נאַגייקע און זיך געלאָזט אַרויסלויפן. ביי דער טיר האָט ער זיך באַרעכנט און אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע:

— אָבער, ר׳ נוחקע... איר קאָנט זיין רויק!... דודאַלע וועט שוין בלייבן דודאַלע, און איר, איר וועט שוין גאָרנישט וויסן... זייט זיכער.... אַ גוטע נאַכט! — —

דער אַלטער איז נאָך לאַנג געשטאַנען ביים טיש, ווי אַן אומשולדיק־אָפּגעגאָסענער און געגלעט די באָרד. דאַן האָט ער אַראָפּגענומען די ברילן פון דער נאָז, געווישט די פייכטע פענסטער־שויבן מיט צוויי פינגער און עפּעס שטילערהייט געשעפּטשעט:

— ווייס איך... ווייס איך... נאַ... הי... אָ...

— — — — — — — —

ס'זיינען לאַנגע, זומערדיקע טעג אַוועק. בײַ די פרידמאַנס אין די ווייסע שטובן האָט מען ווידער געשוויגן. ר' הירשל האָט אויסגעמיטן די אייגענע מענטשן, ווי ווייט ער האָט געקאָנט, און גאַנצע טעג זיך אויפגעהאַלטן אין בית-דין-שטיבל בײַם שטעטלדיקן מרא-דאַתרא. ר' נוחקע האָט, שווייגנדיקערהייט, געבלעטערט אין זיינע ספרימלעך און זעלטן אַריבערגעקוקט איבער דער ברילן. אַממייסטן האָט געשוויגן בער. אָבער אין זיין נישט-רעדן האָט ער אַריינגעטראַכט אַ טיפן מיין.

די צוויי בערדיקע ייִדן, פאָטער און זיידע, האָבן אפשר צוליב בענקשאַפט נאָך עפעס לאַנגאָנעדיקס, אָדער פון צער, געקאַרגט און געוואוינן אַ וואָרט. בער, דער אויפוואַקסנדיקער מאַנסביל, וואָס האָט געפרוווט אַ שפּיל-טאָן — זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג אַריין — האָט דערפילט אַ מין אומהיימלעכע פוסטקייט. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם, וואָס בושעוועט אין דרויסן, און פאַר זיין אייגענער, נישט-אויסגעלופטערטער ליידיקייט. —

„איר ווייסט נישט, וואו ס'הייבן זיך אָן אײַערע זיבעצן-אַכצן און וואָס איר וועט טאָן בײַ דרייסיק" — האָט ער זיך דערמאָנט. אָבער ערגעץ אויף דער דעק, טיף אין אים האָט עס געשריגן: „ס'האָבן זיך שוין לאַנג אָנגעהויבן די אַכצן, די ניינצן און ס'וועלן קומען אַזוי יאָר נאָך יאָר!"

ס'זיינען לאַנגע זומערטעג אַוועק. בער האָט געשפּאַנט איבערן פויערישן הויף און פון דאָרט זיך אַרויסגעלאָזט צו די קריקעווער געסלעך, וואו ס'האָט געשמעקט מיט מלחמה-אַוואַנטורע און וואו „שאַריע-האַנדל" האָט געבליט. אויף געסלעך האָבן ייִדן, בגנבה און בסוד, געשמועסט וועגן גיכן בראָך פון די „פּאָניעס" און וועגן שפּעקולאַציע מיט סחורה. בער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אויפגעכאַפּט אַ וואָרט און ווייטער אַוועקגעשפּאַנט, מיט זיין איבערצייגטער ליידיקייט. זיינע טעג זיינען אָפּגעלאָפן מיט נישט-אויסגעפורעמטע געדאַנקען און לאַנגע בלאָנקענישן. גאָרנישט איז ביכולת געווען

אים אויפצוּוועקן און אויפטרייסלען. אַפילו נישט די געשעענישן אויפן פראָנט: די גרויסע מפּלות פון די צאַרישע אַרמייען. —

סוף־זומער האָבן די עסטרייכער אַ שפּאַר־געטאָן פאָרויס און צוריקגענומען גרויסע שטחים, ביז צום טייך דניעסטער פון איין זייט, און ביז צום טייך זלאָטאַ־ליפּאַ, ביי דער שטאָט בערעזשאַן — פון דער צווייטער. די רוסישע שטאַבן האָבן זיך דערנענטערט אַזש קיין קריקעוו און אַרום האַרבסט־צייט, און אין די ווינטער־חדשים, האָט אין דער געגנט פון קריקעוו געווימלט פון גענעראַלן און שרים.

אין שטעטל איז דעמאָלט געווען יום־טוב פון דרויסן, און אַן אימה און פאָרכטיקע דערוואַרטונג — אין די שטובן. פרי אינ־אָוונט האָט מען פאַרריגלט טיר־און־טויער, אויסגעלאָשן ס'פייער, פאַרשטופּטע אין די ווינקלען, זיך צוגעהערט, ווי די שויבן קלינגען און די דעכער הייבן זיך...

אין די קורצע טעג האָט מען זיך געהויכט אויף די נעגל, אויפן אויער אָפּגעמאַכט אַ מסחרל, און זיך איבערגעוואונקען מיט די אויגן. אין די דאָזיקע ווינטער־טעג האָט זיך דערוועקט דאָס רחמנות צו יידן־ברידער און צון אַלע מענטשן, וואָס אויף זיי איז גאָטס צאָרן אויסגעגאָסן געוואָרן... מ'האָט צוגעקוקט, ווי מחנות געפאַנגענע עסטרייכער, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע, קריכן צו דער גרעניץ, כדי, אונטער גרויסער שמירה, אָנצוקומען אין ווייטן, קאַלטן וואָגל־לאַנד. מ'האָט געזיפצט, זעענדיק די פרעמדע און היימישע יידן, געטריבענע מיט בייטשן, אָפּצוקומען אין סיביר, פאַר שאַרפע זינד... — — —

און נאָכן ווינטער איז אַ פאַרפעסטעטער זומער געקומען גע־שטויגן. צוליב דעם נאָענטן פראָנט האָט זיך קריקעוו צוגעווייִנט צו די טויזנטער פאַרוואונדעטע, בעלי־מומען און צעהישטע, וואָס מ'האָט אָנגעפירט אין די שפּיטאָלן און אין די אויפגעשטעלטע ביידלעך און באַראַקן. איבער גאַנצן שטעטל האָבן זיך צעטראָגן מיאוסע, אויס־געגענעצטע ריחות און איבלקייטן. געשטאַנק פון פּגרים און נבלות אין דרויסן, און ענגעניש און דערשטיקעניש אין די שטובן, וואָ

אײַנקוואַרטירטע סאָלדאַטן האָבן פּאַרלײזיקט װענט און דילן. און װאָס װײַטער אין דער צײַט אַרײַן — אַלץ בעסער....

אָבער ייִדן װערן מושווה מיט אַלעם. מ'האָט זיך צוגעזײַנט און געפונען פּלאַץ פאַר אַלעם און אַלץ... דאָס שטעטל קריקעװ האָט אַפילו אַרײַנגענומען ייִדישע אורחים פון צענדליקער דערפער און שטעט, װעמען מ'האָט, װי די הינט, פאַרטריבן פון זײערע הױפן... אַז מ'דאַרף, מאַכן ייִדן זיך אַ ביסעלע ענג און מ'קומט אױס, אַ לױב זײַן ליבן נאָמען... — —

און בער? גלײַך די אױגן זײַנע װאָלטן נישט אַלץ געקאָנט אַרײַנזױגן אױף אײנמאָל, און די פיס זײַנע װאָלטן נישט פון פלײש און אָדערן און בײנער געװען! שפּאַנט איבער די גאַסן, אַזש צו פרײַציִשע פעלדער פאַרקריכט ער, װאָס שטרעקן זיך, װיסטע און נישט־באַאַרבעטע, הינטערן שטעטל. איבער די פעלדער בראָדזען טשאַטעס פאַרבלאָנקעטע פײגל און ער פלאָשעט זײ מיט גרודקעס און שטײנער. װילדע פײגל, פון — אפשר פון װײַטע לענדער — אָנגעשטױגענע, װאָס פאָכן מיט שװערע פליגלען און שרײען אַרײַן אין דער ליידיקייט. —

פון די פעלדער קערט ער זיך אום צוריק צום מיט־מאַרק, װאָס פוסטעװעט, און פון דאָרט צו דער פױערישער כאַטע, װאו אַחוץ שװײַגעניש, האָט שױן אָנגעהױבן אַרײַנצופּיפּסן דחקות... און דער פױערישער שטוב שטעקט ער אַרײַן אַ לעפל און אַ טעלערל געדיכטן זופּ און קײַעט אַ שטיק שװאַרץ ברױט. אָבער אים אַרט נישט, װאָס שװאַרצע לאַבן־לחם ליגן אױף זײער טיש, אינדערװאָכן, און דערגײען אַמאָל נישט, סאַמע שבת... ער האָט אַפילו נישט געפּרװט קלערן, פון װאַנען ס'נעמען זיך די שװאַרצע לאַבן און דער געדיכטער זופּ אױף זײער טיש, דעמאָלט װען אַלע שװײַגן... ער האָט אָבער נישט אײנמאָל געזען, װי דודאַלע בענקערט כאַפּט זיך אַרײַן צו זײ, מיט אַ טלומעקל אין האַנט, און קערט זיך באַלד צוריק, אַ ליידיקער... פאַר בערן איז דאָס אפשר גענוג געװען צו זען....

בלױז אײן פראַגע האָט אים געעקבערט: „ביז װאַנען װעלן װילדע פײגל קרײזלען איבער די פוסטע פעלדער און װי לאַנג נאָך

וועט ער זיי מוזן פּלאָשען מיט גרודקעס?" אַזוי נאָך זיין אויפשטיין און אַזוי ביזן שלאָפן־גיין.

און איבער די קעפּ זשומען אייזערנע אָדלערס, פּאַרלירן, אין פלוג, באָמבעס, ווי פייגל וואָלטן גאָר פלוצלונג זייערע אייער אין לופטן געלייגט...

נאָר בער האָט נאָך אַלץ זיינע וועגן נישט איבער־און־איבער־ געמאָסטן. ס'האָבן דאָך זיינע פיס צום טויזנטסטנמאָל אויסגעטראָטן די זעלביקע געסלעך און זיינע אויגן האָבן זיך צוגעקוקט צו די זעלבע טויערן און פענסטער: אָבער יעדן טאָג האָט אַ פרישע נייגעריקייט געהייסן שטאַמפּן.

אין קריקעוו האָט מען בסוד געמורמלט, אַז דער בחור איז, דאַכט זיך, אַ „געריר־טער"; אָבער הויך ריידן האָט מען נישט גע־וואַגט. וואָרעם, „ווער ווייסט? הלמאי איז טאַקע ר' הירשל אַליין אויך אַזוי... און... ווי, ווי!... יידן זאָלן נאָך ווערט זיין צו זיין עפּעס יידן!"

און ווידער האָבן בלעטער אָנגעהויבן פאַלן פון די ביימער און ווידער האָט אַ שווערער ווינטער אַריינגעקוקט קיין קריקעוו. געבריהט האָבן זיך, ס'רוב, הפקר־יונגען, וואָס האָבן זיך נישט גע־מיאוסט פון כלערליי עסקים. דערצו זיינען דווקא יאָ געווען מענ־לעכקייטן. ס'האָט געווימלט פון סאָלדאַטן און אָפיצירן, וואָס האָבן געקאָנט שפּייזן בהרחבה. האָבן אין די הפקר־שטובן יונגען געהוליעט גאַנצע נעכט און מיידלעך האָבן אויסגעקיכלט זייערע לייבער, כדי אַ טאַנץ צו גיין מיט אָפיצירן. און וועמען האָט געאַרט דער חרם פון בית־דין? און אין די טעג פון פאַרגעסונג האָבן זיך אויך צניעותדיקע מיידלעך מיישב־געווען און פאַרטרויט זייערע אָרעמס צו צו די שיינע גוואַרדעיצעס פון דער פירשטלעכער דיוויזיע. —

אין דער צייט איז אַפילו דער גרויספירשט מיכאַיל, דעם צאַרס ברודער, מגולגל געוואָרן קיין קריקעוו מיט זיין „ווילדער דיוויזיע" פון טאָטערן און טשעטשענצעס. און יונגען אַזוינע גע־בראָטענע זיינען די ־־ געווען, מיט גלאַנציקע שפּאָרנעס און אויגן פאָס־פאָרנע, וואָס האָבן דורכגעברענט ס'האַרץ פון בעסטן מיידל! און מאַמעס האָבן גאָרנישט אויסגעפּועלט מיט זייער היטן, און נישט

אַפילו אַ האַרב, בייז וואָרט פון אַ בערדיקן טאַטן האָט געהאָלפן!
די אויגן פון די „ווילדע“ האָבן פון שטוב אַרויס געלאָקט און די פיינע טעכטער האָבן זיך אין די אָפּגעלעגענע ווינקלען באַהאַלטן, מיט זייערע „געבראָטענע פרינצן“... — — — —

נישט געשעמט זיך, און דערצו מיט אַ פאַרריסן קעפל, האָט זיך, אינמיטן טאָג, נאָר איינע געוויזן: לוסי גראָס, ביי דער זייט פון אַ יונגן גוואַרדיעיץ, וואָס האָט געטראָגן ווייסע הויזן „גאַלאַפּיי“ און שטיוועלעך, אָפּגעצויגענע, מיט זילבער־קנעפּ פאָרנט, אויף די אויסגעשניטענע כאָליעוועס. איינמאָל — און שוין אַ סך מאָל. אין איינעם פון די ווייסע פאַרנאַכטן זיינען זיי אַרויס אויפן הויפּט־טראַקט, און זיך געלאָזט גיין צו דער קלויסטער־גאַס. דער גוואַר־דיעיץ האָט גערעדט איידל און לוסי האָט געלאַכט אויף אַ קול. פון דער קלויסטער־גאַס זיינען זיי נאָך ווייטער אַוועק, צו די ווייסע פעלדער, וואָס זיינען געלעגן נישט־פאַרזייטע, אונטערן שניי; וואו ס׳בראָדזשען אום טשאַטעס שרייענדיקע קראָען. אונטערן צעפוילטן, דעמבענעם צלם, וואָס ביים ראָוו, האָט זיך דער גוואַרדיעיץ אַוועק־געזעצט און גענומען לוסין אויף די קני. זי האָט אַריינגעקוקט אין זיינע אויגן, און דער גוואַרדיעיץ, אין די הויזן־„גאַלאַפּיי“, האָט, שמייכלענדיק, געזונגען וועגן די שטערן און ווייסע נעכט“. זי האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט און ער האָט שוין גע־קוקט אין אירע אויגן. הפּנים, אַז זיי זיינען אַזוי זיכער געווען, אַז אַחוץ די בראָדזשענדיקע, קראָען, וואָס פּיקן מיט זייערע מאַסיווע שנאָבלען די פאַרפרוירענע גרודקעס, איז קיין לעבעדיק באַשעפעניש מער נישטאָ... האָט ער, דער גוואַרדיעיץ, אין די הויזן־„גאַלאַפּיי“, שטאַרקער געדריקט צו זיך דאָס מיידל און זי האָט שטיל געהע־שעט... אָבער ווי פאַרגליווערט איז זי געבליבן ליגן, לוסי, אין די גוואַרדיעיסקע אָרעמס און מיט אַ דערוואָרגענעם געשריי אין גאָרגל, דערזעענדיק גאָר פלוצלונג בערן, ווי ער קריכט דאָס אַרויס פון אַקעגנאיבערדיקן ראָוו, צילנדיק שטיינער צו די טשאַטעס פייגל אויף די פליינען. אויך בער איז אַ ביסל צעטומלט געוואָרן, דערזעענ־דיק זיין באַקאַנט מיידל.... אַ ווײַלע האָט ער וועגן עפּעס אַ טראַכט געטאָן, אָבער באַלד איז אַלץ ביי אים אויסגעקומען אַזוי גלאַטיק,

אַז ער האָט געהאַלטן פאַר גלייך, ווייטער צו פלאָשען די פייגל און לאָזן לוסין גליווערן פאַר שרעק...

— אַ פוי... הוש! — האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ גרודקע.

דער גוואַרדיעיעץ האָט געקוקט אויף לוסיס פּנים, וואָס האָט זיך געמיניעט, און פאַרשטאַנען איר שרעק. ער האָט לייכט אַראָפּגעלאָזט דאָס מיידל פון שוים, אויסגעגלייכט זיינע הויזן־„גאַלאַפּיי" און צוגעטראָטן צו בערן. אָבער אַזאַ כּעס האָט זיך אין אים צעבּרענט, אַזש די קניען זיינע האָבּן געציטערט:

— משטאָ טי? וועסט אויפהערן פלאָשען די פייגל? גיי פונדאַנען, אָדער איך שפּיי אין דיר אַריין אַ בּלייערנס! דו, זשיד פאַרשאָלטענער! —

פאַר בערס אויגן האָט אַ שווינדל געטאָן אַ קליין, בּלאַנקענדיק רעוואָלווערל. אָבער אָנשטאָט צו דערפילן איין שאַרפן שניט, צו דערזען אַ קנוילעכל רויך און אַ בּליץ, האָט בּער גאָר דערפילט אַ פייכטע האַנט אויף זיין בּאַק און דערהערט דעם המשך פון זידלערייען:

— נו, גיי שוין, זון הינטישער! גיי פונדאַנען, איידער כ'צי פון דיר די פעל אַראָפּ! וועמען ווילסטו דאָס אויסקוקן?! וואָן!

אַוודאי איז ער געגאַנגען, בער. אָבער אי דאָס בּאַנעמעניש, אי די זידלערייען און דער פאַטש אין פּנים זיינען פאַר אים ווידער אויסגעקומען אַזוי גלאַטיק און, כּמעט, נייטיק, אַז ס'האָט זיך מער נישט געלוינט וועגן דעם טראַכטן. נאָר איינס איז אים קשה, געווען: צי פאַר זיי בּיידע איז דווקא נייטיק געווען אָפּצוטראָגן זיך מיט זייער האַלדזעניש אַזש צו די ווייסע פעלדער, וואו ער, בער, איז מיט זיך־אַליין און מיטן געפלאַטער פון די שוואַרצע פויגל?...—

און פאָרט איז בּערן שפּעטער דאָס בּלוט אין קאָפּ אַריינגעשטיגן! גייענדיק אין מאַרק, איז אים אויסגעקומען זיך אָנצוצושלאָגן אָן עלנבויגן פון פאַן גראָס, וואָס האָט פאַוואָליעטשקע געבּלאָנקעט אויפן טראָטואַר און זיך געלאָזט צו דער „בּעסערער גאַס", וואו ס'שטייט זיין „ווילע", מיט פייער־ווענט און מיט אַ בּלעכערנעם האָן אויפן דאַך.

— אָ, טאַקע פרידמאַן אַליין! ווי געיט'ס, יונגער הער?

דער פאַן גראָס האָט זיך אויסגעהוסט און ווייטער געפרעגט: וועגן בערס באַשעפטיקונג און וועגן פּאָליטיק.

— און דער יונגער הער מאַכט גאַר ניכטס? פויל, האַ? פויל: כע־כע און ווי שטייט'ס מיטן קריג?

בער האָט געקוקט אויף דעם „דייטשל", אויף דעם מענטשל, וואָס קאָן קוים דעם אָטעם כאַפּן און אַרויסגעבראָכט:

— איך טרייב... פייגל... און דער קריג...

— ווי־ווי? זאָגן זי... וואָ?...

— אויפן פעלד, הער גראָף, דאָרט וואו דער אָפיציר... און זי... זי.

— וואָס רעדן זי?

בער האָט פאַרזשמורעט די אויגן און דאָס מענטשל, גראָס, איז ביי אים אויסגעקומען אַזוי קליינטשיק, דריבנע, אַזש ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז אָט־אָט און ער זינקט אַראָפּ ביז צו די שטיי־נערנע, פאַרשנייטע פּליטעס.

— נו... יאָ... אין פעלד...

— ווער? אַבער... וואַס שוואַצן זי?... אונד, זאָגן זי...

ער האָט נאָך עפּעס אין זין געהאַט צו פרעגן, דער פאַן גראָס, אָבער בער האָט קיין כוח נישט געהאַט צו ענטפערן און אָפּגעפּטרט מיט אַן אומהיימלעכן געלעכטערל:

— כי־כי! דאָסווידאַניע, מוסיו גראָס!

דאָס איז געווען אַ מין פינאַל. — און נאָכדעם זיינען גע־קומען טעג פון אומגעשטערטקייט און טיפסטער גלייכגילטיקייט.— מ'האָט געטריבן יידן צו דער אַרבעט, און בער איז אַריינגעפאַלן צווישן זיי. געטראָגן מיט אַלע צוגלייך, אַ לאָפּאַטע, אַ ביגע, אַ פּיאָש אויפן אַקסל, און געגראָבן אָקאָפּעס, ווייט אַרויס פון שטאָט. און אַז ס'האָט זיך געענדיקט די אַרבעט אין די אָקאָפּעס, האָט ער זיך נישט געאיילט צו אַנטלויפן; ער איז געגאַנגען, אונטער נאַ־גייקעס, צו האָרעווען ביי באַן־רעלסן און רייניקן שטאַלן... —

— שוויים, ר' משה, איז אַ יידישלעכע זאַך... קרעכצט נישט, ר' משה — האָט ער געטרייסט אַ יידן, וואָס האָט מיט אים איי־

איינעם מיסט גערייניקט — הערט אייך נישט צו צום רוקן, ר׳ משה.... אָדער.... קרעכצט אַ ביסקעלע אָפּ און... אָט אַזוי!...

ר׳ משה, אַ קליינער באַלעבאָס, וואָס האָט אַ קליין מסחרל אינ־דערהיים, האָט בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָז ס׳נעמט זיך צו זעלנער אַזאַ האַריק, אַרויסצושלעפּן אַ יידן און הייסן ריי־ניקן גנאַי:

— ס׳איז דאָך פּשוט רציחה!... רישעות!... אויף מיין וואָרט... פון קראָם אַרויס מיך אַרויסצושלעפּן!...

טרינקט אַ ביסעלע וואַסער, ר׳ משה, און פּטור!...

בערן האָט נישט געאַרט די שווערע אַרבעט. ער האָט זיך גאָר געפילט אויפגעלייזט. ס׳האָט אים נישט באַנג געטאָן, וואָס ער פאַרלירט טעג און קאָן זיך נישט פריי אַרומשלעפּן איבער גאַסן און איבער די פּליינען. ער האָט גאָר, צייטנווייז, געוואַרט, אַז דער סטראַזשניק זאָל אונטערקומען און אָנהייבן זידלען...

— ס׳גוט... ס׳אי גוט.... האַ, ר׳ משה? —

דודאַלע בענקערט איז אַפילו עטלעכע מאָל געקומען, גע־וואָלט אים אַהיים־נעמען, אָבער בער האָט בשום־אופן נישט גע־וואָלט אַוועקלייגן די לאָפּאַטע.

— אַז אַזוי איז מיר גוט, טאָ צו וואָס־זשע זאָל איך גיין פון־דאַנען?

דודאַלע האָט זיך געבייזערט, געפּרוווט אָנרייצן דעם סטראַזש־ניק, ער זאָל אַוועקיאָגן דעם חסר־דעה, אָבער ס׳האָט נישט גע־האָלפן.

— אָט, ר׳ משהן נעם אַהיים!... אַ קליין יידל, מיט אַ קליין קרעמל... מיר איז דאָ זייער וואויל... האַ, ר׳ משה?

דודאַלע האָט געטראַסקעט מיט דער נאַגייקע, געזידלט און בער האָט אַלץ נישט געוואָלט אַוועקטרעטן פון אָרט. ערשט, אַז דודאַלע האָט, לסוף, מיט זיך מיטגעבראַכט דעם אַלטן ר׳ נוחקען, האָט בער זיך געלאָזט באַוועגן און אַוועקגעוואָרפן די לאָפּאַטע.

אָבער איבערן גאַנצן וועג אַהיים האָט ער ביז בלוט געביסן די נעגל און נישט געקאָנט דערגיין פון זיינע צוויי שומרים, וואוהין און נאָך־וואָס זיי פירן אים אַוועק...

און אין שטוב האָבן אים אָנגעהויבן שרעקן די ווייסע ווענט און די ברעקלעך שוואַרצברויט אויפן טיש. ס'האָבן געשטאָכן דער באָבעס שטילע אָכצן און געברענט די הונגעריקע אויגן פון די ייִנגערע קינדער.

— „אָבער, וואָס ווילן זיי? — האָט ער זיך אַליין אַלעמאָל געפרעגט — וואָס ליִיגן זיי אַיין ווועלטן? וואָס דאַרפן זיי?"

ביז ר' הירשל איז רעדעוודיק געוואָרן און פאַרטייטשט. צוריקקומענדיק, איינמאָל, פון בית־דין־שטוב, האָט ער, ברייטלעך, געוואַשן די הענט, פאַררוקט די יאַרמולקע אויף אַ זייט און געלאָזט הערן אַ געלעכטערל:

— וואָס זיי אַלע ווילן? וועגן דעם טראַכסטו, בכור מיינער? וואָס זיי דאַרפן? אָט וועל איך דיר אויסרעכענען: אַ גוט מזל און אַ ברייטן גוטמאָרגן. מלווה־מלכה כנהוג און... און... כּבוד לתּורה און כּבוד לגוּע!!! אַליך כּמנהג הייִד הגביר! דו! דו! שוטה־בן־פּיקהאָליך! קלעזמער! קלעזמעריונג דו! דו! כאַ־כאַ!

בער האָט שוין נישט מיטגעלאַכט. בער האָט שוין געוואוסט, וואו ס'האַלט אין דער וועלט. זיינע הענט זיינען שלאַף אַראָפּגעפאַלן און די קני האָבן געציטערט:

— כּבוד לגוע און אַליך כּמנהג... — האָט ער נאָכגעשעפּטשעט.

דער אַלטער ר' נוחקע האָט אַריינגעשטעקט צוויי פינגער אין דער באָרד אַריין און זיי צוריק אַרויסגעצויגן מיט עטלעכע ווייסע, אויסגעריסענע האָר.

— מאַטל... דבורהל... מאַ... — האָט דער אַלטער געררופן, אָבער ער האָט שוין גאָרנישט געהאַט צו זאָגן, ווען ווייב און טאָכטער זיינען צוגעקומען — מאַטל....

ביידע ווייבער האָבן זיך איבערקוקט.

— שוטה בן־מלך! — האָט ר' הירשל ווידער אויסגעשריען און זיך פאַרגאַנגען פאַר לאַכן — שוטה! כאַ־כי! — —

בום! ב ב ב ו ם! — מיטאַמאָל האָבן די ליימיקע ווענט אַ ציטער געטאָן און אַלע שויבן זייגען אַרויס מיט אַ געבראַזגעריי. די שטיבלעך זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט רויך און איינער האָט

שוין דעם צווייטן נישט געקאָנט זען. אויפן גאָרטן איז געפאַלן אַ באָמבע. זי האָט זיך טיף אַריינגעשניטן אין דר'ערד אַריין און די אָפגעשפּרונגענע שטיקלעך האָבן זיך צעזייט און צעפלויגן, ווי ברענענדיקע, פייער־טראָגנדיקע שמעטערלינגען: זשו!... ז ז ז ז... זשו...

— כבוד לגזע! — האָט זיך ר' הירשל צעכאָרכלט....

* * *

אַ קליין שטיבל שטייט צווישן די קריקעווער רינג־קרעמלעך. דאָס קליינע שטיבל זינקט פון יאָר צו יאָר נידעריקער און זיינע פענסטער־וויטרינעס שטעלן זיך, וואָס־אַ־יאָר, באַלכסונדיקער אין דער ברייט פון די אָפגעשלאָגענע ליים־ווענטלעך.

אין קריקעוו ווייסט מען: דאָס איז שכנא אַיינבינדערס נחלה, וואָס גייט בירושה, אַזוי פון דריי דורות אַיינבינדערס. דאָ האָט גע־וואוינט ישראל־חיים אַיינבינדער און איז געשטאָרבן אַן אָרעמאַן, דאָ האָט געלעבט יעקב־יוסף, שכנאס פאָטער, און איז אַוועקגע־קומען אַן אביון, און איצט לעבט אין דעם שטיבל שכנא, וואָס איז שוין אַליין אויך אַ יידל, אַ פופציקער, ביי וועמען ס'וואַרפט זיך שוין אַ גראָע האָר אין זיין שיטערן בערדל.

און אַצונד, אין די שווערע ווינטער־טעג, שוין אויפן פערטן מלחמה־יאָר, האָט זיך שכנא דערלעבט צו לאַנגע ימים־טובים.

דער אַיינבינדער־טיש, וואָס שטייט פאַרביידע קרום־אַיינגע־פאַסטע פענסטער, איז נישט מער פאַרוואָרפן מיט קיין קונטרסים און בלעטער. די שנייד־מעסערס און דעמבענע פּרעסן פילן נישט מער אויס דאָס קליינע, זעקס־איילנדיקע שטיבל — זיי וואַלגערן זיך שוין היבש־צייט אויפן נידעריקן בוידעמל — און ס'שמעקט נישט מער מיט פריש־געקאָכטן קלייסטער און פאַפּ, מיט געשניטענע פּאַפּירן און געפאַרבטע טאָוולען.

שכנא אַיינבינדער, אַ צוגעוויינטער גרויסער אָרעמאַן פון דריטן דור, האָט זיך איצט צוגעוויינט צו נאָך גרעסערן און נאָך שטי־לערן דחקות.

אָבער פונם אויבנאָן, ביים גרויסן אַרבעטס־טיש, טרעט ער, כאָטש אַזוי, נישט אָפּ. אַמאָל טרעפט זיך דאָך, אַז דער רב שיקט

אַריין אַ צעפּליקטע מסכתא צום אײנקלײבן און אַז אַ הײמישער ייד ברענגט אַריין אַ פּעקל אײנגעריסענע באַנקנאָטן צו „פּאַרלאַטען" און שכנא כאַפּט אַריין אַן אומגעריכט פּאַרדינסטל.

אָבער נאָך נישט צוליב דעם זיצט שכנא אויבנאָן. נישט בלויז אַן אַרבעטס־שטוב איז בײ אים. שכנא איז קודם־כל אַ יידל אַ קלוגעטשקער, אַ וואוילקענעוודיקער — אַן אָפּענער מוח. אין פון זיין אויבנאָן קאָן ער אַראָפּזאָגן אַ גלייכווערטל, אַ מימרא, אַ פּשטל אויף תורה און אויף דער צייט אַפילו; פון דעם אויבנאָן קאָן שכנא פירן וויכוחים מיט די יונגעלייט, וואָס קומען דאָ אַהער, אין אַלקער, צו זיין זון גדל, וואָס איז נאָך מער חריף און נאָך מער קענער.

זעלדע, די אײנבינדערין, אַ יידענע אַ היציקע, מיט אַ געזונטן, קלאָרן פּנים — דער היפּוך צו שכנאן, וואָס איז אַ נידעריקער, אַ קרענקלעכער, מיט אַן איבערגעוואַקסענעם רעכטן אַקסל — זי, זעלדע, איז דעמאָלט מוחל אַלץ: סיי דעם מאַנס קנאַפּע פּאַרדינסטן, סיי די אײנגעהויקערטע שטוב, מיטן אײנציקן בעטל און הונדערט־יאָריקן זייגער אויף דער וואַנט, און קוועלט אָן:

— שכנא, דאַרפסט זיך נישט אײנרייסן מיט זיי!... גיב זיי נאָך, די יונגען! זאָל זיין, ווי אַזוי זיי ווילן!...

און שכנאן אַרט ווינציק, וואָס פּראָסט בליט אויף די ווענט־לעך און אַזאַ גרויזיקע לבנה שניידט אַריין איר קאַלטן, לאַכע־דיקן פּרצוף דורך די איבערגעצויגענע שייבלעך, — אים אינטערעסירט מער, ווי אַזוי דער אבן־עזרא קריטיקירט, אײזן־געזונט, ר' אליעזר הקלירס פּיוטים; ווי ער מאַכט עס אויסצודרייען דעם „שושן עמק איומה".

— האָסטו געהערט! אַ פּאָרכטיקע רויז אין טאָל! — שמייכלט ר' שכנא — אי פּאָרכטיק... אי בלשון־זכר... אי... האַ?

אָבער נישט נאָר וועגן אבן־עזרא קאָן ער ריידן. שכנא ווייסט, וואָס אַזוינס דאָס איז שיינע ליטעראַטור און אַפילו וואָס אַזוינס — רעוואָלוציע! דאָ, אין קליינעם, קאַלטן שטיבל וואַרעמט מען זיך בײ אַן אַנדער מין פייער....

גדל שכנאס זון, אַ בחור פֿון אַ זעקס=און=צוואַנציק, אַ מיטל=
געוואַקסענער, מיט אַ פּאָר העלע אויגן, איז דער גייסטיקער פֿי=
רער פֿון עטלעכע שטעטלדיקע יונגעלייט, וועמען דער הפקר פֿון
דריי יאָר מלחמה האָט נאָך נישט באַוועלטיקט דערווײַלע. — דאָ,
אין קליינעם שטיבל, טײַטש מען אויס יעדע נײַע געשעעניש און
דאָ שפּינט מען דעם פֿאָדעם פֿאַר די ווײַטערע טעג.

געציילטע זײַנען די מענטשן, וואָס כאַפּן זיך אַרײַן אַהער. די
מערסטע קומען בלויז צו הערן „אַ ביסל“ מלחמה=פּאָליטיק און אויפֿ=
כאַפּן סתם אַ גלײַכוווערטל. ס'איז אָבער גענוג, אַז נאָר אַ צוויי=
דריי קומען צוליב נאָך אַנדערע טעמים און זוכן גאָר=גאָר עפּעס
אַנדערש. — אַחוץ די לעצטע נײַעס, וואָס ווערן דאָ אַרויסגעלייענט
פֿון די רוסישע צײַטונגען, ווערן דאָך באַרירט אַלגעמיינע וועלט=און=
מענטש=פּראָבלעמען.... דאָ ווערן באַשטימט און אויסגערעכנט די
גורלות פֿון לענדער און פֿעלקער; דאָ ווערט אויך באַטראַכט די
אייגענע, יידישע אויסקומעניש!....

ר' שכנא פֿאַרגעסט, אַז זײַן טיש איז שבתדיק פֿאַרראָמט. ער
לאָזט רוען דעם אבן=עזרא און פֿאַרגעסט אָן רמ"בם; ער הערט=
אויס, הערט זיך אײַן נײַגעריק, מיט אַ גוטיטשקן שמייכעלע און
מיט אַ שאָקל מיטן בערדל, צו דעם, וואָס ער, זײַן בחור גדל, דרשנט.

— און ס'איז דאָך נישט מעגלעך — באַווײַזט גדל — אַז
אַזוי זאָל שוין זײַן אויף אייביק! פֿאָלק איז דאָך נישט קיין כמאַ=
דע שעפּסן! מאַסע וועט דאָך נישט וועלן אויסגיין!... מ'עט תמיד
קיין העלזער נישט שטרעקן! פֿאַרלייזיקט ווערן, הונגערן — ווי
לאַנג קאָן מען דען? מאַסע וועט אויפֿברילן, ווי צערייצטע לעמ=
פּערטן! מ'עט שפּאַלטן שאַרבנס... מיר קענען ס'געזעץ: מען מוז
מאָנען אַ חלק פֿון צופֿרידענעם און רויִקן... ס'געזעץ פֿון מידע און
הונגעריקע! מ'וועט... מ'וועט...

אָ, ר' שכנא ווייסט אַקעגן=וואָס דאָס רעדט זיך! און הגם
ער קאָן דאָס פֿאַרשטיין, מוז ער פֿאָרט צושמעלצן אַ חכמהלע:
— אַבער, גדל, דיני=דמלכותא? — — —

קורצע ווינטער=טעג, לאַנגע אָוונטן גייען אַוועק מיט שמועסן
און וויכוחים. די צוויי=דריי יונגעלייט, וואָס קלעבן אָן גדלען, גלויבן

אין זיינע אויספירונגען און אין זיין פאָראויסזאָגן, זיי איז אַ שאָד יעדע שעה. ברענגען זיי שייטלעך=האָלץ, אונטער די פאָלעס פון זייערע מאַנטלען, מאַכן לעבעדיקער דאָס פייער אין אויוון און טיילן זיך מיט אַ ביסל טאַבאַק צום רויכערן. —

ס'איז אוממעגלעך אָנצוצייכענען אַ שנור פון גדלס געדאַנקענגאַנג. ס'איז שווער צו פאַסן זיין אָנשויונג, אַזוי נישט גלאַטיק ווערט ביי אים אַלץ אָנגעוואָרפן. ס'איז נישט פאַרהאַן קיין סיסטעם און איינהייט. דעריבער איז שווער צו וויסן, ווי=אַרום ס'נעמט זיך ביי אים אַזאַ איבערצייגונג אין פעסטע געזעצן, ווי=אַרום ס'נעמט זיך די זיכערקייט און פונוואַנען — דער גלויבן. אפשר האָט אים צו דעם געבראַכט די אייגענע אָנשטרענגונג ביים פאָטערס קלעב=טיש, אויף וועלכן ס'פלעגן זיך וואַלגערן פיל ביכער, אויסגעריסענע קונטרסים און ער, גדל, פלעגט, אין נעכט, אַלע איבערזיפן, קייען און שלינגען.

— מיט שאַרפע פעדים בינד איך איין אַלע אמתן און דיקע ביכער און שטעל זיי אַריין אין פאַרגלאָזטע שאַפעס פון פאַרפרוירענע לייט. — האָט ער איינמאָל דערציילט — און די שפורן בלייבן אין געהירן און אויף די אַיינגעשניטענע, פאַרפאַפטע פינגער...

אין קריקעוו האָט מען געוואוסט, אַז שכנאס בחור רעדט אַזוינס, וואָס ס'איז שווער תופס צו זיין. פיל מענטשן פלעגן זיך אויסהיטן, טאַקע נישט נכשל צו ווערן, חלילה. ר' יהושוע=אָשרל שוחט האָט אים שוין אַפילו פון לאַנג אָנגעהויבן חושד=צו=זיין אין גרוים אַפיקורסות... געגעבן אָנצוהערן, אַז דער בחור איז ממש אַ „מין“, נאָר...

— נאָר אַז אַ מויערקעפל זאָל וועלן אַ וועלט איבערמאַכן, האָב איך נישט געהערט! נאָר שולדיק איז ער, דער פאָטער אַליין... והראיה, ער האַלט דאָך אים ביי זיך אין שטוב, האָדעוועט אים און... און... ער איז אַליין אויך קיין קדוש נישט, דער אַלטער! אָבער איין זאַך איז קשה: מ'זאָגט דאָך יאַקבע, אַז ער לייגט פאָרט תפילין, דער בחור?... גיי=זשע ווייס! און וואָס קלעבן אָן אים די יונגען? גיי=זשע ווייס!... — — —

---

אין איין אויף־דער־נאַכט איז בער פרידמאַן געבליבן שטיין אויף דער שוועל פון שכנאס שטיבל. צוויי בחורים, פון די איינגייער, זיינען דעמאָלט געזעסן ביים טיש און געקילט בולבעס, וואָס די איינבינדערין האָט פאַר זיי געבראָטן. דערזעענדיק בערן, האָבן זיי זיך באמת פאַרוואונדערט און אַזש אויפגעהערט קייען.

— זע נאָר...

בער האָט פאַרגעסן, זיך צו באַגריסן. נאָר גדל איז אים תיכף געקומען צו הילף:

— גיי נענטער, בער! וואָס וועסטו זאָגן גוטס?

— איך דאַרף דאָ טרעפן שמואל קלוגמאַנען. איז ער נאָך נישט געווען? — האָט בער אַ ביסל אומזיכער געפרעגט.

— אפשר וועט ער זיין און אפשר נישט. — האָט ר' שכנא פון זיין אויבנאָן געענטפערט. — אַמאָל כאַפּט ער זיך אַריין נאָך אַ נייסל און אַמאָל באַגייט ער זיך. אָבער נישקשה! רוק זיך דערווייל צו, זעץ זיך אַוועק און כאַפּ אַ געבראָטענע באַרבאָלקע. ביסט דאָך עפּעס אַן אַמאָליקער... ווי זאָגט מען עס? טוב שכן!....

— אַ דאַנק... — —

פון קליינעם אַלקערל איז אַרויסגעקומען ליובע, דעם איינבינדערס טאָכטער. ליובע — דאָס מיידל מיטן גרינעם פּנים, מיט די פייכטע אויגן און מויל, אַרום וועלכן ס'זיינען איינגערונצלט מיידלערישע צער־קאַרבן. דאָס מיידל האָט שווייגעדיק באַטראַכט בערן — „בערעניו" פון אַמאָליקן „הויז". איר איז קשה געווען, וואָס פּלוצלונג איז ער צו זיי געקומען? זיין פּוס האָט נאָך ביז־אַהער נישט אַריבערגעטראָטן זייער שוועל...

— שעם זיך נישט, בער, זיי אַן אָח־לצרה! באַזאַליץ דיר אַ בולבע! — האָט שכנא געמונטערט דעם נייעם אורח.

בער האָט זיך היימיש געמאַכט. ער האָט געגעסן געבראָטענע קאַרטאָפליעס און געשמייכלט. פון צופיל מענטשלעכער איידלקייט, אין דעם ניי־געפונענעם קריקעווער שטיבל, איז אים געוואָרן באַנג. די וואוילקייט פון די מענטשן האָט אים אַרומגענומען און געוואַרעמט — ס'נפש, וואָס איז פאַרפאַנצערט געוואָרן אין די לעצטע חדשים.

הערנדיק די רייד פון די געציילטע מענטשן, די שטילע ענטפערס פון ליובע, דעם אײַנבינדערס טאָכטער, האָט ער זיך דערמאַנט אָן גאָר לאַנגאָנענדיקס... ס׳האָט אים אַ שוועב געטאָן פאַר די אויגן יאיר שניידערס שטוב און יענע מענטשן, פון וועלכע ס׳איז בלויז אַ קלײנער זכר געבליבן... ער האָט פאַר זיך דערזען אַזאַ זעלביקן אָרעמען טיש, קאַרטאָפליעס, און... אומגעוויינלעכע ווערטער. נאָר אַ חילוק: אין דער אײַנגעהויקערטער אײַנבינדער=נחלה, וואו פראָסט בליט אויף די פענסטער, רייסן זיך מענטשן צום העכסטן אמת און שלעפערן זיך נישט אײַן מיט מעשיות פון בת=מלכּהס! דאָ רייסן זיך די מענטשן צו תּכלית פון לעבן און ווייטיק אויס יעדע שעה פון נאָכן=געבוירן=זיין. —

בער האָט פאַרגעסן אָן זיין אייגענעם ווינקל, אין דער ווייסער, פויערישער שטוב צווישן גערטענער. ער האָט, אויף אַ ווײַלע, פאַרגעסן אָן דער חולאת פון זיין פאָטער ר׳ הירשל, וועמעס געהירן ס׳איז נאָך מער פאַרנעפּלט געוואָרן. —

ער האָט זיך באַמיט נאָכצוציען, וואוהין גדל האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין דער לעצטער שעה. שמואל קלוגמאַן איז שוין געווען אונטערגעקומען. ער האָט פאַרפירט אַ טענה וועגן נויטווענדיקייט, וועגן העכערן געבאָט און גדל האָט גענומען איבערצייגן דעם קאַלטן משׂכּיל:

— ווערסט זען, שמואל, מענטשן זיינען נאָך געבענטשט מיט אור=אינסטינקטן פון בּראשית... זיי וועלן זיך אַרומזען... זיי וועלן דערשנאַפן, דערשפירן, וואו די לאָקערער זייערע זיינען באַהאַלטן. זיי וועלן גיך אויסגעפינען זייערע שונאים און פאַרטיליקן ביז איינעם! איך גלויב!...

ווי שטיקער שטאָל זיינען געפאַלן גדלס ווערטער. אַ וואָרט און אַ שטאָלענער קלאַנג.

בער, וועמען ס׳איז דאָס ערשטע מאָל אויסגעקומען צו הערן גדלען, האָט מיט צוויי ברייט=אויפגעריסענע אויגן געקוקט אויף דעם מיטלגעוואַקסענעם בחור, וואָס האָט, מיט אַזאַ זיכערקייט, פאַרזייט ריינעם גלויבן און דערוועקט מוט ביי אָפּגעקומענע מענטשן. ער איז געפאַנגען געוואָרן, בער: געפונען דאָס שטיבל, זעקס=איילן=

ברייט, וואָס קאָן דינען ווי אַ פירהייזל צו אַ גרעסערן און ווייטערן אַריינטריט.

ווייל ס׳איז געווען זיין ערשטער באַזוך ביים איינבינדער, האָט ער ליבער געוואָלט שווייגן. און ס׳איז אים דאָך פשוט שווער געווען אַריינצופאַלן מיט אַ בלאַסן וואָרט, מיט אַ געשטאַמלעריי. האָט ער גיכער געוואָלט הערן ריידן וועגן זאַכן, פאַר אים אומבאַקאַנטע, אָט נאָך ביז דער לעצטער מינוט. צו־וואָס אַ קרייע־טאָן פון אייגענעם פלאָנטער אַרויס?

ער האָט זיך יעדע ווײַלע העכער אַרויפגערוקט אויפן קיילעכיקן, גרינעם קופערט און אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן אָן דער אָנגעבלאָזענער, פייכטער וואַנט.

גדל איז איבערגעגאַנגען פון דער קורצער דרשה צון אַ געלאַסענעם שמועס און גענומען אויסטייטשן פאַר זיין קליינער אוידיטאָריע, וואָס אַזוינס „היסטאָרישער מאַטעריאַליזם“ איז. האָבנדיק אַ געוויסע ידיעה אין די פילאָסאָפישע שיטות, וואָס זיינען אָנגענומען געווען, אין יעדן דור, פאַרשטאַנען זייערע גילגולים און צונויפגיסונגען, האָט ער געפונען פאַר נייטיק, אַ פרעס צו טאָן די געהירן־הייטלעך פון זיינע צוהערער.

— און ווייסט איר — האָט ער, מיט הנאה, געדרייט דעם פינגער — אַז נאָך ביי די אַלטע גריכן האָט די פילאָסאָפיע אָנגעהויבן מיט אַ נאַטורוואוקסיקן מאַטעריאַליזם? אַוודאי! און, נאָך פאַרשיידענע אידעאַליסטישע סיסטעמען, איז די פילאָסאָפיע אַריבער אין אַ העכערן סינטעז: אין דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם...

— האַ? — האָט ר׳ שכנא אַ צופּ געטאָן ס׳בערדעלע — מאַי־קאָ־משמע־לן?

— וואָס ס׳הייסט אַזוינס דיאַלעקטיש? אָט־וואָס: אַלע דערשיינונגען ווערן באַטראַכט אינם ליכט פון זייער אַלוועלטלעכן צוזאַמענהאַנג. אין דער סאָציאַלער וויסנשאַפט באַקומט דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם די פאָרם פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם!

— טאַקע טשיקאַווע — האָט ר׳ שכנא געהויבן זיין איבערגעוואַקסענעם אַקסל — אָבער מיט וואָס עסט מען דאָס? פאַרשטיין,

פאַרשטיי איך יאָ־און־נישט, אָבער הוצא־לנו־מזה, וואָס קומט דער־פון אַרויס?

— על־פּי דער דאָזיקער שיטה — האָט גדל ווייטער גע־קנעלט — קאָנען מיר אויספאָרשן אַלע איינצלהייטן און אָננעמען פאַרן אַבסאָלוטן אמת אַליץ, וואָס אונזער שכל־הישר איז מחייב, לויטן ריכטיקן מעטאָד.

— וואויל ווי די וועלט! — האָט ר' שכנא אַ שמייכל געטאָן — אָבער וואו נעמט מען אים, דעם שכל־הישר? און וואָס איז דאָס אַזוינס דער דאָזיקער שכל־הישר?

— און אַז איך וועל דיר זאָגן, טאַטע, אַז שכל־הישר איז אַ פּראָצעס אין דער באַוועגלעכער מאַטעריע?

בער איז געזעסן מיט אַן אָפענעם מויל. נייע ווערטער און באַגריפן האָבן אים שיר נישט פאַרפּלייצט. און גדל האָט זיך ערשט פאַרמאָסטן אויף נאָך און נאָך!

— און דאָ איז דער עיקר צו דערגיין צום היסטאָרישן און געזעלשאַפטלעכן „זיין” און אַזוי־אַרום צו דערקלערן די פאָרמען און די אַנטוויקלונג פון דעם געזעלשאַפטלעכן „באַוואוסטזיין”. און דאָס געזעלשאַפטלעכע באַוואוסטזיין, גוטער ברודער, באַשטייט אין די עקאָנאָמישע פּראָצעסן!... — האָט גדל אָפּגעפּסקנט — נאָר אין די עקאָנאָמישע פּראָצעסן...

ר' שכנא איז געזעסן אויבנאָן און געצופּט דאָס שיטערע בערדל. אים זיינען גראָד געפעלן געוואָרן זיין זונס דיבורים, אָבער בשום אופן האָט ער נישט געקאָנט דערלאָזן, אַז דער תכלית פון דער וועלט זאָל זיין טאַקע נאָר אַזוי, ווי גדל מאָלט אים אויס. האָט ער צורעכטגעמאַכט די יאַרמולקע אויפן קאָפּ און גענומען זיין חכמה צו הילף:

— כ'פאַרשטיי אַ שריפה־פּראָצעס!... אַן אָנזעץ־פּראָצעס... אַ ביילים־פּראָצעס!... אָבער אַן עקאָנאָמישן?.... און אויב יאָ — הייסט עס, אַז די גאַנצע נייע תורה דיינע, גדל, קומט באַוויזן, אַז אַחוץ גראָבער מחיה און דעם אָרעמען חיות, איז אַליץ בלאָטע שבבלאָ־טע! האַ? אַז אַחוץ אַ בולבע מיט זאַליץ איז אַליץ ווערט אַ שמעק־טאַבאַק, יאָ? און ס'איז מער גאָרנישט נייטיק?...

— ס'זיינען נייטיק אַ סך זאַכן, טאַטע! אָבער פאַר־אַלעם טאַקע דאָס נאַקעטע חיות! און טאַקע צוליב דעם, מיינע פריינט, איז נייטיק, אַז דאָס „זיין” זאָל אַנדערש ווערן... אַנדערש זאָלן ווערן די פאָרמען און דער תוכן פון געזעלשאַפטלעכן באַוואוסטזיין. ס'דאַרפן איבערגעאַנדערשט ווערן די פראָדוקציע־פאָרמען, וואָס באַשטימען די עקאָנאָמישע שייכותן צווישן מענטש און מענטש און...

— ווי אַזוי און וואָס למשל? — איז שמואל קלוגמאַן אַריין אין די רייד — זאָג, אַדרבה!

— ווי אַזוי? — האָט זיך גדל צעוואַרעמט — אָט: די עקאָנאָמישע פראָצעסן דאַרפן קאָנטראָלירט ווערן דורכן גרויסן כלל — אויף אַזוי ווייט איז דער מענטש אַ נכנע צום געבאָט פון נויטווענדיקייט!

— אָבער... אָבער... גוטער ברודער, וואו־זשע איז דאָ באַהאַלטן די פרייהייט? — האָט שמואל קלוגמאַן ווידער איבערגעריסן — זאָג, אַדרבה!

— אויפן באַזיס פון עקאָנאָמישער נייטווענדיקייט ווערט אויפגעבויט אַ ממשלה פון אמתער פרייהייט, אין וועלכער דער מענטש קאָן אַנטוויקלען זיינע קרעפטן. דאָס איז אַ ציל, אַ תכלית פאַר זיך גופא... און... און.... ס'זיינען פאַראַן... אַ מאָדוס... אַ...

ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט, גדל, און פאַרענדיקט מיט אַזאַ ברען, גלייך, ווי ער וואָלט אַצונד געשטאַנען אויף אַ טריבונע און גערעדט אין אַ מאַסע אַריין:

— און... און די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז דער גאַנג צו פרייהייט!

— אָט אַזוי... דער שפּיץ, צום שפּיץ קום! וואָע־דען — האָט ר' שכנא געריבן אַ פינגער אין ראַנד פון טיש און באַהאַלטן זיין צופרידענעם שמייכל... — וואָע־דען....

ליובע, דאָס גרין־פנימדיקע מיידל, אַן אָנהענגערין פון „אַ סך” פעסימיסטישע שיטות, האָט געפונען פאַר נייטיק, זיך צו פאַרנעמען אויף איר ברודער:

— אָ, איר מאַטעריאַליסטן פון העכסטן גראַד!... איר גלויבט אָן אַ מעגלעכן גליק פון „זיין”... איר זעט נישט ווייטער

פון דער נאָז... און... ווייסט איר, אַז דאָס גליק פון „זיין" שמעקט דווקא אין... נישט...

דאָס מיידל האָט נישט געקאָנט פאַרענדיקן. בער האָט זיך אַראָפּגערוקט פון קופערט און זי אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט:

— און איך האָב געגלויבט, אַז אייך גייט גאָרנישט אָן!... אַז בלויז ליבע ביי קאַנאַן און פויק... און... לאָזט זיך גאָר אויס, אַז איך קאָן אַפילו נישט דערלאַנגען צון אייך!

אַרום דעם מיידלערישן מויל מיטן שטענדיק איינגערונצלטן צער-קאַרב האָט אַ שמייכל אויפגעציטערט:

— נישט אָן דעם גייט דאָך איצט... זעצט אייך! מלחמה און פויק און ליבע — אַלץ גייט פאַרביי. איצט אינטערעסירט אונז, אויב ס'איז פאַרהאַן אַן אייביקייטס-מאָטיוו...

גדל, נאָכדעם, ווי ער האָט פאַרענדיקט זיין דרשה, האָט ער געבעטן אַ בעסערן פּאַפּיראָס ביי שמואל קלוגמאַן, דעם נגידישן משכיל:

— גיב אַהער! נישקשה, מיר מעגן זיך אויך פאַרגינען אַ גוטן צי-רויך, אַלאַ בורזשואַ! און אַ גוטער פאָטעל וואָלט איצט אויך צונויץ געקומען; אַ ווייכער, ס'זאָל נישט קוועטשן... און אַ ביסל גוטע מוזיק, אין אַזאַ ווינטער-אויף-דער-נאַכט, קאָן אויך נישט שאַדן... און נאָך גוטע מינים...

שמואל קלוגמאַן האָט דערלאַנגט גדלען אַ גוטן פּאַפּיראָס און אים אַ שנאָל-געטאָן אין נאָז:

— וואַרט, מירן זיך מיט דיר צערעכענען! וועגן אונזער יידישקייט טראַכסטו אַפילו נישט! גלויבסט נישט אין אונזער צוקונפט! וואַרט! און ציון?

שמואל האָט געוואָלט אַרויסברענגען גדלען אויף אַ שמועס מכוח „ציוניזמוס", „יודנשטאַאַט", אָבער גדל האָט שוין, ווייזט אויס, געהאַט געענוג פאַר דעם אָוונט. ער האָט געבלאָזן רעדעלעך רויך, געטריבן ביז צו די געפאַרבטע, נאַסע באַלקעס איבערן קאָפּ, און אויסגעלאָזט:

— יידן... אַן אומהלע... ס'האָט דאָך אַפילו קיין שום איינ-

פלום נישט אויפן מזל פון זיין אייגענער געשיכטע... אַ שמאָל אויסקומעניש... פּטור! חברה, ווער מאַכט אַ שאַך?

— קום! לאָמיר זיך כאָטש נוקם־זיין אָן דיר! — האָט שמואל זיך צוגערוקט.

— און פאַרן טאַטן — האָט שכנא צוגעגעבן, מיט אַ חנ־דעלע — יאָ... יאָ...

גדל און שמואל האָבן זיך פאַרמאָסטן אויף אַ גרויסער מלחמה און די איבעריקע צוויי יונגעלייט האָבן זיך אויך צוגערוקט, יעדער איינער צון אַן אַנדערן צד. שטילע קיביצערס. ר׳ שכנא האָט אַרויסגערוקט ס׳קנייטל פון קליינעם וואַנט־לעמפל און אויפגעמישט אַ ספרל.

בלויז בער און ליובע זיינען געבליבן זיצן, מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. ער אויפן בייכיקן, גרינעם קופערט און זי אַקעגנאיבער אויף אַ הינקענדיקער שטול. אַ לאַנגע ווײַלע האָבן זיי ביידע געשוויגן, הגם זאָגן האָבן זיי געהאַט און געוואָלט גאָר אַ סך. נאָר קוים האָבן זיך דערהערט די ערשטע ציקלענדיקע דריידלעך פון ביידע פאַרטנערס, מיט זייערע צדדים אַרום דעם שאַך־ברעט, האָט זיך ליובע דערוועגט:

— פאַרוואָס האָט איר געוואָלט דן־זיין די פרויען? מעג מען זיך דען טועה־זיין? איז כדאי? צוערשט שלעכט משפטן און דאַן חרטה האָבן... האָט איר אַייך שוין אָפּגענאַרט, וואָס איר אור־טיילט אַזוי פאַלש?

בער האָט נישט געוואוסט צו ענטפערן.

— אַ ביסל אַ צו־ווייטע פראַגע, ניין? — האָט ליובע זיך פאַרענטפערט — פאַרפאַלן! מיר זיינען פאָרט נישט מער, ווי פרויען, און ס׳אינטערעסירט... זאָגט, איר שפּילט נישט קיין שאַך?

— שוין לאַנג נישט.

— איר שפּילט גאָרנישט? און אַייערע איבעריקע שעהן?...

זעט, אַפילו מיין ברודער, דער ביכער־וואָרעם, האָט אויך איבעריקע שעהן... שפּילט ער אין קלעצלעך...

— איך האָב אַמאָל געשפּילט אויף אַ פידל... זומער האָב

איך געפלאָשעט די פייגל אויף די פליינען... ערשט־נישט־לאַנג אויך דאָס זעלבע געטאָן.... און איצט... קוק איך...

אַרום שאַך־ברעט איז נאָך לעבעדיקער געוואָרן. גדל האָט זיך גערייצט מיט שמואלן:

— וואָס וועסטו טאָן אָן אַ מלכה, פרעג איך דיך?

שמואל האָט זיך געבייזערט, געריסן און געקלאַפּט אין טיש:

— פאַלש! אַ פאַלשער צוג! האָסט נישט געטאָרט אַרומ־רינגלען!

— דעם קיניג וועל איך אויך פאַרשפּאַרן! די גאַנצע די־נאַסטיע! זיי זיכער, שמואל, — האָט בער געחוזקט — די גאַנצע גוואַרדיע!

ר' שכנא, זיצנדיק אויבנאָן, ביי אַ ספר'ל, האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף אַ פויסט און צוגעשלאָסן די וויעס:

— אָן אַ מלכה און אָן אַ מלך... — —

אין קיכל, וואָס איז אָפּגעטיילט פון שטיבל מיט אַ האַלבן הילצערנעם ווענטל, איז די אַיינבינדערין געזעסן איבער אַ פעקל־גרעט און געלייגט גרויסע און קליינע לאַטעס:

— אַי, טאַטע דערבאַרעמדיקער!...

ליובע און בער האָבן זיך דערפילט אָפּגעזונדערט פון די אַרומיקע. דער שמועס צווישן זיי איז געוואָרן אַ פּאַרטרוילעכער און זייערע הענט האָבן זיך שוין געפונען אָן אָרט. ער האָט באַרירט אירע שאַטינע צעפּ און זי האָט געפירט מיט אַ פינגער איבער זיין גאָמבע:

— איר זיינט נאַכלעסיק... גאָלט די באָרד... — —

העט־העט זיינען זיך די חברה היינט פאַרזעסן. ביז דער הונ־דערט־יאָריקער זייגער מיט די שווערע, אַייזערנע געוויכטן אויף דער פּאַרזשאַווערטער קייט האָט הייזעריק אויסגעכריפּעט און ר' שכנא האָט אויסגעריבן די אויגן:

— אָ־וואַ! שוין עלף....

אין קיכל האָט זיך די אַיינבינדערין צעגענעצט:

— אָ... הע... אַוו... העלף, דערבאַרעמדיקער!... האָ... האַו... ע... — —

שמואל קלוגמאַן און בער זײַנען געגאַנגען אײן־װעג. האָבן זײ זיך באַלד, אַריבער דער שװעל, צעשײדט פון די איבעריקע צװײ יונגעלײַט.

— אַ גוטע נאַכט...

איבערן פריש־אָנגעשאָטענעם שנײ האָבן זײ גיך געשטאַמפּט, לאָזנדיק טיפע שפורן פון זײערע טריט. בער האָט זיך געאײַלט פאָראױס, גלײַך װי די אָפּגעלעגענע, פױערישע כאַטע, צװישן די פאַרשנײטע סעדער, װאָלט אים געצױגן מיט כּוח; גלײַך אין יענע װענט װאָלט אױף אים געװאַרט אַצונד אַ נײַער אָנזאָג און נישט די אומדערבאַרעמדיקע שװײַגעניש פון זײדן, דער מוטערס טרױער און דעם פאָטערס אומהײמלעכע חוכא־וטלולא. ער האָט זיך געאײַלט פאָראױס, װי געטראָגן פון אַ פעסטן גלױבן, אַז דאָרטן אין די װײַסע װענט, אַרומגערינגלט מיט פאַרשטאַרצטע בײמער, איז נײַס געשען, אַ װאונדער...

הינטער אים האָט זיך געשאַרט שמואל קלוגמאַן, אַראָפּגערוקט טיף איבער די אױערן די קאַראַקולענע קוטשמע, קוקנדיק, איבערן אַקסל, יעדע װײַלע, צי איז נישט עמעצער הינטער די פּלײצעס: אַ סטראַזשניק, צי גאָר דודל בענקערט... צוליב דעם האָט ער אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם, נישט אַרױסגערעדט קײן װאָרט און זיך געהיט מיט אַן איבעריקן סקריפּ פון זײַנע הױכע קאַלאָשן.

בײַם שײדװעג, לעבן קלױסטער, האָבן זײ זיך אָפּגעשטעלט אױף אַן אױגנבליק און זיך צעזעגנט. שמואל האָט אַרױסגעצױגן אַ האַנט פון אַ קעשענע און אַרױפגעלײגט אױף בערס אַקסל:

— נו, װאָס זאָגסטו צו די לײַט?

— די גאַנצע שטוב... אַן אינזל, אינמיטן פון אַ צעבושעװעטן ים... אַן אײנציקער אינזל... און די מענטשן... צדיקים...

— און גדל, װי געפעלט ער דיר? — האָט שמואל נאָך צוגעװאָרפן אין אײַלעניש...

— ער... און שכנא... און ס׳מײדל... נו... כ׳געפין, אַז...

— אַ גוטע נאַכט, בער!

שמואל איז אַריבערגעלאָפן דעם שאָסײ און זיך צוגעלאָזט צו זײַן דירה, װאָס פונקט אַנטקעגן קלױסטער. און בער האָט נאָך

דערטראַכט זיין מיינונג ביזן סוף, איידער ער האָט ווייטער אַוועקגעשפּאַנט צו די פויערישע פאַרווייסטע גערטענער, צו דער שטילער כאַטע. — — — —

ס'איז שוין פינסטער געווען אין די חדרימלעך. אַלע האָבן שוין גערוט אויף די געלעגערס. בער האָט זיך צוגעשאַרט אויף די שפּיץ-פינגער צו זיין בעטל און, אין דער פינסטער, פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קליידער. ער האָט זיך איבערגעדעקט ביז איבערן קאָפּ און צוגעמאַכט די אויגן.

קיין שאָרך נישט אַרום. קומט דער באַגערטער דרעמל. טיפע רו און פאַרגעסנקייט. בער איז געלעגן מיט צוגעשלאָסענע אויגן און אַזוי אַריינגעקוקט אין אַ דורכזיכטיקער בלויקייט. פון דער דאָזיקער בלויקייט איז מיטאַמאָל אַרויסגעוואַקסן דעם אַיינבינדערס איינגעהויקערט הייזל און די טיר פון דעם הייזל האָט זיך צעעפנט אין דער ברייט. מענטשן — וואונדערלעך-לויכטנדיקע — האָבן אַקעגנגעוואונקען און פאַרבעטן. בער האָט זיך נישט געקווענקלט. ער איז אַריין אין דער אָפענער טיר און זיך געוואָרפן אין די אָרעמס פון די דאָזיקע מענטשן. און זיי, די ניי-געפונענע, די גוטע, מיט נייע ווערטער, מיט פאַרכאַפנדיקע רמזים, האָבן אים פאַרפירט ערגעץ ווייט, דאָרט, וואו אַ לויטערע ליכטיקייט ציטערט און ס'איז פאַראַן אַ שמאָל לייטערל צו דער אייביקייט...

שטיל איז אַרום. טונקל. בער לאָזט זיך אויף די כטעבליעס פון לייטערל אַרויף. און מיטאַמאָל: מ'שאָקלט אים אַראָפּ פון סאַמע אויבערשטן סטעבל! אַ געשריי:

— דו ביסט אַהיימגעקומען? דו ביסט דאָ? איך האָב געמיינט, אַז ער וועט שוין נישט... אַז מ'וועט אים אַוועקנעמען... כי-כי!

בער האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ שרעק. אַנטקעגן זיין בעט איז געשטאַנען דער פאָטער, ר' הירשל, אין ווייסן העמד, ערשט פון בעט אַראָפּ, און אים געוועקט:

— דו שלאָפסט, זון? איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט שוין ערגעץ פאַרפאַלן ווערן.... אַז דו...

— וואָס, טאַטע? — האָט בער געגלאָצט אין דער פינסטערניש אַריין — וואָס איז?

— ע, דו פאַרשטייסט גאָרניש... נאָרנישט. אָט־דאָ דאַרף מען זיצן! אין דער נאַכט.... אָט־דאָ! אָט־דאָ... ליג!

און נאָכדעם האָט ר'הירשל צוריקגעשפּאַנט, מיט די באָרוועסע פיס, אין צווייטן חדרל אַריין און איבערגעלאָזט בערן אַ וואַכעדיקן, און מיט אַ שווערן קאָפּ.

— ליג! ליג... זון...

און די נאַכט האָט זיך געצויגן אַזוי לאַנג, און די פינסטערניש איז געוואָרן אַ געדיכטערע און דער תהום, פון שפּיץ־לייטער ביז אַראָפּ אונטן, אַלץ טיפער און טיפער... קוקן אָפענע אויגן אין תהום אַראָפּ: „ליג... דאָ"... —

— — — — — — — —

גאָר שפּעט האָט אים די מוטער געוועקט צו ביטערער טיי און אַ שטיקל שוואַרצן ברויט. אָבער נאָכן איבערבייס, אַז ער האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן דעם אָפּגעריבענעם, איינגעשפּרונגענעם מאַנטל, האָט ער שוין געוואוסט, וואוהין ער דאַרף גיין. ער האָט זיך שוין מער נישט אָפּגעשטעלט ביים האָרן פון געסל, כדי צו זוכן אַ סטעזשקע. דאָס איינגעהויקערטע שטיבל, דעם אַיינבינדערס נחלה, שטייט אינמיטן די רינג־קלייטלעך און ס'טירל עפנט זיך אַליין...

ביי שכנאָן אין שטוב זיינען שוין געווען די אייגייערס און מ'האָט געלייענט אַ פאַרעלטערטע רוסישע צייטונג. בער איז אַריינגעקומען, זיך אַוועקגעזעצט, און אַלע האָבן אויף אים געקוקט, ווי אויף אַ לאַנג־היימיש־געוואָרענעם. גדל האָט אים צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, קוקנדיק אין־איין־צייט, אויף די גרויסע צייטונגס־שפּאַלטן. גדל האָט געשלונגען די אותיות פון דער צעקנייטשטער „קיעווסקאַיאַ מיסל" און געקוואַלן:

— און דאָך! מ'מוז דערציילן דעם אמת!... אָט, איר וועט דאָך פאַרשטיין, צווישן די שורות, אַז ס'הייבט זיך אָן! אויף די פּעטראָגראַדער און מאָסקווער פלעצער דרייען זיך מחנות הונגעריקע... ראָבן... מען באַוואַכט זיי פון אַלע זייטן... ס'דרייען זיך פאַרשוואַרצטע אַרבעטער... ס'ברומען פאַרוואונדעטע....

און אויפֿן פּראָנט זיינען נאָך גרעסערע צרות: גישטאָ קיין אַמוניציע און די דייטשן שניידן!... איר הערט? אוודאי! ס'וועט קומען דאָס, וואָס מוז קומען! איר וועט זען... נאָך אַ צוויי וואָכן.... נאָך אַ חודש... דערציען צום פֿרילינג... ס'מוז!

ר' שכנא האָט געהאַלטן אינמיטן אויסלאַטען אַ פּעקל פּאַפּיר-געלט. ער האָט אָפּגעווישט דעם פֿאַרפּאַפּטן פֿינגער אָן ראַנד פֿון אויסגעשטשערבעטן טאָפּ-קלעבעכיץ און אויסגעצויגן ס'בערדל:

— הייסט עס, גדל?... אַז...

— אַזוי איז עס! — האָט גדל אַרויסגעלייגט די ציימונג פֿון האַנט — ס'וועט קומען!...

— רעוואָלוציע — האָבן די אייניקלעך אויסגעכאַפּט.

— רע-וואָ-לו-ציע — האָט בער סילאַבירט — רע-וואָ-לו-ציע...

ליובע, דאָס גרין-בנימדיקע מיידל, האָט זיך באַוויזן הינטערן הילצערנעם ווענטל.

דערזעענדיק בערן, האָט זי אַ שמייכל געטאָן און אויסגעשטרעקט איר האַנט:

— און איר האַלט אויך מיט זיי? אפשר זיינען זיי טאַקע גערעכט... נו, מ'דאַרף אָבער וויסן, צוליב וואָס דאָס אַלץ איז נייטיק. וועט עס ברענגען אַן ענדערונג צו אונזער אַלעמענס פֿיינפֿולן לעבן?...

גדל האָט זיך נישט צוגעהערט צו ליובעס און בערס רייד. ער האָט זיך גענומען מייסטרעווען ביי אַ ברעט און חברה האָבן צוגעהאָלפֿן. בער און ליובע האָבן זיך ווידער געפֿונען אין ווינקל, צווישן גרינעם קופּערט און דער אַלטער, פֿון ווערים-צעפֿרעסענער, יאָדלינער שאַפֿע.

— און פֿאַרוואָס, מיינט איר, איז נישט רעכט אַן ענדערונג? — האָט בער זיך דערמאָנט — די מחלה פֿון דער וועלט איז דאָך גרויס...

— דווקא דערפֿאַר!

אַלץ איז געווען אין די צוויי ווערטער: אי דער טיפֿער צער, וואָס האָט זיך אַריינגעשניטן אין אירע מוילווינקלען, אי דער גרוי-

סער, מיידלערישער יאוש, אי דער געבוירן-געוואָרענער פּאַרלאַנג פון וועלן „אויפהערן-זיין"....

— ס'איז נישט כדאי... — האָט ליובע רעזאָנירט — צו-וואָס אַ פרישע בלוט-באָד? צו-וואָס וועלן באַגליקן די וועלט, ווען נאָכן גליק ווערט ווידער געבוירן די גרויסע פּיין, וואָס באַגלייט פון אָנהויב ביזן אויפלאָז... פאַרשטייט, די נויט פון איצט וועט פירן צו נישט-זיין, צו דער ענדלעכער, גרויסער דערלייזונג... און פאַרוואָס ווילן מענטשן אויסקעמפן אַ בעסערן מזל, ווען זיי האַלטן ביים אויפהערן?... נאַראָנים! אַך, טיפּשים!... הי... הי... זעען נישט!...

דאָס מיידל האָט זיך צעלאַכט. בער האָט אין זין געהאַט איר צו ענטפערן. אַ וואָרט האָט זיך ביי אים געריסן פון צונג און ליפּן, אָבער ליובע האָט צוגעלייגט אַ פינגער צו זיין מויל:

— ש... ש... שטיל... איר ווייסט אַזוי ווייניק...

דאָס מיידל האָט זיך ווידער צעשמייכלט און בער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ... אמת...

— אָבער אין זיך אַליין פאַרוואָס קוקט איר נישט, בער פרידמאַן? — האָט ליובע נישט אָפּגעלאָזט — האָט איר דען נישט געפונען אין זיך דעם שוהערן, אומהיימלעכן, נודנעם ווילן צום לעבן? אָט, דער דאָזיקער ווילן איז שולדיק אין אַלע מענטשלעכע אומגליקן! וואָלט עס געקאָנט נישט-צו-וועלן.... וואָלט איר געקאָנט...

— וואָס פאַרסמיסטו מענטשן מיט דיין גיפט!? — האָט גדל מיטאַמאָל אַ קלאַפּ געטאָן אין ברעט — לאָז אָפּ דיין שאָפּנהויערן, דיין האַרטמאַנען, מיט אַלע טעמנע, וויסטע תורות! אָדער, — אַדרבה! איז די וועלט טאַקע „דאָס צעפּוילט-און-צעווייעט-ווערן פון אַ געשטאָרבענעם גאָט", און אויב „די פרייער איינהייטלעכע גאָטהייט איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד", טאָ, אַדרבה, באַווייז! גיי! דו ווייסט דאָך: „די העכסטע מדרגה דערגרייכט דער, וואָס גייט אַוועק פרייוויליק" — איז, נו! הולך!... דיינע לערערס, ליובע, זיינען דאָך געגאַנגען אַליין: ס'איז געגאַנגען מאַילענדער, ס'איז געגאַנגען אַייער שונא, אָטאָ ווייננגער... נו, שאַגאָם מאַרש!

— ס'איז אָבער קאַלט אינדרויסן.... ס'איז אַפילו אַן עבירה אַ הונט אַרויסצולאָזן... היינט צו ליגן אונטער אַ בערגעלע שניי... אַיאָ אַזוי, טאָכטער מיינע? — האָט ר' שכנא זיך געשיבערט מיט דער יאַרמולקע אונטער אַן אויער — און די מאַמע קאָכט איצט ווייניקן באָרשטש... אַוודאי גלוסט זיך נישט!... נו, זאָלן טויטע פּרווון זופּן באָרשטש!... און האָסטו שוין געזען, אַז אַ מת זאָל קאָנען מאַכן מיט דער באָרד ביים קייען?

— צו מיינע שונאים קעפּ! — האָט די אַיינבינדערין אַריינגעשטעקט די נאָז — אויף וואָס זיי זיינען אַרויף! איר האָט שוין נישט פון וואָס צו טענהן? רעדט בעסער וועגן אַ ביסל האָלץ, וועגן אַ ביסל קוילן!....

— אין וואַלד זיינען דאָביימער און אין דר'ערד זיינען פאַרהאַן קוילן. אָבער ווער־זשע איז דען אַ בעלן אַהין צו גיין? — האָט ר' שכנא זיך איבערגעווערטלט מיט זיין יידענע — שטאָ קיין נאַראָנים! ש'טאָ, זעלדע! נימאַ דורניך! שאַ־נאָר! זאָג־נאָר, ליובע, אפשר זיינען די צוויי מלמדים דיינע, דער „מאַין־הענדלער“ און דער „ווייניקער“, געגאַנגען נאָך קוילן? — — —

בערן איז קלאָר געווען, אַז דאָ, אין דער שטוב, האָבן זיך דריי מענטשן זייערע דריי וועלטן. דער אַלטער האָט זיין גאָט און איז אַ שמח־בחלקו; גדל פאַרמאָגט זיין גלויבן און פלאַמענדיקן באַגער, איבערצואַנדערשן און צו פאַרבעסערן און זי, דאָס מיידל — טראָגט איר ווי און איר צער...

ער האָט געזען די דריי מענטשן קעמפן קעגן אַנאַנדער, מיט זייערע אמתן; אָבער ווער פון זיי איז גערעכט? ער איז געזעסן אויפן קופערט און זיך געפילט אַזוי נידעריק, אַזוי נישטיק און דערשלאָגן.

— און דיין וואָרט, בער, און דיין אמת? — האָט ער זיך געפרעגט.

אָפּהענטיקייט און ליידיקייט; אומרו און שלעכטער טעם — דאָס האָט ער דערפילט אין זיך....

---

אַהיימלויפנדיק, האָט בער געטראָגן אונטערן אָרעם אַ גאַנץ פּעקל ביכער. גדל האָט אים געגעבן אַן אָפּגעריבן באַנד „קאַפּיטאַל“;

אַ באַזונדער בוך, וואָס אַנטהאַלט אַ היבשע צאָל פון מאַרקסיסטישע גרונדזאַצן: „די קריטיק דער קריטישן קריטיק, אָדער די הייליקע פאַמיליע“, די בשותפותדיקע אַרבעט פון מאַרקס און ענגלס. ליובע האָט אים געגעבן שאָפּנהויערס „די וועלט אַלס ווילע אונד פאָרשטעלונג“ און מאַינלענדערס „די פילאָזאָפיע דער ערלייזונג“. אויך ר׳ שכנא האָט אים מיטגעגעבן אַ ביכל. אָבער ס׳האָט געקאָנט דאַכטן, אַז די גראָבע בענדער וועלן איינשלינגען דאָס ספרל, און די לייוונטענע טעוועלעך — ס׳איז געווען אַ קליינע אויסגאַבע פון חובת־הלבבות.

בער האָט זיך געהויקערט אין זיין אָפּגעטראָגענעם בגד און געטוליעט אונטערן אָרעם די ביכער, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך אַלע אמתן פון בראשית אָן; וואָס דאַרפן לויכטן פאַרן מאָרגן און איבערמאָרגן אפשר ביזן ענד פון די טעג... אַ קשיא אויף אַזוינע ביכער... — —

די כאַטע איז געשטאַנען אַ שלעפעריקע, דאָס שטרויענע דעכל פאַרשאָטן הויך מיט שניי, און ביי די וויטרינעס פון די קליינע פענסטערלעך זיינען אַראָפּגעהאַנגען לאַנגע, גערייפלטע אייז־פלאָקנס. בער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער כאַטע און עפּעס באַרעכנט: „ווי אַזוי וועט עס אויסזען אין דער שטוב אין זיינער, נאָכדעם ווי ער וועט שוין האָבן דורכגעקייט און איבערגעזופּט די אַלע פאַרשטויבטע בלעטער? וואָס פאַר אַ וועלטל וועט ער פאַר זיך אויסטראָיען? ווי אַזוי וועט עס אויסזען, אין די ווייסע חדרימלעך, נאָכדעם ווי ער וועט שוין האָבן דערגאַנגען צום תמצית פון אַלץ און אפילו צום סוד פון זיין פאָטערס געלעכטער?“ —

בער איז אַריין אין טירל. אין קיך האָט די באַבע מאַטל אויסגעטיילט, אין קליינע שיסעלעך, זופּ פון „געשריבענע פאַסאָליעס“ און שטיל געציילט די מיילער, וואָס ווילן עסן... נישט־איינס, נישט־צוויי...

בער איז צוגעגאַנגען צום אויוועלע אָנוואַרעמען זיינע פאַרפרוירענע פינגער.

— פאַסאָליע־זופּ? האַ, באַבע? אַ באַטעמטע? — האָט בער איבערגעפרעגט — נו, וואויל! גוט! זייער גוט! —

פון דעם טאָג אָן האָבן אויך די אָרעמע מאָלצייטן אָן אַנדערן טעם באַקומען. אָבער די טעג און נעכט קריכן פּאָרט פּאַמעלעך און דער מרחק צו די נייע עולמות ווערט אַלץ גישט אײַנגעצויגענער און קירצער...

אין די פּראָסטיקע טעג האָט בער זיך געטוליעט אין זיין אָפּגעריבענעם מאַנטל, פון וועלכן ער איז שוין לאַנג אַרויסגעוואַקסן און הויכנדיק זיך אויף די נעגל, וואָס זיינען שיר נישט געשפּרונגען פאַר קעלט, האָט ער געשלונגען בלאַט נאָך בלאַט, זיצנדיק איבער דעם נייעם דערליזער — מאַרקס. זיצנדיק ביים אויסגעקילטן אויוועלע, האָבן זיך זיינע אויגן אויפגעריסן, פאַר ווייט און פאַר נייע אַנטפּלעקונגען: „מיט אייגענע הענט דאַרף אַ נייע וועלט באַשאַפן ווערן אויף די אַלטע חורבות... אַ נייער סדר... און מענטשן — מיט אין־לשעדיקער געטרייקייט צו ברודער־שכן!... צוערשט דעסטרוקציע און דאַן... אַ לויטערקייט פון אַרבעטס־פרייד און פרייד פון דער זעלביקער אייביקער לויטערקייט“...

אַך, ס'אַר אַ טעם די אָרעמע מאָלצייטן האָבן באַקומען!... — און אין איין אויף־דער־נאַכט, קוקנדיק אויף די געדיכטע שורות, זיינען צוגעפאַלן די אויגנלעפּלעך, די ברוין־בלויע פינגער זיינען שטייפער געוואָרן און דאָס דיקע בוך האָט זיך אַרויסגעגליטשט; דער „קאַפּיטאַל“ איז געבליבן ליגן ביי זיינע פאַרשטאַרצטע פיס. אין קיכל איז שטאָק־פינסטער געוואָרן. האָט בער שוין נישט געזען, ווי ס'שלייכט זיך אַריין זיין פאָטער, בלייבט שטיין אַנטקעגן, און מיט גרויסע רויט־פאַרלאָפענע אויגן גלאָצט ער אינם חושך. האָט ער שוין נישט געזען, ווי דער פאָטער שאַרט זיך צו, און אַפילו נישט געפילט, ווי ער פירט מיט די שפּיץ־פינגער איבער זיין שטערן. ס'האָבן אים נישט געשטאָכן און נישט געבריט די ווערטער זיינע, ווי איינציקע, צעבלאָזענע פונקען:

— אַ... גייסט אויס... וואַרטנדיק... אַלע וועלן אומקומען... מיט וועלט, מיט גאָט און מיטן מחבל...

בער האָט נישט געזען און נישט געפילט. אַפילו נישט דאָס געלעכטערל, בעת ר' הירשל האָט זיך צוריק אָפּגעטראָגן צו זיך

אין דערבײַיקן חדרל אַריין. און דאָס געלעכטערל האָט דאָך, מיט זיין שאַרף, דאָס חשכות צעשניטן:

— כי־כיק! כי־כיק!

אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, בער, און דורכגעריבן די אויגן, האָט שוין אַ קליין לעמפּל געדויכערט אויף דער וואַנט און די באָבע מאַטל האָט געבלאָזן, מיט אירע אַלטע לונגען, אין אַ בלעכערנעם סאַמאָוואַר....

— אפשר וועט פאָרט אויפזידן... וועסטו, בערעניו, כאָטש אַ ביסל וואַרעמס טרינקען... און אפשר וועסטו זיך לייגן....

די אַלטע האָט זיך ווידער געבויגן איבערן סאַמאָוואַר, געבלאָזן, געהוסט און געיאָגט דעם אַרויסזעצנדיקן רויך, וואָס האָט געגעסן אירע אויגן...

— אפשר וועט פאָרט אויפזידן... — —

בער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אויסגעגלייכט און צונויפגענומען די ביכער, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט לעבן אים אַרום. אַ ווײַלע האָט ער נאָך געקוקט אויפן רויכערנדיקן, קליינעם וואַנטלעמפּל און אַזוי, נישט אַוועקנעמענדיק די אויגן פון באַלויכטענעם ווינקל, זיך צוגערוקט צו דער טיר, וואָס פירט אין זיין ווייסן, קאַלטן חדרל אַריין. זיין געלעגער איז שוין געווען צוגעגרייט. האָט ער אָנגעשמאָלצן אַ חלבן ליכטל ביים ברעג פון אַ דעמבענעם שטול און אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קליידער. אַריינלייגנדיק זיך אין בעט, האָט ער אַ ווײַלע געקוקט אויף דעם קאַרגן פלאַם פון ליכטל, וואָס האָט געוואָרפן אַ שיין צום בעט־קאָפּשטיק. אָבער מיטאַמאָל האָט ער אויסגעשטרעקט אַן אָפּגעדעקטע האַנט, זיך איבערגעבויגן איבערן ראַנד פון בעט און אויפגעהויבן אַ בוך, וואָס איז געלעגן דערנעבן אויף דר׳ערד. באַפאַנגען פון אַ מאָדנעם געפיל פון שרעק— בלויז צוליב דעם טיטל פון בוך — האָט ער מינוטנלאַנג געקראַצט, מיט פאַרבלויטע פינגער, די טאָוולען, איידער ער האָט אויפגעמישט דאָס ערשטע בלאַט. ס׳האָט געגעפלט אין זיין מוח: „די פילאָסאָפיע פון דערלייזונג“... מאַינלענדער, דער קאָנסעקווענטער מענטש... געטאָן, ווי געטראַכט און געלערנט... אַוועק,

מיט אייגענעם ווילן, פון דעם עולם... ווייל ס'איז נישט כדאי גע־וועזן צו זיין"...

אָבער, ווי די פלאַטערנדיקע פליג צום פלאַם, אַזוי האָט עס אים געצויגן, און ער האָט אויפגעמאַכט די טאָוולען. ער האָט אָפּ־געאָטעמט... ס'וויט דאָך נישט מיט לויטער אומקום פון די בלע־טער!... בלויז קלוגעטשקע, ווייטאָגלעך־זיסע רייד, וועגן מענטשנס איינרעדעניש, וועגן פוסטן דמיון... — —

„און אפשר איז עס טאַקע אַזוי? — האָט ער געפּרוווט נאָכ־גיין. — אַז נאָך דער בלומרשטער פרייד, נאָכן אָרעמען שבת, קומט די וואָך פון לויטער יסורים און אומגליקן... גאָלע וואָכעדיקייט און וואונדן?!....

ער האָט אָפּגעריסן די בליקן פון די שורות. דאָס חלבנע ליכט, אויפן ראַנד פון דעמבענעם שטול, האָט אויסגעמיילט פון זיך אַן איבלדיקן טשאַד און רויך, וואָס האָט זיך געוויקלט ביז צו זיין צוקאָפּנס. בער האָט אָנגעהויבן הוסטן און, הוסטנדיק, האָט ער אויסגעפונען, אַז: „ס'שיינט ווייניק אין דער פינסטער און ס'טיילט דאָך אויס פון זיך אַזאַ וואַרגנדיקן, וואַזשנעם געשטאַנק"... — —

מיטאַמאָל האָבן דער באַבע מאַטלס אויסגעדייוורטע הענט איבערגעריסן די צוגעשפּאַרטע טיר:

— שלאָפסט שוין, בערעניו? אפשר פאָרט אַ ביסל וואַרעמס?

אָבער בערן האָט זיך פאַרגלוסט נישט צו ענטפערן; שטאַר־קער פאַרקוועטשן די אויגן... דווקא...

— שלאָפסט, זונעניו?... — האָט די אַלטע איבערגעפרעגט — דרעמלסט?

זי איז צוגעטראָטן אויף די שפּיץ־פינגער און זיך איבערגע־בויגן איבערן בעט:

— אַנטדרעמלט געוואָרן... אָן וואַרעמס... און ס'ליכט נישט פאַרלאָשן....

מיט קוואַרע ליפּן האָט זי צעבלאָזן די שיין און אויסגע־לאָשן...

ערשט איצט האָט בער אויפגעריסן די אויגנדעקלעך און גע־קוקט, ווי אַ שאָטן רוקט זיך אַליין ווייטער און ווייטער... אַ סקריפּ

פון דער טיר, אַ קריץ פון די פאַרזשאַווערטע זאַוויעסעס און ווידער — ליידיקייט און הילקייט... פון דעם אויסגעלאָשענעם ליכטל האָט זיך נאָך אַ שאַרפערער געשטאַנק אויסגעשפּרייט....

— „אַפילו ביים אויסגיין וואַרגט עס...“ — האָט בער אַ מרוק געטאָן. ער האָט זיך אַיינגעקנוילט אין דרייען, אפשר אין זעקסן, געגראָבן קאָפּ אין קישן, טראַכטנדיק וועגן אַ בעסערן קיום און, צוגלייך, וועגן דער נישטיקייט פון דער וואונדערלעכער וועלט,— נישט מער און נישט ווייניקער...

ביז די מידקייט איז איבער אים געקומען און ער האָט זיך צעכראַפּעט, ווי אַלע אין שכנות, ווען די וועלט איז, לעצטנס, „נישט־צו־דער־האַנט“!!...

— — — — — — — — — — — — — —

שטיקער נאַסע ערד שוואַרצן־אַפּיר פון אונטער געשפּאָלטענע, צעשמאָלצענע אַייז־דעקן און פון אונטער קויטיקע שניישיכטן. צעשטיפטע שטראַלן פון דערוואַכטער פרי־זון שפּילן אויף פייכטע דעכער און אָפּגייענדיקע ווענטלעך...

צוויי פּאָר אויגן — בערס און ליובעס — קוקן דורך טריפנדיקע שויבן אַרויס און שמייכלען: פאָרט זיך דערוואַרט!...

זיצנדיק נאָענט צוגערוקט, אויפן גרינעם קופערט, האָבן זיי מיטאַמאָל דערפילט, אַז זיי זיינען אַליין...

ר׳ שכנא האָט פאַרוואָרפן אויפן הויקערל זיין אַלטע פלעד און זיך געלאָזט נאָך זיין יידענע אין מאַרק אַריין, כדי צו באַווייזן זיין גרויס מבינות אויף אַ פסחדיק געגזל. גדל איז אויך געווען אַוועק פון שטוב.

איז, אַז מען בלייבט אַליין און יונג־זון שפּילט אויף שויבן, פאַרגעסט מען זיך און מען פרווט רירן אַפילו אַ פאַרשטיינערט האַרץ און „פּעסימיסטיש“ געמיט:

— ליובע... ס׳איז דאָך פאָרט פאַרהאַן פרייד!...

— איר קוקט נישט טיף, בער...

— און פאָרט דערוועקן זיך פאַרלאַנגען צו ליכט!... איר זיינט נישט גערעכט, ליובע. נישט אייערע לערערס און נישט איר!

שווייגט אַ ווײַלע דאָס מיידל און די טיפע צער־קאַרבן גלעטן זיך אויס:

— הייסט עס, אַז ס'זיינען יאָ פאַרהאַן האָפענונגען? אַז ס'זיינען דערפילונגען פאַרהאַן? דאָס מיינט איר צו זאָגן?... בער?

ווי־אַרום האָבן זיך ליובעס הענט שוין געפונען צווישן די קנאָכיקע, בחורישע פינגער:

— פאַרהאַן, ליובע.

און דער מיידלערישער קאָפּ גיט זיך נאָך און די אויגן פאַר־גלייזן זיך און ס'פּנים, דאָס גרינע, רויטלט זיך...

— פאַרהאַן?

צוויי פּאָר ליפּן ציען זיך צו און באַהעפטן זיך. פאַרגעסט מען זיך צו דערמאָנען, אַז נישט אויף לאַנג איז מען דאָ איבערגע־לאָזט געוואָרן אַליין... — — —

אַ געגאָגערײַ פון צוויי צוגעטריבענע גענזלעך, צעפלאָשעט די באַהעפטע. טיילט מען זיך אָפּ, אויף־גיך, און מ'לאָזט אַראָפּ די אויגן. די פריערדיקע פאַרקלערטע שטילקייט ווערט אויפגערודערט. מ'שלעפּט די גענזלעך אויפן בוידעם און מ'זעצט זיי אַיין אין שטײַג. ר' שכנא, אַ צופרידענער, וואָס ערגעץ האָבן זיך פאַרוואַלגערט אַ פּאָר אָפּגעשפּאָרטע גילדן נאָך אויף בוראַקעס, וואַרפט, מלא־שמחה, אַראָפּ די פּלעד פון די אַקסלען און לאָזט זיך הערן. צוערשט קומט אַ גלייכווערטל, דאַן גאָר אַ מוסרל און, לסוף, רוקט זיך נאָך דער נייטיקער פּסוק פון שיר־השירים מיטן געהעריקן ניגון:

— צי געדענקסטו נאָך, בער, פון אַמאָל? אָט, ס'גייט דאָך שוין דערצו; די בלאָטע וועט אויסטריקענען, די פייגעלעך וועלן זיך צעזינגען... געדענקסט? קומי לך רעיתי יפתי ולכי לך... האַ? וואָרעם... כי הנה הסתו עבר, הגשם חלף הלך לו... האַ? און דאָס ניגונדל: עת הזמיר הגיע וקול התור נשמע בארצנו... דו שפּילסט דאָך עפּעס אויף אַ כּלי, ווי־זשע קומט עס...

נאָר אין בערס מוח ציען שטיקער געדאַנקען: „אפשר איז עס ווידער זיין אַמאָליקע שוואַכקייט? ווידער זיך אונטערגעבן... וועט ווערן?... זיך פאַרלירן?...“

און ליובע ציט אַזוי לאַנגזאַם ס'שנירל: „ס'קאָן זיין, אַז אפשר איז טאַקע יאָ פאַרהאַן גליק, דערפילונג און תענוגלעכער ווי..."

אָבער פּלוצלונג פּראַלט זיך־אויף די טיר און גדל פאַלט אַריין אַ צעשטראַלטער און צעחושטער, און מיט אים זיינע געשוואוירענע פריינט. און די ווערטער זייערע זיינען אַזוינע אָפּגעהאַקטע און זייערע אויסרופן פאַרכליניעטע:

— פריי־הייט!... ה... אוי... אָ... רעוואָלוציע! המ... זיג! פריי־הייט!

און זייערע אויסרופן גייען איבער אין אַ געזאַנג:

— וסטאַוואַי, פּאָדימאַי־סיאַ, ראַבאָטשי נאַראָד!

ווייסט נישט די אַיינבינדערין, וואָס אויף איר איז געפאַלן, און זי בלייבט שטיין, מיט אַ בערעזענעם בעזים אין האַנט:

— וואָס איז די גדולה, אינמיטן מיטוואָך? וואָס איז דאָס פאַר אַ באַגעגעניש?

גדל פלאַמט:

— ליובע! בער! געזיגט! מיר... צעריסן די קייטן!... פּעטראָגראַד... מאָסקווע... אַנטלאָפן... אין פּסקאָוו!... ערשט איצט געוואויר געוואָרן!... שוין פיר טעג!

ר' שכנא גיט זיך אַ שיבער אין הויקערל:

— כ'האָב טאַקע פריער געהערט אין מאַרק... דעם צאַר מיקילאַיטשיק אַראָפּגעוואָרפן פון בענקל... ימח־שמו!... אָבער גיי הער זיך צו צו פּאָטשטן, אַז דו טאַפּסט אַ געגנזן ריפּל... איז עס הייסט... עקבתא דמ....

אָבער ער דערדעט שוין נישט דער אַלטער. חברה שרייען, הויבן פאַר ס'ניי אָן ס'ליד, אַזש בער ווערט מיטגעריסן און זינגט אַלעמען איבער:

— וסטאַוואַי, פּאָדימאַי־סיאַ...

און אַזאַ צאַרטע, מיידלערישע שטימע, פול פאַרדרוס, פאַלט אויף צו:

— ראַבאָטשי נאַראָד!...

נאָר די אײַנבינדערין װײסט נאָך אַלץ גאָרנישט. און זי װיל פֿון גאָרנישט װיסן. בשום אופֿן נישט!

— שטילער! — טראַסקעט זי מיטן בעזים — די גענז גאָגערן!... זיי װילן װאַסער!... גיי, שכנא... קריך אַרױף אױפֿן בוידעם... הערסט נישט?...

אָבער ר׳ שכנא װײסט שױן אַלצדינג אױף קלאָר און באַרויִקט זיין װײב:

— זאָלן זיי גאָגערן, יידענע! זיי קװעלן דאָך אָן!....

* *
*

— „שטייט אױף, איר אונטערדריקטע מאַ—אַ—סן!!!"

אַ שטעטל, אַ צעזונגענס! פֿענסטער, נאָך פֿרילינגדיק־פֿאַרהױכטע, זיינען צעפּראַלט. אױף נידעריקע דעכלעך, אױף פּריזבעס און אױף גרויסע װעגענער טומלען זיך מענטשן און מענטשעלעך, קינדער, און אַפֿילו זקנים, װאָס שלעפּן קוים די פֿיס. װי איין אומגעהייער־גרויסע, רויטע לענטע װאָלט זיי אַלעמען אַרומגעגאַרטלט! אַזוי האָט מען, אין אמתן, באַפֿוילן... װאָרעם מען איז געװאָרן באַפֿרייט, פֿאַראייניקט, גלייך און גלייכבאַרעכטיקט! אַזוי, אין אמתן, זאָגן מען... הערסט דאָך!

— „ס׳װאָלט נישט געשאַדט, אַ ביסל אונטערצוװאַרטן מיטן יום־טוב און מיט דער גדולה — מיינט ר׳ יהושע־אָשרל שוחט — כ׳איז גלייך צו װאַרטן, ביז דער הוסיאַטינער, זאָל לעבן, װעט זיך לאָזן הערן...װעט מודיע זיין, װאָס „װין" זאָגט... אָבער רייד, אַז די בחורים אײַלן זיך און די „קנעפּלעך" הייסן גיין מיט דער פֿאָן"....

דזשינדזשען טאַצן און ס׳קלאַפּן פּויקן און דער טראָמבאָן ריטשעט:

— „װסטאַװאַי, פּאָדימאַי־סיאַ ראַבאָטשי נאַראָד!"

פֿרייהייט. ס׳איז פּאָרט געקומען אַהער אומגעריכט און אומדערװאַרט. װי אױף איינמאָל, און אַרויסגעשפּראָצט האָט די פֿרייד פֿון יונג־ערד; פֿון ערב־פֿרילינגדיקן הימל אַראָפּגעפֿאַלן! און אין דער גרויסער פֿרייד פֿאַרגעסן אַלע, װאו און װער ס׳האָט דעם זאָמען פֿאַר־

זייט. מ'האָט נישט רעכט געוואוסט אַפילו, ווען און וואו און ווער ס'האָט זיך עמעץ צעבּרילט, אַזש דאָס געשריי האָט אַלע אויסגעקרישלטע פונדאַמענטן צעטרייסלט!... גלייך ווי ס'וואָלט פון תּמיד אַזוי געווען און דאָ, אין וואוילן שטעטל קריקעוו, — אַוודאי און אַוודאי....

— — — — —

צום זאַמד־באַשאָטענעם געריכט־פּלאַץ פאַרפאָרט אַ משא־אַווטאָמאָביל און אַ צוויי צענדליק מאַנסבּילן און עטלעכע פרויען שפּרינגען אַראָפּ. אַרום וואַקסט דער עולם. פון די דעכלעך און פון די פּריזבּעס, פון די טרעפּלעך און פון די פענסטער לאָזט מען זיך אַהער, צום זאַמד־באַשאָטענעם פּלאַץ. דאָ שטייט אַ הויכע טריבּונע פון פריש־געטעסעטע קלעצער און ברעטער, מיט רויטע פלאַכטעס פאַרשפּרייט. אויף דער טריבּונע ער אַליין, דער „נאַטשאַלניק אויעזדאַ“, לעבּן אים אָפיצירן, דודאַלע בענקערס און... קוק! גדל דעם אײַנבּינדערס, זיינע חברים, מיט רויטע לענטעס אויף די לאַצן און מיט אָנגעבלויזטע קעפּ! זע־נאָר־זע!

דער טומל אַרום ווערט אײַנגעשטילט. שטילער, שאַ, און נאָך שטילער. דער נאַטשאַלניק אַליין עפנט ס'מויל. ער, דער ערשטער. און ווי ער רעדט דאָס!

— פאַרזאַמלטע... הם... אייגנטלעך... טרייע בּירגער, סאָלדאַטן, זשאַנדאַרמען פון... אייגנטלעך... באַפרייטן רוסלאַנד! מיר האָבּן זיך פאַרזאַמלט... וואָס אמת, נישט געטריבּן מיט קיין נאַגייקעס! מיר דאַרפן שווערן צו דער נייער, צייטווייליקער מלוכה.... וורעמענ־נאָיע פּראַוויטעלסטוואָ! זאָל לעבּן: זאָל לעבּן! וואָס! איז... קאַזשעטסיאַ....

מ'האָבּן זיך געפּלאָנטערט בּיי אים די ווערטער. ער האָט אויסגעשטשירעט די ציינער, אויסגעצויגן די וואָנסן, ווי אַלעמאָל, און זיך פאַרגאַנגען:

— מיר שווערן! הוראַ! הור....

ערגעץ אין דער גערימטעניש צווישן עולם, צווישן די היימישע קרעמערלעך און בּעלי־מלאכהס, צווישן די אויסגעפּוצטע פּויערים און פּויערטעס פון די דערפער, פון דער ענגעניש אַרויס,

האָט זיך דערהערט אַ דינע, אָבער זיכערע און אויפטרייסלענדיקע שטימע:

— זאָל אים זיין געגונג צו רעדן! גענוג רעדן, פּריץ! זאָלן אַנדערע זאָגן, וואָס ס'באַדאַרף געזאָגט צו ווערן! דער אָדון זאָגט דאָך ליגן!

ווי אַ לייכטע כוואַליע האָט זיך דער עולם אַ וויג־געטאָן.

דער נאַטשאַלניק האָט, אין פאַרלעגנהייט, מער אויסגעצויגן די וואָנצעס און אין האַלז איז אים שטעקן געבליבן ס'לעצטע וואָרט:

— הור...

באַלד אָבער האָט זיך אויף דער טריבונע אַ קליין פויערל אויסגעהוסט, באַווישט ס'פאַרשאַרצטע נעזל און, שמייכלענדיק, מיט אַ פּאָר איינגעגראָבענע שוואַרצע אייגעלעך, אַרויסגעפּאָרן:

— ס'וואָרט באַקומט דער חבר איינבינדער גאָדיל וואַקיסמאַן!

ווידער האָט זיך דער עולם צעוויגט. אָבער אין דער רגע האָבן אַלע די אָטעמס איינגעצויגן.

— ערע די געפאַלענע! מיר נויגן זיך טיף פאַר די פרישע קברים פון די העלדן, וואָס האָבן אויף גרויס־שטאָטישע ברוקן גע־בלוטיקט! ערע די געפאַלענע, וואָס האָבן פאַר פרייהייט מיט זייערע לעבנס באַצאָלט! כבוד די הונגעריקע, וואָס האָבן די צוימען צע־שטערט! כבוד די וואונדיקע!

און נאָכדעם האָט ער, דער איינבינדער גדל וואַקסמאַן, ערשט אַ שאָט געטאָן מיט ווערטער פלאַמענדיקע, באַגלייט מיט פלאַקער פון די אויגן:

— עפענען די תפיסות! אַראָפּ די פענטעס פון הענט און פיס! צעשטערט די דרענגער און צוימען אויף די גרענעצן! פרייע שליאַכן און פרייע וועגן!

און דער עולם האָרכט. ס'שמייכלען פויערים, קראַצן זיך הינ־טער די אויערן, און יידן צופּן בערד און בערדלעך:

— אַוודאי אַזוי. גערעכט. אַזוי דאַרף זיין. נישט אַזוי, סו־סידרו?

נישט אַזוי, גאַזדו?

— אַוודאי, מאָשקע! אַ יאַק־זשע! — —

נאָר צו פאַרענדיקן האָט גדל אויך נישט באַוויזן. צו דער טריבונע האָבן זיך געריסן צוויי אויסגעשטרעקטע הענט און אַ פאַרוואָרפענער קאָפּ.

— נעמט אים אַרויף! זאָל ער אויך זאָגן, אויב ער האָט וואָס!

— ווער איז דאָס? — האָבן אַנדערע שטימען זיך אָנגערופן — ווער?

— אַ משוגענער!

— נעמט אים אַראָפּ!

— נעמט אים אַרויף! הוראַ!

אָבער נאָך איידער די אויסגעשרייען האָבן זיך איינגעשטילט, איז אויף דער טריבונע אַרויף בער, און וואַקלענדיק זיך פאַר אויפרעגונג און שרעק, אַרויסגעשטאַמלט:

— און נאָכן יום-טוב וואָס? אין מאָרגן? ווידער האַרמאַטן?! ווידער די שאַרפע שווערד? איר פאַרגעסט?

דער נאַטשאַלניק אויעזדאַ און אייניקע אָפיצירן האָבן זיך איבערגעקוקט, אויסגעפוצעוען, אַז די פרייהייט ווערט אַ ביסל צו-פיל צעלאָזן און איינער פון זיי האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— דאַוואָלנאָ! גענוג! אַהיים! ראַזכאַדיס! צעגאַנגען זאָל ווערן!

דודאַלע בענקערט האָט אונטערגעהאַלטן און צוגעגעבן:

— קאַפּעלמייסטער, שפּיל!

און ער האָט זיך צעלאָזט, דודאַלע:

— מיר וועלן קעמפן פאַר דער פאָן!... שפּיל, קאַפּעלמייסטער!

---

שפּעטער.

— נו, וואָס זאָגסטו, גדל?

— גאָרנישט האָב איך צו זאָגן. אַלץ איז געשען.

— מיינסט, גדל....

גדל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אָנגעשטעלט זיינע בליקן אויף בערן, ווי וועלנדיק אים דורכקוקן:

— וואָס זאָל איך מיינען? וואָס איז דאָ צו מיינען?

— און ווייטער? די וואָכנדיקע טעג...

ר׳ שכנא, וואָס איז נאָר־וואָס אָנגעקומען פון מנחה־מעריב, האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם גרינעם פּלעד פון די פּלייצעס און זיך צעשמייכלט:

— אַוודאי... וואָכעדיקע טעג.... און פּאָדים וועט זיך אויס־לאָזן און קלייסטער.... און קלעבן איז סיי־ווי נישטאָ וואָס... און דער אמתער יום־טוב, טאָי—טאָי איז ער אונטער דער נאָז... האָ לחמא עניא....

די אײנבינדערן איז פון ערגעץ אָנגעקומען און זיך פאַרוואונ־דערט איבער אירע לייט:

— וואָס איז די מעשה? זיצן אין דער פינסטער!... זיך פאַר־טאַיעט!.... בריהם! און דו, ליובע?

ליובע, וואָס איז געזעסן אויפן גרינעם קופערט, דאָס פּנים פאַרגראָבן אין די הענט, האָט זיך איבערגעוועקט.

— כ׳דאַרף אויסווישן ס׳לאָמפּן־גלעזל, מאַמע...

ר׳ שכנא האָט אַ וויש געטאָן מיט צוויי פינגער אין אַ פענסטער־שייבל:

— נאָך אַ ביסל, וועסטו זיך קאָנען פאַרלאָזן אויף דער לבנה...

ער איז געבליבן, אַ ווײלע, אַזוי שטיין ביים פענסטער און שטיל, ווי אין זיך אַריין, צוגעגעבן:

— און אויף די שטערן, ליובע... אויף די שטערן.... — —

— — — — — — — — —

צוגן גייען קיין מזרח און וועגענער, באַלאָדענע, אין אַלע פרייע ריכטונגען. און לעבעדיקער צעגרילצן זיך לאָקאָמאָטיוון און באַלע־גאָלעס קנאַקן, האָפּערדיק, מיט די בייטשן, פריש־געפלאָכטענע. ס׳אַר אַ פרייע וועלט, ס׳אַר אַ לעבעדיקע וועלט: קיין רוסלאַנד גייען באַנען מיט פול־געפּאַקטע וואַגאָנעס: פרייע יידן, מיט אויסגעבונדענע הענט. און די באַלאָדענע וועגענער שלעפּן עסנוואַרגן אַזש קיין טשערנאָוויץ און קיין סערעט.

גערוימער איז געוואָרן אין קריקעוו. די דיוויזיעס זיינען צוריק־געגאַנגען צום טייך „זלאָטאַ־ליפּאַ“ און די לופט איז אַ ביסל אויס־

גערייניקט געוואָרן פון דער פעסט. די אײַזערנע אָדלערס אין דער לופטן באַווייזן זיך זעלטענער און....

— און אפשר טאַקע שלום? אַזיסטן... אַזיסט טויג רעוואָ־לוציע?

— אפשר נאָך אַ ביסעלע זיך שלאָגן, כּדי... כּדי... נו... מחיה....

אָבער די וואוילע־יונגען, וואָס ברענגען צו שלעפּן טאַבאַק אַזש פון דער קרים, טיי און זאַקן פון אָדעס, רייבן זיך די הענט:

— אַך, אַ לעבן איז עס דאָרט, פּסיאַ־קרעוו! די שטיינער זינגען און די באַלאַלאַיקע רוט נישט... אַלע סטרונעס קלינגען און די שטיינער טאַנצן, אַז פאַר־וואָר לעב עך אַזוי און דו מיט מיר! אָי, אָי, אָדעסאַ־מאַמאַ!

יידן־סוחרים, באַיאָרטע, וואָס לאָזן זיך אַליין אויך אין מרחקים, דערציילן בראַיט און בנעימות:

— איר וואַיסט, וואָס רוסלאַנד איז!.... אַי, אוצרות!.... ס'וואָלט נישט געשאַדט אַ ביסל רוסישע וואַרעניוכע... אַי... וואָס וואַיסט איר!...

נאָר אין די הינטערגעסלעך, וואו נויט אײַלט זיך נישט אָפּ־צוטרעטן, בעט מען, באמת, אויף שלום:

— פאַר דער מלחמה האָט מען זיך געקאָנט אַרויסלאָזן איבער דער מדינה... מ'האָט געקאָנט גיין צו־פוס, אָבער היינט... וואַלו־ציע, וואַלוציע און פעכנע אויפן פּיסק!... געוואָרן הייס־זיצערס און אַן עק.... יום־טוב... האַ, ר' שמואל־אַריה, האַ?

שמואל־אַריה, דער אונטערבעקער דרייט מיט די בלינדע אויגן און קאָן זיך נישט דערמאָנען:

— זינט כ'לעב געדענק איך נישט אַזוינס!.... אַפילו אויפן בית־עולם איז קיין יאַריד נישטאָ. פּונקט ווי אים שבת... — — — — —

אויך ביי שכנא אײַנבינדער איז שבת. דער טיש איז פאַרשפּרייט און אָפּגעראָמט. נישט קיין פּאָדים, נישט קיין קלייסטער און נישט קיין ריח פון פריש־געשניטענעם פּאַפּיר. נאָר שמייכלען, שמייכלט ער פּאָרט, ר' שכנא:

— וואָס־זשע, גדל, טאַקע אין וועג אַריין? קלויבסט זיך טאַ־קע, אויף אַ רעכטן אמת?

גדלס תשובה איז אַ פעסטע, אַ קורצע:

— יאָ, טאַטע.

— מי ברכב ומי ברגל... ווער ס'פאָרט האָצקענדיק, און ווער ס'דראַליעט צו־פוס.... אָבער זאָג מיר נאָר, גדל, אויף דעצאות האָס־טו? און וואוהין לאָזטו זיך אַוועק? קיין פעטערסבורג, צי קיין מאָסקווי?....

אַזוי פרעגט זיך ר' שכנא פונאַנדער. די אַיינבינדערין, ווידער, קלאָגט זיך אויף פלוצלונגדיקע שטעכענישן:

— וואו איז אַזוינס געהערט געוואָרן?! אין אַזוינע צייטן זיך צו לאָזן אין מדבריות, צו די ווייסע בערן, אָך־איז מיר! ס'שטעכט דאָך מיך אַזש אין די קליבעס!

און די גרינפנימדיקע ליובע ווייסט אירס:

— אַז דאָס אַלץ איז דאָך צוליב גאָרנישט! ס'איז דאָך ניש־טיק און נעבעכדיק...

גדלס הענט קרייצן זיך אין דער ברייט, ציען זיך אינדערהויך. ער שטאַמפט איבערן צעפוילטן דיל:

— אַ צייט אַזאַ! און גיין דאַרף מען. אַ פייער האָט זיך צע־צונדן.... און ס'וועט ערשט פלאַקערן!

— אַ פייער, ווי ז'מיר! מיינע באָקעס! — קרעכצט זעלדע, די מוטער.

אַלע ריידן זיך איבער קורץ. עטלעכע טעג אַזוי. און די אַיינ־גייער, גדלס נאָענטע חברים, זיינען מקנא:

— אויך מיר וואָלטן באַדאַרפט אַהין. — דערקלערן זיי, ווי איינער. — דיר וועט בעסער זיין, גדל.

אַפילו שמואל קלוגמאַן האָט זיך אַרויסגעכאַפט:

אַבי דער תכלית זאָל נאָר זיין אַ גוטער...

— תכלית? וואָס פאַר אַ תכלית? — האָט גדל געקרייצט די הענט אין דער ברייט — אַלץ איז קלאָר און באַרעכטיקט.

האָט שוין שמואל צוגעשאָקלט מיט זיין קאָפּ, וואָס איז פול געווען מיט נייע פלענער:

— ס'וועט לעבעדיק ווערן. גערוימער אין גאַס. רובל שטייגן, איר ווייסט? — האָט ער צוגעגעבן — זי איז געקומען אין צייט, די רעוואָלוציע....

נאָר איינער האָרכט. ווי אַמאָל, מיט חדשים צוריק, מיט טעג צוריק: — בער. פון ערגעץ האָט ער געבראַכט צו טראָגן אַ כאַ־קינעם רוקן־זאַק:

— אָט האָסטו, גדל.

גדל האָט צונויפגעלייגט אַ פּאָרל גרעט און אַ פּאָר הויזן:

— ס'וועט געגנוג זיין און לייכטער צו שלעפּן...

— און ווייסט עס תמיד קאָנען האָבן אויפן אויג... ס'פּאַר־מעג. — האָט ר' שכנא צוגעוואָרפן — ווי אַ זאַך מאַכט זיך...

ער האָט אָבער נישט געוואַרט, דער אַלטער, אַז מ'זאָל אַ לאַך־טאָן. ער האָט אַפילו נישט געשיבערט מ'הויקערל, ווי זיין שטייגער איז. ס'איז דער לעצטער איך־דער־נאַכט. גדל געזעגנט זיך דאָך. אין אַלקערל, הינטערן הילצערנעם האַלב־ווענטל, איז די אייגבינדערין אַנטשוויגן געוואָרן. אויך ליובע האָט זיך אַהינצו פאַר־קליבן.

האָט מען געוואַרט. געוואַרט אויף אַ מין זיכערן קול. אויף איין וואָרט. אויף אַן אומגעוויינלעכן און, אפשר, אוממעגלעכן. נאָר גדל האָט זיך אָנגעלענט אָן גרינעם קופּערט און אַ פרעג־געטאָן:

— און דו, בער?

— איך...

— קום מיט!

— היינט?

— היינט ביינאַכט, מיט מיר!

ביים ווענטל פון אַלקערל איז געבליבן שטיין ליובע. אירע אויגן זיינען פאַרלאָפן און אירע ליפּן האָבן געצאַפּלט...

— גייסט? — האָט גדל געפרעגט, און זיין פראַגע האָט גע־קלונגען, ווי אַ באַפעל — ענטפער!

— היינט ביינאַכט? נו... ווייסט דאָך... אין די גוייִשע שטובן... דער טאַטע האָט ערשט היינט ווידער געלאַכט... געמאָסטן ס'ליילעך

אויף זיך... ער וויל, זאָגט ער, איבערכטן די מלוכה זיינע... ווי אַזוי־זשע זאָל איך...

גדל האָט אים באַמאָסטן פון קאָפּ ביז די שיך.

— כ'וואַרט נישט.

דער אַלטער, הונדערטיאָריקער זייגער האָט אויסגעהוסט די שעהן מיט אַ הייזעריקלעכן כראַפּ. שמואל קלוגמאַן האָט זיך אויפגעהויבן דער ערשטער און אויסגעשטרעקט אַ האַנט:

— נו... איז לחיים־ולשלום.... וואָהל־אַויף! און... אַז דו וועסט קומען און אַז דו וועסט זיין — גריס־זשע מיר מיינע לייט. אויסישקינען, למען־השם! אָ, ער מוז מיך אַוודאי געדענקען פון באַזעל! און פאַרשטייסטו... יאָ, אַלע מיינע יידן! דיינע — מאָג אויך זיין! און... טאָמער באַגעגנסטו ערגעץ דאָקטאָר זלמן סרעדניק נו, אַ קרוב מיינער, איינע פערזענלעכקייט... יאַ, קאַפּאַציטעט.... פון דער מאַמעס צד, אַ געשוועסטערקינד, דעם סמאָטריטשער רבס אַ זון... אָ, ד"ר סרעדניק, אַ קליינינקייט! און... גיי אין דיינע וועגן און זיי צופרידן... אָבער, ביטע דיך, פאַרגעס נישט הערצלעך גריסן אוסישקינען! יאַ... און...

ער האָט נאָך פיל געהאַט אָנצוזאָגן, שמואל קלוגמאַן. ר' שכנא האָט זיך אָבער אַפּגעשאַרט פון צווישן אייוון און צוגערוקט זיך צו גדלען:

— אָט האָסטו אַ לוחל אויפן וועג... אַ לוחל איז ווי אַ לאַמטערן.... ס'לייכט און ס'פירט... ס'ווייזט אָן און מ'ווייסט, וואו מען האַלט אין דער וועלט... און אפשר וואָלסטו איצט אַריינגעקוקט? זע, וויפיל טעג ס'איז שוין אין ניסן... כאָטש די וועגט זיינען נישט געקאַלכט, דאָס באַנקבעטל נישט געריבן... אָבער אין לוחל וועסטו טרעפן, אַז מיר בלייבן... אַליין...

ער האָט זיך נישט איינגעהאַלטן ר' שכנא און צעכליפּעט. דער זייגער האָט זיך מיישב־געווען און צוגעגעבן נאָך אַ כריפּ: דרים... דרים...

גדל האָט זיך פעסטער געהאַלטן אָגם קומערט און די אַנדער האַנט זיינע האָט זיך אויסגעצויגן צום איינגעפּאַקטן טלומאַק.

— און דו, בער? — האָט גדל ווידער זיך דערמאַנט.

— איך... כ׳וועל...

— בלייב דאָ!

ליובעס אויגן האָבן אויפגעלויכטן:

— בלייבט, בער. ס׳איז נישט כדאַי... פיין לויערט במילא...

גדל האָט גענומען דעם טלומאָק אין האַנט:

— ס׳איז שוין צייט!...

* *
*

אין איין נאָכמיטאָג, פון די ערשטע וואַרעמע זומער-טעג, האָט בער פרידמאַן צוזאַמענגענומען אַ פעקל ביכער און זיך געלאָזט איבער דער שמאָלער סטעזשקע, וואָס ציט זיך צווישן די צעבליטע סעדער, צום מאַרק. קלאָר, אַז צו ר׳ שכנא איינבינדערס שטיבל, וואָס הויערט צווישן די קליטלעך און אָטעמט איצט אַריין-און-אַרויס דורכן אָפענעם טירל און די באַלכסונדיקע פענסטער.

ער איז געגאַנגען, נישט מער אַזוי אָפּגעלאָזן, ווי ערשט-נישט-לאַנג; ער איז געגאַנגען זיכער, ווי איינער, וואָס לאָזט זיך אַוועק מיט אַן אָנזאָג, אָדער מיט אַ באַשלוס. ער האָט זיך נישט אויפגעהאַלטן לעבן קיינעם און קיינער האָט אים נישט אָפּגעשטעלט אין זיין גאַנג. ערשט אַריבערטרעטנדיק די שוועל, אין זוניקן, אויס-געגעלטן פירהייזל, האָט ליובע אים פאַרשפּאַרט דעם וועג:

— הייסט עס, זיך ערשט היינט דערמאַנט...

בער האָט געוואָלט ענטפערן, אָבער דאָס מיידל האָט באַלד צוגעגעבן:

— אַוודאי... אַז ווען אַרט עס... גלייך ס׳וואָלט שוין מער קיינער ביי אונז נישט געווען... און אַז גדל איז נישטאָ?... יאָ, אַז ווען אַרט, וואָס איך האָב... וואָס... אָט, גאָרנישט...

בער האָט פעסטער געדריקט דאָס פעקל ביכער. ס׳מיידל האָט זיך געשטיקט:

— פטור.... גאָרנישט... גייט אַריין....

נאָר בער איז געשטאַנען אין שמאָלן, זון-באַשיינטן פירהייזל, און נישט געוואוסט, וואָס צו זאָגן: דאָס, מיט וואָס ער איז איצט

געקומען, האָט פאַרלוירן דעם באַטייט. און דאָס מיידל האָט דער־קענט אָן אים:

— איר האָט די ביכער געבראַכט... וואָס איז? אַזוי גיך מיט זיי פאַרטיק געוואָרן?

— מיט ביכער, ליובע, ווערט מען גאָר גיך פאַרטיק... מיט זיך אַליין, אָט, — דאָס גייט נישט אַזוי שנעל...

אַוודאי האָט ליובע עפּעס דעראָטן:

— און איצט קלויבט איר זיך...

— איך גיי אַוועק פונדאַנען....

ליובע האָט זיך צעפינטלט מיט די אויגן:

— און וואוהין?

— אַהין. אויף יענער זייט גרענעץ. ס׳איז צייט!

ליובעס אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן, אָנגעקוואָלן געוואָרן. זי האָט פאַרדעקט ס׳פּנים מיט דער האַנט:

— ס׳שטעכט אין די אויגן... די זון.... ס׳טירל איז אויפגע־פּראַלט.... — —

פון אינעווייניק האָבן זיך אַרויסגעהערט דעם אַיינבינדערס אָפּ־געהאַקטע ווערטער, ריידנדיק צו זיין יידענע:

— שטיה... ס׳איז רעכט... גלויב מיר... שלא עשני אשה... אַוודאי...

בער האָט געקוקט אויף ליובען, וואָס האָט נאָך אַלץ גע־שיצט אירע אויגן פאַר דער זון, אָבער צווישן אירע בלייכע פינ־גער, האָט ער געזען פייכטע אַרבעסלעך זיך אַרויסקייקלען...

— ליובע, — האָט ער אַרויסגעשטאַמלט — איך מוז... ס׳רופט....

— געוויס... גייט אַריין... פאַרהאַן אַ בריוו פון גדלען... — —

אינעווייניק, אין אויסגעקאַלכטן שטיבל, מיטן בלוי־געשמירטן געזימס, האָט געשמעקט מיט טרוקענער לוידיקייט. אַ מערכה, ס׳האָט זיך דאָרט נאָך געפונען ר׳ שכנא, וואָס איז געשטאַנען ביים עק־טיש, זיך געעסקט מיטן ירושה־זייגער, און אַליין אויך אויסגעזען, ווי אַ שטיקל פאַרלעגערט אַלטוואַרג. יעדע ווילע האָט ער אַריינ־געוואָרפן אַ וואָרט צו זיין יידענע, וואָס האָט, אין אַלקער, ביי עפּעס

פאַרנודיעט אירע הונגעריקע זומער־טעג. קיצלענדיק מיט אַן איינ־געטונקענער, גענזענער פעדער אין די רעדלעך, האָט ר׳ שכנא דער־קלערט:

— אַ ציינדעלע אויסגעשלייפט... אַ צאַפּנדל אויסגעקרימט... טים... בים... באָם...

דערזעענדיק בערן, האָט ער אַרויסגעלייגט דאָס פעדערל פון האַנט און אָפּגעווישט דעם פאַרשוויצטן שטערן:

— זע־נאַר־זע! נו... נו... מ׳דאַרף שוין איבער דיר אַ שהחיינו מאַכן! איז וואָס־זשע? קומסטו קוקן, ווי איך קיצל אין די אַלטע צאַפּנדלעך און רעדעלעך? כ׳האָב אָבער פאַר דיינעטוועגן עפעס נאָך... עפעס... יאָ... יאָ...

ר׳ שכנא האָט אַרויסגערוקט דעם שופלאָד, וואָס איז געווען אָנגעשטאָפּט און אָנגעפּראָפּט מיט שמות, פּאָדים, פלערליי מכשירים, און אַרומגעזוכט מיט די פינגער....

— תיכּף, בער... תיכּף... אָבער נישט דאָ... אַהאַ!

ער האָט צוריק אַריינגערוקט דעם שופלאָד, זיך אַרויפגעשטעלט אויפן באַנקבעטל, און פון הינטערן פאַרשפּרענקלטן, באַפּאָקטן שפּיגל, אַפּירגענומען אַ בריוול:

— נאַ! לייען!... זאָל דיין טירחה נישט זיין אומזיסט...

דורך אַ סך הענט האָט שוין דאָס צעקנייטשטע בריוול גע־מוזט דורכגיין. אָבער די שורות, צוגעשריבן צו בערן אַליין, האָבן זיך געלאָזט לייענען. קורץ, שאַרף און גרוים: „דיין טאַטע צירט זיך אַוודאי אין כאַלאַט... ער לאַכט מסתמא... און דו עצהסט זיך אַוודאי מיט ליובען, צי ס׳איז כדאי... אָבער דאָ, בער, וואו איך בין דאָ, גליט די ערד אונטער די פיס... און אויב דיין טאָג איז טאַקע קיין טאָג נישט — קום!... איך בין דערווייל אין קיעוו...“

בער האָט איבערגעלייענט ס׳בריוול און זיך נישט פאַרטראַכט.

— אַדאַנק אייך, ר׳ שכנא... אַלץ איז כשורה... כ׳וועל נאָך דאָ זיין אינאָוונט...

ער האָט זיך געלאָזט צו דער טיר. קיינער איז נישט אַנט־קעגנגעקומען, כאָטש געטראַכט האָט ער, אַז ליובע וועט.

און נישט אין פּוירהייזל איז זי געווען, און בּיים אויסגעקרימטן טירל האָט זי אויך נישט געוואַרט. איז ער, אַ ווײַלע, שטיין געבּליבּן, געקוקט אַרום זיך, פאַר זיך, אויפן ליכטיקן מאַרק, און זיך צעפינטלט מיט די אויגן....

נאָר מיטאַמאָל האָט אים עמעץ אַ צי געטאָן בּיים ראָק. ער האָט זיך אַרומגעזען: אַ קליין ייִנגל איז געשטאַנען לעבן אים און צון אים אַרויפגערעדט:

— וואָס סטייט איר דאָ? דייט אַהיים... מ'דאַרף אײַך... דייט דיכער!...

— מיך?

— אײַך... טאַקע אײַך... דיכער!

ער האָט נישט געפרעגט צו-וואָס און נאָך-ווען. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אַוועקגעלאָזט. ער האָט אָבּער געהערט, ווי צוויי ווײַבּער האָבּן אָפּגעשטעלט ס'ייִנגעלע, הינטער זײַן רוקן:

— וואָס איז דאָרטן, פּאָטעלע? — האָט איינע געפרעגט.

— דאָר-ניסט! בּערס טאַטע בּרעכט סויבּן...

— און דער קדיש ליגט איבּער בּיים אײַנבּינדערס זשאַבּע! בּיי דער גרינער!... — האָט די צווייטע זיך צעיאַכמערט, מיט אַ פּיפּסנדיקן קולעכל...

בּער האָט דערפילט אַ שאַרפן בּרי איבּערן גאַנצן חומ-השדרה. ער איז שוין געגאַנגען און אונטערגעלאָפן; געגאַנגען, ווי מיט בּײַטשן געטריבּן.

און פּלוצלונג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אויסגעדרייט דעם קאָפּ און דערזען, ווי דאָס קליינע ייִנגל הופּעט אונטער אויף איין פוס און, זינגענדיק, רײַבּט ער זיך ס'נעזל:

— בּרעכט סויבּן! בּרעכט סויבּן... אַ מעסודענער!

---

אין די ווייסע שטובּן בּיי די פרידמאַנס געוועלטיקט אַן אימה, שלײַכט אויף די ווענט, רײַט אויף די פענסטער-רעמלעך און הענגט זיך אָן אויף אַלע און אַלץ. אינמיטן שטוב שטייט אַ מענטש,

אַ בערדיקער, מיט אַ פּאָר אַרויסגעזעצטע אויגן, מיט בלויע, אָנגעלאָפענע שלייפן, און ביילט די פויסטן צו די אַרום־שטייענדיקע:

— וואָס הייסט מוריד במלכות זיין? ווער וואַגט? פּראָים! מורדים! וואָס פאַר אַ רעוואָלוציע? איך קיניג נאָך! מיין מלכות איז נאָך גרויס! כ׳וועל משפּטן מיט אַרבע מיתות!

און די פויסטן וואַרפן זיך אין אַלע זייטן. פאַלן איבער קעפּ, וואָס בויגן זיך אַזוי נכנעיש, ווי קעפּ פון קנעכט, בעת דער האַר גיסט זיין צאָרן אויס...

— איך וועל אויפריכטן מיין מלכות!

אַזוי דונערט ר׳ הירשל און, איבערלאָזנדיק זיינע צעמויקטע לייט, רייסט ער זיך צום פענסטער:

— און קודם אַרויס פונדאַנען, פון דער תפיסה!

ס׳פליען שטיקלעך שויבן, פאַלן אַראָפּ אויפן דיל, און שטיקער פאַרטריקנטע ליים און פלאַכעס קאַלך שפּרינגען אָפּ פון די ווענט.

— אַרויס פון תפיסה! אַרויס!

קיינער רעדט נישט. איינער נאָר האָט די העזה און שטעלט זיך אַקעגן:

— וועסט שווייגן, צי ניין?!

דער אַלטער ר׳ נוחקע איז אַריינגעקומען פון זיין חדרל, די בריל פאַררוקט אויפן שטערן און געבליבן שטיין מיטן ליולקע־ציבוק אין האַנט:

— וועסט שווייגן, צי ניין?

די ווייסע באָרד האָט ביי אים אַ פלאַטער געטאָן און די יאַרמולקע איז אים אַראָפּ פון קאָפּ:

— ס׳זאָל זיין רויק!

ערשט איצט האָבן זיך די ווייבער געלאָזט הערן. די אַלטע מאַמע האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ און דבורהל האָט יאָמערלעך געוואָיעט. די יונגערע קינדער האָבן זיך געשאַרט ביי די ווענט, געקרימט די מיילער פאַר שרעק, און אינאיינוועגס איז זיי אָנגעגאַנגען אַ געלעכטער. אַ גרויסער טאַטע, מיט אַ באָרד, שטייט

אין בלויזער וועסט, אָנם כאַלאַט, און פּאָכט נאָך אַלץ מיט די פויסטן:

— כ׳וועל... כ׳וועל... — — —

אַז די טיר האָט זיך געעפנט, און בער איז אַריין, אַ מבולבלער, האָבן אים די קינדער אַרומגערינגלט:

— זע, בער!... דער טאַטע...

בער האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט. די קניען האָבן זיך ביי אים געבויגן, געציטערט, און די ציין זיינע האָבן זיך איינגעביסן אין דער אונטערשטער ליפּ, אַזוי טיף, שאַרף, ביז בלוט...

ר׳ הירשל האָט אויפגעריסן די אויגן. געקוקט, געקוקט און זיך צעשמייכלט:

— און דו ביסט דער יורש! אַזוי... אַזוי...

ער האָט זיך צוגעלאָזט צו בערן און אַזוי אומהיימלעך אין אים אַריינגעשריען, אַזש ס׳האָט אים אַליין אין האַלז פאַרצויגן:

— פון די פיר ווענט אַרויס! אַרויס... אַרויס!

איז אין דער רגע געשען דאָס אומגעריכטע: בער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן פאָטער, אָנגעכאַפּט אים מיט איין האַנט פאַרן האַלז, מיט דער אַנדערער אים ס׳מויל פאַרמאַכט און מיטן אייגענעם קאָפּ געשלאָגן אין פאָטערס שטערן:

— מיר וועלן אַרויס!... פון די־אָ ווענט... פון די שאַרבנס... פון אָט־די־אָ! — איז ער זיך פאַרגאַנגען...

ר׳ נוחקע האָט אַ זוך געטאָן די ברילן אויף דער נאָז און זיי נישט געפונען. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די ליולקע־ציבוק און קיי־נער האָט נישט געזען.

זיין אייגן קול האָט ער נישט דערהערט:

— רבונו דעלמא כולא!...

אין שטוב האָט געפלאַטערט אומגעוויינלעכס. ווי שווערע פליג־לען וואָלטן זיך אויסגעשפּרייט און געפאָכעט.

אַלע האָבן זיך איינגעקנוילט....

— רבונו דעלמא כולא — האָט ר׳ נוחקעס קול געציטערט. —

אינדרויסן האָבן זיך מענטשן געשפּאַרט און געדרוקט נעזער צו די אויסגעשלאָגענע שויבן. שיקסלעך און שקצימלעך פון גויִישע געסלעך האָבן אונטערגעהאָצקעט, געוויזן צונגען און פייגן:

— העי, העי — כאַלאַמעי!... טאַטעלעך מאַמעלעך... כ'האָב אַ דר'ערד!...

מיטאַמאָל האָבן זיך דערהערט טרומייטן און פויקן.

— סאָלדאַטן! סאָלדאַטן! — האָבן זיך די שקצימלעך צעבריקערט און מיט אַ געפילדער זיך אַוועקגעלאָזט פון דער כאַטע.

— סאָלדאַטן! מוזיק!

איבערן שאָסיי, וואָס פירט פון דער הוסיאַטינער גרענעץ, האָבן געצויגן בוסנייער-פאָלקן, רייטערס און גאַנצע באַטאַרייען אַרטילעריע. גאָר אומגעריכט, אַזוינע מחנות, אין נייע בגדים, מיט לאַנגע שטיקעס; און אַזוינע שווערע קאַנאָנען, מיט לאַנגע, קופערנע רערן, וואָס שפּיגלען זיך קעגן דער זון. און חידושלעך: דערזעלבער מאַרש, וואָס הען, ביים סאַמע אָנהייב. דער זעלבער הילך און דאָס זעלבע לידל: „סאָלאָווי, סאָלאָווי, פיגעלע“.... פאַר ס'ניי פליצן זיי, די מחנות, איבערן „קאַיזער-שטראָז“ און ציען קיין צפון, וואו דער וועג פירט קיין טאַרנאָפאָל, קיין זלאָטשאָוו און קיין בערעזשאַן, צום טייך „זלאָטאַ-ליפאַ“... — — —

אין דער ווייסער שטוב ביי די פרידמאַנס איז אַזוי שטיל געוואָרן, גלייך ווי אַלע וואָלטן די אָטעמס פאַרלוירן.

בער האָט זיך באַוויזן צו דערמאַנען. ער האָט אָפּגעלאָזן דעם פאָטער, אויף אַ ווילע, כדי אים תיכף זיכערער אַרומצונעמען, אַוועקטראָגן און אַוועקלייגן אויף זיין געלעגער.

ווי אַן איינגעשטילט קינד, איז ער געבליבן ליגן, ר' הירשל, און ווי אַן איינגעשטילט קינד פאַרן איינשלאָפן, געעפנט און צוגעמאַכט די אויגן. בער איז געשטאַנען אַנטקעגן אים. געקוקט, געקוקט פאַר זיך, ווי אין אַ ווייטן מרחב...

צו זיינע אויערן האָט זיך דערטראָגן דער זעלנערישער גריל'ן און ס'לידל: „סאָלאָווי, סאָלאָווי, פיגעלע!“...

הוילקייט און ווייטער, בלויער מרחב... — — —

— — — — — — — —

אין די נעכט ברענען די ראַנדן פֿון קריקעווער הימל. דורך די שפּאַרעס פֿון פֿאַרהאַנגענע פֿענסטער כאַפּט מען אַ "בליק צו די פֿלאַם-פֿייערן, וואָס צעשפּרייטן זיך, הייבן און זעצן זיך.

אין די נעכט דונערן דונערן העפטיקער. ס'ציטערט די ערד. איבער דער סאַמע-מיט פֿון הימל לויפֿט דורך אַ ווייס-גרינלעכע שיין, אַלע ווײַלע, צעשפּריצט זיך און צעשיט זיך אין אַלע עקן. ס'הייבן זיך די דעכער און דראָטן-נעצן, געדיכט-אויסגעשפּאַנט אויף סלופּעס, זשומען: זזו זשו... זזו...

און פֿון ערגעץ טראָגט זיך אַ געיאָמער; אַן אומהיימלעך וואָיען פֿון מחנות-מענטשן, פֿון קעץ, און אַ געפּלאַטער פֿון גרוי-פֿליגלדיקע. — — —

און אין די טעג — דערוואַרטונג און נאָכפֿרעגערײַ.

מ'פֿרעגט בײַ סאָלדאַטן, אָנגעקומענע פֿון דאָרף דאָבראָ-פּאַליע, סאָלדאַטישיקלעך, מיט צעבלוטיקטע הענט, מיט פֿאַרבונדענע קעפּ, וואָס שלעפּן זיך אויף פֿורלעך:

— נו, וואָס קינדער?

— נישט גוט, בירגער... דער דײַטש און די עסטרײַכער שלאָגן.... נישט פֿרײלעך, בירגער... — — —

אין קריקעוו שטייען טעג פֿון גרויס דערוואַרטונג. מ'ווייסט שוין, אַז עפּעס איז געשען. מ'ווייסט און ס'איז קלאָר, אַז קערענסקי האָט אומזיסט געהאַלטן פֿלאַמענדיקע דרשות אין פּעטראָגראַד; אַז אומזיסט האָט ער אַליין, מיט זיין כבוד, זיך געלאָזט צו די „פּעטער", אין די אָקאָפּעס און טראַנשייען, צו מונטערן זיינע „קינדער", די גרוי-באַמאַנטלטע, זיי זאָלן דערפֿירן דעם קאַמף ביזן סוף, צום גרויסן נצחון...

אין קריקעוו ווייסט מען, אַז די גרויבאַמאַנטלטע, אין דאָבראָפּאָליע און בײַם דניעסטער, האָבן זיך צוזאַמענגערעדט, אַז... „גענוג!" — — — — — — — — —

— אַוודאי וועט מען גיין... מיר גייען שוין אַהיים... מיר קריכן — האָבן אָפּגעברענטע און פֿאַרשטויבטע סאָלדאַטן געטענהט; די דאָזיקע, וואָס זיינען געקומען צו קריכן פֿון צפֿון...

זיי האָבן זיך צעזעצט אויף שט״נער, אויף פּלויטן, אַרום סעדער, און גערעדט... געטענהט וועגן שלום, וועגן רעכט, וועגן הונגער און וועגן די ווייטע היימען זייערע. זיי האָבן געלויזט און געלופטערט די שוואַרצע העמדער, אויסגעווייקטע אין סרח׳דיקן שמאַלץ, און, מיט גרויס הנאה, דערציילט:

— מיר קריכן אַהיים, בירגערל, צו ווייב און צו פעלד...

— אַזוי׳ש, חבר... אויס! און וואָס מיר מיליוקאָוו און וואָס קערענסקי? — באַווייזט איינער, אַ גאָר יונגער, בעת ער בינדט אַרום די שטיוול מיט שטריק און שמאַטעס — וואָס זיינען זיי מיר? אַ שפּיי! בורזשויעס! טייוואָלים, אָט!

— וואָלט נאָר דער דייטש, דער פאַרשאָלטענער, נישט געפרעגלט מיט פייער!... אין די גריבער פאַרהאַן אַ סך... פאָלק איז געבליבן — זאָגט טרויעריקלעך אַ בערדיקער סיביריאַק, שפייענדיק און רויכערנדיק מאַכאָרקע — לעבעדיק פאָלק געבליבן.... — — —

דער דייטש, אָבער, פרעגלט... און אין קריקעוו וואַרט מען, דורך טעג און דורך נעכט. „אָט, היינט-מאָרגן", סודעט מען זיך, אין דער שטיל... „היינט-מאָרגן און... די „ישועה" איז דאָ"...

און נייגעריק איז מען, ווי אַזוי „אונזער קאַיזער זאָל לעבן, דער יונגער קאַרל", וועט עס טאָן באַווייזן זיין חסד און גנאָד צו זיינע יידן....

אין דער שטיל איז מען מזכיר דעם אַלטן פראַנץ-יוזעף, וואָס האָט נישט זוכה געווען, צו דערזען דעם בראָך פון זיינע שונאים און איז אין סאַמע-מיטן-דערינען אַוועק אויפן עולם-האמת...

— אַי, איז דאָס געווען אַן אוהב-ישראל... — האָבן יידן דערמאַנט מיט אַ זיפץ... — אין ליכטיקן גן-עדן זאָל ער זיצן.... יידן ליב געהאַט... ס׳חיות האָט זיך אים אויסגעלאָזט נאָך אַ יידן... אַי, אַי... וואָס-זשע מיינט איר? דער יידישער זכות שטייט טאַקע ביי...

וואָרעם אין קריקעוו איז אַ ביסל ענג געוואָרן. און אין דער ענגשאַפט האָבן זיך חולאתן געמערט און אויסגעלייגט יונג און אַלט. און ס׳איז דערעסן געוואָרן, צו אַנטלויפן פאַרן פחד, וואָס יאָגט אָן. אָפּטרעטנדיקע סאָלדאַטן, וואָס טייטשן אויס „רעוואָלוציע" אויף אַן אייגענעם אופן, האָבן גענישטערט אין שטובן און אין קאַמערן:

— רעוואָלוציע, יידעלעך! אַלץ גיט אַהער! גיט גאָלד, גיט געלט! גיט זייגערלעך! שיינע זייגערלעך — אָדער די העלזער! בורזשויעס, וואָס איר זיינט! פאַרשאָלטענע שפּיאָנען דעם דייטשס! הענט אינדערהויך! — — — — —

נאָר אין איין שטוב האָט קיין דערוואַרטונג נישט געציטערט און די שרעק האָט אויף קיינעם נישט געלויערט, נישט איבערגעטראָטן די שוועל: אין דער ווייסער פּויערישער כאַטע ביי די פּרידמאַנס.

דאָרטן דרייען זיך אַרום מענטשן שווייגנדיקע, וואָס ווילן אויסגיין בנשיקה... מיט אַ קוש....

נאָר די קליינע קינדער קוועלן אָן פון פייער אַרום, אָבער זיי דערקענען, אַז קיינעם געפעלט דאָס נישט און זיי ווייסן נישט פאַרוואָס...

דער אַלטער ר׳ נוחקע האָט ביי זיך אין חדרל זיין „שבחי-בעל-שם-טוב“. קוקט ער אין די אותיות, קוקט אויף די ווענט און רעכנט אויס וואַזשנע חשבונות... און אין אַנדערן חדרל, אויף זיין געלעגער, ליגט ר׳ הירשל. ער איז שוין אַזוי געל, ווי געקנאָטן פון וואַקס, אויסגעצאַמט און עס שטאַרצט אַרויס דער קנאָפּ פון גאָרגל. נישט ער עסט, נישט ער בייט אַ העמד, — ער טוט אַפילו קיין ברום נישט. ער זופּט אַ ביסל וואַסער פון אַ גלאָז, וואָס שטייט ביי זיין בעט, און נאָגט אַ שטיקל צוקער. ער רופט נישט קיינעם, קיינער פרעגט אים נישט איבער און אַלע זיינען מושווה געוואָרן. נאָר אַמאָל, אין אַ פאַרנאַכט, טרעט דבורהל, דאָס ווייב, אַריבער די שוועל און קוקט, מיט גלעזערנע אויגן, אויפן מאַן, וואָס ליגט אומבאַוועגלעך און שווייגנדיק. און קוקנדיק, אַזוי גלעזערן, אויף איר מאַן, טראַכט זי אָפּגעריסן און צעשטיקלט. זי זעט עפּעס לאַנגאָנעדיקס; אַ דערמאַנונג נאָגט און אַלץ פאַרנעפּלט זיך. שטיקער דערינערונגען וועגן שטאָלצן מיידל, וואָס האָט אויף פּליוש געהאָפטן מיט גאָלד.... ס׳שווימען אַרויס ברענענדיקע אויגן פון אַ שטאָלצן „ריטער“... הער יוסטוס פאָגל.... תנאים... מיוחסים פון דור-דורות... ר׳ הירשל... און דער אויסגעבעטענער זון... בער...

און קוקן, קוקט זי אַזוי לאַנג, ביז אירע אויגן ווערן אי־בערגעצויגן און זי קאָן זיך קוים איינהאַלטן אויף די פיס...— —

און אין די נעכט איז אין די ווייסע שטובן נאָך גרויזיקער. דעמאָלט הערט זיך אַפילו קיין שאָרך נישט. רויט־באַלויכטן פון אַ ווייטער שיין זיינען די סטעליעס און די בליקן קלעבן זיך אָן אָן דער רויט־באַשיינטקייט.

ס'טרעפט אָבער, אַז אַזאַ ווייסט רעווען, אָדער אַ משונהדי־קער געזאַנג לאָזט זיך פלוצלונג הערן פאַר די פענסטער און דאַן אַ קלאַפ מיט די פויסטן אין די שויבן: „עפנט! עפנט צון אַלדי־גוטע יאָר!"

אַלעמענס אויגן קלעבן אָן דער רויט־באַשיינטקייט אויף דער סטעליע. נאָר די אַלטע באַבע מאַטל טוט אַ זיפץ, אַ פיר מיט דער האַנט איבערן קאָפּנטיכל און, מיט באָרוועסע פיס, לאָזט זי זיך טאַפּן די קליאַמקע אין פירהייזל. זי עפנט די טיר, גייט צוריק צון איר געלעגער, און לאַנג נאָך פלאַפּלט זי אינדערשטיל:

— ס'טויג דיר דאָס, בערעניו... ס'טויג דיר דאָס?... — — —

נאָר בער ווייסט, צו־וואָס אים טויג דאָס רעווען פאַר די פענס־טער, דער געזאַנג און דאָס שלעפּן זיך, ביז וויט נאָך האַלבער נאַכט, כאָטש קיין בן־אָדם דאַרף זיך דעמאָלט נישט געפינען אין גאַס. בער ווייסט שוין, וואָס די גדולה איז אַזוי גרויס, הלמאי ער האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן „אַריינצוגיין" אין פיגע־רודיעס „קאַ־פע", וואו ס'איז לעבעדיק און לוסטיק.

אין אָנהויב איז טאַקע אַלעמען אַ חידוש געווען, וואָס דער „יאָלד" האָט זיך פלוצלונג דאָ „זאַנאַדעט". די רויטע באַלעבאָסטע פון „לאָקאַל" האָט אים גאַנץ צו דער זאַך אַ פרעג געטאָן, צי האָט ער זיך נישט אַמאָל טועה געווען מיט די „טירן".... אָבער בער האָט זי אַזוי קאַלטבלוטיק באַמאָסטן, פונם רויטן שייטל אירן, ביז צו די זוילן — און נישט ווינדיק אַליין, פונוואַנען ס'קומט צו אים אַזאַ „קוראַזש" — איר אַ שנאָל געטאָן אין פלאַטשיקן נעזל: „טראָג זיך אָפּ, פייגע־דרודל"! אַזש די באַלעבאָסטע איז שיִר נישט צעשאָטן געוואָרן פאַר ביין־וואונדער: „זע־נאָר־זע!" —

מ'איז גיך היימיש געוואָרן מיט אַלע שטענדיקע אורחים: מיט יאָסל יאַכנעס, מיט מאַיאָרקע בעלבאַס און מיט אַלעקסי לופּיעניק...

די „בופעט־מיידלעך" האָבן זיך געלאָזט קענען און אַפילו טעמע ראָסיע דער טיקערינס האָט אויפגעהערט חוזק צו מאַכן פון דעם „ציצל־איסט".

— „דו, בער, זײַ רואה בײַם בופעט... כ'דאַרף אויף אַ מינוט אַרײַנגיין מיטן גאָספּאָדין פעלדפעבל"... — האָט זי זיך שוין געקאָנט פאַרטרויען, טעמע־ראָסיע. און שפּעטער־צו האָט בער שוין געקאָנט מאָנען אַפילו:

— „העי, דו, כאָנטע! גיב אַ פּעקל פּאַפּיראָסן! גיב אַ רובל, קורווע!"

און אַז ער איר דערגאַנגען אַזוי ווײַט, האָבן אים די מוידן שוין גערופן „באָבוס" און אים געגלעט איבערן קאָפּ, ווײַסנדיק, אַז ער וועט אַ שטויס טאָן מיטן עלנבויגן אין אַ זײַט, אָדער מיט אַ פויסט אין ברוסט אַרײַן: „וועל איך פון דיר אָפּשפּאָרן, כאָנטע, וועט דיך די רויטע יויך באַוואַשן"...

אַוודאי איז טעמע־ראָסיע גליקלעך, אַז „באָבוס" רופט איר אַמאָל אין אַלקערל, הינטערן „רויטן פוירהענגל".... זי קושט אים דעמאָלט די אויגן, אַפילו די שפּיצן פון די נײַע שטיוועלעך, וואָס זי האָט פאַר זײַנעטוועגן „צוגעשלעפּט" פון אַן אָפיציר, בײַ וועמען זי האָט געגנעכטיקט אויף דער קוואַרטיר... „באָבוס... גילדענער! האַרציקער"... — — —

ס'אַר אַ גליק דאָס איז! אַ פולער קאָפּ. אַזש רוישט... און אַלעם דרייט זיך: פייגע־רודיעס „לאָקאַל".... די גרויע, קויטיקע ווענט און די בעלקעס, וואו ס'ווידמענען זיך שלענגעלעך און וואַנצן... און ווי וואויל דאָ איז! ס'זידט דאָ פון סאָלדאַטן און אונטעראָפיצירן... ס'גיסט זיך משקה, און ס'גאַנצע לייב־און־לעבן איז אַן אָפּגעדעקטס, אַ הוילס און אָנקונצנדיקס!... ס'אַר אַ גליק ס'איז, צו ליגן אין אַלקערל הינטערן „רויטן פוירהענגל", אויף דער אַלטער קאַנאַפּע, פון וועלכער ס'קוקן אַרויס גאַנצע קנוילן קלאָטשע, פערדהאָר און ס'דרינדזשען די ספּרוזשינעס.... ס'איז וואויל, צו לאָזן רעדעלעך רויך און פילן איבער זיך דעם קראַנקן אָטעם פון אַ

שוואַרצער מיידל, מיט אונטערגעשמירטע איגן, וואָס בעט זיך: „באַבוק, ביי אונדז, דאָ, איז גוט"....

מ'קאָן ביילן אַ פויסט, אַ פּאַך טאָן מיט דער האַנט, און דאָס מיידל וועט זיך נאָך מער לאַשטשען, בעטן און זינגען: „אַ ליבעלע צו פירן מיט דיער, מאַאַן לעיעבען, מיט דיאָר מאַאַן לעיעבן..."

מ'קאָן אַזוי אַ געניץ טאָן, ווען די שוואַרצע טעמע־ראָטיע בלייבט שטיין אין קורצן הינטערקליידל, מיט די רויטע בענדעלעך איבער די לאַנגע, זיידענע זאָקן....

„אַ ליבעלע צו שפּילן איז דאָך זאַיער ניעט".

מ'קאָן אַפילו אויסשפּייען... זיך אויפהויבן, לאָזן זיך אַוועק, מיט וואַקלענדיקע טריט, אַרויף אין גויישן געסל, צו דער כאַטע און אַ רעווע טאָן: „עפנט, צון אַלדי גוטע יאָר!"... — — — —

אַזוי אַ סך טעג. וואָכן. און קיינער פרעגט נישט. גלייך קיינער ווייסט נישט. מ'קאָן אויך אַוועקלייגן אַ „צענרובלדיקן" אויפן טיש, די באַבע זאָל אים געפינען און לאָזן, אַזוי ווי אַוועקגעלייגט... נישט צורירן זיך... אַ סך טעג אַזוי. וואָכן. ווארעם דער קלאָרער געדאַנק איז אַזוי גיך נישט צוריקגעקומען. פער האָט אים, ווי אונטערוועגס פאַרלוירן. ווי ער וואָלט זיך, מיטאַמאָל, אַרויסגעשאָטן פון געהירן־קעסטל. אויף דעם אָרט זיינען געקומען נעפּלען און לידעלעך. אפשר לאַנגדרעמלענדיקע גלוסטונגען און געלעכטערלעך, ביז טייכן טרערן. — — —

ביז איינמאָל אין אַן אָוונט. אַ הייסער געווען. די פענסטער אין פייגע־רודיעס אַלקערל זיינען געשטאַנען אָפן, בלויז מיט אַ פוירהענגל פאַרהאַנגען. האָבן זיך אַריינגעהערט די גרילצנדיקע פיפערייען פון לאָקאָמאָטיוון איבער די רעלסן, וואָס נישט ווייט, און די רוישיקע געלאַפן פון אַוטאָמאָבילן איבערן שאָסיי. ביי צוויי חלבנע ליכטלעך איז געזעסן אַ פריילעכע קאָמפּאַניע. אויפן טישל זיינען געשטאַנען אַ פּאָר אויפגעפּראָפּטע פלעשער און איבערגעקערטע גלעזלעך. יאָסל יאַכנע־ספאָדיקס האָט געטיילט קאָרטן און

אַלעקסי לופיעיניק, מאַיאָרקע בעלבאָס און בער פרידמאַן האָבן גע־צײלט „אויגן“.

— און איך האָב מער! — האָט זיך געהערט בערס קול, און ער האָט דערביי קאַלטבלוטיק געשאַרט די רובלס צו זיך.

די יונגען האָבן זיך איבערגעקוקט און געשוויגן.

— און איך האָב „פייער“! — האָט בער אַ הויב־געטאָן די אַקסלען און מיט צוויי פינגער אַרויסגעצויגן אַ „קאַטערינקע“ פון טעלערל...

די יונגען האָבן געקריצט מיט די ציין און נאָך אַלץ גע־שוויגן... יאָסל־יאַכנעס דער „באַנקיר“, האָט זיך געדרייט אויף דער שטול, ווי וועלנדיק אויסבויערן אַ לאָך מיט זיין „הינטן“... ער האָט געבליצט מיט זיין גרינעם אויגל, פון אונטערן איבערגעקערטן רויען הייטל, און געזוויגן אַ פּאַפּיראָס ביז צום פייער...

— און איך האָב „איין־און־צוואַנציק!“ — האָט בער אַ שמייכל געטאָן און אויסגעשטרעקט די האַנט צום „טעלערל“...

אָבער איידער ער האָט נאָך באַוויזן אָנצורירן אַ שפּיין פון אַ באַנקנאָט, האָט זיך יאָסל יאַכנעס שוין געפונען אויפן טישל און ס'גרינע אויגל זיינס האָט זיך נאָך מער אַרויסגערוקט פון אונטערן איבערגעקערטן, רויטן הייטל:

— איין־און־צוואַנציק האָסטו?

— כ'האָב! — האָט בער אויסגעשריען — ווילסט זען?

איין רוק מיט דער האַנט אין קעשענע אַריין, און אין יאָסלס האַנט האָט אַ בלישטש געטאָן אַ שטיק שאַרפער שטאָל...

— איין־און־צוואַנציק האָסטו, פרינץ מיינער?!

— כ'האָב! — האָט בער אַ קריץ געטאָן מיט די ציין — כ'האָב, יאַכנע ספּאָדיק!

דאָס שטיק שטאָל האָט אַ שניט געטאָן אין לופטן, אָבער, זוי אַ קאַץ פון אונטערן סטאָלן אַפּיר, אַזוי איז, אין דער מינוט, טעמע־ראָסיע אַרויף אויפן טיש, צעשפּרייט די אָרעמס און דאָס מעסער איז געבליבן שטעקן אין איר רעכטער ברוסט. דאָס מיידל האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, איבערגעדרייט און געפאַלן מיטן קאָפּ אויף די פלעשער און גלעזער. איר קאָרסעט און אונטערקליידל

האָבן זיך באַגאָסן מיט רויטן און די האָר האָבן זיך צעקודלט. די פּיס האָבן זיך צעשפּאַרעט און געטריפט אַהין און אַהער, ווי וויאָסלעס... עמעץ האָט אַ בלאָז געטאָן איבער די פלאַמענדיקע ליכטלעך. ס'איז פינסטער געוואָרן. בער האָט דערפילט אַ שאַרפן שניט אין שטערן און, באַלד, אַ פייכטקייט איבער די באַקן. די פינסטערניש איז געוואָרן געדיכט און אין דער פינסטערניש האָט זיך אַ קנויל פאַרפלאָכטן. ס'האָבן זיך געוויקלט הענט, פינגער האָבן געקנאַקט און ס'האָבן זיך אויסגעמישט וואַרעמע, צעווישעטע אָטעמס מיט צייַנערקריצערײַ: כיר-כיר... כרוק!

פון דער פאָדערשטער שטוב איז עמעץ אַרײַן און, שנײַדנ-דיק, אַרײַנגעשריען אין דער פינסטערניש:

— וואַי זמאָר ניש געשאַין! וואָס?! האַ?!

דער קנויל האָט זיך אויפגעוויקלט. ווי די יונגען וואָלטן מיט די קעפּ די ווענט דורכגעלעכערט אין איין-נאָ, אַזוי זײַנען זיי באַלד נעלם געוואָרן, באַווײַזנדיק נאָך אויסצורײַסן „ס'טעלערל" און מיט-צונעמען „ס'תהילימל".

פייגע-רודיע איז שוין געשטאַנען אין דער מיט פון „חדרל", געהאַלטן אין איין האַנט אַ ברענענדיקן שפּאָן, מיט דער אַנדערער האָט זי זיך געקניפּן אַ באַק, און דערבײַ געפּאָרשקעט מיט די ליפּן און מיט דער נאָז....

— וואָס?

בער איז געשטאַנען, ווי צוגעשמידט צום אָרט. דאָס מיידל, די „כאָנטע", האָט געקרעכצט, געזוכט מיט אירע לאַנגע, דינע פינגער און געפּרוווט אונטערהויבן דעם קאָפּ:

— באָבוס, לעבסט? איך לעבע....

פייגע-רודיעס רויטער קאָפּ האָר איז נאָך שרײַענדיקער געוואָרן, בײַ דער שײַן פון ברענענדיקן שפּאָן. אירע באַקן האָבן זיך אָנ-געבלאָזן, אָנגעצויגן, ווי אַ פּייקל, און זי האָט אַרויסגעפּלאַצט:

— אַ שוואַרצע מהומה אויף אײַך!! דו, כאָנטע אָנגעשטעק-טע! און דו, פּראַנצעוואַטער מיוחס, מאַרש פונדאַנען! אויף קאָ-לינקעס, גאַי!

בער האָט אַ פּיר געטאָן מיט אַ שפּיץ־פינגער איבערן שטערן. ער האָט זיך געוואָלט צורוקן צום מיידל, אָבער פייגע־רודיע האָט אים אָנגענומען ביי אַ פּאָלע און צוגעשליידערט צו דער טיר.

— גאַי! ברעך אַ קלאָ! די כאָנטע וועט מען שוין אָפּמינטערן אָן דיר. די כאָליעריע וועט זי נישט כאַפּן!

— גיי... באָבוס... — האָט דאָס מיידל, קרעכצנדיק, געבעטן — גיי... פונדאַנען... ס'איז מיר... גאָרנישט... — —

לאַנג איז בער געשטאַנען, אויף דער אַנדער זייט טיר, אינדרויסן, די הענט אין די קעשענעס, און נישט געוואוסט וואוהין זיך צו ווענדן. דער רונצל אַרום זיינע מוילווינקלען איז ברייטער געוואָרן און אַ מגושמדיקער געלעכטער האָט זיך אַרויסגעקאַטשעט פון זיין האַלז:

— אָך... כאָ... כי... כאָ... כ'זע!... כ זע!..

מיטאַמאָל: בום! בום... אַ קנאַל, איינער נאָכן אַנדערן, אַזש די ערד האָט זיך אונטערגעריסן אויף איר אַקס. אַ העלישער בראַנד האָט אַרומגענומען דעם שפּיץ־קלויסטער, געלעקט הימל־ראַנדן און זיך אויסגעלייגט אויף פלאַכע דעכער.

— כ'זע... — האָט בער נאָך געחזרט דאָס וואָרט, אָבער דער געלעכטער האָט זיך אָפּגעטאָן.... — כ'זע....

---

פייער אין די נאַסן און קנוילן רויך אין געסלעך און ווינקלען. קיין יידישע צורה נישט צו זען. נאָר טעמפּע ווידערקולות פון פאַרשטיקטע גאָרגלען, אין נאָרעס און קעלערן. ס'דרייען זיך בלויז אַרום פאַרבלאָנדזשעטע סאָלדאַטן, אַנטלאָפענע „פראָנטאָוויקעס“, וואָס זוכן אַ הייסע בולקע, אַ טרונק וואַסער און אַ מיידל....

ס'לויפן אַרום פויערימלעך, מיט איבערגעלאָפענע אויגן, מיט זעק אויף די פּלייצעס און דרענגלעך אין די הענט. בייכיקע שיקסעס שלעפּן קייבערס און די היימישע פייערלעשער היטן רו און אָרדענונג.... — — —

בער שטאַמפּט, ווי אויף וועקסענע פיס. הייבט זיי שווער, ווי ער וואָלט ליים געקנאָטן, און לאָזט זיי אַראָפּ אַ האַלבע אייל ווייטער. ער הערט יעדן הילך, יעדן אויפרייס, ווי ס'וואָלט געווען אָט־

אָט לעבן אים און ער דרייט אַפילו נישט אויס דעם האַלז. ער קוקט פאַר זיך. זעעט, יעדע ווילע, אַרויס אַ פּאָר אויגן, פאַרגאַפטע, און זיי זויגן אין זיך אַלץ אַריין: דעם בראַנד, דאָס ניוכען פון די וואַכעדיקע ברואים, און דאָס געקלימפּערײַ בײַ די טירן. ער זעט, ווי מ׳דרייט אָפּ שלעסער, ווי מ׳זעגט שטאַבעס, און גלאָצט, בעת מ׳רײַסט אַרויס זאַווייסעס און די טירן צעפּראַלן זיך. ער זעט אַלץ און אין זײַן מוח ווערט נאָך נעפּלדיקער: ער באַנעמט און באַנעמט נישט....

אַ סך געסלעך דאַרף ער נאָך דורכגיין ביז צו די פויערישע, בליענדיקע סעדער. און אויף יעדן געסל כּמעט דאָס זעלביקע און נישט דאָס זעלביקע.

אינמיטן מאַרק פאַרשטיקטע קולות, לאַמטערנעס, ברענענ־דיקע ליכט און שדים אַזוינע, וואָס פּאָכן מיט די ליכטער און מיט אָנגעבלאָזענע זעק. ווערט בײַ אים אין מוח נאָך נעפּלדיקער: אַלץ, וואָס האָט זיך ערשט פאַרלאָפן, ווערט אויס פון זכרון; און אַפילו דער שאַרפער שניט, וואָס שרייט נאָך אַראָפּ פון שטערן מיט אַ שנור פאַרגליווערטן בלוט, שמאַרצט נישט. אַלץ — ווי אויסגעלופטערט. בלויז די אויערן זײַנען אויסגעשפּיצט אין די הענט זײַנע ציען זיך, ווילן אָנכאַפּן עפּעס און קאָנען נישט טרעפן די זאַך.... אפשר אַ האַלז? אפשר זיך אַראָפּלאָזן אויף אַ קאָפּ, אָדער אויף אַ רוקן? —

וואָס ווײַטער ווערט נאָך לעבעדיקער. ווי צעיאָגטע קעץ, אַזוי לויפן לעבן אים פאַרבײַ, טרעטן אויף די קנעכלעך, פאַרשוויצטע פויערימלעך און בײַזערן זיך:

— מ׳דאַרף יאַנקלס קראָם אויפהאַקן! זייט איז דאָרט פאַר־האַן, צוקער און בוימאייל!...

— דער מאָטיאָוועס קלייט! — כּיכיקען שיקסעס — אַ סך סטענגעס בײַ איר דאָ! באַנטיקעס און קרעלן!

— דער דודיאָוועס! — קאָמאַנדעווען הויך־בײַכיקע פויערטעס, מיט פאַרוויקלטע קעפּ — זי האָט לייוונט און געוואַנט...

און אַרום זיי פּלאָנטערן זיך סאָלדאַטן, עצהנען זיך און פלוכן:

— צום טײוול! און שטיוול וואו זײנען פֿאַרהאַן? און זײ=
גערלעך?... אַז רעוואָלוציע איז רעוואָלוציע! מען מוז קומען אַהײם
מיט פולן! מאָרגן=איבערמאָרגן וועלן שוין זײן די גערמאַנצעס! —
איז דערווײל גוליאַען!

רויטע פײערן אויפן הימל, אויף דעכער; אָבער פאַר בערס
אויגן ציען זיך דורך פאַסן, בלויע, גרינלעכע, אַזוי גוי שלאַנגען
וואָלטן זיך געלענגערט, גערײפלט און אײַנגעצויגן. מאַכט ער צו
די אויגן און רוקט טיפער די הענט אין די קעשענעס. ער פילט,
ווי זײ בײלן זיך אין פויסטן, אַזש די פינגער לעכערן דורך די
דלאָניעס: און פאַר גרויל, וואָס פעדימט זיך אײַן, ווערט אים קיל
און קילער, הײס און הײסער, אַזש אַ פאַרע זעצט פון לײב, מאַכט
פײַכט דאָס העמד, נאַס אונטערן היטל און ס'רינט איבער די אוי=
ערן. די טריט ווערן ברײטער, געאײַלציקער, ווי די שטײנער וואָלטן
געברענט, געבראָטן פינגער און פיאַטעס, דורך די זוילן. וואָס מער
די היפּטן, די קליבעס שמאַרצן, אַלץ גיכער בויגן זיך אײַן=און=אויס די
קניען און די שפּיצן פון די שטיוול שלײדערן אַוועק יעדעס שטיק
אײַזן און בלעכערנע פענדל, וואָס וואַלגערט זיך אַרום.

און קײנער פאַרהאַלט אים נישט און קײנער פרעגט אים נישט,
גלײך אַ רואה=ואינו=נראה וואָלט שפּרײזן. גלוסט זיך אים אויס=
שרײען, אַ ברום טאָן, הלמאי זעט מען אים נישט!?... אָבער זײן
געשרײ, קוים האָט ער זיך באַוויזן אַרויסצורײסן פון די טיפענישן,
איז געבליבן דערוואָרגן אין וועשט. דער קאָפּ האָט זיך אָנגעצונדן:
אַ בראַנד אויפן קאַרק, אַ בראַנד אויף די אויערנלאַפּן און אַ גלי=
ונג אין די אויגן. ער האָט זיך נישט געקאָנט װײטער רירן. די
קניען האָבן זיך אָפּגעזאָגט לענגער צו דינען און זײנע קנאַפּל האָבן
זיך אײַנגענורעט אין דער זאַמדיקער סטעזשקע. ער איז געבליבן
שטעקן בײם האָרן פון „פּריצישן" געסל, וואו ס'שטײט דאָס הײזל
פון „פאַנסטוואָ" גראָס. ס'האָט מיט אים אַ טרײסל געטאָן. דורך
די אַראָפּגעלאָזטע פענסטער=שטאָרן האָט זיך אַרויסגעריסן אַן אימה=
דיקער, רחמנות=בעטנדיקער געוויין. אַ געיאָמער, ווי פון צעטומלטע
און חושימדיקע, האָט זיך געטראָגן אויף דער גאַס אַרויס. און
איבער דעם געוויין און אַריבער דעם געיאָמער האָט זיך געכוואַ=

ליעט אַ מין חוכא־וטלולא און אַ רוצחישער געפּרוּם. „נו, ריר זיך“ — האָט עס מיט בערן אַ שאָקל געטאָן... „ריר זיך און קוק!“ — — — ווי אַ געניזוקטער פֿויגל טוט נאָך איינמאָל אַ ריס זיינע פֿליגל און אַ פֿלאַטער־אַוועק, אַ שטיק שטח, אַזוי האָט בער זיך אַ ריס געטאָן פֿון דער זאַמדיקער סטעזשקע, און איידער ער האָט נאָך באַוויזן דעם אָטעם צו כאַפּן, איז ער שוין געווען איבער די טרעפּ, אין פֿורהייזל. ער האָט גיך אַראָפּגעצויגן די קליאַמקע און געבליבן שטיין אינעווייניק, אין גרויסן צימער. ווי דער שאַרבן וואָלט זיך ביי אים האָבן אויפֿגעמאַכט און אַ ליכטנדיקע טאַפּליע וואָלט זיך אַהין אַריינגעגליטשט! אין איין אויגנבליק האָט ער דערזען, דערקענט און פֿאַרשטאַנען: אי דאָס בלייכע פּנים פֿון דער פּאַני גראַבאָוואַ, אי דאָס גרויע קנאָבל־בערדל פֿון פּאַן גראַס, וואָס האָט זיך געשפּיצט קאַפּויער, צו דער נאָז, אי די בוראַקאָוואַטע הענט פֿון דער דינסט נאַסטקע, וואָס האָבן געפּאַכט אין דער לופֿטן.

ער האָט דערקענט און פֿאַרשטאַנען די רייד פֿון די צוויי שיכּורע אונטעראָפֿיצירן, וואָס שפּאַרן זיך צו דער זייטן־טיר, וואָס פֿירט אין ווייסן־מיידל־צימער אַריין. ער האָט אויסגעמאָסטן מיטן אויג דעם שטח און די צייט, ווי לאַנג די ברייטביינערדיקע שיקסע וועט נאָך קאָנען אַזוי, מיט איר רוקן, פֿאַרשטעלן די טיר. — —

— דאַוואַי דיעוואָטשקו! דאָס מיידל גיב, פּאַן! — האָבן די אונטעראָפֿיצירן געטומלט, געשאָלטן און פֿאַרוואָרפֿן מיט די קעפּ — דאַוואַי! נאָר אויף איינמאָל! טאָלקאָ ראַז! פּאַן...

מער האָט ער שוין גאָרנישט באַרעכנט, בער. ער האָט אַ רעווע געטאָן און מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט די סאָלדאַטישע קאָלנערס פֿון הינטן. נאָך איידער די צוויי ברואים האָבן באַוויזן אויסצודרייען די קעפּ, האָבן זיי זיך צעוואַקלט און אַוועקגעשאָטן איבערן דיל ביז צו דער טיר. ווי צוויי צעגליטע צוואַנגען האָבן זיך בערס הענט אַ דריי געטאָן, אָנגעכאַפּט די שיקסע ביי דער ברוסט און זי אַוועקגעשפּאַרט ביזן מיט־צימער. ער איז אַריין אין ווייסן מיידל־צימער, וואָס האָט געפֿעכלט אין דער פֿינסטער. ער האָט דערזען אַ פּאָר אויגן, וואָס האָבן זיך געטוקט אין דער טונקל, צווישן ווייסן קאַפּליע־אויוון און דער געשליפֿענער „פּסיכע“.

— לוסי! צום פענסטער!

די פענסטער־שטאָרן האָבן זיך אַרויפגעראָלט, ווי אונטער אַ כישוף־שפּרוך. די קייטל איז אָפּגעשפּרונגען און צוויי ראָז־באַזאָקנטע פּיס האָבן זיך געגליטשט איבער דער וויטרינע אין קליינעם גערטנדל אַראָפּ, צווישן די שטעכנדיקע, ווילדע רויזן־קוסטעס.

בער איז נאָכגעשפּרונגען און אויסגעשפּרייט די הענט אין דער ברייט:

— נעם מיך אַרום, לוסי! וויקל דיך אַרום מיט די הענט אַרום האַלדז!

ער האָט געכאַפּט דעם אָטעם:

— נו, האַלט זיך פעסט!

אַ שפּרונג מיט איר איבערן פּלויט!

— אַזוי... שרעק זיך נישט, לוסי...

ס'שלענגלען זיך שמאָלע סטעזשקעס. וועגן... גערטענער... פּלויטן... ס'באַגלייטן און ס'יאָגן נאָך קולות. ס'שטרעקן זיך שאָטנס פון פאָרנט און פון הינטן.... פון ביימער, פון לויפנדיקע צוויי פּיס... פון ברעטערנע צוימען... און ס'האַווקען הינט...

— שווייג... מ'וועט קומען שוין אָן.... אָט...

זיי זיינען אַריין אין סעדל, וואו ס'שטייט די פויערישע כאַטע, די ווייסע וואוינונג פון די פרידמאַנס. רו... ס'ציטערט אַ רויטלעכע נאַכט...

— לוסי....

— בער, כ'בין צעשטאָכן... ס'האַרץ קלאַפּט...

רו... ס'דונערט ווידער... און ווידער רו....

— לוסי....

בער קושט די צעשטאָכענע פּיס... נורעט זיין קאָפּ אין דער מיידלערישער ברוסט:

— לוסי... אַזוי באַשערט.

די טיר פון דער כאַטע איז נישט געווען פאַרריגלט. אין דעם ווייסן, פּראָנטיקן חדרל האָט מען געוואַכט.

— איך בין עס: בער....

מ׳האָט נישט געפרעגט מיט וועמען. אין דער טונקל האָט מען נישט געזען און אפשר נישט געוואָלט וויסן... בער האָט דערקענט, אַז אַחוץ זייניקע איז נאָך עמעץ פאַרהאַן. ווײַבער האָבן געשעפּטשעט. אָנטלאָפענע, באַהאַלטענע. מ׳האָט זיך, — איינצלנע שאָטנס, — געשאַרט צו דער וואַנט, געגנבעט אַ בליק דורך די פענסטערלעך, צום טראַקט. מ׳האָט געשוויגן. אַלע. אַ־לע. אַפילו ר׳ הירשל, וואָס איז געזעסן אויף אַ קליין בענקעלע, איינגעהילט אין אַ בורנוס, האָט זיך נישט געלאָזט הערן. אויף דער ווייסער וואַנט, הינטער אים, האָט זיך אַ שאָטן געקנוילט. ער האָט, ר׳ הירשל, בלויז געהאַלטן אין איין אויפהייבן און אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ, ווי אַן אומרו. דער אַלטער ר׳ נוחקע האָט יאָ אַ פּאָר מאָל דורכגע־שפּרייזט, זוכנדיק אַ שוועבעלע פאַר זיין ליולקע, וואָס האָט זיך געבאָמבלט אַן אויסגעלאָשענע. — —

בער האָט אַראָפּגעלאָזט לוסין אין אַ ווינקל...

— רו זיך אָפּ...

אַליין האָט ער געטוליעט זיין צעשניטענעם, פאַרבלוטיקטן קאָפּ צו דער וואַנט און מיט די פינגער געגלעטשעט דעם קאַלך...

— ס׳טוט דיר עפּעס וויי, לוסי?

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן איר. ער האָט באַרירט די דינע בלוזקע... די אָרעמס... אָנגענומען איר האַנט... באַטאַפּט די פינגער־שפּיצן.

— לוסי....

— וואַסער... וואַדאַ.... — האָט דאָס מיידל געבעטן...

עמעצער פון די היימישע האָט איינגעהערט און געענטפערט:

— ליידיק ס׳פּעסל... ליידיק די קאַן....

ער האָט אַרויסגעלאָזט דעם מיידלס האַנט:

— כ׳וועל ברענגען וואַסער...

ער איז אַרויס אין סאַד אַריין, וואו נישט וויט געפינט זיך דער אָפענער ברונים. די פייערן אַרום, אין דרויסן, האָבן זיך גע־זעצט. ס׳האָט געהאַלטן ביים גרויען אויף טאָג. אַ האָן האָט אַ קרייע געטאָן. שטערן האָבן זיך געלאָשן. —

אויפֿן טראַקט איז שוואַרץ געווען. אַ געווערבל. די „לעצטע ראָטעס" האָבן זיך געשאָטן צו דער גרענעץ קיין הוסיאַטין. בער האָט פֿאַרשטאַנען זייער שטומען גאַנג. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם דראָנג מיטן עמער אין ברונים אַריין, אונטערגעהויבן און אָנגעשעפּט אַ קרוג וואַסער. לאַנגזאַם און לייכט אָטעמענדיק, איז ער צוריק אַריין אין כאַטע.

— טרינק, לוסי... .

ער האָט אונטערגעהאַלטן דעם גאַנצן קרוג און דאָס מיידל האָט באַנעצט אירע ליפּן:

— גענוג, בער... כ'בין מיד...

נאָך עמעצער האָט געבעטן וואַסער.... ר' נ׳חקע האָט ווידער אָנגעריבן אַ שוועבעלע. דער רויך פֿון זיין ציבוק האָט זיך געקנוילט. עמעץ האָט אַ הוסט געטאָן.... בער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן מיידל:

— ס'איז דיר קיל, לוסי?...

— כ'וויל נישט... ניין... האָט דאָס מיידל געשעפּטשעט...

ער האָט זי איבערגעלאָזט אויף אַ ווײַלע. ער איז צוגעטראָטן צום פֿענסטער און אײַנגעפּלעטשט די נאָז אין אַ שויב. אויפֿן טראַקט האָט געזאָטן. גרויסע קאַנאָנען־רעדער האָבן געריבן דעם שאָטער און געקראַכט. פֿערד האָבן געטופּעט און רויכערנדיקע פֿעלד־קיכן האָבן הינטער זיך צעזייט פֿונקען, וואָס זיינען געפֿאַלן אויף די ווילד־גראָזן און וועג־בלימלעך.

בלוי. בלויער. פּאַמעלעך צעווייעט זיך די פֿרימאָרגן־דעמערונג. אַ פּאַס רייסט זיך אַריין. אָנזאָג אויף נייעם מאָרגן. מידע — שאָקלען זיך. זיפֿצן. אַ גענעץ. אַ כראָפּען.

— האַוו... כראַפּ... אוי... אַ...אַ...

לעבן דער דרעמלענדיקער לוסי האָט זיך בער פֿאַרקוועטשעט, ווי אַן אונטערגעזעצטער יונגער דעמביקל. שלווה... מינוטנלאַנג.... מי...נוטן....לאַ...אַ נ ג. שפּעטער — לייכטע טריט אַרום די דרעמלענדיקע.

— איר שלאָפֿט? שלאָפֿט! איר וועט דאָך נישט אַ־יפּשטיין...

אָפּגעזאָגט, קורץ, האָט ר' הירשל צורעכטגעמאַכט די יאַר־מולקע אויפן ווילד־אָנגעוואַקסענעם קאָפּ האָר, פאַררוקט די הענט אין די אַרבל פון בורנוס און, מיט באָרוועסע פיס, זיך געלאָזט דראַליען.

— איר וועט נישט אויפשטיין....

ער איז אַרויס פון כאַטע און זיך אָפּגעשטעלט אין סאָד. פון סאָד איז ער אַרויף אויפן טראַקט. געלאָזט זיך מיט דער זייט. מיטן ראָוו. ערגעץ־וואו, אין מאַרק אַריין, איבער די פוסטע גאַסן האָט זיך דער טאָג צעגענעצט. טיר און טויער פאַרשלאָסן; אַ טייל צעפּראַליעט. קיין בן־אָדם נישט אַנטקעגן. אַ פאַרבלאָנדזשעטער הונט אַ שוואַרצע קאַץ, אַפילו אַ צעפלאָשעטע מייזל לויפן איבער דער וועג. אַ פּאָר אויפגעבונדענע הינער, טויבן פאַרפלען זיך אין פעדערן, אין שטיקער געוואַנט, גלאָזוואַרג און פּאַפּירן...

ר' הירשל בלייבט שטיין אין מאַרק, קוקט צום הימל, קוקט אַראָפּ אויף דר'ערד און לאָזט זיך צום בית־דין־שטיבל. ער בלייבט שטיין פאַר דער שול. דער טויער אָפן. שפּאַנט ער אַריין. טישן און בענק איבערגעקערט. ספרים צעריסן. אָרון־קודש אויפגעמאַכט. לייכטער, עץ־חיימס וואַלגערן זיך אויפן דיל. פערד־צואה, שמאַטעס, שטריק, פּאַטראָנעס....

קוקט ער, ר' הירשל, און לאַכט. דאַן שפּאַנט ער אַרויס צוריק, שטעלט זיך אָפּ, לייגט צו אַ פינגער צום גאַרגל און צעלאָזט זיך:

— שטייט אויף, ישראל, עם־קדושים, לעבודת־הבורא!... —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

דער זומערדיקער טאָג האַלט שוין באַלד ביים פאַרגיין. ס'איז כאַמע פרייטיק פאַר ליכט־בענטשן. אין די קריקעווער געסלעך עפּענען זיך איינציקווייז טירן און טירלעך. די שטילקייט, וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג געהערשט אַרום, האָט געשראָקן און אין איין־וועגס באַרויקט.

אַ בערדיקן פּנים רוקט זיך אַרויס און באַשמעקט. אַ קאָפּ,

איינער און נאָך איינער. אין מאַרק ווערט צו ביסלעך היימלעך. ס׳שטייט שוין אַ רעדל ייִדן און מ׳רעדט:

— אָט זיינען זיי באַלד אין שטאָט...

— די ישועה פון גאָט...

— מ׳דאַרף זיי אויפנעמען מיט ברויט און מ׳ט זאַלץ...

— מיט אַ ספר... אַנטקעגן גיין...

— פון די מאָסקוויטערס קיין זכר נישט געבליבן... אַ לויב צו גאָט....

— מ׳דאַרף אַרומקוקן אין די הייזער...

באַלד איז מען געוואויר געוואָרן:

— מ׳האָט דעם הער גראָס, נעבעך, געשאָסן און די גראָסאָווע צע־הורגט.

— אַי וואַי... זאָל זיין אַן אָפּקומעניש!...

— און דעם באַגראַבערס בחור דערשטאָכן... אויפן בית־החיים...

— וואַי... וואַי! זאָל זיין אַ כפרת־עוון.

מ׳רעדט שוין אויפן אויער:

— און דעם וויינשענקערס מיידל נעבעך... מאַנס געווען...

— און דער רופאטעס...

— צאָ־צאָ!... טס! טס!.... אַי... נו... און... און... ע... מ׳אוס... אַי...

דאָס רעדל וואַקסט. ס באַווייזן זיך ווייבער:

— קיין חלה נישט געבאַקן... ווער האָט עס געקאָנט? זאָל גאָט נישט שטראָפן...

— און קיין סימן פון קיין טשאָלנט נישט... זאָל טאַטע דערבאַרעמדיקער מוחל זיין...

— נאָר אין „רוים״ זאָלן זיין אַזוינע טעג און נעכט...

— נאָר אין „רוים״....

ס׳וואַקסט דאָס רעדל:

— מ׳דאַרף אויף זיך אפשר כאַפּן די קאַפּאָטעס מיט די שטריימלעך...

— אַרומגאַרטלען זיך!....

אַ פּאָר יונגע בחורים טרייסטן:

— די „ישועה“ וועט אײַך באַלד אויסטאָן די קאַפּאָטעס און די גאַרטלען. מ׳עט אײַך אָנטאָן פלודערן פון קראָפּעווע און לע־דערנע פּאַסקעס.

אַ פּאָר יונגען זײַנען נישט שטאַרק צופרידן געווען, וואָס די „ישועה“ איז שוין הינטערן שטעטל. זיי האָבן שוין געבענקט נאָך רוסלאַנד און נאָך דער „רעוואָלוציע“...

— כ׳וויים נישט וואָס ס׳וועט זײַן — האָט זיך ר׳ שכנא פון ערגעץ פאַרקליבן אַהער און אויף זײַן פּנים האָט זיך נאָך אַ שרעק געבליטשט — אָבער, יידן, כ׳זאָג אײַך...

— אָט! ס׳הויקערל איז דאָך דאָ! — האָבן די יידן אים פאַר־פּאַטשט ס׳פּנים — דער בחור זײַנער אין פּאָניע חזירס מדינה אַוועק... מע ווייסט, וואָס ער טוט דאָרט... ש׳קאָשע!... מען וואַיסט!...

טוט דערפאַר ר׳ שכנא אַ שמייכל און פרעגט בתמימות:

— זאָל איך אָנטאָן די קאַפּאָטע, צי די ראַצעמאָרענע בעקע־שע? און ווער האָט אַן איבעריק שטריימל? מײַנס האָט אַ קאָזאַק אויסגעכאַפּט, אָנגעטאָן דעם פערד און ויברח...

ס׳האָט זיך פאַרנומען אויף אַן ערנסטן געאַמפּעריי. מ׳האָט זיך שוין געזידלט און געשאָלטן. אָבער שמואל קלוגמאַן, וואָס האָט זיך אויך געפונען אין רעדל, האָט זיך אַרומגעזען און מיטאַמאָל אַ קריי געטאָן, ווי אַ האָן, מיט אַ שלשלת:

— הוראַ, יונגענס! וויוואַט! האָך עסטערררייך!

צוויי בלוי־באַמאַנטלטע פאַרשוינען, אויף וועלאָסיפּעדן, האָבן זיך צוגעלאָזט צו דער „טראַפיק“, וואָס האָט נאָך געהאַט אויף די טירן די אַלטע, „קייזער־קיניגלעכע“, געל־שוואַרצע פּאַסן.

— הוראַ! פיר קאַיזער און פאַטערלאַנד!

די צוויי באַמאַנטלטע פאַרשוינען בלײַבן זיך אויף זייערע רעד־לעך, ווישן אוים מיט איינע הענט די גלעזער און מיט די אַנ־דערע האַלטן זיי פעסט זייערע ביקסן. קוקן זיך אַרום און שרייען פונדערווייטנס צו דעם רעדל:

— יודען!

— הוראַ! וויוואַט! — ענטפערט מען אויף אַלע גאָרגלען.

דאַן רוקן זיך די ייִדן צו, רינגלען אַרום די אורחים און די ווײַבער גלעטן די מאַנטלען, קרעכצנדיק:

— האָך! האָך!

די בלוי־באַמאַנטלטע צוויי עסטרײַכער שמייכלען און טרייסטן:

— יאַ, יאַ.... באַלד קומט די אַרמיי... יאַ, יודע שטינק...

— אוי, אַ קוים זאָלט איר מיר האָבן! — צעטענצלט זיך יוכבד די שוחטקע...

טשיקאַווע ייִדן טאַפּן די גומי־רעדלעך און קוועלן אָן:

— און די דײַטשן?... און וואָס מאַכט קאַיזער ווילהעלם זאָל לעבן?

— אויך די מאַרמאָלאַדע־ברידער קאָממען מיט! יאַ, זאַוי־יוד!

— האָך דויטשלאַנד! — צעשרײַט זיך שמואל קלוגמאַן — האָך!

---

שפּעטער האָבן ווײַבער, אין אײַלעניש, געבענטש ליכט, אין לײַמענע לײַכטערלעך, אין קאַרטאָפּליעס אין געגרייט שטיקער שוואַרץ־ברויט צו „המוציא“. ייִדן האָבן גיך אָפּגעזופּט און אָפּגעבאָלבעט דעם „לכה־דודי“ און „כגוונא“ און זיך אַרויסגעשאָטן אין גאַס אַרויס.

די אַרמיי האָט מאַרשירט: באָסניאַקעס מיט קורצע פּיפּקעס, בערדיקע מאַדיאַרן, אוקראַינער פּויערים, אויסגעמישט מיט בייערישע און פּרײַסישע פּוס־גייער, די מיט די שפּיציקע העלמען אויף די קעפּ. אויף די גאַסן אַ געפּאָרעריי פון הויכע טריין־פורן, און רויטע־קרייץ־וועגענער. אַ געהאָלדער פון בלאָנד־האָריקע דײַטשע אָפיצירן, מיט שניטן און שראַמען אויף די פּנימער און מיט מאָנאָקלען אויפגעשטעקטע. אַ געזומעריי פון גיך־אויסגעשפּאַנטע דראָטן־נעצן און אַ געצאַצעכץ אין טאַצן. די „ישועה“ איז דאָ! — — —

אָבער טאַקע דעמזעלבן אָוונט האָט די „ישועה“ פאַרנומען אַלע בעטן, אַלע געלעגערס און גענישטערט אין אַלע ווינקלען, זוכנדיק „ווײַס־בראָט“ און „מאַיס־בראָט“, בולקעס און מאַלאַיעס פון קוקורוזעס. נאָר ייִדן, בטבע גוטע, שמייכלען:

— בלי־נדר, שבת־צו־נאַכטס וועט מען באַקן... אַליץ פריש אָפּבאַקן....

אָבֿער די „ישועה“ כּעסט זיך:

— קריגסצייטן! ניקס שאַבֿעס! נעם טודיאָ! נעם!

נאָר יידן, בטבע גוטע, פּאַרטייטשן:

— פייערטאָגן... נישט ערלויבט.... גאָט.... שטראָפן...

— איזט שאָן גוט!... גוט... יודע שטינק!... — — —

און שבת אַ גאַנצן טאָג איז נאָך לעבֿעדיקער. מ׳דאַוונט אַ בחיפזונדיק און מ׳גייט גאַפן אין די גאַסן. מ׳קוקט אויף די „גע־פאַנגענע“ מאָסקוויטערס, פון ערגעץ געבראַכטע, מ׳בייל׳ט צו זיי פויסטן און מ׳רייצט זיך:

— „רעוואָלוציע? האַ, רויבערס! סוויניאַ! פּאַציעטניקע! גנבים! ראַבֿיוויקעס, זייגערלעך ווילט איר? אָט, נעמט!“

מ׳ווייזט זיי קייטעלעך, זייגערלעך און מ׳ווייזט זיי „פייגן“, מיטן גראָבֿן פינגער. יידן דרייען זיך אַרום, ווי נאָענטע מחותנים, און פויערים קוקן אַרויס פון אונטער די סטריכעס: „זשידיווסקע וואָי־סקאָ! אַ יידישע מלוכה!“.... יידן באַקלאָגן זיך אויף די ערלים און די בלוי־באַמאַנטלטע טרייסטן:

— „ס׳וועט גוט זיין... אַלעס ווידער גוט, זאַוּ־יוד“.....

אינאָוונט ברענען שטורקאַצן פאַר די אַיינקוואַרטירטע שטאַבֿן און מוזיק שפּילט, אויף אַן אונטערגעמויערטער פּריזבע. אַ טייל שטאָטלייט הייבן זיך אויף די קנאַפּל און אַ טייל דערמאַנען זיך: „מ׳דאַרף גיין זייער רעכט־טאָן“...

דעם פאַן גראָם דאַרף מען „באַהאַלטן“. קלויבן זיך צונויף עטלעכע חברה־שמשים און זיינען זיך מתעסק. נאָר קורץ גע־דויערט דאָס „רעכט־טאָן“. דער רב האָט געהייסן באַגראָבֿן אָן טהרה און אָן תכריכים. מ׳קראַצט צונויף מיט שפּענער די שטיקער פאַר־גליווערטע בלוט און געהירן און מ׳גיט אַלץ „מיט“ אין קאַסטן אַריין.

מ׳וויינט נישט. קיינער נישט. ווי ס׳וואָלט אַזוי באַדאַרפט צו זיין. די פאַני גראָסאָווע ליגט, אַ צעמזיקטע, אין צווייטן חדר, הערט נישט און פאַרשטייט נישט. לוסי שטייט ביים בעט און גלאָצט די אויגן. לעבֿן איר — בער. נאָר איינער שפּרייזט אַרום און לאָזט זיך פון צייט צו צייט הערן: זייער „אַיינגייער“ און בוכהאַל־

טער, מאָריץ לעקיש. לכבוד די דייטשן איז ער אויסגעפּוצט און איינגעשפּאַנט אין אַ נייעם גלאַנצנדיקן קאָלנער, אַ האַרטן „פּאַטער־מערדער" און אין אַ פּעכלענדיקער מאַנישקע, אַ „פּאָרלאַג־ע". ער מאַכט זיך האַריץ און וויל „אויסרעדן".

— פּאַננאָ לוסיו, — טרייסט ער, מאָריץ לעקיש — איך גאַראַנטיר אַייך, מ'וועט די מאַמען אויך באַגראָבן... יאַק באָגאַ מילויען... און אַייך... און מיך... ווישיסטקאָ! פּעוונ'ע! אַוודאי!

פון דער צווייטער שטוב, וואו „מ'טוט־רעכט", באַווייזט זיך אַ חברה־שמש:

— וואו איז דאָס מיידל?... די פּאַניענקע... טשעבאַ בעטן מעכילאַ, פּאַנונציו!

לוסי פאַרשטייט נישט. מ'פירט זי און זי גייט נאָך. הינטער איר, ווי אַ שאָטן, בער. ער שפּרייט אויס זיינע הענט. מ'פירט לוסין צו צום הרוג. דער קאַסטן איז צוגעדעקט מיט אַ שוואַרצן טוך. דער היקעוואַטער, רויטער חזן דעקט אָפּ אַ ביסל די טוך, קראַצט זיך אין בוזעם און פּאַרט אַרויס, ווי אַ מזמור:

— די טאָכטער בעט דיך מחילה! איינמאָל, צווייטמאָל און דריימאָל!....

לוסי גלאָצט די אויגן. אַ חברה־שמש פּאַרטייטשט איר:

— פּראָשע ז'פּשעפּראָשעניעם ראַז... דוואַ.... טשי...

מ'דעקט צו דעם קאַסטן, מ'פּאַרוואַרפט אַן אַקסל און אַרויס. לוסין פירט מען נאָך ביז צו די טרעפּלעך פון גאַניק. מ'צינדט אָן לאַמטערנעס און מ'הוסט זיך אויס:

— צדקה תציל ממות!...

דער קאַסטן הוידעט זיך אויף די אַקסלען און רייט אַוועק: אין דער נאַכט אַריין, צום מאַרק, וואו די מוזיק שפּילט „די וואַכט אַם רהיין" און „גאָט ערהאַלטע"; וואו דראָטן זשומען און די שטורקאַצן פלאַמען... פון דאָרט אַרויף־טראַקט, אַר'יף, צו דער מיל, צום ווייסן טויער, צום בית־עולם...

לוסי שטייט אויף די טרעפּלעך פון גאַניק, גלאָצט, גלאָצט, ביז זי פּאַרגייט זיך:

— טאַטוסיו! טאַ—טע....

נאַסטקע, די גראָבע שיקסע, מיט אַ פּאַרוויקלטן צעקיילטן פּנים, הוידעט זיך אויפן דראָנג פון פּאָרענטשע, ברעכט די הענט און יאָמערט:

— האַרעלע מיינער... אַי... יאָי... יאָי... אָ... יעזו ליבינ־קער.... מוטער היילִיקע.... יאָי... יאָי... האַרעלע מיינער.... — —

מ׳קערט זיך אום אין שטוב אַריין. לוסין זעצט עמעצער אַוועק אויף אַן איבערגעקערטן שטול, אַקעגן דער מוטערס בעט. די פּאַני גראָסאָווע עפנט און פאַרמאַכט די אויגן. מ׳גיט איר אַיין אַ לעפל וואַסער און מ׳יאָגט אַ פליג פון איר פּנים. בער און די דינסט נאַסטקע גיבן אַכטונג שווייגנדיקערהייט. ביז מאָריץ לעקיש קומט צוריק פון קבורה. ער וויל הויבן די שטימונג און איז מודיע:

— אָ... אַ לוויה איז עס געווען, אויף אַלע אונזערע ליבע געזאָגט געוואָרן!... סליטשניע! מ׳האָט אָפּגעגעבן אַ בכבודיקן פּ־אַ־ן, פּונקט לעבן דאָקטאָר וויינשלס זיידן... אָ, סליטשנע! און מ׳האָט גערעדט... און די ווייבער האָבן געכליפּעט!... זאָ־איין־שפּאַס! וואונ־דערבאַר! בעסער גיבט׳ס ניכט! — —

בער וואַרט, שווייגט. וואַרט נאָך אַ שעה, ביז ער לאָזט זיי איבער:

— כ׳וועל קומען גאַנץ פרי... כ׳דאַרף זען, וואָס ביי אונז טוט זיך. דער טאַטע האָט זיך ערשט היינט אָפּגעזוכט... אַ פּוי־ער האָט אים געבראַכט צו פירן פון דאָרף... — —

ער גייט אַהיים. באַגעגנט עסטרייכער און באַקוקט זיי. זיי פרעגן אויף שענקען און ער ענטפערט קורץ:

— אין מאַרק....

ער הערט די מוזיק און פינטלט מיט די אויגן. ס׳קומען אַקעגן אָפיצירן, מיט פּאָטערלאַנד־געטריי־געוואָרענע זונות און פּלאַפּלען הויך:

— „און ווי אַזוי „מאַכן“ עס די רוסן, עלעגאַנט?“

די זונות כיכיקען:

— „פע, רוסן! פע, רוסן! נישט געגאַנגען מיט זיי... מיר שווערן!“ — —

דאָס טירל פון סאָד איז צעפּראַלט. שטאַכעטן, סלופּקעס, טשיסטעקאָלן פון פּלויט — אויסגעריסן פון דער ערד אַרויס. אין סאָד שטייען פעלד־קיכן און מיט די שטאַנגען וואַרעמט מען שוואַרצע קאַווע. אַ קוכער, מיט פאַרשאַרצטע אַרבל, באַגעגנט אים, דרייט מיטן גרויסן קאָכלעפל און פרעגט, הייזעריקלעך:

— וואָס איז?

— איך וואוין דאָ!

— גוט! איז געגאַנגען!

אין שטוב פּלעמלט אַ ליכטל. ר' הירשל, איינגעהילט אין בורנוס, זיצט אין אַ ווינקל און שווייגט. אַלע שטובמענטשן באַוואַכן אים. קוים דערזעט ער בערן, צעשמייכלט ער זיך:

— וועמען האָט מען געשאָסן? ניטשט דיך? כי־כי! אין פראַנק־יאָזעף איז אויך דאָ? און ערץ־הערצאָג פרידריך? — —

ר' נוחקע קומט אַריין פון זיין חדרל. רופט צו בערן און פרעגט אויפן אויער:

— ווען וועט גיין די באַן?

— כ'וויים נישט...

— וועסט באַלד פאָרן קיין ווין.

— קיין ווין? נאָך וואָס?

— מיט אים... — ווייזט ר' נוחקע אויף ר' הירשלען — קיין ווין...

— מיט...

— יאָ! און מיט דיר וועט נאָך עמעצער פאָרן.

— ווער?

— גיי אַריין צו מיר און זע!

בער האָט געפאָלגט. קוים איז ער אַריין אין צווייטן חדרל, האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן. איינגעשרומפּן, ווי אַראָפּגעוואַקסן, איבערגעטאָן אין אַ פּויערישן סיראַק, איז געזעסן הודל בענקערט. ער האָט זיך אָפּגעפּינען. עטלעכע חדשים נישט געווען אין קריקעוו. אַוודאי אין אַן אַנדערער שטאָט באַוויזן זיינע גבורות. נאָך די ערשטע רעוואָלוציע־וואָכן, האָט ער אויסגעדרייט דעם דאַשיק, און זיך געלאָזט דינען דער „זאַך". מיט די אַוועקגייענדיקע רוסישע

חיילות האָט ער זיך געררוקט צו דער גרענעץ און נישט באַוויזן אַריבער. האָט ער זיך, אַן אָ בערגעטאָגענער, געשלעפּט אַ בער דער־פער און אָנגעקומען אַהער צוריק...

— בער... דערקענסט מיך?

— המ... אַוודאי...

— ווערסט מיך...

— וואָס?

ר׳ נוחקע איז אַריינגעקומען.

— הער, בער... ער... דודל בלייבט דערווייל בײַ אונז. ער וועט פאָרן מיט דיר. וועט זיך איבערטאָן און ווערן אַ מענטש...

דודאַלע האָט זיך צוגערוקט צו ר׳ ניחקען, געזוכט אין האַנט און געוואָלט קושן:

— איר זיינט מיין טאַטע!... נאַט נעמט!

— כ׳פאַרשטיי נישט...

דודאַלע האָט אַרויסגעשלעפּט פון בוזעם אַ טאָ־בעלע:

— נעמט! געלד בריליאַנטן!

ר׳ נוחקע האָט פאַררוקט די בריל אויפן שטערן און אויסגע־צויגן צוויי פּעדים פון דער באָרד:

— יידיש? נישט... ני... פרעמדס?... אַליין גע...

דודאַלע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דר׳ערד און זיך צע־רעוועט:

— כ׳שווער אייך.... גיין! בײַ אַ טויטן סאָלדאַט צוגענומען....

— כ׳גלויב דיר... — האָט ר׳ נוחקע אים אַ גלעט געטאָן — באַהאַלט עס דיר.... — —

בער האָט זיי איבערגעלאָזט. ער איז צוריק אַריין צום פאָ־מער און זיך אַוועקגעשטעלט לעבן אים. ר׳ הירשל האָט אויפ־געהויבן זיין קאָפּ און זיך צעשמייכלט:

— ווערסט מיך אַוועקפירן, זון?

און זיינע אויגן האָבן זיך אַרויסגעזעצט, זיינען געוואָרן ווייך און תמימותדיק, ווי בײַ אַ לאַם...

— האַ, זון?

בער האָט דערפילט אַ שאַרפן שניט און אַ ווייטאָג. ער איז אַרויס אין גערטנדל. געקוקט אויפן הימל, אויף די שטערן און אויפן שטורקאַץ, וואָס האָט געפלאַמט לעבן דער פעלד־קיך. ער האָט געקוקט אָנגעשטרענגט, און דערביי געפילט, ווי איבער זיינע באַקן גליטשן זיך צוויי פייכטע שנירעלעך. זיין קוואַל האָט זיך געעפנט; געווען אַזוי לאַנג פאַרחתמעט. ער האָט פאַרדעקט ס'פּנים מיט דער האַנט. ער איז לאַנג געשטאַנען. אַרום די פעלד־קיכן האָבן זעלנער געריוכערט ליולקעס און געצויגן לידעלעך:

„אָי, אויף פעלדער, אָי, אויף פעלדער
ליגן זעלנער אויסגעצויגן...
אין די היימען, יונגע ווייבער
קוקן אויס די שיינע אויגן"... — —

בער איז לאַנג געשטאַנען. ביז עמעץ האָט אים אַ שאָקל געטאָן:

— ווער ביסטו?

ער האָט זיך דערמאַנט:

— איך וואוין דאָ...

— ריכטיק?

בער האָט פאַרשפּיליעט זיין ראָק...

---

די באַנען האָבן ווידער אָנגעהויבן גרילצן. ס'איז געקומען דער טאָג פון פאָרן. געזעגנט זיך. איבערלאָזן קריקעוו, פאַרלאָזן די כאַטע און — קיין ווין. ס'איז געווען אין אַ פאַרנאַכט. אין שטוב האָט מען זיך מתעסק געווען מיט ר' הירשעלען. מיט געוואַלט האָט מען אַרויסגעשלעפּט אַ ריין העמד אויף זיין לייב און אָנגעטאָן אַ מלבוש. ר' נוחקע האָט געקלאַפּט מיטן ציבוק און דוראַלע האָט אַריינגערוקט ר' הירשלס הענט אין די אַרבל.

בער איז אַרויס אין גאַס, באַשטעלן אַ וואָגן צום וואָקזאַל און זוכן אַן אַדרעס. שמואל קלוגמאַן האָט פאַרוויינעטוועגן אויפגעצייכנט די אַדרעסן און געגעבן עצות:

— פאָלג־זשע מיך... פאָלגע מיינער... זאָלסט פאַרבלייבן אין ווין. זוך אויס דעם פּראָפעסאָר־ראַבינער־דאָקטאָר פאָגלזאָן. ער איז

אַ וואַרעמער ייד... אַ ציוניסט בלב־ונפש... זוך אים אויס. גיב אים אָפּ אַ גרוס פון מיר... ער געדענקט מיך נאָך פון באַזעל... דער־מאַן אים: סאַמועל קלוגמאַן... נו... אים אַלגעמיינעם... וואָהל־אויף... לחיים־ולשלום... — — —

בער האָט זיך אַזועקגעלאָזט צום „פריצישן" געסל. צום טרוי־ער־הויז. די פרוי גראָס האָט שוין דערקענט מענטשן. זי האָט לייכ־טער געאָטעמט און שוין געוואוסט וועגן איר אומגליק. לוסי איז אַרומגעגאַנגען אַרום איר בעט, מיט אַ פאַרוויקלטן קאָפּ אין אַ שוואַרצן טיכל, און מיט אַ פּאָר פאַרשוואָלענע אויגן. דערזעענדיק בערן, האָט די גראָסאָווע זיך צעכליפּעט:

— האָט איר זיך געריכט אויף אַזאַ בראָך?

בער האָט נישט געקאָנט ענטפערן. אין צימער האָט זיך גע־פונען דער אַלטער פריינט, „דאָקטאָר" ווינשל, וואָס איז אין די לעצטע וואָכן געלעגן אויפן „שפּאַנישן אונטערגאַנג" און ערשט איצט געקומען „קאָנדאָלירן". נאָך אַ פאַרקאַטאַראַלשטער, מיט אַ טריפנדיקער נאָז, האָט ער גענומען ס'וואָרט:

— רעגט אייך נישט אויף, פרוי גראָס... ס'איז נישט כדאי... ס'איז אַ... נו, קאַרא באָסקאַ! גאָטס שטראָף. און... אָבער אַליין דער פרידמאַן! אין אַלע פשיקרע, אומאָנגענעמע זאַכן — ער! ווער ווייסט, אפשר, ווען ער זאָל נישט געווען... מלאָרזיעש! די יוגנט... נישט דערצויגן... מיר, איך...

בער האָט אים באַטראַכט, פון קאָפּ ביז צו די געלע שטי־וועלעטן, און נישט געפונען ס'נייטיקע וואָרט. ער האָט זיך אויסגע־דרייט צו לוסין און איר שטיל געזאָגט:

— איך פאָר היינט... באַלד... קיין ווין...

לוסי האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט:

— פאָרט געזונט, בער...

— און אפשר... וועל איך אַזוי גיך נישט צוריקקומען... וועט איר ענטפערן, אויב כ'וועל שרייבן?...

— צו מיר?

— צו... דיר...

לוסי האָט לייכט אַרויסגעצויגן איר האַנט...

— פשיקרא, פשיקרא! — האָט דער „דאָקטאָר" ווײַנשל געזיפּצט, אַקעגן — טרויעריק.... און מײַן קאַטאַר, מיט רעספּעקט צו מעלדן... אַך, און מײַן „שפּאַנקע"... אַזאַ לויפּעניש.. פּשיקרא..

בער האָט זיך פאַרנייגט. געקושט דער פּאַני גראָבאָווען האַנט און אַרויס פון צימער. — — — —

ער איז געבליבן שטיין אין גאַס. וואוהין גיין? און ווי עמעצער וואָלט אים אָנגענומען און אָנגעוויזן, וואוהין — צו ר' שכנאס אײַנגעהויקערטן שטיבל. — —

ר' שכנא האָט אַראָפּגענומען דעם גאַרטל פון די לענדן:

— אָ, בער.... אַ גאַסט.... זײַן...

— כ'פאָר קיין ווין, ר' שכנא, מיטן טאַטן...

— אַזוי...

ליובע איז אַרויסגעקומען פון אַלקערל און איז אַרויסגעגאַנגען אינדרויסן אַרויס. בער האָט באַמערקט. ער האָט אָנגעהויבן דעם סאַמע סוף:

— ר' שכנא, אַז איר וועט האָבן אַ ידיעה פון גדלען, לאָזט מיך וויסן. כ'וועל צון אײַך שרײַבן פון ווין.

— פון גדלען....

די אײַנבינדערין האָט זיך צעוויינט.

דער אויסלאָז:

— זײַט געזונט... כ'פאָר באַלד...

ר' שכנא האָט אים באַגלייט ביז צו דער טיר און זיך אומגעקערט. אַ פּאָר טריט פון הייזל האָט ליובע געוואַרט. זי האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף בערס אַקסל:

— צו וואָס, בער? כ'ווייס... זי... לוסי...

בער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן:

— אַזוי איז...

— איז כדאי, בער?

— זעט איר דאָך... מ'פאַרשטייט ניט.. אין אַזוי... וואו ליגט דער כוח?...

זי האָט צוגעצויגן איר קאָפּ און אים אַ קוש געטאָן אויבן שטערן....

— בער... הו... פאַרוואָס איז אַזוי?... מ׳גייט, וואוהין מ׳לאָזט נישט... און... ס׳זיינען דאָך געווען עטלעכע שיינע טעג... וועלן זיי צוריקקומען?

בער האָט זיך אָפּגערוקט:

— ס׳איז צייט, ליובע... — —

ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט. פאַר דער כאַטע האָט שוין געוואַרט מענדל באַלעגאָלע. מ׳האָט אַרויסגעפירט ר׳ הירשלען. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און צעשריען:

— אַז פאָרן איז פאָרן! אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַראַדייקע!? אַ קאַרעטע ברענגט! אַ קאָלעס! אך פאָר נישט אין קיין טאַראַדייקעס!

דוואַלע בענקערט האָט אים אַרויפגעזעצט אויפן וואָגן און אַליין זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים. בער האָט אָנגעטאָן אַ מאַנטל און גענומען אַ טלומאָק אין האַנט. דבורהל, די מוטער, האָט אים צוגעדריקט צו זיך, און די באַבע מאַטל האָט נעפלאַפלט:

— אַי... אַי... בערעניו... געדענק...

די יינגערע קינדער האָבן געקוקט, פול קנאה, און מירא געהאַט זיך צו געזעגענען. דער אַלטער ר׳ נוחקע האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן באַלעגאָלע, כדי צו באַגלייטן צום צוג.

— היידאַ, מענדל! — האָט דער אַלטער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן — היידאַ! געפאָרן. — —

אויפן וואָקזאַל האָט געווימלט פון זעלנער. מ׳האָט זיך געשטופּט און געריסן אין די וואַגאָנעס. דוואַלע בענקערט, אין נייע בגדים, מיט פרעמדע פאַפירן אין קעשענע, האָט זיך אַרומגעקוקט, צי עמעץ דערקענט אים נישט, און אַריין אין וואַגאָן. ער האָט געמאַכט פלאַץ און געהאָלפן אַוועקזעצן ר׳ הירשלען אין אַ ווינקל, וואו ער אַליין איז אים געבליבן היטן. בער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ טרעפּל. געהערט די בייזע קולות פון די סאָלדאַטן, די לידלעך, געפייפערײַ און קוים געקאָנט אויפכאַפּן דעם זיידנס ווערטער. דער אַלטער ר׳ נוחקע האָט געצויגן די באָרד און באַפוילן:

— זאָלסט געדענקען... השגחה געבן... אַ ן זי אַ מענטש...
זיי גוט צו דודלען. גרויס זיך נישט פאַר אים. ער איז אַ ייד,
פאַרגעס נישט... זיין חטא און זיין עונש... נו, גיי אַריין...
בער האָט געקוקשט דעם זיידן אין האַנט און דער אַלטער
האָט זיך שוין געבייזערט:
— גיי אַריין, עפן ס׳פענסטער!
בער איז אַריין אין וואַגאָן. דער אַלטער האָט געשאָקלט מיטן
קאָפּ:
— נו... געדענק!....
ס׳האָט זיך דערהערט אַ פייף.... ר׳ נוחקע האָט אַרויסגעשריען:
— פאָרסט שוין! ס׳ערשטע זי ביים רבין! ס׳ערשטע ביים רבין.
כ׳על געוואויר ווערן!
אַ טרייסל. ס׳האָט זיך דערהערט נאָך אַ פייף. דער וואַגאָן
האָט זיך אַ ריר געטאָן.
בער איז געשטאַנען ביים פענסטער, געקוקט און געקוקט, ווי
ער דערווייטערט זיך, און אויף דער געשטאַלט פון זיידן, וואָס
האַלט אינדערהויך זיין רעכטע האַנט.
— כי־כי!... — האָט זיך ר׳ הירשל פלוצלונג צעלאַכט —
כי־כי!
בער האָט טיפער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און נאָכגעקוקט
נאָך די קלעמבעס רויך, וואָס האָבן זיך געקנוילט, געוועלגערט און צע־
רונען געוואָרן...
— כי־כי! — האָט ר׳ הירשל געלאַכט...

* * *

— אָט דאָ, יונגערמאַן, אָט דאָ איז עס!
זיי זיינען געבליבן שטיין פאַר אַ גרויסן, פירגאָרנדיקן מויער,
וואָס שרעקט מיט זיינע טונקל־גרוע ווענט און מיט די ברייטע בוינן־
פענסטער אין דער פראָנטוואַנט.
— אָט איז עס, יונגערמאַן, קומט אַרויף!
בער האָט געהאַלטן זיין פאָטער, ר׳ הירשלען, ביי אַ האַנט,
ווי מ׳האַלט צו אַ שטיל קינד, און ביידע זיינען זיי נאָכגעגאַנגען

באָכן באַגלייטער, וואָס איז אויף דער באַלעבאָס פון דער „היימישער״ אַכסניה, וואו זיי נעכטיקן און טרינקען „וואַרעמס״ דאָ, אין ווין.

זיי זיינען אַריין אין טויער. אינעווייניק געוועלבט און טונקל־בלוי. מירמל און גראַניט. טרעפּ־אַרויף — איבער ווייכע, לאַנגהאָ־ריקע קאָבריצן, אין וועלכע די טריט ווערן פאַרפאַלן. שפּיגלען אויף ווענט, און מעשענע און ניקלענע באַשלעגן.

— אַ ביסעלע העכער, יונגערמאַן! האַלט אייך אָן...

טרעפּ־אַרויף.

— אָט דאָ איז עס שוין!

אויף דער פליגל־טיר אַ בלאַנקגעריקער טאָוול: „אד״מור דק״ק קריקעוו ר׳ נחום בר׳ שרגא שליט״א השוכן בעיר הבירה וויען. גראָסראַבינער נאַכום שראַגע אוס קריקעוו, וואָהנהאַפט אין וויען״.

מ׳שווייגט אַ ווײַלע. מ׳וואַרט. דער באַגלייטער, וואָס איז, אין־איין־ווענס, זייער „באַלעבאָס״, הוסט זיך אויס, ווישט אָפּ ס׳בערדל און גראַבלט מיט צוויי פינגער דאָס „פּרמע־בלעכל״.

— מניאַ... מניאַ... הם...

אָנגעקלונגען. דער באַגלייטער שטעלט אָן ס׳אויער צו דער שווערער, אויף־ברוין־פּאָליטורטער טיר:

— שאַ... ש... שאַ...

דערהערן זיך טריט, פון אינעווייניק. דער באַגלייטער מאַכט מיט אַ הענטל...

— נו... הי...

אויפגעריגלט. אויף דער העלפט געעפנט. אַ קאָפּ, אַ בער־דיק פנים, קוקט אַרויס. קוק אַ ביסקעלע נשתומם. באַלד גיט זיך נאָך די ברוסט און פּאַמעלעך רוקט ער זיך אינגאַנצן אַרויס, דער רויט־גרוילעכער „פּאָרטיער״.

— ווײ... ווײ... רבונו דעלמא... רב... רב... היר... ר׳ הירשל!

בער האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן. באַמאָסטן דעם „פּאָרטיער״, פון קאָפּ ביז די אויסגעגלאַנצטע כראָמאָווע שטיוועלעך. „ס׳איז דאָך... נו... נו... אַהרון־לייב... דער רויטער לייב־גבאי״.

— שלום־עליכם, ר׳ הירשל! ווי...ווי.... ברוכים הבאים! — האָט אַהרון־לייב אַ שערווע געטאָן מיט זיינע הענט איבער די קאַמ־גאַרנע הויזן און זיי ביידע אויף־אַמאָל אויסגעשטרעקט צו ר׳ הירש־לען — ווי... ווי.... געלויבט השם־יתברך!... אַז מ׳לעבט...

ער האָט שוין, אָבער, נישט דעררעדט, אַהרון־לייב, און זיי־נע הענט האָבן זיך נאָכגעלאָזט, ווי אויסגעווייכנעטע פליגל. ער האָט באַלעקט די ליפּן מיט דער צונג און מיט אַן עלנבויגן אַריין אין ברייט־אויפגעלאָזטן גאַרטל:

— נו... קן... קומט אַריין...

זיי זיינען אַריין אין שמאָלן קאָרידאָר. בער האָט אָפּגעלאָזט דעם פּאָטערס האַנט, זיך אַרומגעקוקט, און גלייך גענומען פרעגן אַהרון־לייבן:

— און דער רבי?

אַהרון־לייב האָט זיי איבערגעלאָזט און אַוועקגעשוואומען. אַ מינוט צוויי האָט ער זיך פאַרזאַמט, און באַלד געקומען מיט תשובה:

— יאָ...

טרייסלענדיק די טראָלדן פון ברייטן גאַרטל, האָט ער צוגע־געבן:

— נאָר איר, ר׳ ייד, מוזט דאָ צוואַרטן.

— ישקאָשע — איז דער באַגלייטער, וואָס איז אויך דער באַלעבאָס פון דער „היימישער“ אכסניה, באַשטאַנען — מאַכט ניכטס... רעכט געשעען... ישקאָשע...

אַהרון־לייב האָט געעפנט אַ הויכע זייטן־טיר און אַריינגעלאָזט די אורחים:

— גייט...

אַ ווייסקייט פון באַלקן, אַ ווייסקייט פון ווענט און מעבל ווײ־סע. אין דער ווייסקייט ציטערט־אויף אַ קול, ווי ס׳וואָלט געקומען פון די עולמות־העליונים:

— כ׳וועל נישט שווייגן אַי... ווײ זמיר... כ׳וועל נישט שווייגן... — —

אַ געשטאַלט, אײַנגעהילט אין טלית איבערן קאָפּ, דערנע־נערט זיך צו די אורחים, וואָס זײַנען געבליבן שטיין בײַ דער טיר. אַ ציטערדיקע האַנט שטרעקט זיך אויס:

— זײַ מקבל־שלום, הירשל!

קרײַזלט אַ קרומער שמייכל אויף ר׳ הירשלס מילווינקלען און, שמייכלענדיק, באַרירט ער די פינגער־שפּיצן פון דער אויסגעשטרעק־טער, ציטערנדיקער האַנט:

— כ׳בין בקי צדיק פון קריקעוו...

דער רבי האָט אָפּגעדעקט ס׳פּנים און ס׳האָט אַקעגנגעזיל־בערט די באָרד. אויפן קלאָרן, הויכן שטערן איז גדלותדיק גע־זעסן דער של־ראש.

— שלום, דוב־בער! — האָט זיך דער רבי דערמאַנט — און דײַנע דרכים... וועל איך אויך מוזן צעגראָבן.... די וועגן?

דער רבי האָט זיך אָנגעלענט אין זײַן טיפער שטול און לאַנג באַטראַכט די אורחים. מיט די כנפותן האָט ער באַטאַפּט די שפּיצן פון של־ראש און געזוכט דעם קשר פון הינטן, אין גריבעלע.

— זיץ, הירשל! זיץ, דוב־בער...

ער האָט נאָכגעטראַכט אַ רגע.

— האַ... הירשל...

דאַן האָט דער רבי אײַנגעטונקט אַ גענזענע פּען אין טינט פון צעריבענע גאַליִשן און גענומען קריצן אותיות אויף אַ שמאָלן שטיקל פּאַרמעט — —

— הירשל, נעם עס אין האַנט!

— ר׳ הירשל האָט גענומען אין האַנט דאָס שטיקל פּאַרמעט און עס גאָר באַשמעקט מיט דער נאָז.

— הירשל, גיב עס צו דײַן בכור!

האָט ר׳ הירשל עס דערלאַנגט בערן און רעדעווודיק געוואָרן:

— באַהאַלט עס, זון... כי... כי...

דער רבי האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין וואַנט און אַהרון־לייב איז געקומען צו שווימען.

— וועסט דערלאַנגען וואַסער פאַר הירשלס וועגן אין טלית־און־תּפֿילין. — —

ביז עפעס־וואָס, האָט דער רבי געציילט די פעדים פון די ציציות, געקוקט אויף הירשלען, געקוקט אויף בערן און ווייטער געציילט.

מיטאַמאָל האָט דאָס ווייסע חדר ממש אויפגעציטערט פון אַזאַ פלוצלינגדיקן געלעכטער:

— כאַ־כאַ! כ׳וועל ניט דאַווענען, צדיק! ס׳איז חוזק, צדיק! ס׳פרוכת איז קויטיק...

האָט דער רבי אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און דער של־ראש האָט זיך אַ באָמבל געטאָן אין אַ זייט אַריין.

— האַ, וואָס זאָגסטו, הירשל? מאָל דיר, וועסט שוין יאָ דאַווענען.... וועסט זאָגן גאַנץ תחנון... גאַנץ תחנון און זוהר לערנען... — —

אַז אהרון־לייב איז צוריקגעקומען, געבראַכט וואָס ער האָט באַדאַרפט ברענגען, האָט דער רבי באַפוילן:

— פיר אַרויס דוב־בערן! פרעג אים אויס... גיב אים, אויב ער באַדאַרף... הערסט? שיק אים אַוועק אויף זיין אַכסניה און מאָרגן זאָלסטו נאָך אים באַפעלן. הירשל בלייבט מיט מיר... הערסט, אהרון־לייב?...

און צו בערן האָט זיך דער רבי אויסגעדרייט:

— גיי לחיים ולשלום, דוב־בער... — —

אהרון־לייב, דער לייב־גבאי, האָט אַריינגעפירט בערן אין אַ צווייטן זאַל. דאָרט האָט געווימלט פון יידישע זעלנער, מיט בערד־לעך און אָן בערדלעך, וואָס זיינען געקומען צום צדיק, מיט פדיונות און בקשות, ניצול אין אָפּגעהיט צו ווערן פון אַ פריצייטיקן און „גויישן״ טויט. אַרום „קוויטל־שרייבער־טיש״ האָבן זיך געפּלאָנ־טערט אַנדערע מינים סאָלדאַטן: יידן, מיט צוגעזוכטע מיחושן און מומים, וואָס זיינען אויך געקומען נאָך עצות־טובות, ווי אַזוי זיך אַרויסצודראַפּן פון די בגדי־מלכות, פון די קייזערלעכע פליודערן, כדי צו ווערן מענטשן: יידן מיט יידן גלייך...

ס׳האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט „סתם״־זעלנער, סטאַציאָנירטע אין ווין גופא, אין פאַרשיידענע קאַזאַרמעס און שפּיטאָלן. אָט די „סתם״־זעלנער כאַפּן זיך בעתן „דינסט״ אַריבער צום רבין, נאָך גלאַט אַ

גוט־וואָרט, נאָך אַ בראָקן לעבערל־קוגל און, אין די וואָכנטעג, נאָך אַ נייטיק נדבהלע, — ווי ס'מאַכט זיך און ווי אַזוי סע געפעלט...

ס'פעלן נישט קיין יונגע ווייבלעך, וואָס בליפען און שנייצן די נעזער, פונוועגן זייערע מאַנען אויף די פראָנטן. צעיאַכמערטע מאַמעס, אָפּגעריסענע פון זין און פון זייערע היימען — פאַרוואָגלטע פּליטים אין טריפהנעם ווין — שאָקלען מיט די גאָמבעס און טייטלען פייבוש קוויטלשרייבער אויפן פּאַפּיר:

— „שרייבט אַזוי!... אַ גוט מזל אויף אײַך... זאָל דער הייליקער לייענען, פונקט ווי ווען ער וואָלט געשטאַנען דערבײַ... אַ גוט מזל אויף אײַך...“

פייבוש רייבט צוויי פינגער, קנאַקט אויס פּאַר די ווײַבערישע נעזער און באַמיט זיך צופרידנשטעלן.

און צווישן דעם גאַנצן פאַרשיידן־מיניקן עולם, אין דער דאָזיקער מחיה, שפּרייזן אַרום יונגעלייטלעך, וואויל־לערנערס, צוקונפטיקע שוחטים, דיינים, וואָס זיינען דערוויילע נאָך צו „יונג“... בר־סמכאָס, האַלבע רבילעך, אוראײניקלעך, קרייזלען זיך די פּיאות, מיט ניכטערנעם שפּייעכץ און ווייסן, אַז אויפן סמך פון זייער תורה און עבודת־הבורא זיינען זיי פּטור פון אַזוינע משונה־טועכצער, ווי מלחמה...

קוקן זיי זיך, די דאָזיקע רבילעך, איינער דעם אַנדערן אויף די דלאָניעס, אין די ידים אַריין, און, אַלע אינאיינעם, וואַרפן זיי אויגן צו די ווייבערישע קניפּלעך... — —

— נו, שאַ! פּילדערט נישט! איר זיינט נישט אין קריקעוו! — שיסט אַרויס אַהרון־לייב, אַוועקזעצנדיק בערן אויף אַ שטול אין ווינקל — פראַים! האַ, בער?

אַהרון־לייב האָט זיך צוגערוקט צו בערן און גענומען אים פונאַנדערפרעגן, וועגן אַלץ און אַלעם אין קריקעוו און, בפרטיות וועגן פאַטערס חולאת; וועגן זיידן ר' נוחקען און וועגן דעם, וואָס ער, בער, קלערט דאָ צו טאָן אין ווין. בער האָט געענטפערט בקיצור. אַהרון־לייב האָט, תוך־כדי־דיבור, אַ טאַפּ געטאָן, ווי אַזוי ס'האַלט מיט בערס „ריינישלעך“ און געווען גאָר צופרידן, וואָס ער „באַדאַרף נישט“:

— נו... אַדאַנק צו השם־יתברך, וואָס דו דאַרפסט נישט אָנקומען צו מתנת־בשר־ודם, ר׳ הירשלם זון...

ער האָט פאַרגלאָצט די אויגן, אַהרון־לייב, געצויגן די באָרד און אַזוי, פאַרגלאָצטערהייט, אַ בעבע־געטאָן:

— נע... פכע... מניא... ס׳עט שוין זיין רעכט... — — —

בער איז גיך פאַרטיק געוואָרן. ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון די גבאישע הענט, אַרויסגערוקט פון דעם „בית־מועד־לכל־חי“ און — נישט טרעפנדיק זיין באַגלייטער אין פירהייזל, — אַליין זיך געלאָזט אַראָפּ־טרעפּ. בדיעבד צופרידן פון זיין אַליין־גיין, האָט ער אַרויסגעשפּאַנט אין גאַס. — —

ביים טויער פון דעם פירגאָרנדיקן הויז, די ווינער „רעזידענץ“ פון קריקעווער צדיק, האָט ער זיך אָנגעלענט אויף אַ ווײַלע. ער האָט באַווישט דעם שטערן, באַטאַפּט די שלייפן, און אַזאַ פּראָסטער געדאַנק איז נולד־געוואָרן: „הייסט עס, אַז אַלץ איז טאַקע, ווי געווען... אַפילו קיין אָנזעעוודיקער שינוי נישט... נאָר קלייניקייטן: — סאָלדאַטן און עגונות אויפן אָרט פון ישובניקעס און אַרענדאַרקעס... הייסע, הויכע בויגנפענסטער — אָנשטאָט די פירקאַנטיקע קריקעווער טאָפּל־פענסטער... בלויז איינציקע גרויע פעדים אין אַהרון־לייבס רויטער באָרד און די אַמאָליקע צעבאָרשטענע פיאות זיינען ווינעריש פאַרשאַרט הינטערן אויער... —אַי ערגעץ קוילעט מען זיך?... מען ברענט... און רעוואָלוציע איז צעצונדן?“

און נאָך דעם פּראָסטן און זייער לייכטן געדאַנק איז געקומען אַ מאַך מיט דער האַנט אויף „אַלץ, וואָס איז אַזוי אַלט און גאָרנישט מיינענדיק... אַזוי זיך, אָן אַ טייטש.... אַפילו דאָס, וואָס ר׳ הירשל איז פאַרשפּאַרט אין חדר־מיוחד ביים רבין... אָן אַ תיקון דערווייל...“

ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צום פירגאָרנדיקן מייער און זיך געלאָזט צום עק געסל, וואָס שניידט זיך אַריין אין דער ברייטער, מער באַלעבטער גאַס, די „טאַבאָר־שטראַסע“.

איבער די צעצויגענע, אײַזערנע גדערים האָבן רויטע, אָנגעפּאַקטע טראַמוואַי־וואַגאָנעס געהודזשעט, רייַכנדיק מיט לאַנגע פרענטעס אָן אויסגעצויגענע דראָטן, צעשפּריצנדיק דערביי גרינלעכע פונ־

קען. אַוטאָמאָבילן, מיט אויסגעפּוצטע אָפיצירן, אויסגעלאָקטע פרויען, האָבן איבערגעיאָגט, בײַ די זײַטן, און אָנגעפילט די ענגעניש מיט אַ געפּײַפערײַ און מיט אַ געשטאַנק פון קאַרביט.

און בער — גלײַך ווי ער וואָלט דערצו געוויינט געוועזן פון תמיד, — אַזוי ווײניק איז אים די אײַלעניש אָנגעגאַנגען. אויף דער רעכטער זײַט פון טראָטואַר איז ער געגאַנגען „זײַן" וועג. פון צײַט־צו־צײַט האָבן זיך זײַנע בליקן אַ גליטש געטאָן איבער די גרויסע, גלאַנצנדיקע פענסטער פון די קראָמען און איבער די אָפענע גלאָזירן פון די איבערגעפולטע קאַפע־הײַזער. אָבער אַלץ — גלײַך שוין געזען און געהערט...

אים האָבן מער פאַרנומען די פאַרבײַיאָגנדיקע מענטשן, די גרוי־באַמאַנטלטע סאָלדאַטן, מיט פאַרוויקלטע פיס און באַלאָדענע רוקנס, וואָס פרעגן זיך צו קאַזאַרמעס, שפּיטאָלן און וואָקזאַלן. אים האָבן פאַרחידושט די אײַלנדיקע מיידלעך און די פרויען, מיט קוויבערלעך אויף די אָרעמס, וואָס שושקען זיך און לאָזן דאָך אַזוי קלאָר הערן: „ברויט!" אָבער מער פון אַלץ — די ייִדן, מיט ווײַסע זאָקן, ברײטע פליוש־קאַפּעליושן, וואָס גייען זיך אַזוי זיכער און שטורקען אַפילו מיט די עלנבויגנס אין די פּלייצעס פון שטײַפוואָנציקע דײַטשן און געפּודערטע „זיסע מיידלעך", אָפּזאָגנדיק דערבײַ „ענטשולדיקן, ביטע", מיט אַ היימישלעכן, צעצויגענעם נוסח... אַפילו די אַלטע, רויטע פּאַטשײלקע שטעקט פונהינטן — כנהוג וכמנהג...

און אפשר איז עס אַ גרויס קריקעווו? און פונקט, ווי דאָרט, בײַ זיך, נישט ווייט פון דער גרענעץ, דאַרף מען זיך דאָ אויך נישט אײַלן... מ'קאָן גיין פּאַמעלעך און אַפילו פאַררײַסן דעם קאָפּ צום הימל, וואָס איז, דאַכט, דאָ אַ ביסל העכער, ווי אינדערהיים, און פאַרשטעלט; פאַררוקט אינדערהויך, איבער שטאַנגען און מויערן... אָבער מענטשן זײַנען פאַרהאַן, בצלם ובדמות...

שפּרײַזט ער, בער, לענג־אויס, איבער דער „טאַבאָר־שטראַסע", מעסט די גלאַטע טראָטואַר־פּליטעס, שפּאַנט זיי אַריבער, און קומט נענטער צון אַ בריק, וואָס איז פאַרוואָרפן, ווי אַ האַלבער בראַנסלעט, איבער דער רויִקער, שטיל־כוואַליענדיקער „דאָנאַוי". דאָס איז

די „פערדינאַנדס-בריק", וואָס פאַרבינדט, ווי אַ גאַרטל, די „טאַבאָר-שטראַסע" מיטן ווימלענדיקן „פראַנץ-יאָזעפס-קעי", וואָס איז דער טויער צום האַרץ פון ווין — צום ערשטן „בעצירק".

און קיינעם אַרט דאָך נישט, אַז סע שפּאַנט, אַזוי-זיך, אַ מענטש און קראַצט, מיט זיינען אייגענע פינגער, די געגאָסענע אייזן-פאָרענטשעס פון דער בריק; אַז ער קראַצט און גייט, אַזוי-זיך, ווייטער...

די צוויי וואַך-לייט, וואָס שטייען ביים קאָפּ פון דער בריק, טייטלען מיט וויס-באַהענטשקעטע הענט אויף רעכטס און לינקס,— זיי זעען דווקא יאָ, פון אונטער די דאַשקעס, דעם יונגן פאַרשוין, אָבער זייערע געניטע בליקן דערקענען, אָן וואָס דאָ גייט... ציען זיי אויס די וואָנצן און לאָזן געמאַך...

וואָרעם אַ מענטש מעג זיך פאַרקוקן אין דער טיף, אָפּ-מענטשלען זיין פּרצוף אין וואַסער-שפּיגל און לאָזן אַוועקפליעסקען מיט די לייכטע וועלעכלעך...

נאָר בערן איז, לסוף, נמאס געוואָרן דער טייך. ער איז אַרי-בער די בריק. ער האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם שטראָם-פוסגייער, וואָס האָט פאַרפלייצט דעם ברייטן „קעי". דער שטראָם האָט אים מיטגעריסן. מ'האָט אים אָנגעטראָטן אויף די קנעכלעך און אונ-טערגעטריבן. אַזוי האָט ער דערפילט, אַז מע מוז גיין... און אין דער איילעניש איז שווער, עמעצן אין פּנים אָנצוזעען און נישט אַוועקגעשווענקט צו ווערן...

פון „קעי" האָט ער זיך פאַרקירעוועט צו די רינגען, וואו ס'שטייען די גרויסע קונסט-פּאַלאַצן און פּראַכט-בנינים. דער בורג-טעאַטער, נישט ווייט פון אים די „האָף-אָפּער", מיט אירע גרויסע זיילן און קאָלומנעס. זיי הויערן דאָ, די היכלות, ווי ריזיקע, פאַר-מיק-גרויע פעלזן, וואָס דאַכט, זיי זעצן און הייבן זיך.

בער איז לייכט דערגאַנגען, וואו ער איז. ער האָט אַלץ דער-קענט, פון די פילע מעשיות, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט ווענן דעם „ליבן, באַצויבערנדיקן ווין"....

אָבער זיין נייגעריקייט איז נישט געוואַקסן, כאָטשבי מיט די פינגער צו באַטאַפּן די פעסטקייט פון די שטיינערנע זיילן... נישט

אַפֿילו זיך אָנצושפּיגלען אינם גלאַנץ פֿון שוואַרצן און ווייסן מירמל פֿון די פּלערליי פֿראָנטווענט...

אַזוי זיך. מ׳קאָן גיין. איינער צווישן אַ סך. און מ׳וועט שוין פֿאַר געווים, אָנקומען...

די שפּעט=זומער=זון, ערגעץ=וואו אויף ראַנדן, אַ נטער וואָלקנס, האָט זיך נידעריקער גענייגט. אויף הויכע אַייזן=שטאַנגען האָבן זיך לאַמטערנעס צעצונדן און טויזנטער פֿענסטער האָבן אויפֿגעגלאַנצט אין אַ מיניענדיקן שימער.

ערשט איצט האָט בער זיך אָן עפּעס דערמאַנט. ס׳האָט אים אַ נאָג געטאָן אונטערן לעפֿעלע; אַזאַ געצויגענער צופּ. נאָך אינ=דערפֿרי איז ער אַרויס פֿון אַכסניה און אָפּגעפּאַסט דעם טאָג. איז די ערשטע פֿאַרגילדעטע שילד „קאַפֿע“ און די ערשט=בעסטע, אויפֿ=געריסענע פֿענסטער האָבן אים פֿאַרבעטן. ער איז אַריין אינעווייניק. אַ ים פֿון ליכט. אַ ים פֿון שוויס. און אַזויפֿיל פֿרויענקעפּ, פֿרויען=קעפּ, שרייענדיקע און צעטומלטע!!...

מ׳האָט אים דערלאַנגט אַ „שוואַרצן“ און צוויי קנעפּלעך סאַ=כאַרין אויף אַ קליינעם אַלומינום=שיסעלע: ער האָט נישט געוואוסט, ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין: אַיינשלינגען די ווייסע סאַכאַרין=קנעפּ=לעך, ווי מ׳נעמט אַיין כינין=פּילן, אָדער לעקן און פֿאַרזופּן מיט דער שוואַרצער קאַווע.

אַ פֿרויען=מיילעכל האָט זיך שטיל צעכיקעט: „ליבּבען! שאַ=צי!... נאַראַלע, ווילסט?“

בער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ס׳האָט געפּיקט אין מוח: „אומעטום אַזוי, אומעטום!... פֿרויענקעפּ... און די מאַנספּילן וואו זיינען? פֿרויענהענט... און וואו זיינען יענע, די מיט די שטייפֿע אָרעמס?... נישט די בלוי=באַמאַנטלטע!“...

ער איז אַרויס אויף דער גאַס. אַ רעגנדל האָט געשפּריצט.

די ברוקן האָבן געגלאַנצט און איבער זיי האָבן, געאַיילט, גומי=רעדער געקאַלערט. ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט „אַהיים=צו“; געדענקט דעם וועג צוריק צו דער בריק.

די צייטונגעסלעך פֿון דער „טאַבאַרשטראַסע“ זיינען באַלעבט געווען. אָבער — ווידער ווייבער! יונגע און אַלטע, אין רייען, וואָס

ציען זיך, ווי צען=טייוולישע ווידלען; שטייען מיט קריגעלעך און קיישלעך, און וואַרטן פאַר די שפּייז=געוועלבן. און אַלץ ווייבער! שוואַבקעס מיט הינטעלעך; שוואַבקעס, וואָס שלעפּן קיילנוועגעלעך און זידלען...

דער רעגן האָט זיך געלאָזט שטאַרקער. די ווייבער האָבן זיך צעיאַכמערט, ווי אויסגעווייקטע קעץ, וואָס קאָנען זיך טיילמאָל נישט אַרונטערכאַפּן אונטער אַ דעכל...

בער האָט טיפער אָנגערוקט דעם קאַפּעליוש, געמאַכט שנעלערע שפּרייז, גלייך געיאָגט פון דעם ווייבערישן געווידלעריי און געשריי. — — —

אַן אויסגעווייקטער, מיט אַ פּאָר פאַרשפּריצטע אויגן און פולע אויערן, האָט ער זיך דערפרעגט צו זיין קוואַרטיר: „קליינע שפּערל=גאַס 3".

אין דער גרויסער פּאַרדומפּענער פּאָדערשטוב האָט געזאָטן. מענטשן און מענטשעלעך, אַן אויסקלייב פון פּרצופים און ראַנגעס, האָבן געפּילדערט, געלאַכט און געפּלוכט. מאַנכבילן און פאַרשידן=האָריקע פרויען האָבן געכיכיקעט, געגרויכערט און „געמסחרט". דער בלויער רויך האָט געדיכט געמאַכט די לופט, זיך געקנוילט אַרויף, צום איינציקן, באַשפּרענקלטן עלעקטריק=לעמפּל אינמיטן באַלקן, אין זיך געזעצט אויף די גרין=טאַפּעטירטע ווענט, פון וועלכע ס'האָבן אַראָפּגערויטלט שפּאָרעוודיקע וואַנצן=קליאַקסעס. אַזאַ הו=האַ! ווי אין אַ קליינשטעטלדיקן מרחץ, אָדער שענק.

בער האָט אויסגעווישט די אויגן, אַראָפּגענומען דעם אויסגעווייקטן הוט און באַווישט דעם שטערן. אָבער איידער ער האָט נאָך באַוויזן זיך רעכט אַרומצוזען, האָט זיך דערהערט אַזאַ פּיעשטשענדיקער, פעטער אויסגעשריי:

— נאַ, הערען זי! ער איז דאָך דאָ! אַבי מיין מאַן לויפט אים אַרום זוכן! —

די „ווירטין" פון דער אַכסניה, פרוי עלזע פון סטופּטשעט, האָט אַ פליעסק געטאָן אין די הענט און געטרייסלט מיטן געפאַלדעוועטן, בלויען גוידער:

— דאָס איז די קלײנשטאָדט! מסתּמא געבלאָנדזשעט! נײן, הער...

בער איז איר אַנטקעגנגעגאַנגען. ער האָט איר אײנגעשפּאַרט אַ פּאָר טריטלעך און איבערגעשלאָגן:

— אָבער געקומען אױפֿן אָרט... — —

אַרום, דער עולם, האָט זיך נישט געלאָזט שטערן. מהאָט פּאָליטיקירט, גערעדט װעגן מיליטער, אױסגעזאָגט זיך סודות און איבערגעגעבן אַדרעסן פֿון „שטילע" ברױט־קרעמלעך און הײמישע יאַטקעס, װאו מקאָן באַקומען פֿאַר „געלט" צו דער זעט, איבער דער נאָרמע און אָן „קאַרטעס" — —

בער איז שױן געשטאַנען בײ דער הינטער־טיר, װאָס פֿירט צו זײן צימערל. נאָר פֿרױ עלזע האָט אים געפּרוװט אױפֿהאַלטן:

— איר גײט שױן שלאָפֿן? װאַרט ביז מײן מאַן װעט צוריקקומען... און... יאָ, ריכטיק, װאָס איז מיט אײער פֿאַטער?

— אַלדאָס גוטס... — האָט בער דורכגעזיפֿט צװישן די צײן און פֿאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, װאָס טײלט אָפּ זײן שלאָפֿצימער פֿון גרױסן „סאַלאָן".

ער האָט אױפֿגעדרײט די עלעקטרי, אַראָפּגעװאָרפֿן די נאַסע שיך פֿון די פֿיס און זיך אױסגעצױגן אױף אײנעם פֿון די צװײ שװאַרצע, אײזערנע בעטלעך. ער האָט לאַנג געקוקט אין דער שײן פֿון קלײנעם לעמפּל, װאָס האָט געשװינדלט אונטער אַ קײטיקן שירעם.

נאָכן הײנטיקן אינדערפֿרי בײם רבין, נאָך דעם אַרומדראַליען איבער די פּוילע גאַסן, נאָך אַלץ דעם געזעענעם און פֿאַרבײגעלאָזענעם, איז אים אַ ביסל לײַז געװאָרן אין מוח:

„סוף־כּל־סוף איז דאָך עפּעס דאָ. און אַ ברײטער שטח איז פֿאַרהאַן. גרױסע, שטײנערנע מױערן. אַ גערױש... אַ געיאָמער פֿון הונגעריקע... און ליכט! ליכט און חוזק אַפֿילו"...

די װײעס זײנען צוגעפֿאַלן. דאָס שנירעלע, װאָס האָט זיך געצױגן, איז נאָך לײזער געװאָרן. סהאָבן זיך דערױף רײפֿעלעך אָנגעזעצט, אײנציקע, װי צעשאָמענע אײנציקע קאָראַלן. מען צילעט־אױף אױף אַ פּאָדים: „די הײם קריקעװ... און הי... די פֿױערישע כאַטע

און דאָ... די שפּיצן פון רויט-ציגלענע פאַבריק-קוימענס, וואָס שיסן אַרויף... פאַרגאַנגענע טעג אַרום דעם סעדל און... נייע טעג, וואָס וועלן קומען.... זיכער קומען"....

די פיס האָבן געקראַצט אָן די אײַזערנע פּרענטעס פון בעטל. דאָס בעטל איז קורץ געווען פאַר אים. ער האָט זיך אײַנגעצויגן און אויסגעלענגערט. נישט קיין מידקייט — נאָר אַזאַ תּענוגלעכער ווײ. קלײנע דערמאַנונג: „די נאַכט... לוסי... דורכן פענסטער און איבער די שטעכנדיקע רויזן-קוסטעס"... ס'האָט געגאָנגט: „וועט ער שרײַבן... וועגן פאָטער... און וועגן זיך... וועגן דעם, וואָס ער קלערט דאָ צו טאָן... צו וואָס ער רײַסט זיך... זאָל זי וויסן... שפּיצן פון פאַבריק-קוימענס..." ער האָט געקירעוועט דעם געדאַנק איך צוריקצווועגס: „ער, בער, אין ווין... און גדל וואו? קיעוו... אפשר אין מאָסקווע... און ער, בער, ווייסט גאָרנישט... אָפּגעשניטן... דאָרטן גייען, אפשר, מאַסן אויס... פעלקער גייען אויס... און אפשר ראַנגלט מען זיך... פאַר לעבן... פאַרן קיום... פאַר גאָט... פאַר גאָט?"

לויז, אַזוי לויז אין מוח און אָן אַ סדר: „און ליובע, דעם אײַנבינדערס טאָכטער, די, וואָס קוויקט זיך מיט ווײַנינגערן... דער זעלבער, וואָס האָט פרויען פאַראַכט... פאַראורטיילט... נו, זי, ליובע, האָט דאָך געזאָגט, אַז אפשר איז טאַקע יאָ נאַדהאַן פרייד... אַז..."

ווייטער אין ווייטער—קלײנינקע קנײלעכלעך: „און די שוואַרצחנעוודיקע, צעשטאָכענע „כאָנטע" ביי פייגע-רודיען?... און איר לידעלע... אַ ליבעלע צו שפּילן..." ווי אַ שנײַדנדיקע קעלט וואָלט דורכגעלאָפן איבערן לײַב און צעוועקט פון דרעמל, אַזוי האָט ער זיך, מיט אַמאָל, אַ הויב געטאָן און אויפגעזעצט אויפן בעטל. ער האָט געלאָזט הענגען די פיס, אַראָפּ צום דיל, און אויפגעריסן ס'מויל...

— „קיינער נישט! קיינער נישט... זי, די כאָנטע... טעמעראָסיע!... איר בלוט און ס'נאַקעטע לײַב אירס.... זי... אין דעם איז דער אמת אפשר!..."

די שלייפֿן האָבן געהאַמערט און די ברוסט האָט זיך איינגעשנורעוועט:

— „און אפשר לוסי?“

ער איז צוריקגעפֿאַלן אויפֿן בעטל, אַוש די דרעטלעך און פֿרענטעס זיינען אונטערגעשפּרונגען. ער האָט געגראָבן קאָפּ אין קישן און זיך געוואַלגערט, ווי אין אַנגסטן. — —

האָט זיך מיטאַמאָל די טיר אויפֿגעפּראַלט און דוראַלע בענקערט האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער ברייט:

— וואָט טעביאַ! האָסט זיך אָפּגעזוכט... מאַרעוויכער! דיך אַרומגעזוכט איבער דער גאַנצער סטאָליצע! אָבער... הויב זיך אויף! זע, ווער ס'איז דאָ! אַ גאַסט איז דאָ! נו.... קאַטיושענקאַ איז דאָ!

אַקעגן בערן איז געבליבן שטיין אַ מיידל, מיט אַ צעפּלאָשעטן, בלאָנדן, געשווירענעם קאָפּ; מיט אַ קלאָרן פּנים און צוויי העלבלויע אויגן.

— דאָס איז קאַטיאַ! קאַטיושענקאַ! — האָט דודל בענקערט זיך געריבן די הענט — קאַטיושענקאַ, פֿון מיין רוסישן שטעטל! און ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטן, אַז איך זאָל זי דאָ געפֿינען?! און אַזוי גיך! אָך, טי!... און טאַקע נישט ווייט... זיץ, קאַטיענקאַ! און דאָס איז דער בער!

איז דאָס צימערל באַלד פֿול געוואָרן מיט מיידלערישן חן. מיט ריח פֿון העלע האָר, מיט האַרבן גערוך פֿון אַ זייפֿל, מיט שאָרך פֿון אַ קלייד און מיט אַ געלעכטערל, אַזאַ לויטערן:

— איז, הייסט עס, ווילט איר בלייבן דאָ, אין ווין!... און איר האָט קיין מורא נישט פֿאַרן ביקסל, הער פֿרידמאַן? איר זיינט דאָך אַזאַ יונגער... און אַ שטאַרקער, מסתמא... און מוסקלען...

בער האָט אויף איר געקוקט, ווי אַ צעחושטער, און ס'מיידל האָט זיך אירס אָפּגערעדט:

— און וואָס וועט איר טאָן, אַז מ'וועט אייך שיקן קיין איטאַליע? קלעטערן אויף בערג... און אפשר זיך קוילערן אַראָפּ?...

בער איז שוין ווידער געזעסן אויפֿן ראַנד פֿון בעט. זיינע פּיס האָבן זיך געהוידעט און געטריבן שאָטנס אַהער און אַהין איבערן דיל. און דוראַלע האָט נישט אַראָפּגענומען זיינע בלישטשענדיקע

אייגעלעך פון קאַטיעס קלאָרן פּנים. יעדעס וואָרט, וואָס זי האָט אַרויסגעזאָגט, האָט ער פון אירע ליפּן אַראָפּ מיט פלאַקער געשלונגען:

— גאָספּאָדי! קאַטיושענקאַ! אָבער פון דיר, פון זיך אַליין דערציילסטו דאָך גאָרנישט!

הגם שוין היבש־עטלעכע שעה זינט דודאַלע האָט זי באַגעגנט, זינט ער האָט זי דערקענט, שטייענדיק פאַר אַ גרויסן אויסלאָג־פענסטער און פון איר שוין נישט אָפּגעטראָטן, האָט זי, קאַטיע, אַפילו מיט אַ וואָרט נישט מרמז־געווען, ווי לאַנג זי געפינט זיך דאָ, אין ווין, און וואָס זי טוט דאָ, איינע אַליין, אָן קיינעם לעבן זיך. אָבער דודאַלע האָט זייער געוואָלט וויסן, אויף איינמאָל, און טאַקע אותו־רגע, יעדע קלייניקייט. איז ער נישט אָפּגעשטאַנען און געזוכט צו ציען פון איר ווערטער:

— אָבער, קאַטיושענקאַ! רעד דאָך! אפשר ביזטו אין אַ נויט? זאָג! דודאַלע וועט דיך נישט לאָזן פאַלן! איך האָב אַ גאַנץ זעקעלע מיט געלד. בנאמנות! ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקן! אויפן הוילן לייב טראָג איך עס! ווי דו זעסט מיך לעבן!... און איך האָב דיך דאָך אַזוי ליב געהאַט.... נאָך אינדערהיים... געדענקסט, ווי איך פלעג דאָס, טשאָרט דיערי, ביי אייך קלאַפּן אין די לאָדנס... עך! און דער טאַטע דיינער פלעגט אַרויס מיט אַ שטעקן און, טשאָרט דיערי, מיך יאָגן: „דו שוחט, דו! שוחטס קדיש, גיי צום אַלדי־רוחות!” האַ, קאַטיענקאַ, געדענקסט? ביסט געווען אַזאַ ליכטיקע מיידעלע, אַזאַ קליינינקע... אַ... טשאָרט דיערי, אַן איידעלע... און דיין טאַטע, דער באַקאַליישטשיק, אַזאַ בייזער... עך! און... און... וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרקלערט, קאַטיענקאַ?!

קאַטיע, אָבער, טוט נאָר און שמייכלט. פאַרוואַרפט דעם קאָפּ און לאַכט אַזוי העל און קלאָר:

— ווי דו האָסט זיך עס צערעדט, דאַוויד! דערצייל בעסער, וואָס מאַכט דער טאַטע, דיינער, דער שוחט... איך בין שוין זייער לאַנג פון שטעטל....

בער האָט דערפילט און פאַרשטאַנען, אַז ביי הודלען אין האַרצן האָט זיך אַ שאַרף איינגעקאָרבט. אַזיסטן וואָלטן ער, דודאַלע, זיך

אַזוי נישט געקנייטשט. דערצו האָבן זיך זיינע אויגן מיט אַ דינינקן הייטעלע איבערגעצויגן.

— טויט, קאַטיענקאַ... געשטעלט דריי יאָרצייטן.... — האָט דודאַלע אָפּגעענטפערט, מיט אַ קול, וואָס איז פּלוצלונג הייזעריק געוואָרן... — טויט... מער ווייס איך נישט... ווייל... געוואַלגערט זיך אין אַ גאַליציע... געפירט אַ ווילד לעבן... געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר... אַ מוסר... אַ... איצט ווייסטו שוין, קאַטיושענקאַ?... קוק, אָט דער בחור... בער... דער פרידמאַנטשישקאַ... ער ווייסט אַלץ.... פאַראַכט ער מיך... ק'ווסיעס טשערטיאַם. און דו וואָלסט אויך אַוודאי... האַ, קאַטיושענקאַ?... אָבער... אָבער... כ'האָב דאָך אַזאַ ברייט האַרץ... און מיר טוט באַנג... און וויי... צו אַלדי־שוואַרצע יאָר!... אָך, גאָספּאָדי!.... גאָספּאָדי!...

דודאַלע איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט געריבן שוועבעלעך און געצויגן פּאַפּיראָסן.. קאַטיע האָט אויך גערויכערט. זי האָט זיך געשפּילט מיט די מונדשטוקן און געלאָזט רעדעלעך רויך...

— כ'פאַרשטיי, דאַוויד... — האָט דאָס מיידל געשאָקלט מיטן קאָפּ — אָבער איר פרידמאַן דאַרפט אים נישט פאַראַכטן. איך געדענק אים גוט...

נאָר בערן האָבן מער נישט אינטערעסירט דודאַלעס דיבורים. נישט זיינע רייד פון חרטה, און נישט דאָס קלאַפּן־זיך אין האַרצן. דאָס אַלץ האָט אים נישט געאַרט. ס'האָט אים שוין געצופּט אַ נייגעריקייט, צו וויסן אויף קלאָר, ווער דאָס מיידל איז, פאַר וועלכער מ'קאָן זיך אַזוי אויסריידן, און וואָס זי איז עס אַזוינס, ווען זי קאָן אַפילו מתיר־זיין, מיט איין הויב מיט איר בלאָנדן קאָפּ און מיט איין בליק פון אירע העל־בלויע אויגן. ס'האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן די פריערדיקע אומרו און ער האָט זיך געוואָלט שפּיגלען אין דער בלויקייט פון איר בליק:

— כ'פאַראַכט נישט, פריילין קאַטיע!... ניין...

— אַזוי איז גוט...

און לאַכנדיק האָט זי צורעכטגעמאַכט:

— וואָס פאַר אַ פריילין בין איך אַייך? פריילין... כאַ־כאַ!... קאַטיע — און גענוג!

— קאַטיושענקאַ! — האָט דוראַלע אַ רעווע געטאָן.

לאַנג זיינען זיך די דריי פּאַרזעסן. דער רעגן, אינדרויסן, האָט געוואַשן די פענסטער און געטריפט דורך די שויבן, אין געדיכטע שנירעלעך.

די שעהן האָבן זיך געצויגן. גיכע רייד און דערציילונגען. דערמאָנונגען, איינפאַלן, בליצנדיקע, שניידנדיקע, נאָך וועלכע ס'איז געקומען אַ לענגערע שווייגעניש...

אויך בער האָט אויסדערציילט זייער אַ סך וועגן זיך. דערמאַנט דעם פאָטער, דעם רבין, גערעדט וועגן האָפענונגען, געראַנגל און וועגן אומקלאָרע, קומענדיקע טעג.

און דאָס מיידל האָט געהערט; זיך געשפּילט מיט די מונדשטוקן, זיי אַוועקגעוואָרפן און גענומען אַנדערע...

ווי אַ וואָרזאָגערין, וואָס הערט זיך צוערשט איין צו יענעמס קלאַפּנדיקן אָטעם, איידער זי דאַרף דעם סוד אַנטפּלעקן, אַזוי איז זי געזעסן. און אפשר, ווי אַ פאַרשייטע פּריסטערין... — —

— איז וואָס־זשע, קאַטיע? — האָט בער צו סוף דערצויגן — איז...

דאָס מיידל האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. איר ברוסט האָט זיך איצט אַ הויב געטאָן, אָנגעשפּאַנט, פון אַ טיף־געצויגענעם אָטעם, און אַריינגעשעפּט געדרוימיקייט:

— פּשוט! איר וועט שוין גיין מיט מיר. איר וועט שוין טאָן אַן אַרבעט. איר וועט זיך צוהערן... איר וועט זען... איר וועט זען... איר וועט דערקענען מענטשן... ס'זיינען פּאַראַדאַן הויכע, רויטציגלענע מויערן און קוימענס, וואָס רויכערן... יאָ, בחורל...

דוראַלע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ס'איז עפּעס געפעלן געוואָרן:

— אויב לערנען...וועל איך געבן געלט! זאָל ער ווערן... בער...

דאָס מיידל האָט אים איבערגעריסן:

— מ'דאַרף נישט קיין געלט!... אָבער איינס: פון דער־אָ שטוב אַרויס! ערגעץ אַנדערש... איך וועל שוין אַליין אויסזוכן...

— און איך — האָט דוראַלע זיך געבעטן — און וואו וועל איך אַהינקומען?

— אויך דו... אויך דו וועסט מיטגיין... און דיר וועט נישט זיין שווער? האָסט דאָך אַ זעקעלע געלט... ס'זיינען פאַראַן דאָ אַזויפיל...

— כ'וועל זיין גוט, קאַטיושענקאָ! — האָט דודאַלע אויסגעמאָסטן מיט אַ פויסט אין זיין ברוסט — יעי באָגו!

— איז גוט... — האָט קאַטיע אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין אַקסל... — —

און ווידער האָט מען געשוויגן. אין דער שטילקייט, וואָס האָט געלויערט אין שלעכט-באַלויכטענעם חדרל, און פון דער שטילקייט, וואָס האָט געשפּאַרט פון פוסטן פּאַדערצימער, איז אַ מין-אומקלאָרקייט אַפּירגעקראָכן און אַ היימלעכע דערוואַרטונג איז אָנגעשטויגן.

קאַטיע איז אויפגעשטאַנען פון שטול, זיך אַ וואָרף-געטאָן אויפן צווייטן אַייזערנעם בעטל און אויסגעצויגן די הענט איבערן בידעריקן קאָפּ-שטיק.

— מ'דאַרף אויסרוען די אברים... גאַנץ פרי דאַרף מען אין פאַבריק אַריין... דאָרט זשומען די טראַנסמיסיעס... רעדער קאַלערן... מ'דאַרף אַ רויִקן קאָפּ...

זי האָט זיך צעשמייכלט און פאַרמאַכט די אויגן. — — —

דודאַלע בענקערט האָט זיך געלייגט לעבן בערן און די אייבערשטע ליפּ זיינע האָט זיך נישט געקאָנט צונויפקומען — פאַר שרעק און התפעלות — מיט דער אונטערשטער.

אינדרויסן האָט דער רעגן נאָך געפּאַטשט; געשוואָנקט די דעכער און די ברוקן. דער לאָמטערן קעגנאיבערן פענסטער האָט, פאַר נעץ, מיט אַזאַ קאַרגלעך ליכט אַריינגעפּינטלט אין חדרל.

איבער אַלע דריי איז געקומען דער דרעמל און זיי אַלע דריי ערגעץ פאַרטראָגן: אין רויט-ציגלענע מויערן, אין ליכטיקע זאַלן און אין גרויע תפיסות... יעדן באַזונדער, און אַלע אינאיינעם... —

אַז דער טאָג האָט זיך געשטעלט, מיט טראַמוויין-געקלאַנג און מיט דראָטן-געזשומעריי, האָבן די צוויי איבערגעוועקטע בחורים נישט געפונען מער זייער גאַסט אויפן צווייטן בעטל. נייערט אַ צעטל איז געלעגן אויפן טיש, מיט אַ רויטן בליישטיפט באַשריבן:

„כ'וועל קומען מאָנטאָג. וואַרט בײדע אויף מיר, אַרום עלף אינ־דערפרי. קאַטיאַ".

ס'איז געווען אַ דאָנערשטאָג. אײנער פון די לעצטע טעג אין חודש אַווגוסט.

בער האָט עטלעכע מאָל געלײענט דעם צעטל און געצײלט די טראָפּן פון אײנציקן וואָרט: „קאַ—טיאַ"... די טראָפּן האָבן זיך אײנגעקריצט...

דודאַלע האָט געפונען אויפן טישל אַ קלײן שערעלע, וואָס קאַטיע האָט פאַרגעסן. ער האָט געפּרוווט די שפּיצן איבער דער הויט פון זײן האַנט און געמאָליעט:

— אָך, טי! זע, בער! ס'איז... אָך טי!

נאָר בער האָט גערעכנט, וויפיל שעהן נאָך ביז מאָנטאָג: דער טאָג, ווען אַן אומבאַקענט מײדל וועט קומען, פירן צו האונדער־לעכע טויערן, וועט לאַכן, אַרײן אין נעפּל, וועט...

— אָך, טי! — האָט דודאַלע געבורטשעט — ווי זי קוקט עס אַזוי....

און בער האָט געצײלט די שעהן...

---

טעג פון דערוואַרטונג. לאַנגע שעהן פון טיפן שווײגן, אויפן אײזערנעם בעטל. אַמאָל שעהן פון אומדערמידלעכן שפּרײזן, אי־בער געסלעך, איבער שטאָט־גערטע־ער פון אַלטן ווי'. און אַז אַזוי: קאָן מען דאָך שטײן־בלײבן, אײנער אַלײן, פאַר די מויערן פון דער „בורג" און אַפילו נישט קײן קרײץ טאָן מיט די צײן. מ'קאָן זיך דרײען, ראָד־ראָד־אײן, אַרום דעם „שענבורנער שלאָס־פּאַרק" (די פיס טראָגן אויך אַהין...) און גאָר אַוועקמאַכן מיט דער האַנט...

און סײ דאָס נישט־קרײצן מיט די צײנער און דאָס מבטל זײן זאָל האָבן אײן באַטײט...

אָבער מיט דעם קאָן מען נאָך אַלץ נישט אַוועקפּטרן קײן טעג. מע מוז נאָך ערגעץ אַרײנפאַלן. זײנען, דערווײל, פאַראַן באַ־לויכטענע זאַלן, רוישיקע „קאַפעע", ס'טומלען מענטשן, און די טירן זײנען נישט באַוואַכט....

אין אַזאַ מין קאַפע-הויז האָט זיך בער פאַרקליבן שבת-צונאַכטס. די שילד: „אינטערנאַציאָנאַל“, האָט צוגעצויגן. ער האָט אַ שאַרווע געטאָן מיט די פּאַטשעשוועס, זיך אַרײַנגעפּאַסט אין דער פאַרגלאָזטער דריי-טיר און זיך נאָכגערוקט הינטער עמעצנס אַ רוקן.

אַ היץ האָט אַנטקעגנגעשלאָגן, ווי אינעווייניק וואָלטן פּאַרע-קעסלען געקאָכט און געזאָטן. און מענטשן — ווי פליגן אויף מיסט: דרייען זיך מיט אַ געהודזשעריי, אויף איין אָרט, שאַרן זיך צווישן די טישלעך און ציען זיך אויס אויף סאָפּקעס. אַ געזשומעריי, ווי מ'וואָלט די פליגן מיט האַנטיכער געיאָגט...

פאַרן געשניצטן בופעט-טיש, הינטער וועלכן ס'איז געזעסן אַ „געפאַרבטע“ בלאָנדינקע און אַרײַנגעציילט סאַכאַרין-קנעפּלעך אין קליינע אַלומיניום-שיסעלעך, האָט בער זיך, אויף אַ ווײַלע, אַוועקגעשטעלט. דאָס מיידל האָט אים באַלד באַמערקט און באַמאָסטן, פון אונטן-אַרויף. זי האָט אויסגעדרייט איר קאָפּ און אַרײַנגעשמייכלט אין געשליפענעם גלאָז פון גרויסן שפּיגל, הינטער איר רוקן. בער האָט אָבער גאָרנישט פאַרשטאַנען. פון אַלע זײַטן האָט מען אים געשטויסן, אָנגעטראָטן אויף די קנעכלעך און שפּיצן אין געשטורקעט מיט עלנבויגנס. ביז אַ פּאָר אַקסלען און הענט האָבן אים אַ שלײַטער געטאָן צון אַ טישל:

— זיצט!

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט. אַ קעלנער, אַ טענצלדיקער, וואָס באַוועגט זיך, ווי אויף ספּרוזשינעס, האָט פאַר אים אַוועקגעשטעלט אַ טאַץ. נאָר בער האָט נישט געפּרוּווט צום מויל נעמען די קאַווע מיט לאַקריץ. ער האָט אויסגעקראַצט אַ סיגאַרעטל און אָנגעצונדן...

און ער וואָלט אפשר נישט-נאָך-איינס און נישט-נאָך-צוויי אָנגעצונדן, אָנגעפילט דעם בלייערנעם בעכער מיט אַש, און דערבײַ זיך צוגעהערט, אָן איבעריקער נײַגעריקייט, צו די געאײַלציקע רייד און געאַמפּערייען פון די פאַרשוויצטע, היימישע יידעלעך און „דײַטשלעך“; ער וואָלט אפשר — נישט ווילנדיק — תיכף געקאָנט אָפּשאַצן די אַלע אויסגעבעטע ווײַבער און דעם גיכן גאַנג פון זייער מסחר, מיט „גראַמעס-גאָלד“ און איידל-שטיינער; מיט וואַגאָנעס צו-

קער און מעל, וואָס זיינען „ערגעץ“ פאַרהאַן צום פאַרלאָרן... ער וואָלט אַפילו גוט פאַרשטאַנען דאָס סודען זיך און דאָס כיטרע ווינקען מיט די אויגן... — ווען ס׳וואָלט זיך נישט אַוועקגעשטעלט פאַר אים אַן אויסגעצאָמטער, צעקודלטער יונגערמאַן און נישט אָנגעקלעפּט אויף אים אַ פּאָר אויגן, ווי פון אַ קרעציקן, געיאָגטן הונט, און נישט אויסגעשטרעקט צוויי דאַרע פינגער, ווי שפּיזלען:

— איר ווילט נישט טרינקען אייער קאַווע, מיין הער?

מוראַשקעס האָבן געיאָגט איבער בערס הויט, ווען ער האָט דערפילט אין זיין האַנט די פרעמדע פינגער, וואָס פאַרענדיקן זיך מיט קראַלן, ווי ביי אַ רויב-פויגל...

— מיין נאָמען איז דניאל, נאַציאָנאַלער פּאָעט, נביא, נאַטור- און פרייהייטס-באַזינגער! — האָט דער יונגערמאַן פייערלעך אויסגעצויגן — איר האָט, געוויס, געהערט פון מיר... לאָזט-זשע מיך אויסזופּן אייער קאַווע!

בער האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן, אויף דעם פּאָעט און נביא, וואָס זופּט האַסטיק די קאַווע און ווישט זיך דערביי דעם שטערן מיט אַ פעטן, געלן אַרבל. עפּעס האָט ער געוואָלט אַ לאַך טאָן, בער. אָבער געלאַכט האָט שוין דער נביא:

— כאַ-כאַ! איר ווייסט, אומבאַקאַנטער פריינט מיינער, פריינט פון פרייהייט, נאַטור און נביאות, אַז שוואַרצע קאַווע איז פאַר מיר דאָס זעלבע, וואָס בענזין פאַר אַ מאָטאָר... שוואַרצע קאַווע — דאָס איז פולווער... פולווער...

בער האָט שוין בלויז געזונצלט דעם שטערן. דער פּאָעט האָט אים געהאַלטן ביים לאַץ פון ראָק און אַריינגעהויכט אין זיין פנים:

— פריינט מיינער, זאָג מיר נישט דיין נאָמען און איך וועל דאָך וויסן, ווער דו ביסט! כ׳האָב דיך דערקענט. וואָרעם שוין לאַנג, אַז איך זוך דיך אַרום. וואָרעם וויסן ווייס איך, אַז דו ביסט יאָ פאַרהאַן. דו פאַרשטייסט, איך זוך נאָר די אויגן... אייגן — טרויער! מה עצום יגוני!... גיב אַ סיגאַרעטל, פריינט... דו ווייסט — „ווי גרויס איז דער טרויער!“ קוק אָן די פליגן אַרום דעם טיש... די שלענגעלעך, די ווערים — באמרי-פי אַשמידם! טעג און נעכט,

ווי איך שמיד מיינע פערזן, גלי זיי און וועל איבער זייערע קעפ אַ שליידער טאָן די אָנגעשריבענע קללה: יאָ, יאָ, פריינט, זיי-זשע נישט טרויעריק... גיב אַ שווערבעלע...

און ער האָט נישט פאַרשטאַנען, בער, ווי אַזוי דאָס איז איבער אים געקומען: ער האָט דערפילט דעם נביאס ליפן אויף זיין שטערן...

— הינטער דיין שאַרבן, פריינט מיינער, איז דאָ אַ וועלט... גע־הירן... ליכט: לאָז מיך אַהין אַריינקוקן — האָט זיך דניאל געבעטן — אַזיסטן וועל איך מיין שאַרבן עפענען און דיך לאָזן אַריינקוקן: ווילסט?...

און ער האָט זיך צעקנעפּלט, דער פּאָעט, פון בוזעם אַרויס־געשלעפּט אַ דיקן העפט און אויפגעמאַכט די טעוועלעך:

— אוי-ווי, לך, עמי: ווי ז׳דיר מיין פאָלק: גייסט שטאַרבן פאַר פרעמדע מלכים און פאַר פרעמדער ערד: און דיין אייגענע ערד, דיין לאַנד איז וויסט און נישט צעאַקערט: גייסט אין פאַלשע וועגן און אין וועגן פון רעכטשאַפנקייט טוסטו נישט גיין: עורו, עורו: שטייט אויף און דערמאַנט אייך: פרעמדע קומען דיך דערמאַנען. יברכך, וישמרך, ענגלאַנד:

ווי פאַרזשאַווערטע צוויעקעס, אַזוי האָבן זיך די ווערטער איינגענעגלט אין בערס מוח. רעדער האָבן זיך געדרייט פאַר זיינע אויגן. אַנגסטן און אַן איבלקייט האָבן אים באַשלאָגן. אָבער דער פאָעט האָט ווייטער געמישט זיינע בלעטער:

— אָסקאַר, נאָך אַ קאַווע: ווי צו דיר, בת-זנונים, טאָכטער פון שאַנד: ליגסט דיך מיט פרעמדע שרים און דיינע ברידער צעשפריצן זייער זרע אויף מיסטן: אַ קלאָג צו דיר, הענגלעך באַבאַה, האָסט ביי דיין זיידן דעם רב, אין אַלקער, אַ ממזר געהאַט: ווי איז דיר, ווי איז מיר און ווי איז אונז אַלעמען:... גיב מיר נאָך אַ סיגאַרעטל:...

אַז ס׳האָט זיך געמאַכט אַ רעדל אַרום דעם פאַרכלי׳ניעטן נביא, האָט ער זיך ערשט אויפגעשטעלט און אַ דונער געטאָן:

— כ׳וועל אייך אויסדרושען, ווי מייז: זאָ הילף מיר גאָט, כן יהי רצון:

און נאָך מוראדיקער האָט ער זיך צעשריגן, ווען פּנימער האָבן זיך געקרימט און אַ געלעכטער האָט זיך אַרויסגעריסן...

— לאַכט! אַז ווי צו אייער געלעכטער! אַרײַס פּונדאַנען! וואַרפט אַוועק אייער טריפהנעם האַנדל! גייט קושן די הייליקע ערד! דאָנערוועטער! גייט!

ס'איז שוין געוואָרן אַ גרויסער טומל. עטעצער האָט איבער־געשריגן דעם פּאָעט און זיך געבייזערט:

— וואָס לאָזט מען אים שוין ווידער אַרײַן, דעם משוגענעם!

— וואָס וואַרפט מען אים נישט אַרויס?! — האָט אַ צווייטער זיך נאָך מער געבעסט.

— ער באַליידיקט! ער רעדט געמיינע רייד! — האָט אַ פרוי געקוויטשעט, געטעלעפּעט מיטן פעטן גוידער און געהויבן די באַ־רינגלטע פינגער — רופט אַ וואַכמאַן! זעצט אים אײַן! זאָ אײַן לויזבוב! לומפּ! פערדיקטער!

פויסטן האָבן זיך געהויבן, געדראָט און צוויי קעלנערס האָבן זיך געפּרוווט מתעסק־זײַן מיט הייבן דעם פּאָעט אינדערהויך. האָט זיך אָבער, מיטאַמאָל, דערהערט אַזאַ קלאַפּ מיט אַ שטול, אַז העל־זער האָבן זיך אָנגעצויגן, אַז דאָס מיידל בײַם בופעט־טיש האָט זיך אָנגעשלאָגן מיטן קאָפּ אין שפּיגל, וואָס הינטער איר רוקן. בער, דער ווילדפערעמדער גאַסט, האָט געהאַלטן אַ שטול, הויך אי־בערן אייגענעם קאָפּ, און צווישן די ציינער דורכגעזיגן:

— לאָזט אים אָפּ!

מ'איז אָבער גיך צו זיך געקומען. דער פּאָעט האָט אַוועק־געריטן אויף אַן אַקסל פון אַ קעלנער און, אַ רגע שפּעטער, איז שוין אויך בער געשטאַנען אויף דער צווייטער זייט, איבער דער דריי־טיר, און אַרומגעהאַלטן אַ לאַמטערן־סלופּ....

אַ פאַרבייגייענדיק גאַסנמיידל, אין אַ רויטן הוט, האָט אים אַ צי געטאָן בײַ אַ פּאָלע: „גייסט, הערצאַלע? כ'וועל דיר געבן אַ צוקערל..."

בער האָט נישט געענטפערט. קיינעם נישט. אַפילו נישט דעם אַלטן שוואַב, מיט דער גרויער קייזער־באָרד, וואָס האָט זיך אַוועק־געשטעלט לעבן אים, באַדויערט און געגאַפט....

— האָ, אַ ביסל אָנגעטרונקען, ניין? — האָט דער שוואָב ערנסט געפרעגט — יאָ? אָדער גאָר קראַנק? אַוודאי פאַרטאָמלט... — —

בער האָט אים אַפילו נישט אָפּגעדאַנקט, ווען דער אַלטער האָט זיך אָנגעבויגן, אויפגעהויבן דעם אײַנגעריכטן קאַפּעליוש און אָנגעטאָן אויף זײַן קאָפּ....

— אָט האָסטו, יונגערמאַנטשיק, דײַן הוט און גיי, אין גאָטס נאָמען... וואָרעם, יונגערמאַנטשיק, באַלד קאָן מען דיך נאָך אַ פֿרעג טאָן... ס׳איז, יונגער הער, מלחמה־צײַט... ס׳איז אַ שטרענגע צײַט... מען הונגערט, מײַן ליבער. מ׳איז באָרוועס און נאַקעט... און דו... יוגנט, יוגנט... אַ ביסעלע אָנגעטרונקען... — —

ער האָט נישט געענטפֿערט, בער, און נישט געדאַנקט. ער האָט אים נאָר אָנגעקוקט, דעם אַלטן, מיט אַ פּאָר איבערגעלאָפֿענע אויגן, און נישט פֿאַרשטאַנען קיין וואָרט. ער האָט אָפּגעלאָזט דעם לאָמטערן־סלופּ, אַזוי ווי ער וואָלט זײַנע דלאָניעס אָפּגעקלעפּט פֿון דעם גוס־אײַזן, און איז אַוועקגעטראָטן. דער אַלטער שוואָב איז נאָכגעגאַנגען פֿון הינטן און לאַנג נאָך געטענהט צו זיך אַליין:

— „קריגס־צײַטן, מײַן ליבער... די יוגנט... אָדער אין פֿעלד, אָדער אין די ווינקעלערן... בײַ מיידלעך, אָדער בײַ אַלדי־רוחות... וויין, וויין, וואָס איז פֿון דיר געוואָרן? אַך, דו ליבער גאָט!" — —

וואָס גיכער ער איז געגאַנגען, בער, אַלץ שנעלער, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, גייט דער אַלטער נאָך פֿון הינטן און ווערט באַרעדעוודיקער. האָט ער גענומען שפּריזן נאָך שנעלער און זיך אָנשלאָגן אויף דורכגייער, נישט הערנדיק זייערע זידל־ווערטער און אָנצוהערענישן. ער האָט זיך געדרייט גאַס־אײַן און גאַס־אויס. די זייטן־געסלעך האָבן בײַ אים באַקומען איין אויסזען און ער האָט זיך נישט געקאָנט אַרויסדרייען. די נומערן פֿון די הײַזער האָבן זיך געשוואַרצט פֿאַר זײַנע אויגן; ער האָט געציילט, גערעכנט, און יעדעס מאָל זיך פֿאַריתומט.

ס׳האָבן זיך די ציפֿערן אויסגעמישט מיט אָפּגעריסענע פֿראַזן פֿון „פּאָעט" דניאַלס שטראָפֿרייד, וואָס האָבן זיך אָנגעשפּיגעוועט אין זײַן געהירן. אין דעם געמיש האָט נאָך צוגעריצלט דעם אַלטנס רעזאָנעריע: „וויין, וויין... אַך דו, ליבער גאָט..."

פאַרן טויער פון הויז, נומער 3, אין דער קליינער־שפּרל־גאַס, האָט ער זיך געדרייט, ווי ער וואָלט געמאַכט הקפות פאַר אַ פאַרכישופטן שלאָס. אַ מערכה, אַ צווייטער אײַנוואוינער איז דער־ווײַלע אונטערגעקומען און האָט, מיט איין צי, דערלאַנגט צום גלאָק־דרעטל. אַזיסט — ווער ווייסט, ווי לאַנג בער וואָלט נאָך גע־טאַמלט?!

איידער דער „הויזמייסטער" האָט, פון אינעווייניק, איבערגעדרייט דעם שווערן שלאָס, האָט דער אומבאַקאַנטער שכן באַוויזן עט־לעכע מאָל אויסצושפּייען, אויסזידלען און זיך צו ווענדן צו בערן:

— אויך אַהער? יאָ? ניין? איר פאַרשטייט נישט?

— וואָס?

— וואוינט דאָ?

— וואו?

— טינופת! האָט דער שכן אויסגעטײַטשט—טינופת און קליינע שפּרל־גאַס!

אין טויער זיינען זיי ביידע גלײַך אַריין, נאָר ערגעץ אין טרעפּן־הויז האָט בער פאַרלוירן זיין שכן און, איינער אַליין, זיך געשלעפּט אַרויף־טרעפּ, צו זיך. — —

אין חדרל האָט זיך געלאָזט הערן אַ געשמאַק כראָפּען. דוראַלע איז שוין געשלאָפן און געאַרבעט אויף אַלע כלים. בער האָט אויף אים געקוקט, גלײַך ווי ער וואָלט עפּעס וועלן דערזען אויף דעם טונקעלן פּנים, מיט די פאַרמאַכטע אויגן און אַ־וואָס דערקענען, אויף דעם ברוינעם שטערן. ער האָט געקוקט אויף די נאָזלעכער, וואָס בלאָזן אַרויס און ציען אַריין לופט, און אויף דעם האַלב־צעעפנטן מויל, פון וועלכן ס'האָבן אַרויסגעווייזלט געזונטע צײַ־נער...

נאָר אָט האָט זיך דער שלאָפנדיקער אַ דריי געטאָן און גע־בליבן ליגן מיטן פּנים צו דער וואַנט... בער האָט צו זיך אַליין אַ טייטל־געטאָן מיטן פינגער: „מ'עט דיר אָנטאָן אַ צוים... וועסט שלעפן..."

דוראַלע האָט אָנגעהויבן בורטשען פון שלאָפן אין סאָפּען, ווי אַ מאַשין, באַרג־אַרויף...

— „מ'עט דיר אָנטאָן אַ צוים" — האָט בער א'בערגעחזרט און זיך אַוועקגעלייגט.

דער שלאָף איז, דאָסמאָל, איבער אים געקומען גיך. און ווי גיך דער שלאָף איז געקומען, אַזוי גיך איז די נאַכט אַוועק; אָבער די מידקייט האָט אָנגעהאַלטן און די וויעס האָבן זיך נישט אויפגע־ריסן. ביז אַ האַנט האָט אָנגערירט זיין אַקסל און געוועקט:

— בער! שלאָף נישט!

אַז בער האָט געעפנט די אויגן, האָט ער דערזען דודאַלען אויפן ראַנד פון זיין בעט.

— כ'זייך שוין לעבן דיר אַזוי לאַנג — האָט דודאַלע אָנגע־בויגן זיין צעשויבערטן קאָפּ — קוק, ס'איז שוין ליכטיק... דו... מיר איז געקומען צו־חלום דער טאַטע מיינער... מיטן חלף... דו, בער, זאָג, וואָס וועט זיין מיין סוף?... ס'איז שלעכט... ער איז געקומען מיטן חלף... מיך געבראָכן...

ווייל בער איז נאָך אַזאַ מידער געווען און זיינע אויגן האָבן געברענט, זיינען די לעפלעך צוגעפאַלן און ער האָט געפּרוּווט אויס־ציען די הענט איבער דער ברייט פון בעט.

— שלאָף נישט, בער!

דודאַלע האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט, אַזוי שטאַרק געדריקט און געצויגן, אַזש ער האָט אים ביז אין דער העלפט אונטערגעהויבן פון געלעגער.

— און אַז איך וועל ווערן אַן אַנדערער, וועט קאַטיע זיך אומקוקן אויף מיר? זאָג, בער... זי וועט מיך הערן? צי אפשר גאָר... און זאָגן וועל איך איר מוזן!... און, וואָס־זשע בין איך דאָס פאַר אַן אָבעזיאַנע... אַ מאַלפּע, ק'טשערטיאַם!

ער האָט נאָכגעלאָזט בערס הענט און בער איז צוריקגעפאַלן אויפן געלעגער, ווי אַן אומגעוואָרפענער גאַרב.

— כ'בין פאַרפאַלן! — האָט זיך דודאַלע געשיבערט אין זיין טשופּרינע און אַזוי, נאָך אין בלויזן העמד, זיך אַוועקגעשטעלט ביים פאַרהויכטן פענסטער. ער האָט זיך געטרייסלט פאַר קעלט און פאַר אויפרעגונג. —

דעם גאַנצן טאָג האָבן זיי כמעט נישט גערעדט צו זיך. זיי האָבן געגעסן ביי באַזונדערע טישן און, ווי מיט אַ כּיוון, האָט איי־נער אויסגעמיטן דעם אַנדערן. נאָר פאַרנאַכט־צו זיינען זיי ביידע, גלייכצייטיק, אַרויס אין גאַס. ס'האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז אָט וועלן זיי זיך צעגיין אין באַזונדערע זייטן, נאָר מ'טאַמאָל האָט זיך בער אָפּגערופן דער ערשטער:

— גייסט מיט מיר, דודל?

האָט זיך דודאַלע צוגעשאַרט, ווי ער וואָלט גאָרנישט אַליין די העזה געהאַט צוצוטרעטן צו בערן, און האָט אויף אים אָנ־געקלעפּט אַ פּאָר אויגן, ווי פון אַ לאַם, בעת מען פּענטעט זיינע קלאָ צו שחיטה...

ווי דער יונג וואָלט עס גאָר קיינמאָל אויף קיינעם נישט אָנ־געוואָרפן קיין פּחד, מיט זיינע כיטרע אויגן און שניידנדיקע גע־שרייען...

בערן האָט אַזש אַ שניט געטאָן...

— קום מיט... — — —

דודאַלע האָט נישט געפרעגט וואוהין. ווי אַ שאָטן האָט ער זיך געשלעפּט הינטער בערן; אַ שווייגנדיקער, אַ שטומער. און בער האָט זיך, בשעתן גאַנג, אַלעמאָל אָפּגעשטעלט און, קעגן זיין טבע, גאָר געלייענט פּלאַקאַטן און צעטלען פון אַלערליי קאָלירן און פאָרמאַטן. ער האָט געלייענט פאַרביקע, שרייענדיקע רעקלאַ־מעס און שטודירט צייכענונגען און ליטאָגראַפיעס. האָט זיך דו־דאַלע אויך אָפּגעשטעלט, אָנגעשפּאַרט ביי די קיאָסקן און געוואַרט, אַזוי געדולדיק, נאָך געדולדיקער פון אַ הונט... ווי אין אים וואָלט געלייטט געוואָרן יעדער ווילן....

פאַר איין רויטן פּלאַקאַט האָט זיך בער נאָך לענגער אויפ־געהאַלטן, ווי פאַר אַנדערע. קוקנדיק אויף די פאַרביקע אותיות, אויף די אויסגעמאָלענע מענטשלעכע פּרצופים און די אָנגעקנאָ־טענע ריזן־אָרעמס, איז ער פשוט פאַרכאַפּט געוואָרן:

— אָט דאָס וויל איך זען!

דודאַלע האָט נישט איינגעהערט...

— הערסט, דודאַלע, מענטשן רייסן קייטן, בייסן זיי מיט די ציינער. זיי לעכערן דורך מויערן מיט די קעפּ... קוק! און צווישן די זיינען אויך ריזן־ווייבער דאָ!

דודאַלע האָט זיך נישט אָנגערופן.

— זעסט, און די דאָזיקע ריזן וועלן זיך שטייערן איינער מיטן אַנדערן.... זאָג, דודאַלע, האָסט שוין געזען, ווי אַזוי ריזן ראַנגלען זיך... קנייפּן זיך... טרעטן זיך מיט די פיס?!... אַ ריזן־ווייב, ווייזט מען דאָ, אויף אַ מאַנסבילישן בויך!.... — —

שוין דער געדאַנק אַליין, אַז באַלד וועט ער זען געראַנגל, וועט הערן כאָרכלען און אפשר אַ געיאָמער אויך, האָט אים אונטערגעטראָגן, אַזש די געבליטן האָבן זיך צעוואַרעמט אין די געפעסן...

— הערסט, דודאַלע, איך האָב עס נאָך קיינמאָל נישט געזען און וואָלט עס אפשר אויך קיינמאָל נישט געוואָלט אָנקוקן... אָבער...

ער האָט אים אַרומגעכאַפּט, דודאַלען, אַזוי, ווי ער אַליין וואָלט עס דער ריז געווען, דער אַטלעט, — מיט אים אָנגעהויבן טרייסלען:

— וואָס־זשע איז מיט דיר? ביסט געוואָרן אַ גולם? קום! האָסט דאָך געלט. פיר מיך אין אַן אַווטאָמאָביל!!! אַהין, פאַרשטייסטו, דאַרף מען יאָגן! פליען! — —

ערשט, זיצנדיק אין אַווטאָמאָביל, אײַנגעגראָבן אין לעדערנעם קישן, האָט דודאַלע אַרויסגעבראַכט אַ וואָרט:

— לאָז מיך נישט אָפּ, בער. דו וועסט שוין, ווי־ס׳איז־נישט־איז, אויסקומען. אָבער איך... איך פיל, אַז מיך ציט שוין ערגעץ.... כ׳האָב זיך נעכטן און אייערנעכטן געדרייט איבער די גאַסן, אָבער געזען האָב איך עפּעס אַנדערש... אין מיר... כ׳האָב דערפילט... ס׳וועט זיך עפּעס דערוועקן.... פאַר ס ניי... דאָס אָדערל... טשאָרט דיערי!... ס׳איז נאָך נישט אויסגעטרייבערט.... ווייסט... עך, טי!...

דער מאָטאָר האָט געהודיעט און דער סיגנאַל־האָרן האָט, ווי חוזק געמאַכט: טרו—רו—רו!... און בערן איז אָנגעגאַנגען אַ געלעכטער:

— כאַ־כי! ס'אַר אַ מעשיות! וואָס טראַכסטו אויס? און מאָרגן איז שוין מאָנטאָג... ווייסט... מאָנטאָג! ווי זי וועט עס זיך באַוויזן!... און איר נעלעכטערל.... קאַטיע....

דודאַלע האָט געביסן די נעגל, געביסן די הויט און געהאָרכט.

— און די גאַנצע נאַכט — האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין — דאַרף מען אויף־זיין. אַ וואַך־נאַכט... — —

דער אַווטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט. „אָט־דאָ איז עס!"

לאָמפּן־קראַנצן אַרום אַ סך ווייסע געביידעס. שפּיציקע, שטערנפּאָרמיקע ליכטער אויף ראַמען און אויף טויערן. גרינלעכע, רויטלעכע פּייערוואַרגן, רייסן זיך צווישן ביימלעך און אַלעעס. אַ בלענדעניש, וואָס שלאָגט אין די אויגן. קולות פון טויזנטער גאָרגלען און אַ זשום פון זיך־דרייענדיקע קאַרוסעלעס, אַוש די אויערן־פּייקלעך ציטערן...

— קוק, דודאַלע, בלוט און שוויים!... ס'אַר אַ גבורה!

קאַטאַרינקעס, פּייקלעך און טאַצן פאַרגרילצן און פאַרהילכן די פידל־און פאַגאָטן־טענער, וואָס גייען אויס אויף טעראַסעס. און אַ שטראָמענדיקער עולם, אַ זונטאָגדיק־אויסגעפּוצטער, פּלייצט, קיכט און קייט; גרעבצט אַרויס זיין אָוונטיקע פרייד....

ס'איז דאָ דער „וואורסטל־פּראַטער", דער גן־עדן־התחתון פון ווינער פאָלק... דאָ לעבן זיך אויס דינסטן און אַרבעטער, דאָ צעשפּילן זיך די געבליטן אַפילו פון פאַרשטעלטן בורזשוי. דאָ בליט פרייד... דאָ — קוועלט ערדיש גליק: מ'שניידט איס אַ ריפּ, מ'ווייזט בלעררליי חידושים און מ'שרייט אויס דעם פּרייז פון די וואונדער. מע פּאַטשט אַ בער אין פּנים, מ'פּרוווט אויס די כוחות און מ'זעט מענטשלעכע קעפּ פליען אין דער לופטן... הו־הו! הו־הו!

ווילסטו הערן פון בויך רעדן — קום און האָב הנאה! שיס אין ציל, טרעף אין פונקט, קריך אונטער דער ערד, דריי זיך אַפילו אין לופט און פרוווו אָנרירן דעם הימל מיט די פינגער... דאָס „ריזן־ראָד", וואָס דרייט זיך אויף געשווייסטע אַקסן, קאָלערט זיך אינדערהויך און ס'שווינדלט פאַר די אויגן, אַראָפּקוקנדיק אין דער נידער. מייקעט מען אַראָפּ, אַראָפּ... פכע — פאַר פרייד.... — —

— דודאַלע, קום זיך שטייערן! שריי! גרילץ!

בערס אויגן זיינען איבערגעגאַנגען. ס'האָט זיך אַ'ם פאַרוואָלט אַ געשריי טאָן, עמעצן אָנכאַפּן, אָבער — ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסן, — האָט זיך באַוויזן אַ קליינינקע, אַלטע בעטלערקע, מיט אויסגעפוילטע יאַסלעס, מיט איר צעשפּאָלטענער אייבערשטער ליפּ, האָט זי אַריינגעשמייכלט אין בערס פּנים אַריין, געהויבן די הענט, אונטער אַ שוואַרצן שאַל און זיי אָנגעשטעלט, ווי קרומע צוויי פליגלען:

— כ'וויל עפּעס, מיינע ליבע יינגלעך... כי-כי! כ'וויל זיסע שפּייז... צוקערלעך, ליבינקע מיינע... פרייט איך... גייט צו מיידלעך... אַמאָל איך יונג געווען און יינגעלעך זיינען געקומען צו מיר... כ'וויל אַ צוקערל... גייט אין „בוש"... כי-כי...

בער האָט נישט באַוויזן צו דערלאַנגען איר אַ מטבע. די אַלטע האָט זיך צעקייכט, אויסגעמישט מיטן עולם און נעלם געוואָרן. בער האָט זי פאַרלוירן פון אויג. ער האָט זיך פאַר עפּעס דערשראָקן:

— דודאַלע, וואָס האָט זי געוואָלט?

— שעלט זי... ק'טשאָרטו!

— קום אַוועק... — —

צוקומענדיק צום געמויערטן צירק, וואָס געפינט זיך אויך אין דעם דאָזיקן גבול און זעט אויס, ווי אַ רונדיקער, מעכטיקער גזשיב, וואָס האָט פון אַ מייל-ברייטן וואָרצל אַרויסגעשאָסן, — האָבן בערס אויגן צוריק זייער גלייז געוואונען. ער האָט אָנגענומען דודאַלען ביי דער האַנט, און, אַזוי, זיך געלאָזט מיט אים צו דער גאַלעריע. — —

— זעסט, דודאַלע, מ'גייט אַרויס פון די כּלים... אַפילו די קרומע און די הינקענדיקע, אין די גרויע מאַנטלען, וואָס דו זעסט לעבן אונז... און די אַלטע לייט, און די בעטלערס, די אין די פּאַפּירענע הויזן, וואָס צעקריכן זיך... דודאַלע, זיי רייסן יעדע שעה, ווי מ'רייסט אַ שטענגל אָפּ.... און די דאָזיקע אין פאַרטער.... זע, זייערע גלעזער און פליכעס... קוק זיי אָן!

נאָר, דודאַלע האָט זיך שוין געהויבן פון אָרט. ס'איז אים האַרט געווען, נישט געריים און שווער. ביז דער אָרקעסטער האָט ציטערן געמאַכט זיינע ברעמען. ראַ—טאַ—טאַ—טאַ! ראַ—טאַ—טאַ—טאַ!

באַלד האָבן זיך לאָמפּן אײנגעצויגן און לאַמפּערנעס, אין די זייטן, האָבן פאַרזייט אַ רויטלעכע שײן. ראַ—טאַ—טאַ—טאַ! ראַ—טאַ—טאַ—טאַ!

רײטערס רײטן אויף ביסטרע פערד אין אַ רונדיקן גאַלאָפּ. ווײסע, ראַסאָווע אָגערס טאַנצן „ווינער־וואַלסן“ און „מענועטן“ אויף אַ רויט־און־בלוי דעקאָרירטער אַרענע.. אויף אַ דינעם, אויסגעשפּאַנטן דראָט שפּאַצירט אַ קלײנינקע מײדעלע, אונטער אַ יאַפּאַנישן שירעם. הייבט אָן לײכט, און וואָס אַמאָל רוקט זי זיך שנעלער און בויגעוודיקער. זי טאַנצט: פלאַטערט, שוועבט, ווי אַ פאַרביקער שמעטערלינג. און אַז זי בלײבט שטײן אויף אײן פיסל, ווי אַ יונג גענזל אויף אַ באַנטע, שטעקט זי אַרויס אַ שפּיצעכיק צינגל... — —

— נאָך נישט דאָס! דאָס זײנען קונצן, דודאַלע... זײ געפעלן, אָבער... ס'רעגט נישט אויף! און וואָס טויג דער פערדישער טאַנץ?—

פון די משונהדיק גרימירטע פּאַיאַצן און פון די פלינקע זשאָנגלערן, וואָס האָבן נעשלונגען בונטן פלאַקס און אויסגעשפּיגן מעטערלאַנגע, פײערדיקע לענטעס, האָט בער אָפּגעווענדט די אויגן...

— חזק, דודאַלע... צום האַלז־און־נאַקן...

דודאַלע, אָבער, האָט געגראַבלט מיט די הענט אָן די אײזנשטאַנגען, ווי ער וואָלט דווקא וועלן זיך אַריבערפּעקלען איבערן באַריער, זיך אויפהויבן איבער די קעפּ פון פּאַרטער־עולם און אויסוואַקסן אויף דער אַרענע, צווישן די לאַנג־נאָזיקע קלאָונס, אָנגעטונענע אין ברײטע פּאַנטאַלאָנעס פון קאָמבינירט־פאַרביקן געוואַנט און נאַרן־שקאַרמוצן אויף די קעפּ.

— וואָס ווילסטו פון דער חברה? — האָט דודאַלע בײזלעך אָפּגעענטפערט — וואָלט איך נאָר אַזוי געקאָנט!... אָך גאָספּאָדי! —

ביז צו דער פּויזע האָט בער שוין נישט געקוקט אויף דער אַרענע. און די פּאָר מינוטן פון איבעררײס זײנען געווען מינוטן פון העכסטער שפּאַנונג. זײ האָבן זיך געצויגן, אין דער צײט, מיט אַ צולהכעיסדיק־פּאַמעלעכן גאַנג. „ווען וועלן זײ זיך שוין שטויסן?!“

בער האָט געפילט, אַז זײן אָנגעשטרענגט וואַרטן און דאָס אויסקוקן וועלן אים פון דער הויט אַרויסברענגען. ערשט אַ געפּײפערײ פון טויזנטער אָנגעשטעלטע ליפּן און צונגען איז בכוח גע־

ווען דורכצולעכערן די ווענט; רא—טא—טא—טא! בערן איז נעשטיגן דאס בלוט אין קאפ אריין: — פאר דער ארענע האט זיך באוויזן די האלב=נאקעטע גברנטע מארטא, האלטנדיק אויף אירע מעכטיקע אקסלען צוויי אטלעטן, ווייס=לייביקע, ווי פון ווייסן מירמל געטעסעט. — —

„מארטא! מארטא!“ — זיי נויגן די קעפ, אלע דריי, און שיקן קושן צום עולם. לייגט זיך אזא שטילקייט אויס און די אויגן קריכן פון די לעכער. די אטלעטן שפרינגען אראפ און גלייכן אויס רוקן=און=לענדן. טרומייטערס בלאזן אויף דעמפ=זיפלעך און צום טאקט באוועגן זיך אנטבלויזטע פיס — ווי זיילן וואלטן זיך גערוקט, אונטער באוועגלעכע, רייזיקע געביי'ען. און בער קוקט, וויל אויפכאפן יעדן קלענסטן ריר...

— דודאלע, זעסט?

די גברנטע מארטא דריקט אייזנשטאבעס צו אירע ברוסטן, געפאנצערטע אין מעש=בלעכן, און בויגט די שטאבעס אין צווייען, אין דרייען. אוןביידע אטלעטן, ווי ווערכטער — רעכטס און לינקס, — ציען געשווייסטע קייטן און רייסן רינגעלעך, רינגעלעך, ווי קינדער צופן אראפ די רייפלעך פון פאפיר=שלענגלעך.

דזין! דזין! פויקן און טשינעלן. די גברנטע לייגט זיך מיטן בויך ארויף. דער עולם אין פארטער גלאצט... מאנסבילן ווישן די פליכעס און פארשקען מיט די נעזער... די גאליארקע כיכעט.... סליונעט! „אוי, אזא פויק ביי איר“. אויף מארטעס פעטן בויך לאדט מען אויף א גרויסן מילשטיין און די אטלעטן, מיט שמידישע האמערס, שפאלטן דעם שטיין, ביז צום נאפל... „גענוג! בראווא! עפעס אנדערש, מארטא!“

בער איז איננאנצן א צעגליטער. ס'ברענען די אויגן, ס'ברענען זיינע אויערנלאפן און ס'הארץ טיאכקעט, ווי אין אים, אונטער זיין ברוסטקאסטן, וואלטן די שמידישע האמערס אן איפהער נעזעצט...

— פילסט, דודאלע?

ווידער בלאזן די טרומייטערס דורך די דעמפ=זיפלעך. די אטלעטן, פון רעכטס און פון לינקס, לאזן זיך איף דער אטלעטעכע,

וואָס שטייט אין דערמיט. זיי דרייען מיט די קעפּ, ווי צוויי בופ־לאָקסן, ווען זיי שאָקלען אַראָפּ די צודעקן פון די אויגן...

„לאָז זיך נישט, מאַרטאַ! האַלט זיך, מאַרטאַ!" — ברילט מען פון דער גאַליאָרקע. דער פּאַרטער — שוויצט... נאָבעלע הערן באַטראַכטן, דורך גלעזער, מאַרטעס נאָפּל...

און יעדן זעץ, פון רעכטס און פון לינקס, שלאָגט מאַרטאַ אָפּ, מיט אַזאַ געשווינדקייט און לייכטקייט, אַז דער עולם ווערט שיר צעגאַנגען: „בראַוואָ, מאַרטאַ!"

לסוף גייט מען איינס־אויף־איינס. ס'גליטשן זיך הענט איבער רוקנס, איבער בייכער, איבער אַקסלען...

— לייג זיי! לייג זיי!

בער האָט שוין געברילט מיט אַלע גלייך. אינגאַנצן אָפּגע־גאָסן מיט אַ קאָכעדיקן שווייס. ס'העמד האָט זיך געקלעפּט צום לייב....

— נעם אים! — האָט ער געריטשעט — נעם אים!

און מאַרטאַ האָט איינעם נאָכן אַנדערן אַוועקגעלייגט. מיט אירע לאַנגע און שטאַלערנע אָרעמס האָט זי זיך פאַרפלאָכטן אַרום די מאַנסבילשע האַלז־און־נאַקנס, אַז די צוויי גיבורים האָבן פאַר־קריצט מיט די ציינער און הייזעריק אַרויסגערעוועט פאַר ווייטאָג.

„ס'איז אַ טאָפּל־נעלזאָן! דיינער טאָפּל־נעלזאָן!" — האָט מען פון פּאַרטער אַפּלאָדירט. אויף די רוקנס, ווי אָקסן אַוועקגעוואַליעטע, זיינען די בײדע אַטלעטן געלעגן.

ראַ—טאַ—טאַ—טאַ! — ס'פליען היטלען, ס'פליען טיכלעך, ספּלי־ען לעדערנאַרטלען, אַפילו שאַרפע מעסערס בליצן אינדערהויך. ס'ברע־נען ווידער די גליי־לאָמפּן, און מיט שפּריצערס ווייניקט מען די לופט....

„בראַוואָ, מאַרטאַ!" רעווען נאָך עקשנים און שרייען איבער דעם הילכנדיקן געזעגענונגס־מאַרש. — — — — — —

— זי וועט נאָך אַרויסקומען — האָט בער געסאָפּעט — וואַרט, דודאַלע, זי וועט זיך נאָך באַווייזן...

און אַז זי איז פֿאָרט נישט אַרויס, האָט בער אַראָפּגעשפּאַנט פֿון דער גאַלעריע, ווי אַ שיכּור. ער האָט זיך געוואַקלט און אין די אויגן האָט אַזאַ שאַרפֿקייט געגלאַנצט.

— איצט וועלן מיר גיין... גיין, דודאַלע... און קלערן... זיך וואַקלען... — —

און ווידער האָט זיך דודאַלע געשאַרט, ווי אַ שאָטן. אַ שווייגעדיקער, אָבער אַ פֿאַרטראַכטער. אויך אין זיין מוח האָט זיך עפּעס געוועבט. אין זיין געהירן און אין זיין בענקאַרטישן האַרצן...

העט=ווייט, נאָך האַלבער נאַכט, האָבן זיי זיך פֿאַרקירעוועט צו דער „קליינער=שפּערל=גאַס". אַריין אין צימערל, האָבן זיי ביידע, גלייכצייטיק און שווייגעדיק, זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף די בעטלעך. ווי אָנגערעדט, האָבן זיי זיך אויסגעדרייט מיט די פּנימער צו די ווענט, און מיט באַשוכטע פֿיס געקאָפּעט אָן די אַייזנפּרענטעס.

בער האָט אָנגעהויבן אַ ווילדן ניגון, באַטראַכטנדיק דערביי דעם שאָטן פֿון זיין קאָפּ אויף דער וואַנט. אויף=דערויף האָט דודאַלע געענטפֿערט מיט אַ מאוימדיקער כאַרטשעריי.

די עלעקטרי האָט געברענט, און אַרום לעמפּעלע, אויבן מיטן באַלקן, האָט אַ גרויסע שפּין געלענגערט די פֿיסלעך, געוועבט אַ נעצל און אַריינגעפּלאָנטערט אַ פּיצעניקע, גרוי נאַסטעלע.

איז בערן סוף=כּל=סוף דערעסן געוואָרן דער ווילדער ניגון, אונטער דער נאָז, און ער האָט זיך, אַ ווײַלע, אײַנגעהערט אין זיך. איז דודאַלען אויך נמאס געוואָרן דאָס כאַרטשען און כריזקען.

— דודאַלע! — איז בער מיטאַמאָל אַראָפּ פֿון געלעגער — דוד! ווען איך וואָלט איצט געהאַט אַ כּלי, ווען איך וואָלט אַצונד געהאַט עפּעס אין די הענט... ווייסט, מ'קאָן דאָך אײַנלייגן די ווענט, דעם באַלקן אונטערהויבן... דעם דיל אײַנרייסן... ווייסט: זיך דערהויבן, אָדער זינקען...

דערויף האָט דודאַלע צון אים אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַ בליק געטאָן מיט זיינע אײַנגעצויגענע אייגעלעך, ווי ער פֿלעגט דאָס טאָן אַמאָל; פֿאַרזשמורעט און באַהאַלטן דאָס מסוכּנע פֿייערל, וואָס האָט געפֿלעמלט, אַ שאַרפֿס, אַ כיטרע, אָן אָפּגעצויגנס, ווי די האָר=דינע שאַרף פֿון אַ חלף, וואָס שניידט אַריין טיף אין

וויִשט אַריין, מיט איין פּרי... און ער האָט אַ שמייכל געטאָן, דודאַלע. און דאָס שמייכעלע איז געווען אַזאַ קונציקס: אויף דער ליפּ, אויף די ווייסע ציינער און אַרום די מוילווינקלען האָט עס געשפּילט. און אַזוי, שפּילנדיק, איז עס פֿאַרגליווערט געוואָרן....

— אַ כּלי ווילכטו, מאַלאַדאַי טשעלאָוועק?... און איך מיינסטו וואָלט צוגעטאַנצט? איך וואָלט, מיינסטו, געקייט פּלאַקס, ווי דער משוגענער, דאָרט אין צירק? אויב מע וויל... אויב עמעצער וויל, קאָן איך אויך אויסברעכן אַזוינע פּייערדיקע לענטעס.. אויב עמעצער וויל דווקא זען, קאָן איך אַרויסשטעלן אַזאַ ברענענדיקן לעקער אַפילו... עך, טי!... איך קאָן ווערן אַזאַ קאָמענדיאַנטשיק...
יאָ, יאָ!

ער איז אויך אַראָפּ פֿון געלעגער און אויסגעצויגן די אָרעמס אין דער ברייט:

— קוק! קוק! און דאָס האָסטו נישט! אויב קאַטיע וועט דיך ערגעץ אַרויספירן און מיך לאָזן, וועל איך... וועסט שוין זען!

ער האָט אַ טראַכט געטאָן דודאַלע. מער פֿאַרזשמורעט די אויגן און שטייפער אָנגעצויגן די מוסקלען:

— ווייל... כ׳וויל נישט פּגרן אין אַ רינשטאָק. אָט־וואָס!

פֿער האָט שוין גאָרנישט געהאַט צו ענטפֿערן. דודאַלע איז צוריק אַרויפֿגעקראָכן אויף זיין געלעגער און זיין ברוסטקאַסטן האָט זיך געהויבן און געפֿאַלן פֿאַר קאָכעניש:

— וועסט זען... עך, ווי... עך, איר פֿראָקליאַטי!

האָט שוין פֿער גאָרנישט געהאַט וואָס צו ענטפֿערן. — —

אויפֿן טישל איז געלעגן אַ בינטל אַלטגעבאַקענע צייטונגען — האָט ער געקוקט און געקוקט אויף די גרויסע קעפּלעך. און ווייל עפּעס האָט אים, מיטאַמאָל, פֿאַרכאַפּט, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אין שטרויענעם שטול, אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט אַ דלאָניע, און געלייענט, מיט אַ וואַקסנדיקער נייגעריקייט.

צווישן די אַלע באַריכטן פֿון די פֿראָנטן האָבן אַרויסגעשריען עטלעכע שורות וועגן דעם קאַמף פֿון די דייטשן מיט די ענגלענדער אין פּאַלעסטינע; אָבער דער קלאָרער נצחון פֿון די ענגלענדער האָט ממש אַרויסגעלויכטן... און אין דער זעלבער צייטונג

האָט בֿער געפֿונען רמזים, און אַפֿילו קלאָרע ווערטער, ווע'גן אַ
קלאָרן „צוזאָג“ פֿון ענגלישע לאָרדן צו די ציוניסטן — צו די
„ייִדן“.... אין אַ געפֿעפֿערטן מאמר האָט זיך גערעדט וועגן היסטאָ=
רישן רעכט צו דער אייגענער אַלטער ערד....

אין אַ צווייטן בלעטל, אונטערן שטראָך, האָט מען דערציילט
וועגן יונגעלייט און מיידלעך, וואָס קלייבן זיך ערגעץ צונויף, און
מיט צעזונגענע הערצער און צעהיצטע קעפּ מאַכן זיי שוין הכנות
צו דער נסיעה, אין צוגעזאָגטן לאַנד אַריין... אַך, ווי מען האָט,
מיט שוואַרצער טינט, אויף ביבולע=פּאַפּיר, באַזונגען די יונגעלייט,
וואָס פֿאַרלאָזן טאַטע=מאַמע, געלעגערס, קינדער=צימערן און — ווי די
טשאַטעס פֿייגל פֿליען זיי אַוועק אין דערפֿער: זיך לערנען אַקערן,
זייען און טראָגן אַ שטרויעלע אין שנאָבל!... אַך, ווי זיי וואַלגערן
זיך אונטערן פֿרייען הימל און זינגען דעם שיר פֿון באַנייונג, מיט
אַ ברייטן פּתח... — —

האָט בער באַגראָבן ס'פּנים אין דער דלאָניע און מער נישט
געזען, ווי אין חדרל ראַנגלט זיך קאַיאָר=בלויקייט מיט עלעקטרי=
שיין... ער האָט נישט געהערט דאָס פּיקן פֿון אַ פֿויגל אויף דער
רינווע, הינטערן פֿענסטער, און נישט פֿאַרשטאַנען, הלמאַי בײַ אים
פּיקט עפּעס אויך, אונטן, אויפֿן דנאָ...

האָט ער שוין גאָרנישט געזען אַרום... נאָר ערגעץ, ווי פֿון אַ
נעפּל אַרויס, געלבט זיך אַ ווייטער, זאַמדיקער ברעג... אַ ים כוואַ=
ליעט.. און פֿון ברעג, ווייט=אַרויס, אַ מדבר... אומענדלעכע, זון=
פֿאַרגאָסענע וויסטעניש, צו וועלכער ס'ציען זיך קוואַרע מענטשן...
און אַזוי, דורשטיקע, אָנגעגליטע, פֿאַלן די מענטשן אום... לייגן זיך
אויס און ווערן פֿאַרשאָטן....

אַז די מאָרגנגרויקייט, אינאיינעם מיט אַ דראָזש, האָבן אים
צעוועקט, האָט בער אויסגעריבן די אויגן און דערזען דעם שלאָפֿנ=
דיקן דודאַלע, וואָס דראָעט מיט אַ פּאָר צעשפּאַרטע נאָזלעכער...

ס'איז אים קיל געוואָרן, בערן. ס'האָט אים וואַכעדיק גע=
מאַכט און ניכטער. ער האָט גענומען שפּרייזן אַהין=און=אַהער איבערן
צימערל און אָפּגעיאָגט פֿון זיך כלערליי טראַכטונגען, וואָס זיינען
געקומען געשטויגן. ס'האָט זיך אָבער פֿאָרט געקלערט... ווידער

וועגן דער היים און וועגן פריינט... איז אויסגעוואַקסן פאַר די אויגן גדל דעם איינבינדערס און ער האָט זיך גאָר אַנטפּלעקט אין אַ לויכטנ־דיקער גרויס... ס'האָט אָנגעהויבן נאָגן אַ געדאַנק: „און דו, בער? פאַרהאַן אַ מדבר — און דו ביסט דאָ... און גאָרנישט.... ס'לעבט אויף אַן אומהלע און דו באַוואונדערסט ווייבערישע גבורה.—אַפילו קונצנמאַכערס...“ ס'האָט געעקבערט: „ערגעץ האָט אַ מענטשן פאַלק אויפגעבריליט... ס'גייט אָפּ אין דמים, אויף רוסישער ערד... מ'גייט טאָן אַרבעט.... און דו... דו?“ ס'איז אים נאָך קילער געוואָרן. אָבער מיט אַ געוואַלטיקער עקשנות האָט ער זיך אַוועקגעדרייט פון בעטל און זיך נישט געוואָלט אַוועקלייגן. ער איז ווידער געשטאַנען ביים טיש און זיין בליק איז געפאַלן אויף אַ קליין שטיקל פאַרמעט. ער האָט עס אין האַנט גענומען און באַטראַכט די קרומע שורות און די געבראָכענע שפּיציקע אותיות. ס'איז געווען דעם רבינס קמיע...

זיין האַנט האָט אַ ציטער געטאָן און ס'האָבן געציטערט אַלע גלידער. דאָס שמאָלע שטיקל פאַרמעט איז אַרויסגעפאַלן פון האַנט. האָט ער געקוקט, ווי עס פאַלט אויפן שטויביקן דיל, מיט די אותיות אַראָפּ. ס'האָט אים באַנג געטאָן, וואָס אים גלוסט זיך דווקא דערויף אַרויפטרעטן מיט אַ פוס...

ער האָט זיך צוגעשאַרט צום פענסטער און אַריינגעקוקט אין דער פרימאָרגנבלויקייט, פון וועלכער ס'דאַרף זיך אַ ליכטיקער טאָג אַרויסשיילן... פונוואַנען ס'דאַרף דער מאָנטאָג אַרויסרויטלען! ס'האָט אים ווידער באַנג געטאָן, וואָס ער וויל דווקא זען, ווי אָט דער טאָג ווערט גולד... וואָס ער וועט זען, ווי אַזוי דאָס מיידל וועט מיט נייעם קומען און ברענגען אַ בשורה... און ס'האָט אים גע־אַרט, וואָס ער וואַרט אויף דער עלפטער שעה... — — — — — —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

זי איז געקומען.

— קאַטיושענקאַ!

דוואַלע האָט עס נישט אויסגעהאַלטן:

— קאַטיענקאַ! — האָט ער איבערגעחזרט און ס'האָבן אים ווערטער אויסגעפעלט.

בער האָט געדריקט איר האַנט, און דערפילט, ווי פאַרהאַר־טעוועט זי איז. נאָך קאַטיע טוט שוין ווידער און שמייכלט. שפּראָצט אַרויס אַ פרייד און אַ באַזונדערע דערהויבנקייט וואַקסט:

און ווייל דער טאָג איז אַ ליכטיקער — איה רעגן, אויס וואָלקנס! — ווערן אויך די געמיטער לויטערע. און אפשר דער־פאַר, ווייל זי, קאַטיע, האָט זיך אַריינגעריסן אין צימערל אַריין, ווי אַ שטיק זון — אַזאַ טאַנצנדיקער פּאַס.

— און וואָס זיינט איר ביידע אַזוי פאַרתמט!... דאַוויד, הער!

קענטיק, אַז זי האָט נישט געוואָלט מאַכן קיין לאַנגע שהיות. זי האָט אַרויסגענומען פון האַנט־טאַש אַ ביכעלע, אַרויסגעשריבן אויף אַ צעטעלע אַן אַדרעס און דערלאַנגט דודאַלען:

— גיי תיכף אַהין! גיי, פּאַר... ווי דו ווילסט... וועסט אַרויס־קומען אַהין, וועסט געפינען אַ שוואַרצן בחור... ער וועט דיר אָנ־ווייזן אַ טיר... אַ צימער... דאָרט וועט איר וואוינען.

זי חזרט מער נישט איבער. נאָר אַז זי דערזעט אַ פרענג־דיקע העוויה אויף דודאַלעס פּנים, רייסט זי אויף אירע העלע אויגן, טוט אַ דריי מיטן בלאָנדן קאָפּ, אַזש דודאַלע הייבט זיך אָן צאַפּ־לען:

— קאַטיושענקאַ... כ'וויל.... דיך...

— וואָס? האָסט געהערט, דאַוויד?

דודאַלע האָט געקנייטשט ס'צעטל אין זיין גרויסער לאַפּע און זיך געפּרוּווט קרימען, ווי אַן אָפּגעשמיסן יינגל:

— כ'וויל... עפּעס זאָגן...

— כ'וועל דיך אויסהערן שפּעטער!... דערוויייל גיי..... הער, וואָס מ'זאָגט דיר!... — —

געוויס! דודאַלע איז אַוועק אין שליחות. זיינען זיי ביידע, בער און קאַטיע, געבליבן אויג־אויף־אויג.

— איך... אָ...

ווי איינער, וואָס זוכט אָנצוכאַפּן אַן עק פון אַ צווירן, אַזוי קאָן בער זיך נישט אַרויספּלאָנטערן און איינפּעדימען דעם אָנ־הויב. טוט קאַטיע ווידער אַ שמייכל, נאָר אָט, ווייזט אויס, כדי

איר פנים זאָל גאָר באַקומען דעם חן פון טיפער, מיידלערישער ערנסט־קייט און פאַרטרויִלעכקייט:

— הערט, פרידמאַן, איר געפעלט מיר...

זי האָט אים דורכגעבויערט מיט אירע בליקן און ער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען, אָן וואָס, איינגטלעך, עס גייט. אָבער קאַטיע האָט דערקענט זיין פאַרלוירנקייט און זיך קלאָרער אַרויסגעזאָגט:

— איר געפעלט מיר. יאָ. אָבער... נישט פאַר מיר. דאָס הייסט: איר קאָנט געהערן מיר, אָבער צוליב דער זאַך. איר וועט מיר געהערן, צוליב דעם קומענדיקן, גרויסן איִפטו...

בער האָט געקראַצט מיט אַ נאָגל דעם שטערן, ווי ער וואָלט וועלן אַראָפּשאָבן דעם לעצטן, לענגלעכיקן רונצל:

— קאַטיע, פונוואַנען נעמט זיך אייער גלויבן אין מיר? — האָט ער קוים אַרויסגערעדט— — זאָגט מיר...

קאַטיע האָט אים אַ ווײַלע באַטראַכט, מיט אירע העלע אויגן, און ווידער אָנגעהויבן, אָבער שוין גאָר אין אַן אַנדער טאָן:

— זאָגט מיר, פרידמאַן, האָט איר שוין אַמאָל געפּרוווט אַ טראַכט טאָן וועגן אייער גורל? זיינט איר שוין אַמאָל שטיין גע־בליבן אַ פאַרצווייפלטער?

— קאַטיע... — האָט בער אַרויסגעשטאַמלט, ווי זיין צונג וואָלט אים פאַרקניפּט געוואָרן — איך....

וואָס?.... נו, גוט!... כ׳דערקען! — האָט דאָס מיידל אים אַרויסגעהאָלפן — גוט... שוין!

זי האָט, מיט אַ פינגער, געמאַכט עפּעס אַ צייכן אין דער לופטן, געקראָגן די נייטיקע זיכערקייט און באַשלאָסן:

— פון איבערמאָרגן אָן וועט איר אָנהייבן אַרבעטן אין איין פאַבריק מיט מיר. דאָרטן פּראָדוצירט מען גראַנאַטן, קוילן און באָמבעס. איר וועט קומען צו־דער־צייט און אַוועקגיין צו־דער־צייט. און וועט נישט קומען — ווען איך וועל אייך הייסן...

האָט שוין בער געפילט, ווי ס׳גיסט זיך אין אים אָן, ס׳גיסט זיך אָן אין די ביינער; ווי ס׳גייט איבער, ס׳רייסט זיך, איבער די ראַנדן...

— קאַטיע, כ'וועל פּרוּוון...

— און איר וועט שווייגן — ווען אַלע וועלן שווייגן... איר וועט רעדן — ווען איך וועל אײַך הייסן ס'מויל עפענען...

זי האָט אָפּגעהאַקט. בער האָט געבויגן דעם קאָפּ, אונטער דער וואָגיקייט פון די אויפגעכאַפּטע, נאָך האַלב-פאַרשטעלטע רייד. ער האָט געצופּט די ברעמען און זיך באַמיט, איינמאַל פאַר אַלע-מאָל, צו דערמאַנען אין עטוואָס וויכטיקעס.

האָט קאַטיע דערווײַלע צייט געהאַט אַראָפּצולייענען דעם צער, וואָס האָט זיך אויסגעלייגט אַרום זיינע מוילווינקלען, און צו באַקומען צוטרוי צו דעם פייערל, וואָס האָט אויפגעלויכטן אין זיינע אויגן.

— פרידמאַן — האָט זי קורץ, שאַרף און פאַרשטענדלעך דערקלערט — ווערסט מײַן חבר!... אונזער חבר...

בער האָט געדריקט די האַרטע, מיידלערישע האַנט און זיך פאַרגאַנגען:

— גוט! קאַטיע... כ'האָב זיך שוין דערטראַכט! כ פאַרשטיי...

— איצט נאָך אַ זאַך: וועסט באַקומען אַ פּאַפּיר. געדענק — ווערסט אַ האָלענדישער בירגער. אַזאַ דאָקומענט באַקומסטו. דײַן נייעם נאָמען וועסטו איבערמאָרגן געוואויר ווערן. איצט פאַרזופּ אַ ביסל וואַסער און קום. ס'איז אַ שיינער טאָג... — — —

צו-לאַנג זיינען זיי מיטן טראַמוואַי געפאָרן און בערן האָט געפּיניקט דאָס שווייגעניש. ער האָט געפילט, ווי אין אים גייט עפּעס אויף, ווי שטראָמען פון ווערטער רייסן זיך צום שלונג. אַז זיי זיינען, לסוף, אַרויס פון ענגן וואַגאָן און זיך פאַרנומען, דורך אַ שטילן געסל, צום געדיכטן, שאָטנדיקן „טירקן-שאַנץ-פּאַרק“, איז די מאָס איבערגעגאַנגען:

— קאַטיע, הער... — האָט בער זיך געשטיקט פון געוואַלטיקער וואוילקייט — קאַטיע, כ'האָב דעם וועג געפונען...

נאָר קאַטיע טוט שוין ווידער און שמייכלט:

— דערצייל עפּעס אַנדערש, בער...

אויף אַ קליינער, שטיינערנער באַנק, צווישן ביימער און קוסטעס, האָבן זיי אָפּגעזוכט אַן אָרט. קאַטיע האָט געגעבן בערן אַן

אָנגעבלאָזן צוקער־פלעצל, און מיט אַזאַ זעלביקן געבעקסל זיך אַליין פאַרשטאָפּט דאָס מויל.

— עס און דערציייל! — האָט זי געכראָמקעט און געריבן מיט די ציין — דערציייל עפעס פון זיך... און אַז דו ווילסט, טראַכט אויס, קלער־צו...

האָט ער נישט געוואוסט פון וואָס אָנצוהייבן. טוט זי שוין ווידער און שמייכלט. אירע אויגן ווערן בלויער, די צעשויבערטע האָר פאַלן איר איבערן שטערן און זי נעמט ריידן מיט אַ חנדל:

— האָסט אַוודאי געמוזט ליב האָבן מיידלעך — און נישט געקאָנט דערגיין זייער סוד.... האָבן אַנדערע מיידלעך, ווידער, דיר דיינע טריט געבלאָזן און דו האָסט נישט געוואָלט זען... און דו האָסט אייביק געמוזט זיין בייז, פאַרטאָמלט און... און... נעם נאָך אַ פלעצל! צעקיי גוט און דערמאָן זיך... — —

נאָר אַז בער הייבט אָן דערציילן וועגן לוסין, וועגן ליובע דעם אַיינבינדערס און דערמאָנט טעמע־ראָסיען, די „מויד" פון פייגע־רודיעס „לאָקאַל", דערפילט ער, ווי קאַטיעס האַרטע האַנט גלעט זיינע האָר, צעבאָרשט זיי און גלעט זיי ווידער אויס. גלוסט זיך אים אָנכאַפּן איר האַנט, עפּעס טאָן צו דער האַרטער דלאָניע... אָבער קאַטיע גיט אים צו פאַרשטיין:

— וועסט שוין צום שכל קומען — דאָרטן, אין די רויט־ציגלענע מויערן... מ'האָט דיך געפּיעשטשעט אַמאָל... אַזוי אַ סך, אַ סך... מיך אויך! און דאָס האָט געשאַדט... די צוקער־פלעצעלעך זיינען גוט?

אַזוי ריידנדיק און שמייכלענדיק, האָט זי זיך אָבער אַליין אויך פאַרגעסן און אָנגעהויבן אַ לידעלע זינגען. און זינגענדיק, האָבן זיך אירע העלע, בלויע אויגן אָנגעגאָסן, פייכט געוואָרן... אירע האַרטע דלאָניעס האָבן, אויף אַ רגע, געמוזט צודעקן ס'קלאָרע פנים...

שפּעטער־צו האָבן זיי זיך דערמאָנט אָן עסן. זיינען זיי אַריין אין אַ שוואַבישן רעסטאָראַן און זיך געזעצט צון אַ קליינעם טישל. אַ קעלנערקע, אין אַ ווייסן שערצעלע, האָט פאַרשאַרצט ס'פּאַסאָליע־נעזעלע און זיי דערמאַנט:

— היינט „גיבט נישט“ קיין פלייש... „פליישלאָזער טאָג“....
קריגסצייטן... און ס'איז: ווין! מאָרגן וועט שוין זיין פערדס־גע־
בראָטנס... פערד־וואורשט... היינט איז פאַראַן: בראַקלעך, קרויט,
קאַלאַרעט, שפינאַט......

האָבן זיי זיך, בדיעבד, געמוזט באַנוגענען מיט די אויסגע־
רעכנטע מאַכלים און די דאַר־הויטיקע קעלנערקע, מיטן פאַרשאַרצטן
נעזל, האָט דערפון גרויס הנאה געהאַט:

— ס'שמעקט גוט? — האָט זי איבערגעפרעגט — ס'שמעקט?

בער האָט אַוודאי געקאָנט פאַרדייען אַ רעפטל ברויט, אָבער
די קעלנערקע האָט זיך גאָר פאַרחידושט, הלמאי בער פאַרגעסט,
וואו ער האַלט:

— יעסאַס! — האָט זי אויסגערופן — איר פאַרגעסט? מלחמה...
ברויט־צעטלען... ברויט דאַרף מען אַליין מיטברענגען... אַך, יע־
סאַס! — —

זיי זיינען נאָך לאַנג געזעסן ביים קליינעם טישל אין רעסטאָ־
ראַן. בער האָט דערציילט וועגן זיין פאָטער ר' הירשלען און גע־
פרעגט אַן עצה, ווי אַזוי אים אַרויסצובאַקומען פון רבינס רשות,
כדי אַריינצוגעבן אים אין אַן אַנשטאַלט. האָט קאַטיע פנים ווידער
באַקומען דעם חן פון מיידלערישער, טיפער ערנסטקייט און זיך
פאַרטראַכט. זי האָט געצויגן איין סיגאַרעטל נאָכן אַנדערן און...
עפּעס פאָרט נישט געוואוסט... נאָר...

— ס'וועט גוט זיין — האָט זי זיך ענדלעך אָנגערופן — דער־
ווייל מוזטו אַהין גיין, געוואויר ווערן...

— מ'האָט מיר אָבער געהייסן קומען דעמאָלט, ווען מ'וועט
מיך רופן....

— גיי אַליין. וואַרט נישט...

— ווען?

— אַפילו באַלד!...

— גוט...

קאַטיע האָט געבלאָזן רעדעלעך רויך און צוגערעקט דאָס צי־
רערעלע פון מונדשטוק....

— ווייסט, בער — האָט זי זיך מיטאַמאָל אָנגעכאַפּט — איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען קיין צדיק... אפשר וואָלט איך געקאָנט מיטגיין? וועט מען מיך אַריינלאָזן? וואָס זאָל איך זאָגן?

— אַז דו ביסט מיינע אַ... אַ...

— אַ וואָס?

— אַז דו ביסט מיינע אַ... אַ... שוועסטער...

קאַטיע האָט אַ שמייכל געטאָן. זי האָט זיך אָנגעבויגן איבערן טישל און אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף אַ פויסט. זיינען אירע צעפלאָשעטע האָר געקראָכן בערן אין די אויגן, אין די נאָזלעכער... דער ריח פון די האָר האָט געקיצלט אַלע רינעלעך. ער האָט מיט ציטערדיקע פינגער אָנגערירט אַ האָר־פלעכטל. קאַטיע האָט איבערגעפרעגט:

— וואָס וועסטו זאָגן, בער? אַ... אַ... שוועסטער? — און אויף אירע ליפּן איז אַרויסגעקומען אַ פייכטקייט — און איך האָב געמיינט, אַז אַ.... אַ... אָבער ווייסט, איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען קיין צדיק!....

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ; זיך אַ ריס געטאָן פון שטול און אויפגעהאַנגען ס'לעדערנע טאָרבעלע איבערן אָרעם:

— קום!...

---

ס'איז שוין געווען שפּעט פאַרנאַכט, ווען זיי זיינען צוגעקומען צום פירגאָרנדיקן מויער, וואו אינעווייניק „רעזעדירט“ און באַפעלט דער צדיק פון קריקעוו. אָנגעקלונגען אין דער טיר, האָט אהרון־לייב געעפנט, אָבער אַ פּאָר מינוט האָט דער רויטער לייב־גבאי געקווענקלט, צי זאָל ער אַריינלאָזן דעם אומבעטעטענעם אורח, וואָס האָט זיך באַוויזן בין־מנחה־למעריב, נאָך מיט אַ בתולה ביי דער זייט, צי נישט... ער האָט אויסגעמיקעט אַ האָר פון דער באָרד, אויסגעקנאַקט מיט אַ פינגער און ביי זיך נישט געקאָנט פועלן... לסוף האָט ער דאָך פריינעמאַכט דעם דורכגאַנג. צי קאַטיעס נייגעריקע בליקן, צי בערס זיכערע טריט האָבן געווירקט אַזוי, אַז אהרון־לייב זאָל זיך אָפּרוקן אין אַ זייט און, שטומערהייט, אַריינבעטן — איז קיין נפקא־מינה נישט.

דער רויטער ליב=גבאי האָט זיי אַריינגעפירט אין גרויסן זייטן=חדר, אַהין, וואו בער איז שוין איינמאָל געווען, געוויזן מיט אַ האַנט אויף אַ באַנק און אויסגעוועזן די צייט...

אין הויכן צימער האָט בין=השמשות געציטערט און אַ געמורמל האָט זיך געלאָזט הערן. עמעצער, אַ פאַרשפּעטיקטער, האָט געזאָגט קטורת און, שאָקלענדיק זיך אין אַ ווינקל, אָנגעטייעט פון קופערנעם האַנטפאַס, פון קופערנעם געשטעלכער און... פון טרוקענעם האָליץ אויפן מזבח, צום בראַנדאָפּפער"....

אין אַ צווייטן ווינקל, האָט אַ צווייטער פאַרשוין זיך געלאָזט הערן, וואַרפנדיק פאַר זיך אָפּגעהאַקטע ווערטער: „אמת מלכנו, אפס זלתו... לתקן עולם במלכות שדי... אַי=וואַי=געוואַלט לתקן עולם... וואַי ז'מיר געוואַלט!... געוואַלט.... די וועלט מתקן זיין... אויסלייזן זי... טרו... טרו... נע... נע!"

אַהרון=ליב איז דערווײַלע אויפגעשוואומען, ווי אַ פאַרוישטער שאָטן, און אַ רעדעוודיקער:

— ווילסט אַריין, ר' הירשלס זון? דער רבי האָט נאָך קיין מעריב נישט געדאַוונט און ער עסקט זיך אַצונד...

— מיט וואָס? מיט וועמען? — האָט קאַטיע אָפּגעענטפערט פאַר בערן, מיט אַ פראַגע.

צי צוליב קאַטיעס דרייסטקייט, צי גאָר צוליב איר „ווייבערישן שכל" איז אַהרון=ליב אָפּגעקומען מיט אַ ברום, איז אויך קיין חילוק נישט. דער עיקר: אַנטרינענדיק ווידער, האָט דער רויטער ליב=גבאי זיי לאַנג געלאָזט וואַרטן אין דער טונקל, און אַפילו פאַרגעסן, אַז זיי זיינען דאָרט אַליין: „זכר ונקבה"...

די עטלעכע פאַרשוינען, וואָס האָבן פריער דערוּפט זייער מנחה, האָבן זיך, איינציקווייז, אַרויסגערוקט אין אַנדערע חדרים אַריין און זיך נישט מער באַוויזן... איז זיי ביידע לאַנגווײַליק געוואָרן...

— בער — האָט קאַטיע אָנגעהויבן — עפן די טיר... איך וועל מיטגיין... זאָג, וואָס דו האָסט צו זאָגן!

זיי זיינען אויפגעשטאַנען פון די ערטער און געעפנט איין טיר נאָך דער אַנדערער. אויף דער שוועל פון דריטן חדר האָבן זיי זיך געכאַפּט פאַר די הענט. די שיין פון אַ חלב=ליכט אין אַ הויכן

לייכטער אויפֿן מיטן טיש, די שאָטנס פֿון די צוויי קעפּ, וואָס האָבן זיך געשאָקלט בײַ דער שיין — אָט דער כמעט־מיסטעריעזער אָנבליק, האָט זיי אָפּגעשראָקן. דערצו, נישט פֿאַרשטענדלעכע רייד און אַ ירגזון, אַ פּלוצלונגדיקער — האָבן זיי נישט געלאָזט גענענען. קאַטיע האָט שוין געוואָלט צעפּראַלן די טיר, אָבער בער האָט זיך דערכאַפּט, וואָס דאָ איז: „דער רבי האָט געהאַלטן בײַם אויסשפּרייטן זײַן מאַכט; ער האָט געהאַלטן אין באַשווערן די מלאַכי־חבלה און בייזע רוחות, וואָס מאַטערן דעם גוף פֿון ר' הירשל בן הינדע־גיטל... ביחידות, אָן עדות"... אָפּגעהאַקטע שפּרוכן, מסופּנע פּסוקים און בייזע תּנועות פֿון צוויי הענט, אַקעגן דער שיין — האָבן, באמת, געקאָנט מאַכן גליווערן... און אַ רוגזהדיקער באַפֿעל:

— „שטעל זיך אַקעגן, הירשל! פֿאַרוואָס פּרוווסטו אַליין נישט בײַקומען דעם בייזן מזיק? דאַרף איך אַרויס מיט חרמות?"

דער צדיק האָט אַרויפֿגעלייגט זײַנע הענט אויף ר' הירשלס אַקסלען און אים אָנגעהויבן שאָקלען:

— האַ?! האַ?!

קאַטיע האָט פֿעסטער געדריקט בערס האַנט און נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז. באַפֿאַלן פֿון אַן אימה, האָט זי קוים געקאָנט אַ וואָרט אַרויסברענגען:

— בער...

נאָר בער, אָנשטאָט איר צו ענטפֿערן, האָט אַרויסגעצויגן זײַן האַנט פֿון אירער, און מיט אַן אָנגעקוואָלענער, אומגעהייערער זיכערקייט צוגעטראָטן צום טיש:

— גענוג, רבי! איר וועט שוין דעם מזיק נישט בײַקומען! איר וועט שוין ס'חולאַת נישט היילן! ס'וואָרצלט טיף! פֿון דור־דורות! גענוג! און...

ער האָט איבערגעריסן. אָבער די אַרויסגעזאָגטע, געציילטע ווערטער זײַנען געווען, ווי הייסע שטיקער בלײַ, וואָס פֿאַלן און בריען; די ווערטער, אַרויסגעזאָגטע אין איין אָטעם, זײַנען געווען, ווי שפּרוכן פֿון להכעיסדיקן נצחון! אַרום האָט מען אַוודאי אײַנגעהערט: דורך אַלע טירן און הינטערטירלעך זײַנען אָנגעלאָפֿן גבאים

און משמשים. מ׳האָט אַרומגערינגלט דעם מורד, דעם ווידערשפּע־ניקער, און מ׳איז געשטאַנען גרייט דורס־צו־זיין; געוואַרט בלויז אויף אַ וואונק, אויף פּקודת־הרב...

נאָר גרויס איז געווען די פאַרוואונדערונג און גרעסער נאָך אַלע־מענס שרעק: דער רבי האָט געבויגן דעם קאָפּ, זיך געוויקלט אין דרייען און מ׳האָט אים קוים געקאָנט פאַרשטיין:

— אַהרון־לייב... פֿיר מיך... זאָל מען גיין, אַהרון־לייב... אומ־זיסט מטריח געווען... נישט געפּועלט... אין די היכלות... נישט געפּועלט... מאַכט ליכטיק...

אַז אַהרון־לייב איז שוין געווען לעבן רבין, אונטערגעשטעלט זיין אַקסל און צוגעפֿירט „אים“ צום ווייכן שטול, האָט זיך בער דערמאַנט, אַז נאָך נישט אַלצדינג האָט ער אָפּגעטאָן. ער איז צוגעגאַנגען צו זיין פאָטער ר׳ הירשלען, וואָס איז נאָך אַלץ גע־שטאַנען ביים טיש און זיך געשאָקלט קעגן דער שיין...

— קום אַרויס פונדאַנען! — האָט בער באַפוילן — נישט דאָ איז דיין אָרט!

ערשט האָט ר׳ הירשל זיך אויסגעדרייט, און ווי דער קלאָ־רער שכל וואָלט מיטאַמאָל אויפגעלויכטן אין זיין געהירן, גלאַט אַ פרעג געטאָן:

— און וואו איז יאָ מיין אָרט?

אָבער, געפּאָלגט האָט ער, ר׳ הירשל. קאַטיע איז געגאַנגען פאָראויס, נאָך איר! — פאָטער און זון... נאָך זיי אַלע האָבן זיך קולות נאָכגעטראָגן: „מרידה! בייזער סוף! געהערט אַזוינס? ביי־זער סוף!“ — —

זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דעם פּרוגאָרנדיקן, הויכן מויער. נאַכט האָט שוין אַראָפּגענידערט. זיינען זיי אַוועק, מיט באַדאַכטע און געאיילציקע טריט, ערגעץ. פאַרהאַן אַ מקום־מקלט... גע־ווים!...

— און וואו איז יאָ מיין אָרט? — האָט זיך ר׳ הירשל פּלוצ־לונג דערמאַנט — און וואו?...

בער און קאַטיע האָבן ביידע געוואוסט...

---

אויפֿן דריטן טאָג האָט ר' הירשל, אַן אָנגעטאָנענער אין אַ געלן כאַלאַט, שוין געשפּאַנט איבער אַ ווייסן, הויכן זאַל... דורך די באַוואָרנטע פֿענסטער האָט ער געקוקט צום גרויסן הויף, אַ באַוואָקסענעם מיט גרינגראָז, אַ באַשאָטנטן מיט ביימער, און אַן אַרומגעצוימטן מיט הויכע, דיקע מויערן, באַזעצט מיט שאַרפֿשפּיציקע האָקנס...

זיינע טריט, איבערן ווייסן זאַל, זיינען געווען פֿריידיק־פֿרייע, זיינע תּנועות ברייטע און באַפֿעלנדיקע און זיינע אויגן לויכטנדיקע, אַרויסגעזעצטע, פֿאַר גרויס גדלות... און דער געדאַנק ביי אים אַ שפּיז. די אַרויסגערעדטע ווערטער, צו זיך, צו די ווייסע ווענט, צו די שויבן און צו די גראַטעס — אַזוינע זיכערע און שטראָפֿנדיקע:

— אַלע אַהער! איר וועט קומען... מסתּמא! אַלע: צדיקים און רשעים! קיניגן און שׂרים! ריינע און קרעציקע — אַלע אַהער!... אין די ווייסע ווענט... זה השער... ס'איז דער טויער!... — — — —

און אין איין זונטאָג, אַ צוויי וואָכן שפּעטער, ווען קאַטיע און בער זיינען געקומען געוואויר ווערן, ווי ס'האַלט מיטן חולה, איז ביי ר' הירשלען די זיכערקייט שוין געווען אַ טאָפּלטע...

באַטראַכטנדיק בערן, וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן אים אַ פֿאַרשטויבטער, אַ פֿאַרשוויצטער, האָבן זיינע ברוינע מאַנדל־אויגן אויפֿגעלויכטן פֿון פֿאָטערלעכן צער און רחמנות צום זון... אַפֿילו צו דעם פֿרעמדן מיידל, וואָס באַוועגט זיך אַזוי אומזיכער און באַקוקט אַלץ־אַרום מיט אַ נייגעריקייט....

— ווייסט איר וואָס? — פֿאַלט ר' הירשל אויף אַן המצאה — ווייסט איר וואָס? בלייבט טאַקע שוין דאָ! בעסער פֿריער... צו־וואָס זיך שפּעטער שטופּן? צו־וואָס אַוועקגיין? דאָ וועל איך אייך אַוועקזעצן צופֿוסנס פֿון קיניגלעכן שטול און דאָ וועט איר אויפֿגעריכט ווערן...

בער, אַ צעבראָכענער, שוין פֿון די ערשטע אַרבעטס־טעג אין דער רויט־ציגלענער פֿאַבריק, אַ מידער פֿון צונויפֿלייגן קוילנקעסטלעך און גראַנאַטן־הילזן; אַן אָנגעגעסענער מיט די ערשטע שווערע שטויבן, מיט שוועבל־גערוך און דינאַמיט־אָפּפֿאַל, האָט זיך אויסגעהוסט, אויסגעבלאָזן די פֿאַרלייגטע נאָז, אָבער קיין תּשובֿה נישט

אַרויסגעבראַכט. ער האָט אָנגענומען דעם פּאָטערס צאַרטע, דורכ־זיכטיקע, מיט דינינקע אָדערלעך דורכגעוועבטע האַנט, און ווי אַ קנעכט, זי צוגעפירט צו זיינע טרוקענע, צעפּאַלענע ליפּן...

און פּאָרט איז דער „שר, דער מלך" — ר׳ הירשל — גע־בליבן אַליין אין זיין מלכות... ס׳האָט נישט געהאָלפן זיין וואָרענען, ס׳האָט נישט געהאָלפן זיין דראָען: „די „קנעכט" האָבן, דערשראָ־קענע, פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ....

ערשט איבערן טויער, ווען זיי זיינען אַרויסגעקומען, האָט קאַטיע איבערגעפרעגט בערן, וואָס זיין פּאָטערס רייד קאָנען באַ־טייטן... בער האָט איבערגעלייגט יעדעס וואָרט, איינגעטײטשט, אי־בערגעחזרט און מיטאַמאָל שטיין געבליבן:

— קאַטיע, וואו איז דער אָנהויב פון ליכטיקייט און וואו איז דער אויסלאָז? וואו די קלאָרקייט און וואו זעצט זיך אַ נעפּל? כ׳ווייס נישט, קאַטיע, אָבער מיר דאַכט, אַז אינגאַנצן אומגע־רעכט קאָן ער נישט זיין....

מעגלעך, בער וואָלט ווייטער געזוכט, זיך צו דערגרונטעווען אין געדאַנק, ווען נישט קאַטיעס שטרענגע שטראָפרייד... זי האָט דערמאָנט אָן דער „אַרבעט", אָן באַלדיקן „אויפטו" און אָן זיין „שליחות"....

מעגלעך, ער וואָלט אפשר — שוין איצט ביים אָנהייב — געפּרווט צווייפלען אָן יעדער מעגלעכקייט פון ערנסטער אַרבעט, דערגרייכונג און רעזולטאַט, ווען קאַטיע וואָלט באַלד נישט געביטן איר שטרענגען טאָן און נישט אָנגעהויבן אויסריידן און קלאָר מאַכן, מיט אַ שמייכל:

—ייִנגל! האַלט זיך... קוק אַ ביסל ווייטער פון דער נאָז... אָדער קוק גאָרנישט!... קוק גאָר מיר אין די אויגן... קוק זיך איין אין מיין פּנים... איך בין די קלאָרקייט... ביי מיר איז דער אָנהייב, דער אויסלאָז... די גרענעץ... ייִנגל! נאָר מיט שכל קוק! נישט מיט קיין האַרץ... כאַ־כאַ!

אַזוי שפּילעוודיק און מיט חנדלעך האָט זי אים געמונטערט, דעם גאַנצן וועג. אַזוי מונטערנדיק, האָט זי אים באַגלייט ביז צו דער טיר פון זיין נייער דירה אויף דער „לאַנדשטראַסע". ביים

געזעגענען זיך האָט זי אים אַפילו אויסגעגלעט די פֿאַרשטויבטע ברעמען:

— גיי שלאָפֿן, יינגל... מאָרגן גאַנץ פֿרי צו דער אַרבעט!....

ער איז אָבער אַזוי גיך נישט געגאַנגען רוען. בלאָנקענדיק זיך איינער אַליין אין זיין חדרל, האָט ער געקוקט אויף די הייליקע בילדער און אויף די גרינע קרענצלעך, מיט וועלכע זיין באַלעבאָסטע, די פֿרומע דייטשקע, האָט באַצירט די ווענט. ס'איז אים, אויף איינמאָל, שווער געוואָרן צו זיין אַליין. אַ מאָדנער שרעק; דאָס ערשטע מאָל זינט די צוויי וואָכן, וואָס ער געפֿינט זיך דאָ אַליין. קאַטיע האָט אים מער נישט געלאָזט וואוינען מיט דודאַלען צוזאַמען. זי האָט אַוועקגענומען דעם „קרעציקן באַראַן“ פֿון דער ריינער „שאָף“... זי האָט אַזוי אָפּגעטאָן, אַז דודאַלע זאָל גאָרנישט וויסן, וואו בער געפֿינט זיך און וואָס ער טוט... זי האָט אַזוי איינגעאָרדנט, אַז דודאַלע זאָל זיך גאָר געפֿינען אין שכנות פֿון געניטע יונגען, וואָס זאָלן אים קאָנען אויספּרוּוון און דערגרונטעווען...

אָבער איינס האָט קאַטיע פֿאַרגעסן, אַז אין אַ קליין חדרל, אין פֿיר שמאָלע ווענט, קוקט אַמאָל אַרויס די שרעק פֿון יעדן ווינקל... פֿון אונטערן אויוון, פֿון אונטערן בעטל, פֿון אונטערן שראַנק, און פּויזעט אַראָפּ און אַרויף, ביז זי רייט אַרויף אויפֿן קאַרק און גראָבט זיך איין.... און די שרעק איז אפֿשר ערגער, ווי אַ קרעצל, אַ צרעת, וואָס פֿאַראומרייניקט און בייסט די הויט... און אָן דעם אַלעם קאָן מען אויך די הויט קראַצן און אַפֿילו איבערקערן ס'הייטל פֿון אויג: זוכן די שוואַרצאַפּלען און דערזען פֿאַרגעלטע ווייסלען...

אַ שפּיגל הענגט אין אַ ווינקל. מיט אַ ברייטער ראַם. דאָס שפּיגלגלאָז איז פֿול ווינטפּלעקן. אָבער דער פּרצוף שלאָגט זיך, ווי ס'איז-נישט-איז, אָפּ. בער האָט איבערגעקערט די אויגנדעקלעך, געשויבערט די האָר, געצויגן די ברעמען, צעשפּאַרעט די נאָזפּליגלען און די ליפּן אויסגעריסן:

— אפֿשר איך אויך! אפֿשר איך אויך אַהין? אין די ווייסע זאַלן?... דער פּחד האָט אים נישט געלאָזט אָפּטרעטן פֿון שפּיגל.

דער פחד האָט אים צוגעקוועט און ער האָט געמוזט שרייען אויף דער ווענלעכער געשטאַלט, וואָס מאַכט די זעלבע העוויות אין גלאָז...

דער געשריי איז געווען אַזאַ יאָמערלעכער, אַ געצויגענער, אַז ער האָט אַזש די וואַנט דורכגעלעכערט. איז אַריין די יונגע, בלאָנדהאָריקע באַלעבאָסטע, פרוי טערעזע, נאָך אַן אויסגעפוצטע פון איר זונטאָגדיקן שפּאַציר און פאַרבראָכן די הענט:

— אַך, הימל־הערץ! וואָס איז געשען? עפּעס אַריין אין אויג אַריין?

אַך, יעסאַס!

ס'האָט לאַנג געדויערט, ביז ער האָט זיך באַרויִקט. פרוי טערעזע האָט געבראַכט אַ „לימאָנאַד־קראַכערל", אָנגעגאָסן אין אַ גלאָז און אַפילו באַווישט זיין שטערן פון קאַלטן שווייס. זי האָט, תמימותדיק, אָפּגעשפּראָכן, און נאָכן שפּרוך האָט זי שוין סתם גערעדט: וועגן איר מאַן יאָהאַן, וואָס איז אַוועק אויף מלחמה און וואָס זיין געביין איז ערגעץ אַהינגעקומען; וועגן די באַליעס וועש, וואָס זי וואַשט, און וועגן אירע אומרויִקע, יונג־ווייבערישע חלומות... וועגן די הויכע פּרייזן פון חזיר־שמאַלץ און וועגן זיסע קוגעלעך, וואָס זי פלעגט אַמאָל מאַכן... זי האָט גערעדט, גערעדט און אַלץ באַגלייט מיט אַ זיפץ:

— אַך, הימל־הערץ!... יאָזעף!...

לאַנג האָט זי געטענהט, פרוי טערעזע. דערציילט פון די גוטע ציַיטן, ווען ווין האָט געבליט און די שטיינער האָבן געזונגען; דערמאָנט אירע מיידלערישע יאָרן, וואָס זיינען אַוועק, און בלויז אַ פּאָר שיינע היטעלעך און אַ פאַרוויאַנעטער בוקעט זיינען געבליבן אין איר שלאָפצימער; און עטלעכע לידעלעך אין זכרון:

„אַך, ווין, ווין, דו אַליין —

זאָלסט די שטאָדט מיינער טרוימע זיין"...

זי האָט זיך צעזונגען, די פרוי טערעזע, געוויינט און געלאַכט, פילנדיק בערם פינגער אויף איר בלוזער, פון וועש־וואַשן געבלעזלטער האַנט...

„איינמאָל מעכט איך נאָך אין גרינצינג זיין, אין גרינצינג זיין" — זי האָט געזונגען, די דייטשקע, געכליפּעט, געדרייט מיט אירע פעטע היפטן און געמאַכט זיך פאַרגעסן, אַז אין צימערל איז שטאָק-פינסטער געוואָרן...

בער האָט זיך צוגעהערט צו די ווערטער, וואָס זי האָט עטלעכע מאָל איבערגעחזרט. אים איז הימלעכער געוואָרן און אין דער טונקל האָט אָנגעהויבן שפּראָצן די דערלייכטערונג...

„אין דער נאַכט, אין דער נאַכט,
ווען די ליבע ערוואַכט"... —

האָט פרוי טערעזע אָנגעהויבן אַ גאָר נײַ לידעלע... — —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

מ'אַרבעט. גיך. די הענט און די פינגער לויפן אַזוי שנעל, ווי שווינדלענדיק ס'דרייען זיך די וואַלצן און די עגבערס פון די מאַשינען. מ'טאַסעוועט קעסטלעך, מ'לייגט זיי אײנס אויף ס'אַנדערע און ס'וואַקסן די הויכע טורעמס.

אין פּאַק-צימער, בײַ שמאָלע טישלעך, געגאָסענע פון בלייערנער און אײַזערנער מאַסע, שטייען יונגען און מוידן. זיי קלויבן דאָס, סאָרטירן און פּילן אָן די שמאָלע קעסטלעך מיט קוילן און באָמבעס.

אין פּאַק-צימער, וואָס גרענעצט מיטן גרויסן פאַרשלאָסענעם פּראָדוציר-זאַל, איז רירעוודיק און לוסטיק. ס'וויצלען זיך פאַרשטויבטע יונגען מיט די צעפּלאַמטע, אויסגעמאָרעטע מיידלעך און גיבן זיי פּולווער צו שמעקן... מ'גריזשעט, אין אײַלעניש, אַ דאַר שטיקל ברויט, אַ פאַרשימלט שטיקל מאַלאַי און מען רויכערט — בגנבה — אַן אָפּשניצל פון אַ פּאַפּיראָס....

מ'הערט אוים מוסר-רייד פון אַ פּריווילעגירטן אינוואַליד, אַן אויפזעער, און מ'שטעקט אַרויס צונגען; מ'ווייזט „פייגן" און „הערנער" הינטערן רוקן פון דיזשורנעם „קאַדעט", וואָס טרייבט אונטער און גיט צו חשק: „פאַרן פאָטערלאַנד! יעדע מינוט איז טייער און יעדע, גיך-אָפּגעטאָנענע אַרבעט דערנענטערט דעם זיג, דעם

גרויסן נצחון! פֿאָרווערטס, קינדער! אײַערע ברידער קעמפֿן העלדיש אויף די פֿעלדער — טאָ ליפֿערט זיי ס׳נייטיקע! אַ זעלנער אָן קוילן איז ווי אַ קלעזמער אָן פֿידל־בויגן! פֿאָרווערטס, קינדער!“

מ׳איז שוין געוווינט צו די רייד, ווי צום גרויסן רעש פֿון די רעדער און טראַנסמיסיעס אין די דערבײַיקע גרויסע זאַלן; ווי צום געזשומערײַ פֿון די הונדערטער אַוטאָמאָבילן, איבן גרויסן הויף, וואָס פֿירן אַוועק די קאַסטענעס און ברענגען אַנדערע.

מ׳קאָן שוין ס׳לידל אויסנווייניק: „פֿאָרווערטס, קינדער!“ — — אַ גרויסער טייל פֿון די אַרבעטער האָבן זיך שוין אויסגעלערנט חוזק צו מאַכן פֿון דעם „היילִיקן חוב“. ס׳זײַנען אָבער נאָך פֿאַראַן אַזוינע — בפֿרט אַ היבש ביסל פֿרומע שיקסלעך — וואָס באַגײַסטערן זיך, ביז נויט־שוויס, ביז זיסער חלשות:

— „פֿאַרן פֿאָטערלאַנד! — זאָלט איר עס טאַקע וויסן־זײַן!“

נאָר געציילטע, אַ צוויי־דרײַ פֿון די לעבעדיקע אַנקערס — פֿון די אונטערגעטריבענע אַרבעטער — ווייסן עפּעס אַנדערש; הערן אַנדערש דעם ריטם פֿון פֿאַבריק: זיי ווייסן אַ סוד...

דערפֿאַר הערן זיי זיך גאַנץ אַנדערש צו צו די אָפּטע אויסגעקײַטע דרשות, אין זייער אָנגענומענעם נוסח; דערפֿאַר אַרבעטן זיי אויף גאָר אַן אַנדער־מין אופֿן. זיי שטייען, ווי צוגעשמידטע, מיט די פּנימער צו די טונקעלע ווענט געווענדט און וואָס פֿלינקער, וואָס גיכער און מערער — אַרבעטן זייערע הענט. נאָר די אויגן זייערע זײַנען אָנגעשטעלטע, אויפֿגעריסענע צו ביידע זײַטן. אויף זייערע ליפּן הענגט תּמיד אַ שאלה און טאַקע אַן ענטפֿער, גרייט צוגעוואָרפֿן צו ווערן צו די שכנים, אין אַ פּאַסיקער באַשטימטער מינוט.

געציילטע זײַנען זיי. יעדער אין אַ באַזונדערן ווינקל און יעדער אויף אַן אַנדערן שטייגער. רופֿט זיך איינער אָן:

— „ווי לאַנג וועט מען שעכטן?“

ענטפֿערט עמעץ פֿון אַ צווייטן ווינקל:

— „שעפֿסן פֿרעגן קיין שאלה נישט“...

דערמאַנט זיך איינער:

— „טאַקע צוליב וואָס?“

איז די תשובה פון פריער צוגעגרייט:

— „פארן שלום... פארן שלום פון דער וועלט...“ — —

אזוי קאָנען שוין אַלע, אַלע־אַרום, פאַרשטייען דעם חוזק און דערביי זיכער זיין, אַז עפּעס מוז נאָך ווייטער קומען...

די דאָזיקע, וואָס רופן זיך זייער אָפּט אָן און לאָזן זיך לאַנג הערן, זיינען קאַטיע און בער. איז געווען, קאַטיע זאָל, איבערגע־בויגענערהייט ביי אַ קעסטל באַמבעס, אַ הוסט טאָן, אָדער געבן אַן אַנדער אָנצוהערעניש, אַז בער, וועמען מ'רופט דאָ יענסען דער האָ־לענדער, זאָל ביי זיין טישל, שלייפנדיק אַ פּאַטראָן־גילז, אַ שנייד־טאָן, ווי מיט אַ קאַנטיקן גלאָז:

— „וואָלט מען אַמאָל אַ וואָרף געטאָן ביקס און פּאַ־יאָנעט און געגאַנגען צום אַקעראַייזן!“

אויגן קוקן זיך אַרום. און אַ פּאָר ווערטער, פון אַנדערן עק־זאַל, עגבערן זיך איין און מאַכן אויף אַ ווײַלע אומרויק:

— „מ'וועט! דער שכל וועט קומען! ס'וואַקסט די נויט, וועט די ס'ליכט געבערן!“

אזוי טרייסט קאַטיע. אָבער אַלע אַרבעטער און אַרבעטערינס זיינען, אין די לעצטע פּאָר וואָכן, אויך צו די דאָזיקע היציקע רעפּ־ליקעס צוגעוויינט. זיי ענטפערן, באַלד דערויף, מיט אַ שפּיי און העוויות:

— „וויסט שוין דער רוח!“ — — —

און אַזוי וואַקסן די טורעמס און ס'טורעמען זיך די קעסט־לעך. די רעדער זשומען, ס'גרילצן די עגבערס און דער גלאָק רופט צום אָנהייבן און ענדיקן: „מיט גאָט, קינדער! אָנהייבן! מיט גאָט, קינדער! ענדיקן!

אינדערפרי שאַרט מען זיך פּאַמעלעך אַריין און אינאָוונט, ווען די לאָמפּנשיין שווינדלט שוין גוט אין די אויגן — וואַרט מען אויף דעם קלונג.

שיטן זיך אַרויס פון טויער הונדערטער מיידלעך, יונגען און נאָך „דינסט־טויגלעכע“ אינוואַלידן. מ'פּאַרלאָזט די רויט־ציגלענע פּאַב־ריק, יאָגנדיק צו די טראַמווייען, כּדי וואָס פריער אָנצוקומען אין די היימען, אין די פאַרוואָרפנסטע, פאַרעיפּושטע גאַסן.

בלויז דריי אַיילן זיך נישט: בער, קאַטיע און דער מעכאַניק קורט. זיי גייען פּאַמעלעך, מיידן אויס איין טראַמוויי־האַלט־שטעל נאָך דער אַנדערער;ריידן שטיל און קוקן זיך אַרום. אַ גיכער, קענגזייטיקער ראַפּאָרט פון טאָג. קורט, אַ הויכער, ברייטפּלייציקער, מיט פלייש̇יקע באַקן, שטייפע וואָנסן און אויגן, גלאַנציקע, ווי ביי אַ קאַץ, רייבט די פּעטע, פאַרשוואַרצטע הענט אין די לעדערהויזן, און גיט איבער, מיט אַ פלוך:

— אַריינגערעדט! אין דער שמידע... איבערגעשריגן דעם זשום. דאַכט, אַז דער אינזשענער אָהיים האָט אַפילו איינגעהערט. נו, זאָל ער! כאַפּט אים דער רוח! געזאָגט זיי: ווען וועט מען די אַמ־באָסן צעשטערן?....

קלאַפּט קאַטיע איבער זיין לעדערנעם רוקן און זאָגט אָפּ, גיך:

— וואויל...

— און דו, האָלענדער, וואָס האָסטו צו דערציילן? צי דו עפּנסט נאָך נישט ס׳מויל?... — וויל קורט וויסן פון בערן.

— געזאָגט זיי.... ביזן ביין... ס׳ערשטע מאָל — ענטפערט בער, און ווערט שטאָלץ אויף זיין מוט, וואָס איז אַזוי געוואַקסן, און ער איז זיך אַליין מקנא, וואָס ער, דאָס קריקעווער זיידענע אייניקל, קאָן גיין זייט־ביי־זייט לעבן קורטן, דעם איינגעפּאַנצערטן אין לעדער, דעם גבורהדיקן יונג.

— ס׳וועט גוט זיין, יענסן! — האָלדערט קורט און שטעקט אַריין די הענט אין די טאַשן.

נאָך די קעגנזייטיקע, גיכע ראַפּאָרטן געזעגנט מען זיך אָפּ און מ׳איילט זיך אָפּרוען די ביינער: „אַ גוטע נאַכט! גרוס!“ — —

בער האָט שוין קיין מורא נישט — פאַר זיך אַליין — אין די פיר ווענט פון זיין חדרל. באַלד פיר חדשים, זינט די נעכט זיינע ווערן אַלץ קירצער און ס׳בלייבט אים ווייניק צייט אויף אויסצו־ציען די פאַרמאַטערטע גלידער. אין די אָוונטן פאַרן שלאָפנגיין, די קאַרגע, געציילטע שעהן, זיי ווערן אויסגעפילט, וואַקסן אויס אויפן חשבון פון דער נאַכט. ס׳זיינען אָוונטן פון געהיימע באַראַטונגען, אויף וועלכע דריי־פיר מענטשן ברענגען נייסן צו טראָגן, און פון וועלכע די דריי־פיר מענטשן דאַרפן נייסן אַרויסטראָגן אין דער דומפּיקער גאַס

אַרויס און נאָך ערגעץ־אַנדערש־וואו, דאָרטן וואו דער צוגאַנג איז פֿאַרצוימט...

אין די שעהן, ווען ער בלייבט אַליין, בער, מיט זיך, קוקט ער דורך אַ פּעקל צייטונגען, בראָשורן, ביז די אויגן קלעפּן זיך. ס'בלייבן ליגן אויפֿן טיש בריוו, נישט־דערלעזענע און בריוו, נישט־דערשריבענע. ס'טרעפֿט אָפֿט, אַז אַ נישט־איינגעוואַשענער, טיילמאָל נאָך אין די פֿאַרשטויבטע הויזן, פֿאַלט ער אַוועק, כּדי אין עטלעכע שעה אַרום צו דערהערן דעם וועקזייגער און ווידער קיין צייט נישט צו האָבן זיך אָפּצוּוואַשן. באַלד פֿיר חדשים, ווי זיבן אַ זייגער אינדערפֿרי שפּאַרט ער זיך, גלייך מיט הונדערטער אַנדערע, צום טויער, כּדי נישט צו פֿאַרהערן דעם גלאָק, וואָס רופֿט און קלינגט אויס: „מיט גאָט! צום זיג!" —

ווי ער וואָלט אין אַ מאַשין איבערגעקנאָטן געוואָרן! פֿאַרגעסן ערשט־נישט־לאַנגסטיקע טעג; ס'איז פֿאַרגעסן געוואָרן קריקעוו; אַפֿילו די ווייסע מויער, דאָ אין ווין, וואו דער פֿאָטער זיינער „קוניגט" — זעט ער אויך זעלטן. און זעלטענער שיקט ער בריוועלעך צו ליובע דעם איינבינדערס. ס'האָבן אָנגעהויבן איבערדריסיק צו ווערן אירע צעצויגענע תּשובֿות, מיטן מיידלערישן כּתבֿ; די צעצויגענע שורות, פֿול מיט גומילאַסטיק־געדאַנקען, גליטשיקע, שליימיקע: „וועגן דעם אומקום און אומווערט"...

נאָר איין־און־איינציק בריוול, כאָטש אַ פֿאַרעלטערטס, זוכט ער יאָ אַפֿיר און לייענט עס נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל. לוסיס ערשטן און לעצטן בריוול. ער קען עס טיילמאָל אַרומטראָגן מיט זיך און ווייזן קאַטיען, פֿאַרגעסנדיק, אַז זי האָט עס שוין געזען און געשמייכלט: „פֿאַרפֿומירט, כאָטש מיט אַ טרויער־ברעגעלע"... נאָר אויף אַזויפֿיל האָט בער שוין געקאָנט בײַ זיך פּועלן: מער נישט צו שרייבן צו דער־אָ לוסין, מער זי נישט צו פֿאַרשיטן און פֿאַרוואַרפֿן מיט אומקלאָרע זאַצן, וואָס דאַרפֿן אויסדריקן נישט קיין קאָנטראָלירטע געפֿילן... און אפשר טאַקע זיינען די דאָזיקע „געפֿילן" איינגעדרעמלט געוואָרן, אונטערן פֿאַנצער פֿון דעם אַרבעטס־פֿאַרטעך.

דער פערטער חודש. די הויט פון די פינגער — ווילדהויט. די דלאָניעס — בלעך. און דער חוט־השדרה, ווי פון רינגלען געקייטלט. דאָך טרעפט, אַז אין מוח הייבט עפּעס ווידער אָן קאַלופּען, — קאָן אָבער שוין פאַרטרייבן אַ שלימזלדיקן אײַנפאַל. טרעפט, אַז ס'הויבט אָן נאָגן — קאָן ער זיך בײַזערן אויף זיך אַליין. ער האָט איבער זיך באַקומען שליטה. נאָר פּרוּוון פּרוּווט ער נישט, אויסצוגעפינען, פונוואַנען אַזאַ האַרטקייט האָט זיך צו אים גענומען. אַזוי איז — אַזוי דאַרף זײַן! אין טעג, ווען מענטשן זיינען שטאָלערנע געוואָרן, ווען די ווילנס זיינען אײַזערנע — קווענקלט מען נישט!!

און טעג זיינען געשטאַנען: שווערע, האַרטע. אין ווין גופא איז נויט געוואַקסן און די פאַרוואָרלאָזטקייט האָט געבליט. די הייזער זיינען אויסגעליידיקט געוואָרן פון מאַנסבילן: פון יונגיטשקע יינגלעך און פון זיידעס אַפילו. ביים איטאַליענישן טייך איזאָנצאָ און אויף די בערג אַרום האָבן זיי געפונען זייער אייביקע רו. אין דאַלמאַציע און אַלבאַניע — פון שלענגלעך צעביסן געוואָרן און אַוועקגעפאַלן פון פיבער. זיינען אין שטאָט געבליבן ווייבער און קינדער, — הונגעריקע קעץ און אויסגעמאָרעטע, פישטשענדיקע מייזלעך... האָבן די ווייבער געהאַנדלט מיט זייערע גופים און נישט־דערוואַקסענע מיידלעך האָבן — נאַקעטע — געטאַנצט אויף ברעטעלעך און שפּיגלען, צום וואוילבאַקומען און פעטער הנאה פון אויפגעקומענעם אַדיר, זאַטן, פּליכעוואַטן באַנקיר און סיפּיליטישן „מאַיאָר“, מיטן מאָנאָקל אין אויג, צום פאַראַד...

און טעג זיינען געשטאַנען ערנסטע, הייסע: פעלקער האָבן זיך אַרומגעזען... אין דרום־מזרח האָבן מיליאָנען הינדוסן זיך דערמאַנט. אין נאָענטער שכנות האָבן מיליאָנען רוסן זיך צעברילט. ס'זיינען געווען די ערשטע אָקטאָבער־טעג פון רויטן בראַנד. האָבן בערס אויגן אַ שטאָלערנעם גלאַנץ באַקומען. און קאַטיע האָט זעלטענער געשמייכלט און זעלטענער זיך געחנדלט.

— „באַלד, בער“...

— „באַלד, קאַטיע“...

וואָס אַ טאָג ווערט די לופט אין די אַמוניציע־זאַלן אַ געדיכטערע. רייד ווערן קלאָרער און דיבורים שאַרפערע. בער קוקט נישט מער צו דער וואַנט. ער רעדט אין די פּנימער אַריין. און אַלע פּנימער ציען זיך איבער מיט אַ פאַרקלערטקייט און די שיקסלעך גלאָצן נישט מער פרום און צלמען זיך ווייניקער.

— „ביסט געריכט, יענסען!" — ענטפערט מען בערן און מ'קוקט נישט דערויף, וואָס דער קאַדעט קלאַפּט מיט דער שפּיצרוט איבער דער כאַליעווע און זידלט:

— „שווייגן! אַרבעטן! נישט פוילן זיך!"

יעדער טאָג האָט איבעראַשט. אין הויף האָט זיך באַוויזן אַ קליינינקער, שוואַרצער יונגערמאַנטשיק, עלאַסטיש ווי אַ קאָמענדיאַנטל, און געמונטערט, מיט אַ געשליפענעם צינגל. גערעדט וויציק און אין יעדן וויץ אַריינגעזאַלצן אַ האַרבע כוונה און שכלדיקן מיין. ער האָט געגלעט און געשאָטן פעך און שוועבל.

— „אײַנשטעלן די אַרבעט!" — האָבן זיך געלאָזן הערן קולות, ווי אַ קלאָרער ענטפער אויף דעם יונגנמאַנטשיקס אָנצוהערענישן.

האָט דער אַראָפּגעקומענער גאַסט באַקומען קוראַזש און אָנגעהויבן צו דער זאַך ריידן:

— פאַרוואָס פאַרזאָרגט מען אײַך ליבער נישט מיט ברויט? צי ווילט איר אפשר שרויטן קייען? מיט בליי אָנשטאָפּן די מאָגנס? און דער לוין אײַערער? מאָנט! מאָנט און וואָרנט! — —

ס'איז זיכער געוואָרן: דער שטרייק אין אַלע אַמוניציע־פאַבריקן און אַרסענאַלן איז געווען אַ צוגעגרייטער.

קאַטיע האָט שוין נישט אָפּגעלאָזן בערן פון אויג. אין איין אויפדער־נאַכט האָט זי אים אַפילו מיטגעפירט אַהין, וואו ער איז נאָך ביז איצט נישט געווען אין לאָקאַל, וואו אַ פּאָר פאַרקאָנספּירירטע מענטשן האָבן, מיט שטילע, דריבנע טריט, זיך דערנענטערט איינער צום אַנדערן און מיט געדעמפטע שטימען באַשטימט: „איבערמאָרגן, שבת, וועלן זיך אָפּשטעלן די רעדער און טראַנסמיסיעס..."

צווישן די געציילטע מענטשן האָט בער דערקענט דעם שוואַרצן יונגנמאַנטשיק און געוואָרן געוואויר: דאָקטאָר הערים

הייסט ער. און דער עלאַסטישער באַוועגלעכער דאָקטאָר האָט צוגעוואונקען צו בערן. בער האָט זיך איינגעהאָרכט:

— איר וועט שטיין ביי מיין זייט — האָט הערים דערקלערט.

— יאָ. — האָט בער געענטפערט.

— איר וועט קוקן.

— יאָ — האָט בער באַשטעטיקט.

זיי האָבן זיך געגעבן די הענט.

---

דערפאַר איז די נאַכט אַ שווערע געווען. בער האָט זיך געטרייסלט פאַר איפּרעגונג און פאַר דערוואַרטונג. קאַטיע איז געבליבן אויף נאַכטלעגער אין זיין צימערל און אים נישט געקאָנט באַרויקן. אירע טענות זיינען נישט דערגאַנגען צו זיינע אויערן און זיינע רייד האָבן זי דערצערנט. איז איר אַן איינפאַל געקומען אין קאָפּ. זי האָט אים צוגעצויגן צו זיך, און, ווי זי וואָלט כלומרשט דערוואַכטע געפילן דעמאָנסטרירט, אַזוי געדריקט אים צו זיך.

— ביסט מיר באַלד געפעלן געוואָרן, בער... און איצט געפעלסטו מיר נאָך מער...

און חידושלעך: וואָס מער איר האָט זיך געדאַכט, אַז די לאַסקעס זיינען אָנגעשטעלטע, אַלץ שטאַרקער האָט זי זיך צון אים געטוליעט און געפרעסט איר בלאָנדן קאָפּ צו זיין אָפּגעדעקטער ברוסט. וואָס זיכערער זי איז געווען, אַז ס'איז שוועסטערלעכע נאָענטקייט, אַז ס'איז אפשר שפּיל, אַלץ העפטיקער האָבן אירע ציין געקלונגען, ביז דער דינינקער שמייכל איז פאַרגליווערט געוואָרן אויף די ליפּן אירע, און די אויגן האָבן זיך פאַרגלייזט. און ווערטער האָבן זיך אַרויסגעריסן, מאָנענדיקע, באַפעלנדיקע, גליענדיקע:

— נעם מיך, בער... נעם מיך...

בער האָט געציטערט. זיינע פאַראַרבעטע הענט האָבן געקנאָטן קאַטיעס גוף, געגראָבן זיך אין איר לייב, ביז ער איז, מיט זיין גאַנצער שווערקייט, געפאַלן צון איר זייט. די פרייד איז אויפגעווירן אין זייער אברים.... זיך איבערגעגאָסן, געשטיגן, ביז אין די פאַלדעלעך פון געהירן... ס'האָט אין זיי געשריגן, זיי געוואָרגן און

האַסטיק געמאַכט זייערע אָטעמס... ביז זיי זיינען איינגעשלאָפן...
אַזאַ שפּיל... — —

* * *

אַז דער פּאַרטאָג האָט מיט שפּיזלדיקע נעגל געקראַצט אין די פאַרהויכטע שויבן, האָט זיך קאַטיע אויפגעוועקט די ערשטע. דער־זעענדיק לעבן זיך דעם שלאָפנדיקן בערן, האָט זי צוריק אַראָפּגע־לאָזט די אויגנדעקלעך, ווי וועלנדיק, אין דער בלינדזעניש, צוריק־רופן דאָס, וואָס איז איבער איר אַזוי גיך געקומען און אַזוי אומ־געריכט. זי האָט זיך נישט דערשראָקן פאַר דעם, וואָס ס׳איז גע־שען. פאַרקערט — זי האָט דערפילט, אַ וואַרעמקייט אין אירע גלידער און אַן ליבן תענוג, וואָס לאַסקעט אירע ברוסטן. זי האָט מיט די אייגענע הענט געגלעט אירע יונגע היפטן, מאַסירט דעם האַלז איז געווען אַזאַ לויטערע בלויקייט, כאָטש מיט פאַרמאַכטע אויגן. דאַן האָט זי, מיט אירע אָפּגעדעקטע אָרעמס, אַרומגענומען בערס קאָפּ און מיט די שפּיצן־פינגער געצופּט זיינע וויעס:

— שלאָף נישט, בער...

בער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן דעם „גוטן־מאָרגן" און צו די צאַרטע צופּעלעך. ער איז אַראָפּ פון בעט און, באַגלייט פון קאַטיעס שמייכל, זיך, שווייגנדיק, צונויפגעקליבן:

— קום, קאַטיע! — —

אַ רעגן האָט געשפּריצט. פּוילע, גראָבע טראָפּנס. אַ גליטש איבער די נאַסע שטיינער און אַ הענגענדיקער גענעץ איבער גאַסן.

— איל זיך צו, קאַטיע!...

זיי זיינען אַריין אין טויער פון פאַבריק. אַ רגע, און דער גלאָק האָט אָנגעהויבן קלינגען. זיי האָבן זיך דורכגעשטופּט דעם ענגן, שלעכטבאַלויכטענעם קאָרידאָר און, די לעצטע שוין, אויף גיך אויסגעווישט די פאַרהויכטע לעמפּלעך און זיך אַוועקגעשטעלט ביי זייערע טישלעך.

די רעדער האָבן שוין געשמאַק געריבן, די וואַלצן האָבן געהודזשעט און די גרויסע משא־אַוטאָמאָבילן זיינען שוין געשטאַ־נען אין הויף, מיט אויפגעמאַכטע אויסגעליידיקטע בייכער, וואָס גי־בער אין זיך אַריינצונעמען די שטאָלערנע און אייזערנע געריכטן.

די אַרבעט איז אַוועק מיט איר געוויינלעכן שטייגער. דער קאַדעט האָט געיאָגט, דער אינוואַליד, פעלדפעבל טשיקל, האָט געמוסרט און די שיקסלעך האָבן געזיפצט. אָבער עפּעס איז געהאַנגען אין די טריבע, זשומענדיקע זאַלן. אַ פלאַטערנדיקער, טונקעלער אָנזאָג. אייניקע אַרבעטערינס האָבן זיך איבערגעצלמט און לענגער געהאַלטן די שפּיצפינגער בײַ די שטערנס און נאָפּלען. דער אינזשעניער אָהיים, וואָס איז דורכגעגאַנגען דעם זאַל, האָט פאַרגעסן זיך צו בייזערן; האָט געשנאַפּט און עפּעס געמאַכט מיט די ליפּן... דער אינוואַליד טשיקל האָט גאָר אָנגעהויבן קריכן, ווי אַ טשערעפּאַכע, און געבליבן אײַנגעווייקט, ווי אין אַ זומפּל. יאָ, ס׳איז געהאַנגען אַן אָנזאָג. און דווקא דעמאָלט, ווען אַלע האָבן געזוכט צו פאַרטרייבן דעם אומעט, געבויגן די קעפּ און צוגעלייגט העגט און אויגן צו דער אַרבעט, — האָט אונטער זיי דער פּלאָסטער זיך אַ וואַקל געטאָן!!! ווי אַלע וואָלטן פאַרשטומט געוואָרן און פאַרטויבט. ווי אַלע לעבנס וואָלטן אויף־איינמאָל איבערגעשניטן געוואָרן, אָן אַ פּיפּס, און אַלע אויגן וואָלטן אויסגעלאָשן געוואָרן, אָן אַ לעצטן אויפפלאַם.

ררררו!... דררררו! זזזום! בוך! — די שויבן זיינען אַרויסגעפלויגן פון די ראַמען און האָבן זיך צעשאָטן, ווי פליטערלעך. שטיקער גיפּס זיינען אָפּגעשפּרונגען פון באַלקן, פון ווענט און צעשאָטן געוואָרן, ווי שטויב צעמאָלענער. און אַ געדיכטע פאַרע האָט זיך דורך אַלע שפּאַלטן און לעכער אַריינגעריסן און אָנגעפילט דעם זאַל מיט אַ שטיקעניש.

אַז דאָס אָטעם־כאַפּן האָט אָנגעהויבן שווער ווערן, ערשט דעמאָלט האָבן די דערשלאָגענע אַרבעטער דערשפּירט לעבן אין זיך. ערשט דעמאָלט האָבן זיך פאַרצווייפלטע קולות אַרויסגעריסן פון די העלדזער. פינגער האָבן זיך איינגעבראָכן אין באַקן, אין די האָר פאַרפלאָכטן, און די פיס האָבן זיך אַ ריס־געטאָן צום אַנטלויפן. די קולות פון די פּאַק־זאַלן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די געשרייען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די דערבייִקע פּראָדוציר־זאַלן, מאַשינען־קאַמערן און רעזערוואַר־הייזער. דער געיאָמער פון די אַנטלויפנדיקע אַרבעטער האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן געזידלעריי פון

די אויפֿזעער, אינזשעניערן אין קאַדעטן. שטורמענדיק צו די אַרויסגאַנג-טירן, האָט איינער אויפֿן צווייטן געטראָטן, איינער דעם צווייטן געטראָגן — איין כוואַליע די אַנדערע פֿאַרגאָסן. דער גאַנצער הויף איז פֿאַרפּלייצט געוואָרן מיט ווילדגעוואָרענע מענטשן, און די מענטשן האָבן זייערע צורות אָנגעוואוירן: צעשויבערטע קעפּ, אַרויסגעזעצטע אויגן און אויסגעשפּרייטע הענט, צעעפֿנטע מײַלער, אַרויסגעזעצטע אויגן און צעפּלוטיקטע נעזער.

אַ געלויפֿעריי אין אַלע ווינקלען, אַ ווילד-געפּרעגעריי — און כּלעריליי משונהדיקע ענטפֿערס. בלויז עטלעכע ריעס, אָבער די רגעס, ווי זיי וואָלטן אַן אייביקייט פֿון קאָשמאַר געווען! — —

נאָר בער און קאַטיע האָבן זיך תּיכּף דערכאַפּט, וואָס דאָ האָט געקאָנט געשען. אָבער אויך זיי — זייענדיק צעוואָרפֿן אין פֿאַרשיידענע ווינקלען — האָבן געוואַרט אויף דער באַשטעטיקונג, איבערלעבנדיק, אין אַנגסטן, שווערע מינוטן. „ווער ווייסט? אפֿשר אַ רויטע באַנד?"

און טאַקע נישט שטאַרק איבערגעטריבן זיינען געווען זייער בײַדנס פֿאָרגעפֿילן. ס'איז גיך קלאָר געוואָרן: דער גרעסטער רעזערוואַר האָט געפּלאַצט און דער מאָנטער יעליגעק מיט זיינע דריי געהילפֿן, בויערל, זיידל און זנאַניעצקי, זיינען אויפֿן אָרט אומגעקומען. פֿיר יונגע מענטשן: באַשאַפֿער פֿון לעבנס...

די גיכע קאָמיסיע האָט באַלד „פֿעסטגעשטעלט" דעם פֿאַל אויפֿן פּלאַץ, פֿאַרפֿירט אַ גענויע אויספֿאָרשונג.

האָבן זיך די צעפּלאָשעטע אַרבעטער אַרומגעדרייט אויפֿן הויף, ווי צעשראָקענע הינט, און אין אַלע ווינקלען געשנאַפּט בלוט...

אַז מ'האָט די אומגעקומענע אויף טראָגבעטלעך אַרויסגעטראָגן און זיי אַריינגערוקט אין אַן אָפֿענעם שפּיטאָל-אַוטאָ, ווי מ'רוקט אַריין באַק-בלעכן אין אַן אויוון אַריין, האָט אַ געמורמל זיך דערהויבן, ווי אַ בייזער ווינט...

— אָט, דאָס איז עס! זעט... זעט! — —

בער און קאַטיע, וואָס האָבן דערווײַלע באַוויזן זיך אָפּצוזוכן, האָבן זיך איבערגעקוקט, מיט פֿאַרלאָפֿענע אויגן, און אָפּגערוקט אין אַ זייט.

— בער, — האָט קאַטיע געטאַמלט — בער...

— גערעכט, קאַטיע? איז עס?

— דער אָנהייב צו אַ גוטן סוף — האָט קאַטיע געפונען אַ תּירוץ. — — —

צי ער האָט זיין אייגנס אַרומגעזוכט, צי אומגעריכט אַנטקעגנגעקומען — קורט, דער מעכאַניק, האָט זיך לעבן זיי פאַרהאַלטן און שניידנדיק צוגעוואָרפן:

— מ'וועט נישט וויסן ווער... שוין אַזוי געטאָן... אָבער אַ שאָד די דריי... דער מאָנטער יעלינעק... גייט ער צום טייוול... אין גיהינום אַריין... אַ כלב געווען...

ער האָט אָפּגעווישט די שוואַרצע הענט אָן די לעדער־הויזן און אַרויסגעצויגן אַ קורצע פּיפּקע:

— איצט וועט מען רוען...

ער האָט זיך פאַרצויגן מיט רויך, קורט, און אויסגעשפּיגן...

— מירן זיך נאָך זען. גרוס.

בערן האָט עס פאַרשפּאַרט ביז צום שלונג. געוואָלט האָט ער איבערפרעגן קורטן, אָבער ער האָט בלויז אַ קריי געטאָן, ווי אַ האָן, וואָס וואַרגט זיך מיט אַ האַרטער יאָדרע...

קאַטיע האָט אים אָנגענומען פאַר אַ האַנט, געוואָלט אַרויספירן פון הויף. דער דורכגאַנג איז אָבער געווען פאַרשפּאַרט: ס'איז פאַרפאָרן אַן עלעגאַנטער אַוטאָמאָביל, פון וועלכן ס'איז אַרויסגעקראָכן אַן אַלטיטשקער גענעראַל און דער עולם, ווי אַ פאַרגליווערטע מאַסע, איז געבליבן שטיין אין צוויי פאָרמירטע ווענט. דעם גענעראַלס אַדיוטאַנטן האָבן געוואָרפן שטרענגע, בייזע בליקן אין די די זייטן אַריין, די „קאַדעטן" האָבן זיך געצויגן, ווי אויף ספּיראַלן, באַפוילן רו, אָרדענונג און ערע, — אָבער מאַסע, אין די צוויי פאָרמירטע ווענט, האָט זיך פאַמעלעך צעוויגט...

דער אַלטיטשקער גענעראַל איז מיט דראָבנינקע שריטעלעך אַריין אין רעזערוואָאַר־הויז, אָפּגעזוימט זיך אַ צוויי רגעס און באַלד צוריק אַרויסגעשפּאַנט. דער גרויער מאַנטל זיינער איז געווען צעקנעפּלט און פון אונטער די צעווייעטע פאָלעס האָט אַפּגעגלאַנצט די זיידענע, רויטע פאָטשעווקע. ער האָט צוגעלייגט צוויי פינגער

צום בליאַסקענדיקן דאַשעק פון הויכן קאַשקעט און גענומען מליאַסקען מיט די אויסגעראַזירטע, פּלוסטערנע באַקן:

— דאַנקט, קינדער, דעם האַר-גאָט, וואָס ער האָט אייך מציל געווען... דאַנקט דעם „אַלמעישטיקן", וואָס די פולוער-מאַגאַזינען זיינען געבליבן אומבאַשעדיקט און די אַמוניציע אין אָרדענונג. דאַנקט גאָט און דערמאַנט צו ערע און לויב די „בראַווע" פיר זין... פריי-וויליקע קרבנות פאַרן פאָטערלאַנד... אַלץ פאַר אונזער טייערן פאָ-טערלאַנד...

ער האָט געקייט די ווערטער, דער אַלטער, און מיט אַ פּאָר קורצזיכטיקע אייגעלעך געזוכט אַרום זיך. זיינע בליקן זיינען גע-פאַלן אויף אַ יונגינקן, קרומען „פעהנריך", וואָס איז געשטאַנען ביי-דער זייט. דער אַלטער האָט באַמאָסטן דאָס אָפיצירל און מיט-אַמאָל אַרויסגעפאָרן:

— שוין געקושט אַן אַכצניעריק מיידל אויף די ליפּן, פעהנ-ריך?

— יאַ-וואָל, עקסעלענץ!!

— איז עס אַ תענוג, פעהנריך?

— יאַ-וואָל, עקסעלענץ!!!

— אַזאַ תענוג איז עס צו שטאַרבן פאַרן פאָטערלאַנד... יאָ, יאָ, קינדער....

ער האָט געענדיקט דער אַלטיטשקער און פאַרשנורעוועט זיינע בלויע ליפּן. ער האָט ווידער צוגעפירט די פינגער צום בליאַסקענדיקן דאַשעק און באַלד האָט אים דער אַוטאָמאָביל אַוועקגעטראָגן, אינ-איינעם מיט זיינע אַדיוטאַנטן. —

בער האָט נאָכגעקוקט. געקוקט, ווי אַ מבולבלער. אין זיין מוח איז דער תוהו-ובוהו געוואַקסן.

אויף די ברעטער, ביי די פאַבריקס-טויערן, האָבן זיך באַוויזן גרויסע צעטלען, אַן אָנזאָג פון רעגולערער אַרבעט, וואָס וועט זיך אין צוויי טעג אַרום ווידער אָנהויבן.

אָבער בער האָט שוין גאָרנישט געזען. ער האָט פאַרגעסן, וואו ער געפינט זיך, און נישט געקלערט פון דעם, וואוהין זיינע פיס טראָגן אים. ער האָט זיך, אָן איבעריקע המצאות, אַרויסגע-

דרייט פון דער מאסע און אומבאמערקט דורך קאטיען, ארויסגעשפאנט פון הויף.

די וועגן און די גאסן האבן זיך געשלענגלט פרייע, נאסע, און פארנעפלטע. —

לאנגע שעהן האט ער אוודאי געמוזט מעסטן די דאזיקע גאסן און אנדערע. לאנגע שעהן האט ער זיך געמוזט שארן פאזע די גרויע, אפגעשיילטע ווענט פון די טעמנע הייזער. ווארעם צוקומענדיק צו דעם הויכן מויער, וואס נעמט ארום דעם באבויטן הויף, די ווייסע פאוויליאנען, וואו מענטשן, לעבעדיקע, געפינען זייער רו ביז די לעצטע אטעמצוגן; אז ער איז אהין צוגעקומען, צו יענעם מויער, וואו אינעווייניק, אין א ווייסן זאל, „קינינט" זיין פאטער ר' הירשל, האט זיך דער גרויסער לאמטערן, וואס אויף אן אייזערנעם שטאנג, צעצונדן מיט א מאטן ליכט. נאר דער טויער האט זיך נישט געעפנט. אומזיסט האט ער, בער, געצויגן דאס הענטל פון גלאק. אומזיסט האט ער געשפארט מיטן קאפ אין די גרויסע אייזערנע שטאבעס. די הויכע פאוויליאנען האבן, שווייגעדיק, געווייסלט און אזוי פארביסן געחוזקט...

אבער גאסן און וועגן פירן צוריק: ערגעץ אהין, וואו ס'רוישט און ברויזט; ערגעץ אהין, וואו עלעקטריק פלאם און גרינער סם בלענדן, לויכטנדיק...

גאר שפעט אינאווונט איז ער צוריקגעקומען אין צענטער פון שטאט. געווינט אפצוטרעטן אמאל אין גרויסן ביבליאטעק־בנין פון דער „יידישער געמיינדע", האט ער זיך אדא, אן כוונות, אפגעשטעלט אויף א ווילע. נאר דא האבן אים פלוצלונג צוויי הענט ארומגעכאפט און א פאר אויגן האבן זיך איינגעפרעסן אין זיין פרצוף:

— דו ביסט עס! כ'האב געוואוסט, אז כ'וועל דיך געפינען, זוך איך דיך דערפאר ארום! וואו־זשע קערסטו זיך און וועגדסט זיך, פריינט מיינער, ידיד נפשי?! וואוהין־זשע טראגן דיך דיינע פיס? און דיינע אויגן, וואס קוקן זיי אזוי זאנדערדרבארדר!? עמקו מחשבותיך!!

בער האָט געהערט די ווערטער, פאַרשטאַנען, ווער ס׳דאַרף און קאָן אַט־אַזוי רעדן, אָבער דער פאַרשוין, וואָס איז פאַר אים געשטאַנען, אַ לעבעדיקן נפש, איז אים פאָרגעקומען, ווי עפּעס נישט־דאָאיקס, ווי אַ פאַרשלעפּטע קרענק פון אַ ווילדפרעמדן עולם.

— איך בין דאָך עס, דער גרויסער נאַציאָנאַלער פּאָעט דניאל, דער נביא און דער פּריוואַטסעקרעטאַר! קום, מיין פריינט! לאָמיר שפּאַנען צום טאַקט פון מיין נייעם לעגיאָנען־מאַרש! איך בין דאָ — און מיינע ווערטער באַפליגלען די גיבורי־ישראל, וואָס גייען אונטער זאבס קאָמאַנדע אויף די הרי־יהודה! זיי וועלן איינגעמען ס׳לאַנד כנען!

דער נפש האָט אַ שלעפּ געטאָן בערן און אַליין, ווי אַ ווילדער אָקס, זיך צעשריען:

— אונזער האַר וולאַדימיר־זאב, אונזער שר — וולאַדימיר־זאב!

נישט אַזוי ליכט האָט זיך בער באַפרייט פון פּאָעטס הענט. אָבער אַדאַנק טאַקע אָט דער דאָזיקער באַגעגעניש האָט ער זיך אויסגענינכטערט פון זיין שעהגלאַנגער פאַרטאַמלטקייט, צו זיך געקומען און דערזען, וואו און לעבן וועמען ער געפינט זיך. ער האָט, באין־ברירה, געקויפט ביים פּאָעט אַ קאָפּיע פון נייעם מאַרש, אַריינגעשטעקט אַ מטבע אין דער דיכטער־האַנט און נאָך צוגעגעבן אויף צוויי „קאַוועס“ אַחוץ. אַבי צו קאָנען אָפּטרעטן, אַוועקגיין.

— כ׳וועל דיך ווייטער זוכן! שטענדיק וועל איך דיך זוכן, מיין פריינט! — האָט דער פּאָעט דניאל נאָכגעשריען, קוועטשנדיק די מטבעות אין זיין פאַרמאַכטער פויסט — כ׳וועל דיך זוכן און געפינען, ידיד־נפשי!

בער האָט נאָך אויפגעכאַפּט די דאָזיקע אויסרופעכצער, שפּרייזנדיק אין אייליעניש, און אַ שמייכל געטאָן... דער ערשטער שמייכל אין די דאָזיקע טעג פון אומרו, פּיין און צווייפל...

---

ער האָט געעפנט די טיר פון זיין חדרל. צו גלייך צום בעט. מיט אַ פאַרגלייווערטער גרימאַסע אַוועקגעפאַלן. ער איז רויק אײַנגעשלאָפן די נאַכט, בער. אמת: דער שלאָף האָט אָפּגעיאָגט דעם שמייכל פון זיינע מוילווינקלען, די ליפּן האָבן זיך פעסטער

פאַרשנורעוועט און די ציינער האָבן געקריצט אין מויל. אָבער דורכ־געוועקט האָט ער זיך אַפילו אי־איינמאָל נישט. פאַרקערט: ער איז נאָך געלעגן לענגער, ווי תמיד. דער וועקזייגער האָט נישט גע־קלונגען. גלייך ווי ס׳וואָלט אין אים דער „דעך" אויסגעגאַנגען, אין דער דאָזיקער נאַכט.

איבער דער אַנדערער זייט וואַנט האָט פרוי טערעזע שוין אויסגעזונגען איר מאָרגן־תפילה, מיט אַ לויטערער שטימע, פון וועלכער ס׳האָט זיך אַרויסגעפילט אַ זעלטענע, אומגעריכטע צופרידנ־קייט — און בער האָט אַלץ נישט דערהערט. ערשט אַז אַ גע־זונטע פויסט האָט וואָס אַמאָל שטאַרקער געטומען קלאַפּן אין דער טיר, רייסן דעם שלאָס, האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון קישן. נישט ריכטנדיק זיך אויף קיינעם, האָט ער געפּרוווט צוריק איינ־גיורען ס׳פּנים אין בעטגעוואַנט. האָט אָבער די פויסט נאָך שטאַר־קער געזעצט אין די טיר־טאָוולען און אַ משונהדיקער געברום האָט זיך געלאָזט הערן אין קאָרידאָר:

— עפן!

— ווער איז דאָרט?

— וועסט שוין זען! — האָט די שטימע זיך אָפּגערופן אויף יענער זייט טיר.

— דו גאָר?

— איך! עפן!

בער איז אַראָפּ פון געלעגער, נאָר דאָ האָט ער נישט גע־טראָפן דעם שליסל אין שליסל־לאָך... געפינענדיק אים אין אייפּן וואַש־טישל, האָט ער גאָר געקראַצט איבערן מעש־באַשלאַג און נישט געקאָנט איבערדרייען דעם שלאָס.

— נו! צון אַלדי־גוטע יאָר! עפן שוין!

— איך... כ׳עפן... קום אַריין... דו... דו גאָר.. דודאַלע? ד...ד...דו?

— יאָ, איך. נו, פאַרמאַך צוריק...

בער איז געשטאַנען אַ צעחושטער און נישט געוואוסט, פונ־וואַנען דער אומגעריכטער אורח נעמט זיך אַהער. וואָרעם דודאַלע האָט זיך אין אָנפאַנג אויפגעהאַלטן אין אַ צימער צווישן קאָטיעס אַנ־

דערע פֿריינט, און קיינער האָט נישט אויסגעגעבן בעת אַדרעס. עטלעכע מאָל איז ער צוגעשטאַנען מיט געשמאַקע דראָונגען, אָבער, אַז דאָס האָט אים נישט געהאָלפֿן, האָט ער אַ שפּיי געטאָן, דודאַלע, זיך אַרויסגעקליבן פֿון זיי און די גאַנצע פֿיר חדשים נישט געקומען פֿאַר קיינעמס אויגן. פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. מ׳האָט אים, אמת, נישט אָנגעהויבן צו זוכן. ווער=זשע האָט זיך שוין געקאָנט ריכטן?...

—...פֿונוואַנען נעמסטו זיך? — האָט בער אָנגעהויבן אויספֿרעגן — ווי אַזוי?

— ווי=אַזוי?

דודאַלעס אייגעלעך פֿאַרגראָבן זיך, אַזוי ווי אַמאָל, זיי בלישטשען. אַ געקרויזלטע פּאה הענגט בײַ אים אַראָפּ פֿון אונטערן הוט, אַזוי ווי אין די גוטע, אַלטע צײַטן...

— ווי=אַזוי איך קום! אַז דודאַלע וויל — קומט ער. כ׳האָב נעכטן אויך געקאָנט קומען. מיט אַ חודש צוריק אויך... און מיט צוויי און... און... אָבער ביסטו עס מיר עפּעס חוזק, מוסיו פֿרידמאַן... טשאָרט דיערי! טאָ לייג זיך צוריק. כ׳וועל זיך צוזעצן... אויף דײַן בעט... מיערזאַווטשיק...

בער האָט שוין פֿאַרשטאַנען די רייד. אָבער גלייך מיט זײַן דענערווירונג, מיט דער אויפֿרעגונג איז געשטיגן די ביגעריקייט.

— אָבער וואָס...

— אַוודאי וואָס איך וויל דאָ, ווילסטו וויסן? הא, קראַסאַוושיקל מײַנער? גאָרנישט... זעץ זיך אַוועק... אָדער, טו זיך פֿריער אָן. אַזיסט שוויִיג איך. וואָט!

האָט בער אויף זיך, אין אײַלעניש, אַרויפֿגעשלעפּט די בגדים, אָפּגעטונקען ס׳פּנים, ווי אַ קעצל לעקט זיך אַרום, און געבליבן שטיין אין ווינקל.

דודאַלע האָט דערווײַלע געקוקט אויף די בילדער, אויף די קרענצעלעך אַרום די ווענט, באַטאַפּט די קאַנטן פֿון טיש, און זיך נישט געאײַלט. ער האָט באַטראַכט די אייגענע צורה אינם געפּאַקטן שפּיגל, פֿאַרשאַרט די לאָך און נאָך אַלץ געשוויגן.

איז שוין בערן נמאס געוואָרן די גרויסע צערייטעניִשן און איז אַרויסגעפּאָרן:

— דודל, איך דאַרף באַלד אַוועק....

איצט ערשט הייבט אָן ציטערן ביי דודאַלען אַ ברעם און די ליפּן קרימען זיך אויס:

— אַזוי נעמסטו אויף אַ גאַסט? נו, גוט. כ'על גיין. אָבער... אָבער... וואו איז קאַטיע?

די ערשטע פּאָר ווערטער האָט ער אַרויסגעזאָגט מ'מ אַזאַ געמאַכטער געלאַסנקייט, אַז ס'האָט ממש געקאָנט קיל ווערן. אָבער ביי דער לעצטער שאלה האָט זיך זיין פּנים אָנגעצונדן און אַפילו דער קאַרק איז פאַרלאָפן געוואָרן מיט אַ רויטקייט.

— וואו איז קאַטיע? — האָט ער איבערגעחזרט — האָסט זי אויסבאַהאַלטן?

— וואָס דאַרפסטו קאַטיען? — האָט בער צוריקגעפרעגט, מיט אַן אמתן געלעכטערל — און צוליב דעם דאַרפסטו עס רגזענען, דודל?

ווי בער וואָלט אויפגעגאָסן אַן עמער קאַלט־וואַסער אויף אַן אָנגעגליטן שטיין! דודאַלע איז אַרויס פון די כּלים. ער האָט אָנגעכאַפּט בערן פאַר אַן אַרבל און אים צעשאָקלט:

— כ'וויים, וואו זי איז! כ'האָב באַלד געוואוסט! אָבער פאַרוואָס האָט איר נישט נאָכגעפרעגט וואו אי ך בין? לאַכסט? איר האָט נישט געוואָלט וויסן, וואָס מיט מ י ר איז... וואָס! לאַכסט טאַקע? פאַרוואָס איז אייך נישט איינגעפאַלן נאָכצוקלערן, וואָס איך קאָן טאָן?... אָ, איך קאָן! כ'קאָן!... מי מאָזשעם, בראַט! אַיאָ, דו לאַכסט שוין נישט? אַיאָ? איך וויים אַלץ... אָבער... וואָס רייד איך צו דיר!... גיי ק'טשאָרטו!

ער האָט אים אָפּגעשלײדערט, בערן, פון זיך און צוגעשפּרונגען צו דער טיר. נאָר האַלטנדיק שוין די האַנט אויף דער קליאַמקע, האָט ער זיך נאָך אָן עפּעס דערמאַנט און אויסגעדרייט דעם קאָפּ.

— ווענט איר דערציילן... קאַטיען? וועסט איר דערציילן, אַז כ'וועל משוגע נאָך איר? וואָס נאָך, אַ שטייגער, קאָנסטו איר דערציילן?

ס'האָט געקאָנט דאַכטן, אַז מער האָט ער שוין גאָרנישט וואָס צו זאָגן, דודאַלע; אַז איצט טראַכט ער נאָר, מיט וואָס פונדאַנען אַוועקצוגיין. נאָר מיטאַמאָל איז ער ווידער לעבן בערן! זיינע פאַרזשמורעטע אייגעלעך ווינקען אַזוי ממזריש, און ס'דאַכט, זיי שמייכלען... און ווערטער, ממש קלאָרע פערעלעך, שיטן זיך פון זיין מויל:

— נעכטן אַ פיינער טאָג געווען ביי אַייך אין פאַבריק. פלוצלונג געפּלאַצט אַ רעזערוואַר... אַיאָ, פלוצלונג? איז היינט אַ יום=טוב... און מאָרגן וועט זיין יום=טוב... און איבערמאָרגן וואָס?... עפעס דאַרף דאָך שבת... שבת... זיין...

ער האָט שוין נישט געוואַרט, דודאַלע, אויף קיין ענטפער. ס'איז דאָך נישט געמאָלט, אַז ער זאָל נישט האָבן באַמערקט די קאָלירן אויף בערס פנים: רויט און בלאַס... בלאַס און ברוין=און=בלוי...

ער האָט נאָכאַמאָל פאַרשאַרט די ווידערשפּעניקע לאָך אונטערן קאַפעליוש אַרונטער און זיך אַוועקגעדרייט צו דער טיר:

— מוסיו פרידמאַן, וועסט גריסן דיין קאַטיושענקען... דיין ליובאָוניצע.... זאָג איר, כ'וועל זיך מיט איר נאָך באַגעגענען... —

לאַנג=לאַנג דערנאָך איז בער געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן אָן דער וואַנט, דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אויף אַ זייט, ווי אַן אויסגעלאָשענער.... די קני האָבן ביי אים געציטערט, די ליפן האָבן געצוקט, און די פינגער האָבן געגראַבלט דעם קאַלך... ס'איז שווער צו קוקן מיט אָפענע אויגן אין דעם, וואָס ס'האָט זיך געעפנט פאַר אים... אָפגרונט... קלאַמערט ער זיך אָן דער וואַנט, ווי איינער, וואָס איז זיכער, אַז אָט=אָט זינקט ער אַראָפּ. אויף די ליפן, וואָס צאַפּלען זיך, הענגען צוויי ווערטער: „אַלץ פאַרפאַלן“...

נאָר דער דופק האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. פאַרקערט — אין דער סעקונדע מערן זיך די טיק=טיקן, ווערן שטאַרקער און פאַרגיכערן זיך. אין ברוסטקאַסטן שלאָגט ס'האַרץ העפטיקער און די געפעסן און די אָדערן יאָגן ס'בלוט.

— „אַלץ פאַרפאַלן? נישט פאַרפאַלן! ער וועט נישט מסרן,

דודאַלע! קאַטיע איז דאָך נישט מיינע! ער מוז וויסן! נישט מיינע?? ניין!“

די צען פינגער לעגערן זיך, שפּילען און אין מוח לויכט אויף:

— „נישט פאַרפאַלן!“

---

אין דער צייט, ווען דודאַלע בענקערט האָט באַזוכט בערן, אין דער זעלבער צייט איז קאַטיע געזעסן ביים טיש, אין איר צימערל, און אירע בליקן האָבן זיך גיך געגליטשט איבער געדיכט-באַשריבענע ווייסלעך פּאַפּיר.

דאָס פענסטער, וואָס קוקט אַרויס אויף אַ גרויען הויף אַרויס, איז פאַרהאַנגען. אָבער נאָך יעדן איבערגעלייענטן בויגן, הויבט קאַטיע אויף די בליקן, קוקט צום פירהענגל, ווי וועלנדיק זיך איבערצייגן, צי איז קיין שפּאַרע נישטאָ אין פענסטער-צודעק. די טיר פון צימערל איז פאַרריגלט פון אינעווייניק, און חוץ דעם פאַרבאַריקאַדירט מיט אַ גרויסן, שווערן קויבער. דער גלי-לאָמפּ, וואָס שטייט אויפן טיש, איז אַרומגעהילט און די געלע שיין פאַלט אויף איין אָרט.

קענטיק, אַז די דאָזיקע בריוו, וואָס קאַטיע לייענט איצט, דאַרפן נישט געזען ווערן ווייטער פון דעם באַלויכטענעם ווינקל. אַ סך פון די איבערגעלייענטע צעררייסט זי אויף קליינע פּיצלעך און שיט זיי אַריין אין אַ בלעכל; דאָס בערגל נישט-אויפגעעפנטע, וואָס ליגט ביי דער זייט, דריקט זיי צו מיט אַן עלנבויגן, גלייך ווי זי וואָלט מורא האָבן, אַ נישט-געזעענע האַנט זאָל נישט אַפּירשלעפּן, אָדער די בריוו זאָלן זיך אַליין נישט צעפליען.

קיין שאָרך נישט אין שטוב. זי אַליין, קאַטיע, האַלט איין דעם אָטעם. אַ סודותדיקייט. אָבער נישט קיין פאַרגליווערונג. איר פּנים צוקט-אויף, יעדעסמאָל, אַנטקעגן דער געלער שיין. און אירע ווייסע ציינער בייסן איין די אונטערשטע ליפּ.

אַ פּאָר פון די דאָזיקע בריוו האַלט זי לענגער אין די הענט, און אירע פינגער שאָטענען זיך אויף די ראַנדן. אָט-די בריוו צעררייסט זי נישט. זי רוקט זיי אַריין אין בוזעם, צורעכטמאַכנדיק אויף

זיך, אין דער רגע, די צעפלאָסענע בלוזקע. אויך די קאָנווערטן פון זיי האַלט זי לענגער און לייענט אויפמערקזאַם די אותיות פון די גרויסע פאָסטזיגלען: קאָפּנהאַגן, שטאָקהאָלם, קיניגסבערג...

זי זיצט לאַנג, קאַטיע, לייענענדיק. און אַז זי ווערט פאַרטיק מיט די בריוו, הייבט זי זיך אויף פון שטול, גלייכט אויס דעם רוקן און מעסט אַ פּאָר מאָל דורך דאָס צימער. אירע אייגענע טריט, דאָס שערעווען מיט די שטרויענע, געפלאָכטענע פּאַנטאָפל, דערשרעקט זי. קוקט זי זיך אַרום איבער אַלע ווינקלען. ערשט דאַן באַווייזט זיך אַ שמייכל אויף איר פּנים: קיינער נישטאָ. טאַקע קיינער נישט.

אויפן טישל ליגן נאָך אַנדערע פּעקלעך: בראָשורן, העפטלעך, וואָס אַ באַגלויבטער שליח האָט געבראַכט צו פירן פון איבער דער גרענעץ אַריבער. ציען זיי צו, מיט זייער סוד, אָט־די ביכלעך. אַפּנים זיי אַנטהאַלטן אין זיך אַ וואונדערלעכן צוזאָג, אויף אַ וואונדערלעכן לשון... — —

אַז קאַטיע האָט זיך שוין געהאַט פונאַנדערגעקליבן אין דעם, וואָס זי האָט פריער איבערגעלעזן, פאַרדייעט און זיך קלאָר געמאַכט דאָס, וואָס די בריוו האָבן איר דערציילט און וואָס מ׳האָט פון איר געמאָנט דורך זיי, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן צימער. זי האָט אויסגעשפּרייט די הענט אין דער ברייט, זיך אויסגעצויגן אויף די שפּיצן, ווי זי וואָלט וועלן מיט איר קאָפּ דעם באַלקן דורכלעכערן. זי האָט אָפּגעאָטעמט ברייט און טיף; אַרייַנגעצויגן פייכטע, אומרייניקע לופט אין אירע לונגען, אָבער אַזאַ וואוילקייט האָט זיך אויסגעגאָסן איבער איר פּנים און אַזאַ צופרידנקייט האָט אַראָפּגעשריגן: „גוט איז צו זיין אויף דער וועלט אַ נישט־דערקענטע! אַרומדרייען זיך, קיינער זאָל פון דיר נישט וויסן און דו זאָלסט טראָגן אַזאַ סוד אין בוזעם! גיין אַזוי שטיל איבער דער וועלט און זי גאָר וועלן איבערקערן... איבערדרייען — די דאָזיקע וועלט! אויפרודערן! און גוט איז צו האָבן העלע אויגן, יעדער זאָל זיך שפּיגלען אין זיי און — אָט די אויגן זאָלן גאָר דורכשפּיזלען!“

זי האט א טרייסל געטאן מיטן שויבער און אראפגעלאזט
די הענט. אין קארידאר האט עמעץ א הוסט געטאן. האט זי אויפ=
אויפגעשטעלט א פאר אויערן, ווי א האז, אבער זי האט גארנישט
אויפגעכאפט. דער „הוסט" האט זיך נישט איבערגעחזרט, קיינער
האט זיך נישט דערנענטערט. האט זי צוריק באקומען איר זיכער=
קייט און, אנשפארנדיק איין קני אויפן שטול, גענומען אויפוויק=
לען די פארפאקטע בראשורן. זי האט אינדערגיך איבערגעקוקט די
„טיטלען", געווארפן א בליק אינמיט פון די נישט=אויפגעשניטענע
זייטלעך, ווי זי וואלט וועלן אויף=איין=פוס דערקענען דעם גאנצן
תוכן. אויף איינעם פון די דאזיקע העפטלעך איז געפאלן דער ערש=
טער גורל אויפגעשניטן צו ווערן. זי האט עס ארויסגעשלעפט פון
פעקל, צוגעטראגן צו דער שיין, געדרייט דערמיט, ווי א מבין, דרייט
מיט א פערל, און זיך שיר נישט צעשריען פאר אנגעלאפענער,
ווילדער פרייד:

— „דער מארגן פון ארבעטס=דיקטאטור!" — האט זי גע=
חזרט די ווערטער און די גרויסע אותיות, אויפן רויטן אומשלאג,
האבן גאר באקומען אנדערע פארמען; אט=די אותיות זיינען אין
אירע אויגן געווארן סימבאלן: פון צעשטערונג און פון אויפבוי;
פון אונטערגאנג און נייעם אויפבוי.

אירע פויסטן האבן זי געביילט און זיינען געווארן, ווי
שווערע געוויכטער.

— „קאטיע! — האט עס אין איר געשריען — גיי אהין! צו=
ריק אין דער גרויסער מדינה! קאטיע דעם באקאלייששיקס טאכ=
טער פון שטעטל, גיי, צעשטער! גיי מאך חרוב און פארזיי!"

נאר קאטיע דעם באקאליישטשיקס טאכטער פון קליינעם פא=
דאלישן שטעטל, וואס איז אזש פון שטאקהאלם געקומען אהער
קיין וויין, אין א וויכטיקער שליחות, און די גאנצע צייט געטאן
אלצדינג בשלימות — די דאזיקע קאטיע האט זיך פלוצלונג דער=
שראקן. איר האט א שלאג געטאן א געדאנק גיך און אומדער=
ווארט: „גיין אן אים? אליין? און וואס=זשע וועט ער... און וועל
איך קאנען? און ער... ע..."

זי האָט מורא געהאַט צו דערמאָנען דעם נאָמען. אַ מורא, צי דער דאָזיקער מענטש, וואָס הייסט בער, האָט נישט אונטער־געבראָכן אירע פליגלען און זי צוגעשמידט... איר זיכערקייט איז אויסגערונען, ווי פון אַ געלעכערטן געפעס אַרויס...

אין אמתן האָט דאָך נישט ער, פאַר וועמענס נאָמען זי האָט זיך אָנהויבן שרעקן, זי פאַרצויגן אין נעץ; זי אַליין האָט דאָך, אומבאַוואוסט, זיך געצויגן צו אים, און דורך אים, זיך אַליין באַצוואונגען... „ווי אַזוי־זשע וועל איך קאָנען?“.... — זי האָט פאַר־מאַכט די אויגן, פאַרקלעמט די ציין, צוגעפרעסט דאָס העפט צו דער ברוסט און, אַזוי שטיל, געהעשעט:

— כ'וועל... כ'וועל... — —

ס'העפט האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אירע הענט. זי האָט זיך אָנגעבויגן, אָבער אַזוי גיך נישט אויפגעהויבן. זי האָט גע־פויזעט אויף דער ערד, זיך דערשלעפט ביז צו דער טיר, אָנגע־שפּאַרט דעם קאָפּ אויפן קויבער און זיך פאַרגאַנגען אין אַ העפ־טיקן, ווייבערישן געוויין. די שטעקעלעך פון קויבער האָבן גע־שניטן אירע באַקן, אָבער קאַטיע האָט נישט געפילט. אירע פאַר־אַרבעטע פינגער האָבן זיך איינגעפלאָכטן אין צעפּאַטלטן שויבער און איר גאַנצער גוף האָט זיך געטרייסלט. קאַטיע דעם באַקאַליי־שטשיקס, וואָס האָט געקאָנט באַפעלן, יאָגן אַנדערע, אַרויסרייסן מיטן וואָרצל יעדן צווייפל, שניידן מיט פרענטעס זיך און אַנדערע — די דאָזיקע קאַטיע, אַזוי זיכער אין נע־ונדעווען, אַ שטאָלערנע אין ווילן — זי האָט זיך, נישט ווילנדיק, אַ גליטש געטאָן... האָט זי געביסן אירע פינגער, ביז בלוט... נאָר די זיכערקייט איז נישט צוריקגעקומען אַזוי גיך.

— „בער — האָט עס אין איר געכליפּעט — וואָס וועט זיין?“

זי האָט זיך אַזוי שנעל נישט דערטראַכט...

---

צוויי טעג האָבן זיך קאַטיע און בער נישט באַגעגנט. צוויי טעג האָט מען איינס־וועגן־ס'אַנדערע געטראַכט, אין זיך אַריינגע־קלערט, אָבער — חוץ ווי צו אומקלאָרע שלוסן — צו גאָרנישט מער

דערפירט. בלויז אַ צווייפל איז געבליבן נעסטן אין די הערצער און אַ ניי-געבוירן געפיל איז אויפגעוויירן, אַ משונהדיקס, אַ מאָדנע אַזוינס, וואָס איז ענלעך אויף — האַס!

ווער וועמען קאָן האַסן? — זי, קאַטיע, בערן? הלמאַי-זשע אַרט עס איר, וואָס ער באַווייזט זיך נישט, וואָס ער ליגט ביי זיך אין צימער, אָדער האָט זיך אפשר פאַרקליבן צו זיין פאָטער אין „פּאַלאַץ" אַריין און ער איז אים מקנא, צוליב דער רו אין די ווייסע, הויכע ווענט, וואו ס'איז אַזוי זיכער און אַזוי מלכות-דיק?!...

זי, קאַטיאַ, וויל דאָך אויסגעפינען, צי גייט אויף זיין זאָמען אין איר טראַכט און צי וועט מען אַ קינד נישט אָפּשניידן פון נאָפּל-שנור...

אירע העל-בלויע אויגן פאַרקלערן זיך און ס'לויכט גאָר אויף אין זיי אַ פרייד אויף אַ ווייַלע. „אפשר טאַקע יאָ?"...

און דאָך ווערט איר אַמאָל אַזוי פּראָסטיק אין געביין, אַ גרויל יאָגט איבערן לייב: דער זאָמען פון אַ האַלבן חסר-דעה! די זרע פון דעם, וועמען זי מוז פירן ביי דער האַנט, ווייזן אים אַ וועג און באַפעלן, ווי אַזוי און ווען צו גיין!?...

און דער זאָמען-שפּריץ, וואָס איז געבליבן קלעפּן אין אירע געדערים, וועט אפשר צייטיקן, וועט זי פּענטען, צוקייטלען... אָ, זי וועט זיך שוין נישט קאָנען אַריינרייסן, מיט פריידיקייט און פרייקייט, אין רוישיקן געווערבל, פון פרייע גאַסן, וואָס שטייען אין פלאַמען, וואָס טרינקען זיך אין שוויס, אין קויט, אין רויטער יויך און אין — געזאַנג!

„האַס! פיינט אים! האַס אים!" — און פאָרט אַרט זי, הלמאַי איז ער נישטאָ, הלמאַי קומט ער נישט, בער... — —

און בער? ער ווייסט, אַז אין יענער נאַכט, ווען קאַטיע איז ביי אים געבליבן אויף נאַכטלעגער, אין דער-אָ נאַכט — איז אַראָפּ דער שטאָלערנער פאַנצער פון דעם וואונדערלעכן מיידל, און דער נאַקעטער קערפּער, פון ראָז-הויטיקן קאָליר, פון פלייש, פון ריפּן און ביינער — האָט אַ כיכיקע געטאָן פון דער גאַנצער גבורה!...

אירע פֿאַרהאָרעוועטע הענט, אָנשטאָט צו קלאַפּן אויף אָנגעזאָטלטע רוקנס, אָנשטאָט קייטן צו רייסן — קאָנען זיי גאָר אַרומפֿלעכטן אַ מאַנסבילשן האַלז און שפּעטער... צוריקפֿאַלן, ווי געליימטע, אויף ווייסע קישנס...

די העלע אויגן, אָנשטאָט דורכצוועגבערן — קאָנען גאָר גלאַנצן, גלוסטנדיק, און די דיקלעכע ליפּן, איידער צו באַפֿעלן און אָנצינדן — הויבן זיי גאָר אָן פֿלאַפּלען, ביז קאַלאַמוטנער חלשות...

טוט אים באַנג, בערן, וואָס זיין העלדין האָט זיך פֿאַר אים אויסגעטאָן, און וואָס ער האָט געלאָזט, זי זאָל זיינע קני אַרומנעמען. ס'טוט אים באַנג און אַ כעס טליעט אין אים, הלמאַי זי אַליין האָט זיך פֿאַרלוירן און דערפֿאַר צעשטערט זיין גלויבן און אונטערגעזעגט זיין זייל!

„האַס! פֿיינט! האַס זי!“ — נאָר אים אַרט, וואָס זי זוכט אים נישט, קומט נישט אָנזאָגן און רופֿן... און ס'אַרט אים אַפֿילו, וואָס דודאַלע בענקערטס חשד איז נאָר אַ האַלב-אומזיסטיקער... „האַס, פֿיינט! זי!“... דערביי קוקט ער אָבער פֿאָרט דורך די פֿאַרהויכטע שויבן אין גאַס אַרויס און... זי קומט גישט... און טו עפּעס...

צוויי טעג. ביידע אַזוי: ביימלען אויס חלומות... ער און זי.

ערשט אין דער נאַכט אויפֿן דריטן טאָג האָבן זיי זיך באַגעגנט. אַ שטיל באַגעגעניש. מ'האָט נישט געקאָנט ריידן וועגן אייגענע חשבונות, — ס'איז אַ גאָר וויכטיקע באַראַטונג אין „שטילן“ לאָקאַל. דאָס קאָמעדיאַנטשיקל, דער קליינער דאָקטאָר הערים, קראַצט די הויכע ווינקלען פֿון שטערן, שיבערט זיך אין די קרוזולעך און, אַ צופֿרידענער פֿון דער „שטימונג“, וואָס הערשט אין אַלע פֿאַבריקן און אַרסענאַלן, שעטקעוועט ער אַנטראַגן, ווי קרויט...

אַ צווייטער חבר, אין מיליטערישע קליידער, לויטנאַנט קישאַזי, וואָס איז ערשט-נישט-לאַנג צוריגעקומען פֿון סיבירער „געפֿאַנגענשאַפֿט“, לאָדט אים זיין קעסעלע מאַדיאַריש בלוט און פֿייער. אַ פֿאַרטיקער „רויטער“ — היצט ער זיך, טאַדלט די שוואַכע פּראָפּאַגאַנדע און פֿאַרגעסט, וואו ער שטייט אַיין. מוז מען אים

אײַנעמען, צוזאָגן, צוגעבן „גערעכט“, אַזוי לאַנג ביז ער באַרויִקט זיך און קאָן שוין, אַ צופֿרידענער, ווידער גלעטן די ווילדע באָרד און טאַפּן די זעבל־שראַמען אויף זיין פּנים.

אַ ווייטיקע באַראַטונג. אָבער ווי פּאַרטאָן קאַטיע איז נישט געווען (— אויך זי האָט גערעדט, געהאַלטן מיטן מאַדיאַר קושאַ־זי —), האָט זי אַלעמאָל געקוקט צו בערן, וואָס איז געזעסן אין אַ זייט, לעבן מעכאַניק קורט און האָט צוגעהערט, מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. זי האָט נישט געזוכט אַראָפּצולייענען פון בערס פּנים דעם איינדרוק, וואָס אירע ווערטער און אויספירונגען מאַכן. זי האָט נישט געזוכט צו דערגיין, ווי ווייט עס נעמט אים אַרום דער פלאַם פון אירע רייד, און ווי שטאַרק זייער ריטם באַוועגט אים. — זי האָט געקוקט אויף אים, ווייל איר האָט זיך געדאַכט, אַז וואָס לענגער זי לאָזט האַפטן אירע בליקן אויף אים, אַלץ שטראָמענדיקער רעדט זי, אַלץ מער פּלייצט זי מיט באַווייזן און שטאַרקער דריקט זי אויס איר שנאה צו די דאָזיקע, וואָס שטייען אין וועג און האַלטן אויף דעם גאַנג פון דער דערלייזונג; אַז אַלץ פאַרביסענער ברענט זי און בראָט אויס דעם דאָזיקן מיאוסן קלאַס פון קריכער: די ווערעמדיקע, בלויע ראַסע...

אַזוי האָט זי געשאָטן פּעך און שוועבל, עמערס קללות, אויף די קעפּ פון די שוואַכע, די פּחדנים, וואָס ברילן נישט אויף, וואָס רייסן זיך נישט אַרויס און מאַכן נישט חרוב! נאָר, וואָס לענגער זי האָט גערעדט, געקוקט אויף בערן, זיך געשוויבערט און צעפּיפּסט— איז גרעסער געוואָרן איר פלוצלונגדיקער האַס... צו זיך אַליין; — ביז רחמנות, ביז טרערן...

אָבער אַז בער האָט, תּיכּף נאָך איר, גענומען ס'וואָרט, האָט זי שוין אַפילו אי־איינמאָל נישט אַ קוק געטאָן אין זיין זייט אַריין. זיינע רייד האָבן זיך איינגענעגלט אין אירע אויערן־פּייקלעך, זיינע זאַצן האָבן געשמיסן איר לייב, ווי ריטער:

— מיר אַלע זיינען שוואַכע! קיינער נישט, פון אונז, איז ווי דער ברענענדיקער דאָרן, וואָס ברעכט זיך נישט איין און ווערט נישט פאַרקילט! ווער פון אונז וועט דער ערשטער אַרויס און אָנכאַפּן די ווילדע פערד פאַר זייערע צוימען? ווער וועט מיט זיינע

פינגער איינהאַלטן די ספּרעכעס פון די רעדער? ווער וועט זיך נישט פאַרגעסן, ווען די מינוטן פון אייגענעם זיסלעכן תענוג וועלן אי־בער אים קומען? מיר אַליין מוזן זיך ערשט אין פייערן איבער־ברענען, מיר אַליין מוזן זיך ערשט אין וואַסערן שווענקען — ביז מירן פּאַרטיק ווערן מיט זיך!

קאַטיע האָט טיפער געבויגן איר קאָפּ, די בלויע אויגן אירע האָבן אַראָפּגעקוקט צום דיל און געציילט די אָפּפאַלן פון פּאַפּי־ראָסן, אָפּגעברענטע שוועבעלעך און גלאַנצנדיקע עקן פון געזאַל־צענע אָפּגערידזעטע הערינג...

זי האָט אים נישט געזען, בערן, אָבער געפילט האָט זי, ווי ער רייט אויף איר אַרויף, רייט אַריבער, און זי קאָן אים נישט איינהאַלטן.

נאָר איינמאָל האָט זי זיך אונטערגעריסן. קורטן, דעם מע־כאַניק, זיינען, קענטיק, נמאס געוואָרן בערס „זאַו־יִדישע" דרשות, דער מוסר און דער אויסגעוויקטער פּאַטאָס. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער פּיפקע אָן אַ קני און געגעבן אַ קלאָרן אָנצוו־הערעניש, אַז ס'זיינען יאָ פאַרהאַן „שטאַרקע", אַז ס'זיינען יאָ פאַר־האַן „מוטיקע"; — והראיה — דער „רעזערוואואַר".... דעמאָלט האָט קאַטיע זיך אַ וואָרף געטאָן. אָבער נישט, כדי איינאיינעם מיט קורטן, צו נישט־צומאַכן בערס טענות, נישט כדי איבערצוקערן דעם קריקעווער פאַרחלשטן, זיידענעם בחור. זי האָט גאָר דערפילט, אַז ביי איר רייסט זיך עפּעס, רייסט זיך און שרייט: „נאָך! נאָך!"

און זי האָט ווייטער געקאָנט הערן. בער האָט איבערגעוואַרט. אָבער דאַן זיינען שוין געקומען „דונערן־און־בליצן"... ווי ער וואָלט דאָס געשטאַנען אויף אַ באַרג און מגלה געווען סודות! ווי ער וואָלט פון וואָלקנס אַראָפּ — אַזוי האָט ער אָנגעזאָגט:

— לאָזט מיך, איך וועל גיין! איך וועל גיין פאָראויס און אַלע וועלן נאָכגיין: פון די פאַבריקן, פון די אַרסענאַלן! די רעדער וועלן נישט זשומען, די שרויפן וועלן בלייבן שטעקן אין די קעס־לען....

— וועלן פּלאַצן, אויב מ'וועט דאַרפן!! — האָט קורט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן.

— ווען מ'וועט באַפעלן! — האָט עמעצער, אין ווינקל, אונ־טערגעשעפטשעט.

נאָר בער האָט זיך געטרייסלט, ווי אין אַ קדחת:

— מיר שטייט קיינער נישט אין וועג! איך בין פריי! איך בין ווינט! איך וועל יעדע הנאה פון זיך אָפּיאָגן און פון יעדן תענוג אַנטלויפן... כ'וועל זיך היילן, ווי אַ קרעציקער פון צרעת... ווי אַ קרעציקער....

קאַטיע, אַזוי אָנגעבויגן, האָט ווידער געציילט די אָפּשניצ־לעך פון פּאַפּיראָסן און די עקן פון הערינג...

זי האָט אָבער געפילט, ווי אירע בלוטקוואַלן ווערן פאַר־זיגלט... — — — — — — — —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

בער האָט שוין נישט געפירט. עמעץ אַנדערש, אַן אַנדער האַנט, האָט אָפּגעשטעלט דעם גאַנג פון די רעדער און דאָס שווינד־לען פון די שרויפן. אַן אַנדערנס שטימע — דווקא דאָס דינינקע, פייפלדיקע קולעכל פון שוואַרצינקן דאָקטאָר הערים — האָט אַרויס־געיאָגט די הונדערטער, די טויזנטער אַרבעטער פון די אַמוניציע־פאַבריקן, פון די אַרסענאַלן, און זיי געשיקט איבער רוישיקע ווינער גאַסן — זיי זאָלן אויפשרייען.

זיי האָבן טאַקע געשריען, אָבער בער האָט שוין נישט גע־הערט. די דיקע תפיסה־ווענט, צו וועלכע ער האָט געטוליעט זיין אָנגעגליטן קאָפּ, האָבן נישט צוגעלאָזט קיין ווידערקול.

דורך די קליינע, הויכע פענסטער, איבערגעצויגענע מיט אײ־זערנע זיפלעך, האָט ער נישט געקאָנט זען דעם געאָרדנטן גאַנג פון אויסגעמאָרעטע, הינקענדיקע, לאָמע, וואָס ציען מאַיעסטעטיש אי־בער „שיינע" גאַסן, שטעלן זיך אַלעמאָל אָפּ, ווי צו אַ הספד, צו אַ הזכרה, מיט אַנטבלויזטע קעפּ. ער האָט נישט געזען די גרויסע אותיות, אויף פאָנען און טראַנספּאַראַנטן, וואָס האָבן מבשר געווען און געמאָנט, ווי אותיות אויף הויכע לוחות: „גיב ברויט, גיב פרייהייט! גענוג בלוט! גענוג זנות, גענוג געוואַלט!"

און ער האָט נישט געזען, ווי די קיראַסירן, אויף ווייסע פֿערד, מיט גלאַנצנדיקע שווערדן אין די הענט, שפּרינגען צוריק, נישט קאָנענדיק זיך אַריינרייסן אין די ווענט פֿון מענטשלעכע פּלייצעס און אַקסלען געקייטלט... און ווי אין דערמיט פֿון דעם גרויסן, מאַיעסטעטישן צוג, פֿאַלן אַוועק צו דער ערד בלייכע פֿרויען און מורמלען אַריין אין די רעלסן, אין די אָדערן פֿון שטראָז... ווי די זיילן פֿון די הינטערשטע רייען, פֿון מענטשלעכע גופים געפֿורעמט, גייען אָפּ אין רויטער פֿליסיקייט און פֿאַלן נישט איין.

ער האָט נישט געהערט און נישט געזען. נאָר געפֿילט האָט ער, בער, אַז אַזוי מוז זיין. ער האָט געטוליעט דעם הייסן שטערן צו דער פֿייכטער וואַנט און מיט די פֿינגער געווישט דעם שימל. און געקלערט האָט ער, אַז אפֿשר איז בעסער, וואָס ער איז נישט דאָרט, ווייל... ווען ער וואָלט דווקא געמוזט זיין דאָרטן, וואָלט ער דאָך יאָ געווען און נישט געשלאָגן קאָפּ אָן וואַנט אַ־דאָ! דער לעצטער געדאַנק האָט אים אַפֿילו צעטומלט. ער האָט זיך דערשראָקן פֿאַר דעם וואונק: „השגחה“... ער האָט אָבער אַליין נישט געקאָנט גלויבן אָן אַ וואונק פֿון אַ מענטשנס אַ פֿינגער און אָן אַ שפּיציקן ווערטל פֿון אַ ממזרישער צונג. ער האָט נישט געקאָנט גלויבן, אַז עמעץ האָט זיך דאָס אַזוי פֿאַר אים געמיט... אָבער טיף, אויפֿן דנאָ, האָט עס אַ נאָג געטאָן: „אפֿשר טאַקע דודאַלע בענקערט? זיין וואונק?“...

און טאָג־טעגלעך, ווען ער עפֿנט זיינע אויגן און דער מוח הייבט אָן אַרבעטן, וויל ער פֿאַרטויבן די פּלאָג און פֿאַר דרענגען דעם חשד. איז — ווידער קאָפּ אָן וואַנט. — — —

שוין פֿערצן מאָרגנס האָט ער אָנגעציילט אויף די פֿינגער פֿון זיינע הענט — צען, און ווידער פֿון אָנהייב, פֿונם גראָבן...

זינט יענעם גאַנץ־פֿרי, נאָך דער „באַראַטונג“, ווען ער איז צוגעקומען צו די מויערן פֿון דער פֿאַבריק און זשאַנדאַרמען האָבן אים פֿאַרהאַלטן ביים טויער...

צוויי וואָכן, ווי קיינער קומט צו אים נישט און נישט מ׳פֿרעגט זיך נאָך. דעם ערשטן טאָג האָבן „וואַכמייסטערס“ צוגענומען זיין „דאָקומענט“ — מיט אַ זיכערקייט און אַ שמייכעלע אויף די ליפּן;

האָבן אים פאָטאָגראַפירט, צוריקגעשענקט זיין „אַלטן נאָמען" און, ווידער אַזוי שמייכלענדיק און גלעטנדיק, מיט ווייסע גלאַזוע־הענטשקעס, אָפּגעשיקט אין דער מיליטערישער תפיסה־אַריין; פאַרזאָרגט מיט אַ רעפּטל ליימיקן ברויט אַ טאָג, אַ קריגל וואַסער און אַ פאַרלוייזיקטן, פאַרפוילטן שטרויזאַק — „צוליב"....

— רוט אַייך אויס, הער פרידמאַן, יאַ הער בער פרידמאַן פון קריקעוו... „ראַסטן זי"... ביז מ׳וועט אַייך ווידער אַרויסשיקן אויף דער לופט... — —

פערצן טעג. בלויז אַן אַלטער וועכטער, מיט גרויע פראַנץ־יאָזעפס־באַקנבערד, מיט ווערעמדיקע אויגן און אַ סך קופּערנע מעדאַלן אויף דער ברוסט, קוקט צון אים אַריין יעדן אינדערפרי, ווינטשט „גוטן־מאָיען", דערלאַנגט די „שפּייז" און געזעגנט זיך מיט „גרוס־גאָט"....

איינער אַליין. ביחידות. ער ווייסט נישט, ווער ס׳איז איבער דער אַנדערער זייט וואַנט און ווער ס׳רודערט אויף די שטילקייט אין קאָרידאָר, מיט אַייזערנע פּאָדקאָוועס. אפשר סאָלדאַטן, אפשר פעלדפעבלען און אפשר נאָך אַנדערע תפוסים...

ער גייט נישט אויף קיין „שפּאַציר" און רייסט זיך נישט אינדערהויך, צום פענסטער. אַפּנים אַזוי איז אים גוט, טוליען דעם קאָפּ צו דער וואַנט, אָדער הויערן אויפן שטרויזאַק, האָבן צוקאָפּנס דעם צעבער אומריינקייט, און קראַצן ס׳לייב...

ס׳זיינען אָבער פאַרהאַן, אין די פאַרחושכטע תפיסה־ווענט, מינוטן, ווען ס׳לויכט אויף אינם מענטשן אַזאַ ליכט, וואָס וואַרעמט, פאַרבלענדט, אַז דער גאַנצער „אַרום" קומט אַהין... זעט זיך נישט אַרויס... — „האָסט געטאָן, בער"... — און ס׳זיינען פאַרהאַן רגעס, ווען די פינסטערניש שפּרייט זיך אַזוי אויס, אַז דער מענטש זעט נישט זיך אַליין און ער זוכט זיך: „וואָס האָסטו געטאָן, בער? וואו ביסטו? און פאַרוואָס דאָ? און אפשר איז דיין מקום־מנוחה אין יענע הויכע, ווייסע ווענט, וואו ר׳ הירשל פראַוועט יחידות? וואו ביסטו, בער, און וואוהין וועט מען דיך פירן? — — —

אויפן דרייסיקסטן טאָג איז ער געוואויר געוואָרן. מ׳האָט אים געמשפּט. קורץ, אָן שהיות. עטלעכע אָנגעפּאָמאַדירטע אָפיצירן, מיט

מאַנאַקלען אויף די אויגן, האָבן איבערגעפּרעגט, איבערגעקלערט, אָנגעטאָן די היטלען מיט די קאָקאַרדעס און אַרויסגעטראָגן דעם פּסק־דין:

— „אין נאָמען פון קייזער־קיניגלעכן קריגס־געזעץ ווערט בער פרידמאַן, וואָס האָט זיך נישט צוגעשטעלט צו מיליטער־דינסט און נישט געמאָלדן באַצייטנס, פאַרמשפּט צו 6 מאָנאַטן תּפיסה. פאַר לעבן אויף אַ פאַלשן פּאַס, אַלס האָלענדישער אונטערטאַן, ווערט ער באַשטראָפט מיט 87 טעג קאַרצער. פאַר „רייצן די געמיטער פון „בראַווע“ אַרבעטער ווערט אים דערלייגט 18 טעג און זעקס שעה „ציוויל־קערקער“. אָן מעדיצינישער אונטערזוכונג ווערט דערווײַלע דער „מאַן“ אָנערקענט אַלס פּראָנט־דינסט־טויגלעך און די תּפיסה־שטראָף ווערט „פאַרשאָבן“ ביז נאָכן „זיג“. אין די נאָענטסטע טעג ווערט „מאַן“ אָפּקאָמאַנדירט צון אַ קורצער, מיליטערישער אויסבילדונג און צוגעטיילט צו דער געהעריקער „מאַרש־קאָמפּאַניע“. אין נאָמען פון קייזער און פאָטערלאַנד. אין נאָמען פון... האַוו... האַ... הע....“

אַ געגעץ... מידקייט. און זויערקייט אונטער די ציין...

— — — — — — — —

ווידער אַליין אין דער צעל. מיט דער דערוואַרטונג.

בער טאַפּט מיט די שפּיצפינגער די פייכטקייט אויף די אָפּגעשימלטע ווענט, און קלערט, גאָר רויק און געלאַסן, וועגן זיין נייער עובֿדה....

אין דער לעצטער נאַכט, אין חלום, האָבן אַפילו אויפגעגלאַנצט באַיאָנעטן. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געלעכטער. אַן אויסגעצויגענער, שטשירענדיקער געלעכטער.

ווי ער וואָלט דאָס האָבן אַרויסגעפילט, אַז ברויט וועט מען אים היינט ברענגען צוויי רעפטלעך און אַפילו אַ פענדל הייסע, גרינע, גאַלאָפּ־זופּ... און דער אַלטער דינער האָט דאָך לענגער געצויגן דעם „גרוס־גאָט“.

בער האָט פאַרגעסן אָנס נעכטיקן, אָנס אייערנעכטיקן טומל און אָן אַלץ אַרום. ער האָט אויסגעכלעפּטשעט די זופּ און אַרומגעלעקט דאָס רעמל, אַזש אַ מחיה! און ס׳האָט דאָך געקאָנט

אַזוי דער טאָג פאַרגיין און בער זאָל אויסזיצן די שעהן זיינע אויפן פריטש און אַפילו מיט קיין האַנט נישט רוען. ס'לייב איז דאָך שוין געוויינט צו די פליי און וואַנצן... קריכן זיי... בע... פויזען ווערים... „גאָט ערהאַלטע, גאָט בעשיצע אונזער קאַיזער...“ האָט אָבער מיטאַמאָל, גאָר אומגעריכט, אַ סקריפּ געטאָן די טיר און דער אַלטער וועכטער האָט זיך אויסגעהוסט:

— אַ גאַסט איז געקומען. מיט אַ דערלויבעניש... געוויס...

עפּעס האָט ער נישט באַנומען, בער.

— מיט אַ צעטל — האָט דער אַלטער צונגעגעבן, פינטלענדיק מיט זיינע ווערעמדיקע אויגן — געוויס...

בער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. און ס'איז אים נישט איינגעפאַלן צו פרעגן, ווער ס'איז געקומען און ווי אַזוי דער גאַסט זעט אויס. דער גאַנצער ענין איז אים אויסגעקומען ווילד און אויסגעטראַכט: אַז קיינער איז, לחלוטין, נישטאָ — האָט דאָך קיינער נישט געקאָנט קומען!

ערשט, אַז דער וועכטער האָט אים, גאָר פריינטלעך, אַ שלעפּ געטאָן ביים אַרבל און מיט איין צי אים אַריבערגעצויגן איבער דער שוועל פון קאַמער, האָט ער ערשט אַ ברום געטאָן:

— וואו=זשע איז ער, דער גאַסט?

— דאָרט.

דער וועכטער האָט, שווייגנדיק, צוגעפראַלט די שווערע, אייזערנע טיר, זיך געשטעלט הינטער בערס רוקן און אַרויסגעמעקעט:

— פאָרווערטס!

נאָך עטלעכע מינוטן שטאַמפּן איבערן טונקעלן, שטיינערנעם קאָרידאָר, איבער די לאַבירינטישע, שלענגלענדיקע גענג, האָט דער אַלטער ווידער אַרויסגעמעקעט:

— האַלט!

דאָ האָט ער מער נישט באַפוילן, נאָר טאַקע בידים אויסגעדרייט בערס האַלז=און=נאַקן און אים אַריינגעפּאַסט אין אַ געל=שוואַרץ=געפּאַרבטער טיר:

— אַ=דאָ!

אין הויכן, ווייס־געקאַלכטן צימער, מיט אײַזערנע נעצן אויף די פֿענסטער, האָט בער אַ ציטער געטאָן. ער האָט זיך דערטראַכט: אפֿשר געפֿינט ער זיך גאָר בײַ ר׳ הירשלען? — האָט אָבער דער מענטש, דער גאַסט, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל, אײַנגעקנוילט אינדרייען, זיך אויסגעהוסט, צערירט די פֿיס און זיך צעוואַקלט:

— דערקענסט נישט דודאַלען?

הכנעה, ווי פֿון אַן אויסגעשמירטן, פֿאַרשיווון הונט, אַן אײַבערגעפֿאָרענעם, אַן אויסגעמאָרעטן — אָט דאָס — אין דודאַלעס קאָרטשען זיך און קנײַטשן:

— טרעט אויף מיר, בער, איך האָב דיך געמסרט! שפּײַ אויף מיר!

דודאַלעס קול — אַ געוואָיעריי. ביז אומפֿאַרשטענדלעכקייט. ביז ער האָט זיך אַנידערגעוואָרפֿן צו בערס פֿיס, זיך אויסגעצויגן און פֿאַרגאַנגען:

— כ׳פֿאָר קיין קריקעוו... כ׳וועל אָבער נישט קאָנען גיין צו דײַן זיידן... וועל איך אָבער ערגעץ אַנדערש גיין! כ׳וויים שוין וואוהין!.. איך... איך... אָבער... אָבער פֿאַרוואָס האָט איר אַלע מיך פֿאַרשטויסן? איר האָט מיך אויסגעווייכט...

און בער איז געשטאַנען — גלײַך מחוץ די דאָזיקע ווענט — ווי דאָס געוואָיעריי וואָלט צון אים דערגאַנגען פֿונווייטנס און די ווערטער וואָלטן זיך אַרײַנגעגנבעט דורך אויסגעבייערטע לעכער. און ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, בער. צו־וואָס רעוועט עס אַ מענטש אַזוי? ווער האָט אים פֿאַרשטויסן און צו־וואָס פֿאַלן אים די קודלעס איבער די אויגן אַראָפּ?

דאַן, מיטאַמאָל:

— אַך, פֿאַשלי ווי! גייט איר אַלע צון אַלדיי־רוחות! פֿאַרוועמען קריך איך עס עפּעס אויף די קני!?

דודאַלע בענקערט האָט זיך אַ הויב געטאָן, פֿאַרוואָרפֿן זײַן לאָק איבער דער שלייף און, אַזוי ממזריש ווי תּמיד, זיך צעבליצט מיט די אויגן:

— עך, סקאַטינאַ! דודאַלע וועט אײַך נאָך אַלע... אַלע... טפֿוי...

דערוויילע עפנט זיך די טיר. דער אַלטער וועכטער דרייט מיט זיינע קאַפּראַווע אויגן, גלעט די באַקנבערד און ווייסט נישט, וואָס דאָס איז:

— אָבער אָנשטענדיק דאַרף מען זיך פאַרהאַלטן, יונגעלייט! און די צייט איז „אויס!"

דאַן קאָמאַנדירט ער שוין ווידער און מעקעט:

— פאָרווערטס!

---

אַ נאַכט, אַ פינסטערע, אין די היימישע תפיסה־ווענט. בער ווייסט נישט, אַז ס'איז די לעצטע, די געזעגענונגס־נאַכט. און גאַנץ קאַיאָר, טרייסלט מען אים אַראָפּ פון פּריטש:

— אויף! „בערייט!"

אין קאָרידאָר דרייען זיך שוין בלוי־באַמאַנטלטע, מיט לע־דערגאַרטלען אויף די לענדן, ביקסן אויף די אַקסלען — „גע־פּלאַנצט".

— הערויס:

דראָזש אין די ביינער. נעפּלדיק פאַר די אויגן. בלייערנער הימל — פאַרט הימל.

עטלעכע צענדליק מענטשן, באַוואַכטע פון פאָרנט און פון הינטן, שפּאַנען, אויסגעצויגן. צווישן זיי — בער. אַ „געפרייטער", מיט פלאָמענבאַרשט־שטייפע וואָנצן כאַרטשעט ביין:

— מאַררררש! איינס, צוואַי... דירעקציאָן זאַמלשטעל! איינץ...

איידער וואָרער טאָג האָט נאָך אויפגעגנעצט, האָבן די באַוואַכטע פאָר צענדלינג „מאַן" באַוויזן צו זיין אין באָד און צו באַקומען אַ צורה פון מענטשן: אָפּגעגאָלטע קעפּ, און אויף אויסגעמאָרעטע לייבער — מונדירן, ווי עוג־מלך־הבשנס פּיסנזעקלעך...

דער פלאָמנבאַרשט „געפרייטער" האָט באַפעלעריש געקלאַפּט איבער די אַקסלען און באַמאָסטן פון קאָפּ ביז צו די פיס:

— נאָ אַמאָל! ס'גייט לאָז! ווי הייסען זי?

בער איז אים געפאַלן אין די אויגן. זיין אָפּגעטשימכעטער קאָפּ האָט אַרומגעשוואומען אין זעלנערישן היטל מיטן צעשפּאָל־

טענעם דאַשעק, ווי אַ קליין הויפטל קרויט אין אַ גרויסער מאַ־קורטע און די פיס אין שיך, ווי ביטלעך, האָבן געדריגעט.

— ווי הייסען זי? זי, „שלימיעל“, — האָט דער געפרייטער געכאַרטשעט — נאָ אַמאַל, רעדען!

— פרידמאַן, — האָט זיך בער אָנגעשטויסן — פרידמאַן...

— „מאָריץ?“ יאַ?

ער האָט, קניינאָרע, געשמייכלט, דער געפרייטער. מיטאַמאָל האָט ער זיך צערגזעט, אַזש זיין גאָמבע האָט געציטערט:

— נאָ אַמאַל! שרייען זי — יאַוואָל! יאַוואָל!

— יאַוואָל — האָט בער נאָכגעזאָגט. — — — —

שפּעטער־צו האָט מען די עטלעכע „מאַן“ געפירט צון איינעם פון די וואָקזאַלן. לעבן אַ גערטנדל האָט דער געפרייטער אָפּגעשטעלט זיין „צוג“. פונם לעדערנעם בויך־טאַש האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר און געלייענט, הויך, אויף אַ קול, מיט אַ געבייזער און גרויס חשיבות:

— פאַרשטאַנען? איר גייט צום פראָנט! נאָ, אַלזאָ, מאַררש! —

אַוודאי, פאַרשטאַנען. אין אַ וואַגאָן „6 פערד, 40 מאַן“, האָט מען זיך אויסגעבעט אויף פוילן שטרוי און געלאָזן הענגען די קעפּ. נאָר איינער פון די „מאַן“, אַ בריינער מאַדיאַר, האָט אַ בלישטש געטאָן מיט זיינע ציינער און געשיקלט אַן אויג:

— אַך וועט מען קילענען!... אַך וועט מען טרענען בייבער! אויפטרענען...

און אַז די רעדער האָבן זיך אַ קאָלער געטאָן איבער די שינעס, האָט ער זיך צעזונגען:

כ׳האָב געליבט אַ מויד, אַ וואוילע,
און געטרונקען שטאַרקן ווין...
כ׳האָב געשאַרפט מיין לאַנגן מעסער
און דערלאַנגט אין הארץ צריין...
אָי־לאַ!.. לאַ־לאַ־לאַ!...— — —

בער האָט זיך אָן עפּעס דערמאַנט און אַ שמייכל געטאָן:
אָי - לאַ! לאַ - לאַ - לאַ!

— — — — — — — —
— — — — — — — —

נאָך דעם זעלבן אויף-דער-נאַכט האָבן צוויי מענטשן אִי-בערגעחזרט, מיט פאַרבלאָעטע ליפּן:

— צו שפּעט געקומען...

— געקומען צו שפּעט...

דער זיידע, דער אַלטער ר' נוחקע, האָט אויסגעצויגן די ווייסע באָרד און מיט אַ פּאָר תּחנונים-בעטנדיקע אויגן געקוקט אויף זיין שווייגנדיקער טאָכטער דבורהלען, אויף בערס מוטער, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל פון רבינס קלויז און זיך געצופּט די באַקן.

אַהרון-לייב, דער לייב-גבאי, האָט זיי, מ'קאָן-נישט-זאָגן, פיין מקרב-געווען און צוגעזאָגט:

— מניע... טיע... בע... מילא... תּיכּף ווי נאָר, וויבאַלד, אַזוי ווי דער רבי וועט זיך איבערשלאָפן, טרעט איר צו די ערשטע... איר וועט דאָך הערן!... גאָט איז אַ פּאָטער! מניע... בע... טיע... איז ווען-זשע זיינט איר אָנגעקומען קאָין ווין? שלום-עליכם, ר' נוחקע!... טיע... מניע...

ר' נוחקע האָט דערלאַנגט אַ ציטערדיקע, אָדערדיקע האַנט...

— — — — — — — —
— — — — — — — —

דעם זעלבן אָוונט האָט אויך דודאַלע בענקערט פאַרשפּע-טיקט. צוקומענדיק צו דער טיר פון קאַטיעס צימער, האָט אים אַ שיכּורע הויז-באַזאָרגערין אָפּגעשטעלט:

— ניקס! נישטאָ! נאָך עהערנעכטן אַוועקגעפאָרן! קאַפּוט! קאַפּוט! ניקס! ניקס מער בלאָנדע רוסין! שנוקערל...

דודאַלע האָט אַ רגע נאָכגעטראַכט און נישט איינגעהערט יעדן שלוקערץ, וואָס די געשטופּלטע גרייטע האָט דערלאַנגט. נאָר ערשט, אַז זי האָט אים אַ כיכיקע געטאָן אין פּנים אַריין „קאָם

שאַצי, קאַצי", האָט ער מיט איר אַ שטויס געטאָן און אַרויס אין גאַס.

גאַרנישט איז בײַ אים נולד געוואָרן אין שווידקן מוח. קריכנ־דיק איבער די גאַסן, האָט ער בלויז, ווי אַ שפּיר־הונט, געניוכעט אין די ווינקלען. ער איז אַרײַן אין אַ שענקל, וואו אַ שפּילשאַפּע האָט געציטבלט אַ פּאָלקע.

— אַ שטיוול ביר! ביר!!

אויפן טיש האָט זיך געוואַלגערט אַן אויסגעווייקטע צייטונג. האָט זיך דודאַלען דווקא פאַרוואָלט אַ ריינע, אַ טרוקענע.

— ס'אַר אַ צייטונג בײַ אײַך אויפן טיש!

דער באַלעבאָס, אַן אַלטער טשעך, מיט אַ שוואַרצער, זײַ־דענער קופּקע אויפן קאָפּ און אַ פּאָרצעלאַיענער ליולקע צווישן די ציין, האָט איבערגעבעטן:

— דאָ איז אַ ריינע... די „קראָנענצייטונג"....

האָט ער געקוקט, דודאַלע, געקוקט אויף די געדיכטע, שפּי־ציקע אותיות, אויפגעריסן די אויגן, צעשפּאַרעט די ליפּן, ברייט און ברייטער, פאַרגעסנדיק, אַז זײַן ביר שוימט אויס. זיינע פינגער האָבן געקניטשט די ראַנדן פון דעם בלאַט און זיינע אויגן האָבן גע־פרעסן:

— ס'איז פריילעך אין רוסלאַנד! ס'איז פריילעך... עך, מאַטוש־קע! יעדיעם! מירן פאָרן... עך ווי... צום טייוול...

— — — — — — — —

— — — — — — — —

ס'איז געווען די לעצטע נאַכט פון אַ פאַרגייענדיקן יאָר.

דער צוג, וואָס האָט געשלעפּט בערן איבער אַ ווייסן פעלד, האָט געסאָפּעט — באַרג־אַרויף.

— דו... יוד... — האָט איינער פון די „מאַן", טאַקע דער־זעלבער, ברוינער מאַדיאַר, אַ שלעפּ געטאָן בערן פאַרן אַרבל — דער געפרייטער שלאָפט... לאָמיר אַרויסשפּרינגען.... גוט, יוד?...

בער האָט אויף אים געקוקט מיט אַ פּאָר אויגן, אָנגעשראָ־קענע, קינדישע, און נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן.

— כיק־כיק! — האָט דער מאַדיאַר אַ בלישטש געטאָן מיט די ציינער און געמאַכט צייכן, אַ פינגער איבערן האַלז — אָט אַזוי.... כיק־כיק....

אָבער:

אויף די פעלדער ברענען סטויגן,
הויכע סטויגן,
תבואה־סטויגן...
סטויגן...
ס ט ו י ג ן...

דער מאַדיאַר האָט זיך צעזונגען און בער האָט אײַנגעניורעט דעם קאָפּ אין שטרוי...

* * *

שטיל איז אין די ווייסע שטובן בײַ די פרידמאַנס. די ווייס־געקאַלכטע ווענט פון דער פויערישער כאַטע בלײַבן זיך נאָך מער, אין זייער ווייסקייט, און ס'פעכלט אַראָפּ די פאַרגעסנקייט. לאַנג שוין אַזוי, — גאָר לאַנג.

זעלטן עפנט זיך אַ טיר און נאָך זעלטענער הילכן אָפּ עמעצנס טריט, די שוועל־אַריבערגעטראָטן. און די היימישע זיינען אַליין שוין אַזוינע שאָטנס, ווי פון די ווייסע ווענט אַראָפּגעגליטשט. אַלע אַזוי.

נאָר איינער, אַ מענטש, פילט נאָך אַ דיקע הויט איבער די ביינער; זיינע האָר אויפן קאָפּ שטעלן זיך קאַפויר און ער וואַרגט זיך מיט אַן אייגענעם וואָרט: בער!

דער איינציקער אין שטוב, וואָס דערמאַנט זיך: אָן גרויל־נעכט אויף בערג אין איטאַליע; אָן פליענדיקע מענטשלעכע אברים און אָן פלאַמענדיקע הימלראַנדן; ווי אַזוי מ'האָט קייזער קאַרל „אַראָפּגעוואָרפן“ און זיך צעטיילט מיט זיין מדינה....

צעשפּאַרן זיך זיינע נאָזלעכער, ווי זיי וואָלטן געשנאַפּט בלוט, רויך, שוויס, און ס'פאַרקלעמען זיך די ציין.

הערן זיך צו די יינגערע קינדער צום עלטערן ברודערס אַן אָפּגעריסענעם וואָרט. עלטערער ברודער איז געווען אויף מלחמה.

און ס'דאַכט, אַז דעם קליינוואַרג טוט באַנג, הלמאי האָבן זיי נישט באַוויזן אונטערצוּוואַקסן, למאי וועט שוין אַזוי גיך קיין גרויסע מלחמה נישט זיין, און זיי וועלן זיך שוין תּמיד מוזן באַנוגענען מיט אַ קאַרגער דערציילונג. באַטאַפּן זיי, שטומערהייט, דעם ברודערס גרויען מאַנטל, פּרוּוון אַ ריס טאָן אַ בלייערנעם קנאָפּ און דורכשטופּן אַ פינגער דורך אַן אויסגעברענטן לאָך און דורך אויסגעפוילטן שפּאַלט אין פּאָלע. און עפּעס איז זיי נאָך ווייניק: אַ היטל מיט אַ צעשפּאָלטענעם, לעדערנעם דאַשעק, אַ ברייטער רימען, שיך אָפּגעקאָוועט מיט נעגל, און... און... „וואו איז טאַקע די ביקס?“...

הײנט וואָס־זשע זאָל ער זיי ענטפערן?

— אַז מ'האָט דעם קייזער אַראָפּגעוואָרפן און גענומען צעשניידן זיין לאַנד, זיינען מיר זיך צעלאָפן... געוואָרפן ביקס און קוילן. געלאָזן קאַנאָנען אין בעטאָנירטע גריבער... אַוועק איעדער אין זיין היים, מיטן איינענעם חיות.... געוואַלגערט זיך, געשטופּט זיך אין וואַגאָנען, געריטן אויף די דעכער און...

דאָס איבעריקע מעגן זיך קינדער אַליין דערטראַכטן. און איבערלאָזנדיק פאַר די קינדער אַליין, צו שפּינען די געשיכטע ביזן סאַמע סוף, ביילט ער, בער, אַ פויסט, מעסט די גרעב אָן דער וואַנט און וויקלט זיך דערביי פאַר קעלט. — —

ס'שטייען ווינטערדיקע טעג. הויכע בערגער שניי, ביז צו די וויטרינעס פון די פענסטערלעך, און דער פראָסט סמאַליעט דאָס דעכל. אַ ווינטער אַזאַ'ר. אַ שווערער, אַן אומהיימלעכער און וויסטער.

און אפשר איז די פויערישע כאַטע, וואו די פרידמאַנס וואוינען, נישט די איינציקע אַזאַ. אין אַ סך שטיבער ציט מען פון זיך די קליי און חולאַתן מערן זיך, פון טאָג־צו־טאָג. אין קריקעוו האָט האָט מען שוין אַפילו אויסגעבראָכן דעם פּאַרקאָן פון נייעם „כּרת“ און מקבר געווען „צוויי“, איינעם נאָכן אַנדערן, כּדי ס'זאָל אַ לעבעדיקער נישט דאַרפן היטן אַ טויטן, ביז ער וועט באַקומען אַ „שכן“....

אַוודאי זיינען אויך געווען שטיבער באַלויכטענע. ערגעץ אין

אַ קהלשן הויז האָבן געפּלאַמט די שייטלעך האָלץ אין די אויוונס און מענטשן האָבן באַטראַכט:

— זיי גיבן דאָך אונז רעכט... מיר דאַרפן די „רעכט" אויסניצן... קראַיינע.... אוקראַינע....

אָבער די יידן, די פּשוטע, אין ראַצעמאָרענע בעקעשעס, אין שמוישענע ספּאָדקעס — זיי האָבן עפּעס אַנדערש געוואוסט. וואַרעמענדיק זיך בײַ די קאַלטע הרובעס אין די קלויזן, האָבן זיי פאַרשטאַנען:

— פון כאַמעליוקן וועט קיין גוטס נישט אַרויסקומען... ט'האָסטו דיר קראַיינער: שלעפּן די שטיוול פון די פיס.. און טאָמער עפּעס — ווייזן זיי דיר ס'מעסער... קוצלען דעם גאָרגל... וואַיסעך!.... — — —

ר' יהושוע-אָשרל שוחט, בײַ וועמען די מיחושן האָבן זיך נאָך מער צעשפּילט, דער הוסט איז געוואָרן טרוקענער, האָט זיך, מצער געווען, סכּנותדיק:

— ווי הייסט? אָן אַ קייסער? איז געמאָלט אָן אַ קייסער-זאָל-לעבן. גלאַט אין דער וועלט אַריין? מיר זיינען דאָך נישט אין פּאָניע-לאַנד... דאָרטן, מילא! און ווי הייסט מיר זאָלן זיין אָפּגעשניטן?! אָט דאָס שטיקל לאַנד פון קריקעוו ביז לעמבעריק און שוין? און טאַקע אָן אַ מלך? און דער רבי, זאָל מאַריך-ימים זיין, איז אין ווין און מיר דאָ ? ווי אַזוי-זשע זאָל דאָס געמאָלט זיין? דער שכל איז נישט מחייב... — —

די פּאָר „שטאַרקע", די וואוילע יונגען, זיי האָבן דווקא הנאה געהאַט, וואָס ס'האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט. זיי האָבן צעפירט די הענט און זיך אַ לאָז געטאָן צו די גרענעצן. זיי האָבן געשמוגלט שטאָפן פון ווין, איבער אונגאַרן, געשלעפּט נאַפט און ליכט אין „זאַקאָרדאָנער געביט", צו פּעטליורען און, אַזוי-אַרום, אָנגעשטאָפּט די שטרויזעק פון די בעטן מיט געלט פון כלערליי פאַרבן און ווערטן.

ס'האָט זיך אַפילו געטראָפן, אַז אייניקע פון די „שטאַרקע" זיינען סוף-כל-סוף פאַרפאַלן געוואָרן, אויף לעולם-ועד, און נאָענטע זיינען שוין קיינמאָל נישט דערגאַנגען, וואו זייער געביין איז אַהינ-

געקומען — און דאָך האָבן זיך אַנדערע נישט „געקאַיעט“ און געלאָזט אין „וועג“ אַריין... אַרום האַלב־נאַכט האָט מען שליטנס באַלאָדן, אָפּגעטשעפּעט די מעשענע גלעקער פון פערדישע העלזער און זיך „גערוקט אויף דער לבנה“ — צו טרוקענע גרענעצן אַרום די „פּאָזיציעס“, וואו גאַליציאַנער „סיטשעוויקעס“ האָבן געקעמפט מיט פּאָליאַקן; און אַ טייל פון די סוחרים האָט געמאַכט יאַזדעס, גלייך צום „וואַסער“, וואָס טיילט אָפּ דאָס „אַלטע“ עסטרייך פון רוסלאַנד...

אַוודאי האָט מען באַדאַרפט העלדן: אַזוינע, וואָס פינטלען נישט מיט קיין אויג, ווען איבער קעפּ פייפן קוילן, אָפּגעצילטע פון פאַרבאָרגענע ווינקלען, פון ראָוועס און וועלדער; און מ'האָט באַ־באַדאַרפט „אַזוינע“, וואָס קאָנען אַליין אויך, בדיעבד, אַ צי־טאָן בײַם אײַזערנעם צינגל, ווען ס'איז נייטיק...

זיינען טאַקע די העלדן—די דאָזיקע אין די פינסטערע נעכט בײַ וואַסערן און גרענעצן — געוואָרן די העלדן און פאַרזאָרגער פון שטעטל און זייער שם און כבוד זיינען געוואַקסן, אין קריקעוו.

און קיינעם וועט נישט אײַנפאַלן צו זאָגן, אַז „ראַב“ גרשונדל, דאָס יידל מיט די געקרויזטע הערעלעך און געלע פּערער־צײַנדלעך, און שעפּטל זאַיקע, דער שיקלדיקער בחור, מיט די שפּרענקלען אויפן פּנים, אַז זיי האָבן פאַרקלעמט די פויסטן און פאַרשפּיליעט די טייסטערס. אַדרבה — ווייכע הערצער אין אָפענע הענט!

שעפּטל היקעוואַטש האָט זיך אַפילו דערמאַנט, אַז ערגעץ אין אַ פויערישער כאַטע וואוינט ר' נוחקע, און אַז בײַ אים איז קאַלט אין די שטובן.

האָט ער אין אַ „ליכטיקן“ שבת־צו־נאַכטס אַרויפגעשלעפּט די שפּיגלדיקע קאַלאָשן אויף די אײַנגעגלאַנצטע שטיוועלעך, זיך אײַנגעהילט אין נייעם „„באַלעבאַטישן“ טולופּ מיטן ווידרענעם קראַגן און אַ טאַפּ געטאָן אין בוזעם־קעשענע:

— מ...מ...מאַ...מע! — האָט ער אַ היקע געטאָן — ע ע ך ג ג ג...גיי צו ר ע פ פ נ ו ח ח ק ע ן...

— גיי־גיי, זון! — האָט זיין מוטער, די „קורצע“ נעכע, מסכים געווען, קייענדיק, דערבײַ דאָס פריש־אַרײַנגעשטעלטע, איבערשטע גע־

בּיס־צײַן און פֿאָרענדיק זיך בּײַם נײַעם, בּלאָנדן שײטל, װאָס האָט נאָך נישט געװאָלט אײַנרוען אױף איר שװאַרצן, קבצנישן קאָפּ — גײ... גײ!

— ככּ׳על אַ ששמועס טאָן װעגן זײַן לײדיקן פּפּפּלאַץ...

— אָבער, זון, שאַסטעװע נישט מיט קײן מאַליאָנעס און פּופּ־ציקערס!

— ככּ׳על יאָ ששאַסטעװען, ממאַמע! זזזאָלן זײ װיסן, אַז ששששעפּטל איז אַ גגביר ררראָצעס....

שעפּטל היקעװאַטש איז אַרױס פֿון זײַן פֿאַרנער שטוב און אַ צופֿרידנקײט האָט זיך אױסגעגאָסן אױף זײַן בּאַשפּרענקלטן פּנים. אָבער קומענדיק צו דער פֿרידמאַנישער כאַטע, און אָננעמענדיק אין האַנט די אָנגעפּרױרענע, אײַזערנע קלאַמקע, האָבן זײַנע ליפּן זיך צעשפּאַרט און ער האָט עפּעס אַ בּעבּע־געטאָן, אומזיכער....

און אַז ער איז שױן געשטאַנען אינמיטן פֿון דעם האַלבּ־בּאַלױכטענעם, װײַסן שטיבּל, האָט ער נאָך געהאַלטן אין אײן װישן, מיט אַ הענטשקע, דעם װידרענעם קאָלנער פֿון זײַן פֿוטערל, און האָט שױן אַפֿילו אַ בּעבּע אױך נישט געקאָנט אַרױסבּרענגען...

ר׳ נוחקע איז דעמאָלט געזעסן בּײַם טיש, די הענט אין די אַרבּל פֿאַררוקט און זײ אַרומגערײַפֿלט מיט זײַן װײַסער, פֿעכלענ־דיקער בּאָרד. זעענדיק דעם אורח, האָט דער אַלטער אַ פֿינטל געטאָן מיט די קאַליע־געװאָרענע אױגן און נישט דערקענט:

— שמואל קלוגמאַן, דו בּיסט עס?

אָבער שעפּטל טוט נאָר און װישט דעם קאָלנער....

— װאָס שװײַגסטו, שמואל? קום נענטער! — האָט דער אַל־טער געבּעטן, אין טעות — נו, שמואל!...

קוים־מיט־לײד האָט שעפּטל אַ פּאַפּקע געטאָן מיט די ליפּן:

— גגגוט ששבּת!

— האָסט נאָך אַפּנים קײן מעריב נישט געדאַװנט און קײן הבדלה נישט געמאַכט! הא, שמואל? — האָט ר׳ נוחקע אָפּ־געענטפֿערט, אַרױסשלעפּנדיק אַ האַנט פֿון אַרבּל.

ערשט, בּער, אַרײַנקומענדיק פֿון דערבּײַיקן אַלקערל, האָט אַרױסגעפֿירט דעם אַלטן פֿון טעות:

— דאָס איז נישט שמואל, זיידע.

— פאַרוואָס־זשע זאָגט ער נישט?

בער האָט אַליין אויך נישט געוואוסט, ווער דער דאָזיקער גאַסט איז. ער האָט זיך אויך נישט געאײַלט אויסצופרעגן.

— ווער־זשע דען זיינט איר? — האָט ר׳ נוחקע געוואָלט וויסן — האַ?

— ש...ש...ש...שעפּטל!...

היבשע עטלעכע מינוט האָט געדויערט, ביז דער אַלטער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער יונגערמאַן הייסט שעפּטל, ער האָט אָבער נאָך אַלײן נישט געוואוסט, ווער ער איז און וואָס ער וויל.

דערפאַר האָט בער שוין גוט באַטראַכט דאָס באַשפּרענקלטע פּנים, די גלאַנצנדיקע שטיוועלעך און אַפילו אַליין חשק געקראָגן, אַ טאַפּ צו טאָן דעם ווייכן, ווידרענעם קראַגן פון פעלץ. שעפּטלס שם איז שוין געווען דערגאַנגען צו בערן; הגם טעג און וואָכן, ווי ער זיצט דאָס איבער אין שטוב און זעט נישט די גאַס — מחמת די אויסגעדרייטע, אויסגעריבענע שטיוול — האָט ער פאָרט געהערט וועגן דעם היקעוואַטשעס בריהשקייטן.

בער האָט געבעטן שעפּטלען זיצן, זיך אַליין צוגעזעצט לעבן אים און פאַרקנעפּלט זיין זעלנערישן ירושה־ראָק ביז אַרויף.

— איז, הייסט עס, איך גייט עס גוט! — האָט בער אָנגעהויבן, זוכנדיק אַ זערנעלע טאַבאַק אין די טיפע, סאָלדאַטסקע שאַראָוואַרע־קעשענעס — הייסט עס, אַז...

דאָ האָט זיך שעפּטלע דערכאַפּט. אַריין מיט צוויי פינגער אין וועסטל־קעשענע און באַלד אַ גלאַנץ־געטאָן מיט אַ גאָלדענעם פּאָרטסיגאַר.

— עסטרייככישע קקקע....קעדיווע!.... — האָט ער אַרויסגעמייקעט און זיך צעשמייכלט — די פּ...פּ...פּינסטע... ריככבערט!

דאַן איז שוין דער שמועס אַוועק אַ קלאָרער. שעפּטל האָט, סיי פון אַ סך פאַרגעניגן, סיי פון דער קעלט, וואָס האָט אַרומשפּאַצירט איבער דעם שטוב, ווייניקער געהיקעט און גערעדט גלאַטיק. איז נישט שייך: אַז אַ מענטש רעדט גלאַטיק און צום ענין.... האָבן זיך צוגעהערט אויך די איבעריקע שטובמענטשן: די אַלטע

באַבע מאַטל, וואָס איז געזעסן אין די קישענס אויף איר בעט, און דבורהל, וואָס איז אונטערגעקומען, מיט אירע יינגערע קינדער. שעפּטל האָט באַקומען לשון. ער האָט אויסדערציילט בערן וועגן זיינע גבורות ביים „טייך" און בער אים — וועגן זיינע נעכט ביי אַן אַנדער טייך, ביים איזאָנצאָ, אין איטאַליע.

אויסגעלאָזט האָט זיך אַזוי: שעפּטעלע האָט געפרעגט בערן, צי וואָלט ער נישט וועלן אָנטאָן אַ גוטן מלבוש, אַ גוטע פּאָר שטיוול, און....

—און איר רעפּפּ... נוחחחקע.... — האָט ער זיך ווידער פאַרהאַקט — פּפּאַרקויפט מיר אייער פּפּפּלאַץ פון אָפּגעברענטן הויז... ככ'על בויען... וו... וויל.... כ...כ...

ער אָבער, האָט נישט דערענדיקט. דערהערנדיק, „ווער" ס'וויל בויען אויף איר פּלאַץ, אין סאַמע „רינג", האָט די אַלטע באַבע מאַטל אַ קרעכץ געטאָן, איר קאָפּ איז צוריקגעפאַלן אין קישן און ר' נוחקע האָט לאַנג געצויגן זיין באָרד.... איינציקע, ווייסע פעדים, מיט ציטערדיקע פינגער....

— נע.... נו... ע...

שעפּטלען איז אַ ביסל הייס געוואָרן און ער האָט אַ זוך געטאָן די טיר. אינדערגיך — איצט פאַר שרעק — האָט ער ווידער אָפּגעזאָגט אַ „גוטן־שבת", אַרויס אינדרויסן, נישט זעענדיק אַפילו, אַז ער גייט אָן די שפּיגלענדיקע, טיפע קאַלאָשן... — —

שטייען פון דעם אויף־דער־נאַכט אָן צוויי קאַלאָשן און זייער גלאַנץ ציט זיך איבער מיט אַ הויך פון אַ קעלט. און אַלעמענס אויגן קוקן אויף די הוילע „טרעטערס", וואָס וואַרטן אין ווינקל, אַז אַ פּאָר פיס זאָלן זיך אין זיי אַריינציען....

די יינגערע קינדער באַרירן דעם גומי, טרעטן אָבער אַוועק, פאַרטרויערטע: זייערע פיס זיינען צו־קליין פאַר די וואַרעמע טיפענישן.... כאָטש די פּיאַטעס און פינגער זיינען אָנגעשוואָלן, בלוי, מיט פראָסט־ביילן....

בער האָט שוין עטלעכע מאָל אַ שטויס־געטאָן מיטן פוס און פאַררוקט די קאַלאָשן הינטערן קוימען. אָבער די אַלטע באַבע מאַטל האָט זיי צוריק אַפּירגערוקט און באַווישט:

— ס'איז פֿרעמדס, מײַן קינד... ער וועט קומען נאָך זיי...

— פֿרעמדס... פֿרעמדס... — האָט בער אַרויסגעבראָכט...

אַז ס'שטייען צוויי קאַלאָשן, איבעריקע, און צוויי פֿיס שלעפּן זיך אַרום איבער אַ צונעפֿוילטן דיל און די פֿיאַטעס בייסן אַזש פֿאַר קעלט... ווילן זיך די ציין צוקלעמען... וואָרעם...

— הלמאַי גאָר אַזוי, באַבע?! — — —

אין די לעצטע טעג איז פֿאַר בערן שווער געוואָרן דאָס זיצן אינדערהיים. אַזש ביז אַהער, אין די ווייסע ווענט, איז צו אים דערגאַנגען דער נייער טומל פֿון גאַס. ס'האָבן זיך געגומען באַווייזן דרשנים און „פֿירערס". יונגעלייט האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אין שול, אין ניי־געגרינדעטע פּאַראַיינען און טאָג־ווי־נאַכט באַראַטן, נישט קוקנ־דיק אויף דער ווילדקייט פֿון צייט. ציונים און פּועלי־ציון, בונדיסטן און כּלערליי אַנדערע „איסטן" — יעדער מין האָט זיך געמערט און גע־פּרוכפּערט... כּאָטש פֿרעסט זײַנען געשטאַנען גרויסע און כאָטש טאַטע־מאַמעס האָבן זיך געבעטן און אַפֿילו געפּלוכט:

— יונגען, ס'איז אַן עת־צרה! זיצט אָפּ, דראַבעס! משומדים, צוליב אײַך וועט מען אויסקוילענען!... זיצט, קאַמענעס, אין שטוב! באַליעט, כאַליעט איין!...

אין קריקעוו האָט מען שוין דעמאָלט געוואוסט, אַז אויף יענער זייט טייך, איבערן זבּרוטש, דאָרט וואו פּעטליורע גע־וועלטיקט, איז נישט „פֿויגלדיק"... מ'האָט שוין געוואוסט, אַז יע־נע־זייטיקע „האַידאַמאַקעס" שאַרפֿן זייערע מעסערס און שניידן יידישע העלזער. — איז ביי די עלטערע לייט געוואַקסן דער פּחד און ביי דער יונגוואַרג, ביי די האַלב־געבאַקענע „איין־פֿוס־דאָקטוירים", האָט זיך דערהויבן די נײַנעריקייט:

— צאָ זנאַטשי? וואָס הייסט? אָבער גייען זי, זאָ־וואָס!

אין די בתּי־מדרשים און קלייזלעך האָט מען תּהילים געזאָגט און שטילערהייט גוזר־תּענית־געווען. מ'האָט געשיקט, דורך אייגענע שליחים, „קוויטלעך" אויפֿן אַלטן רבינס „ציון" קיין הוסיאַטין, און מ'האָט געוואָרפֿן אין פּאָסטקעסטל אַרײַן בריוו, צום „יונגן", קיין ווין, פֿול מיט רמזים, כאָטש מ'האָט גוט געוואוסט, אַז ס'איז שווער, די אַלע מכתּבים זאָלן אַהינצו אָנקומען...

— מ'קאָן דאָך אָבער נישט זיצן און שווייגן! — האָט ר' יהושוע־אָשרל שוחט מרעיש־געווען — ווי אַזוי איז עס געמאָלט? און פאַר־וואָס לייגט מען נישט די בחורים און מוידן אין חרם אַריין? ווי הייסט, „פירייגען"? וואָס ווילן זיי די עוכרים?! איבער זיי איז יעדע צרה! צוליב זייער חילול־שבת — איז געווען מלחמה, צוליב זייער פרעסן טרפהם — זיינען די „פּיגראָמעס"! צוריקגעשמועסט זיינען דאָך די פּאָנישע יידן אַפּיקורסים, מתנגדים, מחלל־שבתניקעס, אָבער פאָרט — יידישע נפשות! איז, ווי הייסט? און ווידער גערעדט: „ער", זאָל לעבן, זיצט טאַקע אין ווין, אָבער זעען זעט ער דאָך ביז אַהער און נאָך ווייטער... זיין אַהבת־ישראל האָט דאָך קיין גבול נישט— איז־זשע מעגלעך, אַז ער זאָל זיך נישט אַ פּאָרע טאָן? נישט אַיינ־רייסן די שערי־רחמים? ער פּאָרעט זיך! יאָ־וויאָ! ער פּאָרעט זיך! כ'זע בחוש... ס'איז לא ימלט... אַי, פּאָרעט ער זיך מיט דער... מיט דער... גזאירע... איז דעריבער...

דעריבער האָט ר' יהושוע־אָשרל געהייסן דעם שמש ברענגען אַ פלעשעלע אָקעוויט און אַ צוויי הערטשענע פלעצלעך, און נאָכן לייענען „ויחל" האָט מען געטרונקען תיקונים און געוואונטשן... גאָר אַ סך געוואונטשן...

אַביש טראַסק, דער אַלטער פּאַקנטרעגער, האָט אויסגעפונען, אַז...

— אַז מ'מוז דאָך נעמען אַ ביסל אָקעוויט, ווען אויף יידן קומען אָן אַזוינע פּורעניותן!...

— שייך... יידן — האָט אונטערהאַלטן ר' ניסן־יהודה חלפן, גלעטנדיק זייןברייטע באָרד און כאָרכלענדיק אויף זיין הייזעריק־לעכן האַלז — שייך... יידן... אַפילו „זיין" ניגון וואָלט מען באַ־דאַרפט זאָגן און מיט „זיינע" תנועות, כנהוג...

האָט ר' יהושוע־אָשרל שוחט פּאַרגעסן אָן זיינע מיחושן און אָן זיינע הוסטעניש; ער האָט צוגעלייגט אַ האַנט צום אויער, אַ זיפץ געטאָן און די אויגן האָבן זיך ביי אים אָנגעגאָסן:

— „גם כי אלך בגיא צלמות לא אירא רע"...

ביז שברות־הלב. ביז אויסגיין... עד כלות הנפש... און אַזאַ צער איז געקראָכן איבער די ווענט פון קלויז, אַ ווינט האָט גע־

ריסן דעם דאַך און מיטגעבראַכט אָפּגעריסענע, יאָמערלעכע קולות פון הינטער=געסלעך. אָבער...

— „גם כי אלך בגיא צלמות לא אירא רע“...

אַזוי האָט אַ מנין יידן אונטערגעכאַפּט...

— — — — — — — — —

אין אַ זונטאָג אָוונט האָט בער קעסטער אײַנגעצויגן דעם לעדערנעם גאַרטל אַרום די לענדן, אָנגעהויכט זיך אויף די נעגל און מיט אַ ווילדער אַנטשלאָסנקייט צוגעפאַלן צו די פרעמדע, פאַרגעסענע קאַלאָשן. פאַרקריצנדיק די ציינער, האָט ער זיי, מיט כוח, אַרויפגעצויגן אויף זיינע איסגעדרייטע, אָפענע שטיוול. דערביי האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אַרום=און=אַרום, גלייך זוכנדיק עמעצנס אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן. קיינער איז אָבער דעמאָלט אין קיך נישט געווען. און גראָד האָט ער געוואַרט, עמעצער זאָל ביי אים אַ פרעג טאָן — וואָרעם אים האָט זיך דווקא שוין געגלוסט רעדן... ענטפערן—גאָר אַ סך!...

ער האָט געשטאַמפּט איבער דער קיך, געסקריפּעט איבערן צעפּילטן דיל און געמורמלט אין די ווינקלען אַריין. ס'האָט פאָרט קיינער נישט אַיינגעהערט. אַפילו די אַלטע באַבע מאַטל האָט זיך נישט באַוויזן. איז בער נאָך מסוכנער געוואָרן — אי צוליב זיין וואָכנלאַנגער אָפּגעזונדערטקייט אין די ווייסע, פראָסטיקע שטיבער, אי צוליב דער שטומער רוגזה, וואָס האָט אין אים געוירן און געוואַקסן... ווי ס'וואָלט אַ בייזער געיאָמער נאָך אים נאָכגעריטן פון הינטן — אַזוי צערייצט, האָט ער אַ ריס געטאָן די טיר און אַרויסגעלאָפן פון דער נישט=באַליכטענער, פוסטער קיך.

אינדרויסן איז געשטאַנען אַן אָוונט, אַ פראָסטיקער און אויסגעשטערנטער. די ווייסקייט האָט געפּעכלט, געוווּנקען און אונטערגעטריבן: „גיי, לויף און צעשריי זיך!“

בער האָט נישט געזוכט קיין אויסגעטראָטענע סטעזשקעס. נישט=אָפּווייגנדיק אָן אַ זייט, האָט ער זיך געאײַלט פאָראויס, און נישט=אויסמיידנדיק די גרויסע אײַז=גרודעס, האָט ער, ווי אויף להכעיס, זיך נישט אויסגעגליטשט. די אויגן האָבן זיך ברייטער אויפגעריסן, זיינע נאָזלעכער האָבן זיך צעשפּאַרט און די הויט אויפן פּנים

איז וואָס־אַמאָל מער אײַנגעצויגן און ענג געוואָרן. די ווײַסקייט אַרום האָט זיך געשפּרייט. אַ שווײַגנדיקע און פֿאַרביסענע. ווײַסע בײמער, מיט אויסגעצאָמטע צווײַגן; האַלב־אײַנגעזונקענע פּלויטן אַרום, און אַ פֿאַרשטאַרצטער קלויסטער־שפּיץ אינדערהויך. די אַלטע סאָווע, אין טורעם־שפּאַלט, איז אַפֿנים אויך פֿאַרגליווערט געוואָרן. אַזוי שטיל און פֿאַרלאָזן.

נאָר ווײַטער־צו, נענטער צום טראַקט, האָבן, דורך דיק־איבערצויגענע שויבן, אויפֿגעבליצט מאַטע און שוואַכינקע פֿלעמלעך. און ערגעץ־וואו, אויף זײַטנוועגן, האָבן שוין, פֿון אונטער באַקאָוועטע און באַנאָגלטע שטיוול, אונטערגעסקריפּעט געמאָסטענע און מאַסיווע טריט. דאָס האָבן סאָלדאַטן באַוואַכט די וועגן און אָפּגעהיט דעם דופּק פֿון רוענדיקער, פּאָפּנדיקער שטאָט. אָבער קיינער פֿון די באַוואָפֿנטע איז נישט אַנטקעגנגעקומען און קיינער האָט נישט פֿאַרהאַלטן אין גאַנג. בער האָט זיך פֿאַרקירעוועט אין מאַרק אַרײַן און פֿון דאָרטן זיך פֿאַרנומען צו די רינגקלייטלעך. די געסלעך זײַנען פֿאַר אים געשטאַנען דערוואַרטנדיקע און פֿאַרבעטנדיקע. אַלע געסלעך גלײַך און אַלע ליקן; אַלע טירן און טויערן. ווי ס׳וואָלט נאָר געבליבן אויסצוקלויבן איינס פֿון די טירלעך און אָנקלאַפּן — כּדי אַ ריגל זאָל אויפֿשפּרינגען און אַ שרעקלעכע ווילטקייט זאָל אַקעגניאָמערן. פֿון אומעטום גלײַך: אַלע הײַזלעך און שטיבלעך...

בער האָט דאָס געוואוסט; נאָר דאָס אַליין און גאָרנישט מער. נאָר פֿון דעם אַליין האָט ער אַ טראַכט געטאָן און אַלץ איבעריקס געלאָזן אומדערקלערט. איז אָבער אויסגעוואַקסן אַ חידוש, אַזאַ מין, וואָס געדויערט בלויז אַ רגע: דאָס טירל פֿון ר׳ שכנא אײַנבינדערס אײַנגעהויקערטער נחלה האָט גאָר, ווי אייגנס, אַ סקריפּ געטאָן, אויף די פֿאַרפֿרוירענע זאַוויעסעס, און זיך צעפּראַלט.... בער איז אַרײַן אין שטיבל...

— בער!

ר׳ שכנא, בײַ זײַן באַשטענדיקן אויבנאָן, וואָס איז איצט געווען אײַנגעטונקען אין טונקלקייט, האָט זיך לײַכט אַ שאָקל געטאָן און איבערגעחזרט:

— בער...

בדיעבד קיין שום שינוי נישט אין די בידנע מיר ווענט. נאָר, וואָס דער איבערגעפילטער דיל האָט זיך אין עטלעכע ערטער געזעצט און טיפער געזונקען... בער האָט אַליין אַרומגענומען מיט בליקן פון אַ צוריקגעקומענעם... געקוקט און געשנאַפּט אינם חשכות. ער האָט געוואָלט עפּעס אַ פרעג טאָן, אָבער אין אַ רגע אַרום האָט ער שוין פאַרשפּאָרט: ווי אַ שטן פון אַ באַהעלטעניש אַפיר, האָט זיך אַריינגעשאַרט ליובע, דעם אַיינבינדערס טאָכטער, און פינטלעכדיק מיט אירע גרויסע אויגן אַקעגן אויל=קאַגיצל, וואָס האָט גערייכערט אין אַ ווינקל צווישן קוימען, האָט זי, אָן תּרעומותן, אויפגענומען דעם אורח:

— איך האָב זיך שוין געקליבן צו אַייך, בער... איז גוט, וואָס איר זייט געקומען... שטייט=זשע נישט אינמיטן שטוב... אַ פאַרפרוירענער...

באַלד זיינען זיי ווידער געזעסן, ווי אַמאָל, אויפן קוילעכיקן, גרינעם קופערט און האָבן זיך נישט געקאָנט דערטראַכטן צו גאָרנישט. האָבן זיי זיך געוויגט, אין שווייגעניש, און געיאָגט די אייגענע שאָטנס. פון אַלקערל אַרויס האָט די אַיינבינדערין אַריינגעשיקט אַ קרעכץ און עמעצן גערופן. ר' שכנא האָט אַראָפּגענידערט פון זיין אויבנאָן, אַריינגעגאַנגען צו דער ייִדענע און תּיכּף צוריקגעקומען, מיט אַ פּאַרטיקער תּשובֿה:

— שוין אַזאַ שטייגער געוואָרן... זינט... זינט זיי קוילענען דאָרטן... די כאַמעליוקעס... מ'קאָן דאָך נישט שווייגן...

— טאַטע, איך בעט דיך... — האָט ליובע דערמאַנט דעם פאָטער — איך בעט דיך.

— וואָס בעטסטו מיך? ווי אַזוי זאָל מען עס נישט איבער=חזרן? ס'רעדט זיך אַזוי: אַ האַלבע שטאָט!... פּראָסקריוו... מיט דער שאַרף פון שווערד... ווי אין פּסוק שטייט: לפי=חרב... איז גוט... נו... וועלן מיר שווייגן... אָבער... ניין, מירן נישט שווייגן! ניין!

יעדע נייע ידיעה פון יענער זייט זברוטש וועגן אַן אויסגעקוילעטן שטעטל האָט אַיינגעשניטן אַ נייעם קאַרב אויף ר' שכנאס שטערן און געלער געמאַכט די הויט פון זיין פּנים. יעדער אָפּהילך

פון זעלנערישע פאָדקאָוועס אויפן גאַס און יעדער יויכץ פון זעלנע־רישן לידל האָבן אים אַרויסגעבראַכט פון די כלים. האָט ער פאַר־געסן אָן זיינע ווערטלעך, אָן די פשטלעך און במקום זיי האָבן זיך אַנדערע רייד אַראָפּגעגליטשט פון זיין צונג — אַפילו גאָר צאָרנדיקע דיבורים.

ליובע, דאָס מיידל מיט די צער־רונצלען אַרום אירע מוילווינק־לען, זי האָט נישט געוואָלט פאַרשטיין די כוונה פון איר פאָטערס גיפטיקע ווערטער. זי האָט נאָך אַלץ געוואָלט וויסן, צי איז „כדאי" און „וואָס וועט שוין זיין?" — איר האָט גאָר געוואָרעמט דער געדאַנק פון „סוף־כל־סופיקן אומקום"... האָט זי זיך געווערט קעגן פאָטערס איינפאַלן און צוגעוואָרפן אַ קרומען שמייכל, ווי אַן ענט־פער אויף זיינע בונטאַרישקייטן. דעריבער איז איר וואוילגעפעלן, וואָס לעבן איר זיצט אַצונד בער, אַ שווייגנדיקער, ווי אַמאָל, און אַ קלוגער־געוואָרענער...

— איר ווייסט שוין אַוודאי, בער, אַז גאָרנישט קאָן שוין העלפן... מיר וועלן, אַזוי פאַמעלעך, דערגיין באַרג־אַראָפּ!...

ר' שכנא האָט זיך שוין נישט צוריקגעזעצט אויף זיין אָרט, אויבנאָן. ער האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן חדרל, זיך געוויקלט אין דער טונקלקייט, געהויבן דעם איבערגעוואַקסענעם אַקסל און אים האָט בפירוש פאַרדראָסן ליובעס אַלטגעבאַקענער פיזמון:

— גאָרנישט ווייסט ער! גאָרנישט! וואָס ווילסטו זאָל ער וויסן? ער גייט דאָך נאָך אַרום אין פראַנץ־יאָזעפס ירושה־ברישליק! אָבער וואַרט! אַצונד האָט מען נאָך מורא אַ פּיפּס צו טאָן... אָבער... אַי וועט מען! אַי וועט עס זיך עפּעס אַ קער טאָן אַ וועלט!

בער האָט נאָך לחלוטין נישט פאַרשטאַנען דעם אַלטנס רמזים. ווי ווייט ער האָט זיי יאָ געוואַלט תופס־זיין, איז אים בשום־אופן נישט איינגעפאַלן, אַז ר' שכנא איז אויסן: בונט! וואָרעם אָט ערשט־נישט־לאַנג, דוכט, האָט דער קלוגיטשקער איינבינדער, מיט אַזאַ וואויל געלעכטערל, געגעבטן „שלום־שלווה", אָנגעקוואָלן פון דיני־דמלכותא און אָנגעטייט פון חובת־הלבבות! איז וואָס־זשע פאַרט באַטייטן די דאָזיקע אָנצוהערענישן?

אָבער ר' שכנא אַליין האָט שוין, פאַר זיך, טיף־טיף אין זיך, גוט געוואוסט „אַנטקעגן וואָס"... און נישט נאָר אין די איי־געגע, אײנפאַלנדיקע פיר ווענט האָט ער געלאָזט הערן ווערטער, אַזוינע שפּיציקע און ברענענדיקע; אַפילו אין דער „הוסיאַטינער קלויז", בין־מנחה־למעריב, האָט ער אָנגעהויבן מעיז־צו זיין קעגן ר' יהושע־אָשרל שוחט און קעגן — מי־לנו־גדול — דעם גביר גרשון על־קעם אַליין:

— מיינט ניסט, אַז מלאכים שפּילן זיך מיט אייך!... מ'וועט זיך אַזאַ שפּיל טאָן, אַז ס'וועלן אייך פאַרגיין, זאַפּערעס!... נו... נו... גלעט די טרעלבוכלעך... מ'עט שוין... מ'עט שוין... — — —

אין שכנאן האָט אָנגעהויבן צייטיקן אַ געדאַנק — דווקא אַן אַלטער און פון־לאַנג אָנגענומענער — אָבער אין זיין חריפישן מוח איז ער ערשט אויפגעגאַנגען אין דער דאָזיקער אימהדיקער צייט... האָט ער געזוכט אויסצוטייטשן פאַר יענעם און — פאַר זיך אַליין אויך.

דערפאַר וואָלט אים ניחא געווען איעדער־איינער לעבעדיקער מענטש, וואָס וואָלט זיך האָבן פאַרקליבן צון אים אין אַזאַ שפּעט־אָוונט; ווער שמועסט נאָך, אַז ביי אים זיצט איצט: בער!

צופּט ער, וואָס ס'איז נישט זיין טבע, אַ פעדימל פון שי־טערן בערדל, שפּאַרט זיך צו צום אָנליין פון הילצערנעם באַנק־בעטל און דרינגט מיט אַ פינגער:

— איז אַז גדל האָט מיר אין לעצטן בריוול געשריבן: „מיר זיינען מקיים דעם ובערת את הרע", האָב איך ערשט אָנגעהויבן משער צו זיין... איך רייד נישט איצט, פאַרשטייסטו מיך, בער, פון די שחיטות — אויף יענער זייט־זברוטש... יידן זיינען צוגעוויינט אויפצושטעלן העלזער... אָבער איינמאָל וועלן זיי דאָך זיך אויך אַ נעם טאָן צו דעה כּלי!... און נאָך נישט דאָס, פאַרשטייסטו מיך, בער, בין איך אויסן... איך מיין...

ער איז צוגעגאַנגען צום פאַרפרוירענעם פענסטער, אַ גראַבל גע־טאָן מיט אַ נאָגל אַ פראָסטבלום און זיך פאַרטראַכט...

האָט דערווייל קיינער נישט געפּרוווט איבערצורייסן די מי־נוטן פון שטילשווייגן. ליובע האָט זיך לייכט געוויגט איפן קופּערט

און מיט אירע עלנבויגנס באַרירט בערן. אָבער בער האָט איצט אינ־גאַנצן פאַרגעסן, אַז לעבן אים זיצט דאָס גרין־פּנימדיקע מיידל, וואָס הויכט און אָטעמט פּיין אַרויס. בער איז פול געווען מיט זיך. ער האָט געפילט, אַז אים ווערט ענג אין לבוש, אַז פון דער טיף שפּאַרט אַרויס, אַז... ער האָט זיך, ממש, צעשריגן:

— איז וואָס־זשע, וואָס־זשע, וואָס־זשע, ר' שכנא? איינמאָל פאַר אַלעמאָל!?

דערויף האָט צורשט אָפּגעענטפערט, מיט אַ כאַרטשענדיקער געקלימפּערייַ, דער הונדערט־יאָריקער זייגער אויף דער פּייכטער וואַנט: דלינג, דלינג, דלינג!... ד ל י י נ ג!

ערשט דערנאָך האָט ר' שכנא געפונען אַ טייטש:

— איז וואָס־זשע, פרעגסטו, בער? איז אָט־וואָס! זעסט, אַ זייגער... האָט אָפּגעדינט... די צאַפּנדלעך האָבן זיך אויסגע־קרישלט און.... נו... קייכט ער... כאַרטשעט... מ'דאַרף אַ נייעם... פאַרשטייסטו מיך, בער, דער זייגער פון עלמא־כולא, דער וועלט־זייגער, האָט אָפּגעדינט און — מ'דאַרף אַ נייעם! מיט נייע ווי־זערס און אַ נייעם ציפערבלאַט... איז, טענה איך צו זיי... איז צו וועמען זאָל איך טענהן? מע דאַרף נייע רעדלעך, נייע אַנקערס! וואָלטן מענטשן פאַרשטאַנען, וואָלט מען פאַרשפּאָרט בלוט פאַר־גיסן!... וואָלטן מענטשן געוואוסט, וואו זיי האַלטן, וואָלט מען די וועגן נישט פאַרצוימט... איז... איז... אפשר אַנדערש נישט גע־מאָלט?

— טאַטע, אַ פראָסט! — האָט ליובע געפּרווט איבעררייסן, אָבער דער פאָטער האָט שוין נישט אָפּגעלאָזט:

— איצט זע איך! גדל האָט פאַרשטאַנען: גדל איז אַוועק! גדל איז דאָרטן... אי די כאַמעליוקעס וועט ער טרייבן, אי דאָס פסולת וועט ער אָפּרייניקן!

— טאַטע! — האָט ליובע זיך געבעטן, געגראַבלט די אייגענע הויט — ס'איז נאַכט....

ר' שכנא האָט זיך שוין נישט געלאָזט אָראָפּפירן:

— האַ? ווי אַזוי רופט מען זיי דאָרטן? וואָס איז די נפקא־מינה, ווי אַזוי מ'רופט זיי! האָלאַקעס, באָרוועסע, רויטע?? וואָס

איז דער חילוק? אָבער משפּיל גאים ומגביה שפלים!... אַי וועט עס זיך עפּעס אַ קער טאָן אַ וועלט! ווייל, פאַרשטייסטו, ס'האָט זיך אויסגעקרישלט דער יסוד און... באו מים עד נפש!

ליובע האָט נישט אויסגעהאַלטן. איר פאַרקאָוועט גופל האָט זיך צעטרייסלט און ס'האָט זיך דערהערט אַ שטילער ווייטאָגלעכער כליפּ:

— אוי... אוי...

דעם אַלטן האָט פאַרקלעמט דער טאָכטערס געוויין:

— וואָס איז, קינד? דו מוזט וויסן: אַ וועלט איז חולה: אַ חולאַת. און די דאָזיקע וועלט דאַרף התחדשות! רייניקן דאַרף מען זי... רייניקן... מטהרה... איז, אַי, וועט זיך עפּעס אָפּטאָן!

ליובעס נישט־איינגעשטילטע כליפּען, די קעלט, וואָס האָט געבושעוועט אין שטוב און די חשכות, וואָס האָט געשפּראָצט פון אַלע ווינקלען — אָט דאָס האָט ענגער געמאַכט די הויט און געלאָזט פאַרשנורעווען די ליפּן.

ר' שכנא האָט זיך צוריקגעזעצט אויף זיין אויבנאָן און אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט אַ פויסט:

— אַזוי... אַזוי... און קלאָר... — —

נו, ווייסט מען שוין. אַזוי ער אַליין, און אויך בער; אַזוי אַלע אַרום, אין די פיר ווענט. מ'טראַכט איבער. נו, גוט. און שפּעט איז; ס'פּאַרציט זיך אין דער נאַכט אַריין. דערווייל הילכט אָפּ, אין פּראָסטיקן דרויסן, אַ שאָס, אַ צווייטער און אַ דריטער. קלאָר: ערגעץ „זאָגן זיך איבער" סאָלדאַטן, זיי זאָלן נישט פאַרגעסן „ס'לערנען"... נאָך די שאָסן טראָגן זיך אָפּגעריסענע, יאָמערלעכע געשרייען פון צעשראָקענע ווייבער און פון הייזעריקע מאַנסבילן. פאַרשטייט מען במילא, אין־פּאָראויס: זעלנער רייסן אונטער דילן און זוכן אוצרות; שלעפּן אַראָפּ העמדער פון לייבער, אָדער נאָך איינגאַנצן אַ לעבעדיק, וואַרעם מיידל פון געלעגער... די „ס'טשעוויקעס", וואָס האָבן געגנאַשט פון זויבערע, עסטרייכישע „ציוויליזאַציע־קאָרימעס", ווערן בסך־הכל נישט בטל אַנטקעגן זייערע ברידער פון רחבותדיקן דניעפּער־לאַנד און „זאַפּאָראָגעס"...

אַזוי ווערט, ווי אויף לְהַכעיס, מונטער, און ליכטיק ווערט אין מוח און מ׳פאַרלירט סלשון. דען צו־וואָס די איבעריקע רייד?

— איך הערט, בער?

ליובע כליפּעט און רירט זיך אויפן קופערט.

— איך הערט, בער? — חזרט זי איבער — און וואָס דאַרף מען נאָך?

ביי בערן איז די מאָס איבערגעגאַנגען. צי ער האָט זיך דער־טראַכט, וואָס מ׳דאַרף אַצונד טאָן, צי ניין — אָט, אַ קלייניקייט...

אָבער אַ ריס האָט ער זיך געטאָן פון קופערט, ווי אַן אונ־טערגעשטאָכענער, און זיך צוגעלאָזט צו דער טיר. הינטער זיך האָט ער נאָך געהערט ליובעס אַן אָפּגעריסענעם קוויטש:

— לויפט נישט!

אָבער ר׳ שכנאס קול, אַ זיכערער און אַ קאַלטער, האָט אָנ־געטריבן:

— זאָל ער! גיי! לויף!

בער האָט נישט געענטפערט. ער איז אַרויס אינדרויסן. אי־בער דער ליכטיקער נאַכט האָט זיך אַ ווייסער יאָמער געצויגן; און צום אים איז בער געלאָפן... אָבער אַז פון פאַרשיידענע ווינק־לען און ליקן קומען מידע געשרייען געשטויגן, הייגט וואוהין דאַרף מען זיך לאָזן? און אפשר זיך גאָר אָפּטראָגן אַהיים, אין דער גוייִשער כאַטע אַריין; אפשר איז דאָרט לעבעדיק געוואָרן? ווער ווייסט?

ביי בערן האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן אינעווייניק. ווי מ׳וואָלט אים מיט בייטשן אונטערגעשמיסן, אַזוי האָט ער גענומען יאָגן אי־בער דער גאַנצער לענג פון ווייסן טראַקט. או־האַ! האַ—! אַזאַ שווער אָטעמען, גלייך באַרג־אַרויף אין אַ משונהדיקן חלום.

נאָר מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ווי אַ געפּלעפּטער, פון אויבן־אַראָפּ. מ׳איז אַנטקעגנגעקומען. ער האָט דערקענט:

— זיידע!

ער האָט געוואָלט שרייען, איבערפרעגן, נאָר דער געשריי איז אין אים דערשטיקט געוואָרן. אָבער נישט־ווייסנדיק אַליין, ווי אַזוי, האָט ער זיך, מיט אַ ווילדקייט און צערייצטקייט, אַריינגעריסן אין דעם

רעדל סאָלדאַטן, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם אַלטן ר׳ נחקען. די סאָלדאַטן האָבן זיך, אויף אַ רגע, פאַרחידושט.

— זיידע! — האָט בער קוים געקאָנט איבערחזרן — וואו־הין?

די סאָלדאַטישע התפעלות האָט זיך אָבער שנעל אָפּגעטאָן און בער האָט דערפילט אַזאַ שאַרפן שניט איבערן פּנים, אַז ער האָט זיך געמוזט אויסציען אויף דער ערד און אָן אַלעמען פאַרגעסן.

— נאַ דיר, הינטישער זון!

דערנאָך האָט מען אים שוין געשלעפּט איבער דער לענג פון טראַקט און ער האָט, מיטן צעדמטן מויל אַראָפּ, גענעצט אין קאַלטן שניי...

— אַזוי! דו הינטיש זון!

אָבער בער האָט שוין גאָרנישט געהערט. ווי ער וואָלט כּלל נישט געווען דערביי... אָדער, ווי ס׳וואָלט אים לחלוטין נישט גע־אַרט, וואָס ווייטער דאַרף געשען....

— האַ... דו, הינטישער זון!!!...

* * *

ער האָט זיך ערשט דערמאַנט צוויי טעג שפּעטער, ווען ער איז צו זיך געקומען און זיך אַליין קוים דערקענט, ליגנדיק אויף אַ בינטל אונטערגעפוילטן שטרוי, אין אַ פאַרעיפּושטער שול־קלאַס, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַזאַרמע, אָדער אַרעסט.

עפענענדיק די אויגן, האָט ער, חוץ דעם פאַרוואַקסענעם סאָל־דאַט, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט לעבן פאַררויכערטן אויוון, קיינעם נישט געזען. טאַקע קיינער מער נישט... די געדאַנקען אין שווערן, צעמזיקטן קאָפּ האָבן זיך גאַנץ שלאַבריק צונויפגענומען, און די דערמאַנונג איז אָנגעקומען מיט גרויס מי... האָבן זיך, מי־נוטנלאַנג, זיינע בליקן געגליטשט איבער די אָפּגעלאָזענע ווענט, אויף וועלכע ס׳זיינען געהאַנגען עטלעכע פאַרבליבענע בילדער פאַר שול־קינדער און אַ געטאָקטער צלם מיטן דערלייזער; איבער די ווינק־לען, וואו ס׳זיינען געלעגן צעוואָרפן קופּערנע קעסלעך, בלעכער־

נע שאַכטלען, צעריסענע שטיוול און גרויל האָט געפּיפּסט... ער האָט, מינוטנלאַנג, געקוקט און קוים דערקענט, וואָס דאָס אַליין איז...

אָבער דער שאַרפער ווייטאָג אין די ריפּן, אין רוקן און אין קאָפּ האָט אים שוין נישט געלאָזט פאַרשטאַרצט ווערן... ער האָט זיך אַ ריר געטאָן אויפן שטרוי און געוואָלט אויסציען אַ האַנט... זי איז צוריקגעפאַלן, אויפן בינטל, ווי אָפּגענומען...

— דו לעבסט, יידליקל — האָט זיך דער סאָלדאַט ביים אויוון מיטאַמאָל צעטשוכרעט און צוגעשפּאַנט צו בערן — דערכעסט נאָך?

אפשר האָט בער נישט פאַרשטאַנען די פּראָסטע שאלה און דעריבער אַזוי געגלאָצט מיט די אונטערגעשלאָגענע אויגן.

— און וואָס קוקסטו אַזוי האַ? — האָט דער באַוואַקסענער זעלנער זיך איבערגעבויגן און אָנגעשפּאַרט אויף דער ביקס — ווילסט עפּעס?

בערס ליפּן האָבן אַ צוק געטאָן:

— איך...

— וואַרט, יידליקל, אַנטלויף נאָר נישט... וועלן מיר דיר דערלאַנגען וואַסער...

שלעפּנדיק די ביקס, ווי אַן אָפּגעבראָכענע צווייג פון אַ בוים, האָט דער סאָלדאַט אַוועקגעשפּאַנט צוריק צום ווינקל און זיך באַלד אומגעקערט מיט אַ בלעכענעם קרוג.

— דאָ האָסטו אַ ביסל וואַסער... פּאַיע זיך אָן...

דער באַוואַקסענער שומר האָט אַרויסגעלייגט די ביקס פון האַנט, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, און מיט די אייגענע הענט צוגעפירט דעם קרוג צו בערס מויל...

— אָט אַזוי, יידליקל... מירן דיך אָפּמינטערן!

אין בערס אויגן האָט חיות אויפגעשיינט צוביסלעך. דערזעלביקער סאָלדאַט האָט שפּעטער אַרומגעוויקלט בערס קאָפּ מיט אַן אויסגעריסענעם אַרבל פון זיין ברודיקן העמד און צ׳רעכט געמאַכט דאָס בינטל שטרוי אַרום אים...

— ביסט אַ יידליק און אַ שפּיאָן, ווי זיי זאָגן, אָבער אַ גאָטסבאַשעפעניש ביסטו דאָך, זאָלסטו מיר דערכן...

בערן איז היימלעכער געוואָרן. אָבער אוממעגלעך אַרויסצוברענ־גען אַ קלאָר וואָרט. דערפאַר איז גאָר דעם סאָלדאַט קאַלאַמוטנע געוואָרן אויף זיין פּאַרוואַקסענער נשמה, און אַ סך רייד זיינען אים געקומען אויף דער צונג:

— און וואָס אַ שטייגער דאַרף איך דיך היטן? ביסט אַ שפּיאָן, זאָגן זיי, און האָבן דיך צעבראָקט. אַך, יונגען זיינען זיי מחורבדיקע! דעם אַלטן דיינעם האָבן זיי אויך קוים אַ לעבעדיקן אָפּגעלאָזט. אָבער מיט דיר, פּעטערל, איז שוין נישט אַזוי גוט... זיי וועלן דיך משפּטן... אַ „סוד"... גערעכטיקייט...

און ס'איז אים נאָך טרויעריקער געוואָרן, דעם סאָלדאַט. ער האָט אויסגעזוכט אַן אָפּשניץ פון אַ פּאַפּיראָס, און זיך געקריוודעט....

— און וואו איז ער, דער זיידע? — האָט בער שוואַך אי־בערגעפרעגט, נאָכדעם ווי ער האָט, מיט גרויס מי, געפרוווט אַ טרייסל טאָן דעם מאַרך — וואו איז ער?

— אָפּגעלאָזט, האָב איך דיר געזאָגט. דו אַליין, מיינען זיי, ביסט שוין גענוג. און וואָס דאַרפן זיי אים, ווען זיי האָבן דיך? דערטאַפּט, פּעטערל, האַ?

אין קאָרידאָר האָבן זיך געלאָזט הערן טריט. דער סאָלדאַט האָט גיך פאַרלאָשן דאָס שטיקל פּאַפּיראָס, צוגעקראָכן צו זיין ווינקל און אונטערגעהויבן די ביקס. ערגעץ אויף די טרעפּ פון איי־בערשטן עטאַזש איז פאַרפאַלן געוואָרן דער אָפּהילך פון די טריט. קיינער איז נישט אַריינגעקומען. האָט דער סאָלדאַט זיך ווידער צו־געשאַרט צו בערן, גענומען טרייסלען מיט זיין פאַרוואַקסענער גאָמבע און קייען געדיכטע רייד:

— איז, זאָגן זיי, אַז זיי וועלן דיך משפּטן. יעדער איינער, פּעטערל מיינער, דאַרף אָפּקומען — יעדער איינער, וואָס טוט נישט דאָס, וואָס רעכט איז... אָבער זאָל מיך גאָט שטראָפן, ווען איך קאָן שוין פאַרשטיין, וואָס אַזוינס רעכט איז היינט... האָט מען דעם „ציסאַר" אַראָפּגעוואָרפן... ס'טויג אונז, פּויערים, אַ קייזער, אַ דייטש, האָבן זיי גערעדט... איז, פאַרשטיי איך, זיי ווילן אַן איי־גענע מלוכה, פון לויטער אייגענע מענטשן, איקראַינישע, און פון גאָטס־גלויביקע. איז אַ ברכה זיי אין די הערצער אַריין דערפאַר!

אָבער צו־וואָס זאָל מען זיך אַזוי אַרומטעלעפּען? זאָגן זיי, זיי ווילן צווישן אונז די ערד פון די פּריצים צעטיילן און דאָס האָב־און־גוטס און די בעבעכעס, די יידישע, אַוועקגעמען, פאַר אונזערטוועגן...

ער האָט זיך פאַרהוסט, דער סאָלדאַט. בער איז, דערווײַלע, נאָך מער צו זיך געקומען און שוין געקאָנט בעסער פאַרשטיין די אַרויסגערעדטע ווערטער.

— איז, וועט דאָך דיר גוט זיין, אָן דעם דייטשן קייזער, אין אַן אייגענער מלוכה — האָט בער געצויגן אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט — נישט אַזוי, דיאַטקן?

— אָבער, עט... מ׳קאָן שוין, דאַכט זיך, פייפן אויף אַזוינע צוזאָגעכצער... איין פריץ מיטן אַנדערן וועט שוין אויסקומען און דו, פויער, כאַם, לעק ווייטער דעם שווייס און פגר אויף דיין מיסט... איז וואו איז רעכט? די כלאָפּישע קינדער וועלן ווייטער האָבן אויפגעלאָפענע בייכלעך און די ווייבער — בלויע פיס, ווי בוראַקעס... אַ כוואַראָבע! איז, וואָס־זשע, פעטערל, טויג דער עסק און די רעכט? איז הלמאַי ווילן זיי דיך משפטן? איינער זאָגט, ביסט אַ פוילישער שפּיאָן, אַ צווייטער זאָגט, אַז דו ביסט גאָר אַ פאַרשאָלטענער באָלשעוויק... ווייסט זיי דער טייוול!... ס׳איז אפשר גאָר קיין חילוק נישט... ווער דו ביסט נישט... אַ מענטש נישט קיין גלייכער, ביסטו... אָבער, הלמאַי ווייסן זיי נישט — און ווילן דיך משפטן? — אָט!... אַ יידליקל ביסטו, דאַכט אַ געלערנטער אין שרייבן, אין לעזן... אַ גאָטס געראָטן, ווערעמדיק באַשעפענישל... אָבער לעבן גלוסט זיך דיר... וואָלסטו דיר געקאָנט, און זיי... עט... זאָלסטו מיר דערכען...

ס׳האָבן זיך, מיטאַמאָל, ווידער דערהערט טריט, נאָנטע, פעסטע, און אײדער דער סאָלדאַט האָט נאָך געקאָנט זיך צוריק אָפּטראָגן אין זיין ווינקל אַריין, האָט זיך געעפנט די טיר און עטלעכע פאַרשוינען זיינען אַריין אין צימער אַריין, וואו די פאַרנאַכטן־טונקלקייט האָט שוין באַוויזן זיך אַריינצוציען און צו באַזעצן אין אַלע ווינקלען. די אַריינגעקומענע האָבן אַ בלישטש געטאָן מיט באַטעריע־לעמפּלעך און, ווי איין מאַן, אַרויסגעריטשעט:

— אָט ליגט ער!

דער פּאַרוואַקסענער זעלנער האָט זיך באַמיט אויסצוציען, ווי אַ סטרונקע, און אָנקלאַפּן, וואָס בעסער, מיט די שטיוול, לכּבוד די הויכגעשטעלטע געסט. איינער פון זיי, נאָך גאָר אַ יונגיטש־קער, מיט אַ פּאָר גדיכטע, איבער די מוילווינקלען־אַראָפּהענגענדיקע וואָנצעס, האָט אַ פרעג געטאָן, אויף אַ נישט־געציימיקטער באַס־שטימע:

— איז ער רויִק, טראַכים?

— רויִק, פּאַניע עסאַאול! — האָט בערס וועכטער אָפּגעענט־פערט און ווידער אַ קלאַפּ געטאָן מיט די שטיוול.

דער „עסאַאול" איז צוגעטראָטן נענטער צו בערן, זיך איבער־געבויגן און שניידנדיק אָפּגעצילט:

— מאָרגן, איז דיין משפּט, הונט!

עמעצער פון די לייט האָט אַ לאַך געטאָן און אַ צווייטער האָט האָפּערדיק אונטערגעפייפט.

דער „עסאַאול" האָט נאָך געשענקט טראַכימען אַ פּאָר וואויל־יונגערישע קלעפּ איבער דער פּלייצע און אָפּמאַרשירט צו דער טיר:

— כאָדים, כלאָפּצי!

אַ פּייכטע חשכות האָט זיך גענומען קנוילן נאָך די אַוועק־גייענדיקע. ווינטן האָבן זיך געריסן דורך די שפּאַלטן און האַלב־אָפענע פענסטער און מיט זיך מיטגעבראַכט אָפּגעריסענע קלאַנגען פון „שטשע נע וומערלאַ אוקראַיִנאַ", וואָס זעלנער האָבן, מיט פאַרפרוירענע ליפּן, אונטער וואַך־דעכלעך, געפּרעפּלט:

— ני סלאַוואַ.... ני וואָ־אָ־אָליאַ....

בערן איז הייס געוואָרן:

— גיב מיר אַ ביסל וואַסער, דיאַטקאָ....

— האַ... וואַסער... אָ... נישט גוט.... — האָט דער סאָלדאַט געדרייט מיטן קאָפּ — אַ מענטש דאַרף נישט מורא האָבן פאַרן משפּט.... עט... וואַסער...

* * *

אין דעם זעלביקן אָוונט זיינען ביי די פרידמאַנס אין כאַטע געזעסן עטלעכע מענטשן און געפּויקט מיט די פינגער אויפן טיש.

גערעדט האָבן די מענטשן ווינציק. זיי האָבן בלויז „געטראַכט", גע־זוכט עצות, און יעדער באַזונדער האָט אַרויסגעמייקעט:

— מ'דאַרף טאָן....

— עפּעס....

— פּישטאָיט זעך...

— ראַטעווען בערן פון גזלנישע הענט...

אַקעגן זיי, אויף אַ בעט, איז געלעגן דער אַלטער ר' נותקע און קוים גערירט מיט די אָנגעשוואָלענע אברים. דבורהל, בערס מו־טער, האָט, מיט אַ פּאָר שטאַרע אויגן, געקוקט אויף איר אַלטן טאַטן און אירע ליפּן זיינען נאָך דינער געוואָרן.

די איינציקע פון די פרידמאַנס, וואָס האָט נאָך געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט זי גייט אַרום, איז געווען די אַלטע באַבע מאַטל. זי האָט געבראָכן די פינגער, זיך געוויקלט אין דרייען, אין איר אַלטער שאַל און זיך געשיילט די באַקן:

— גייט, יידן, טוט!... זאָגט עדות... שטעלט אָן שתדלנים... קלאַפּט אין אַלע טירן... גייט, יידן, גייט...

שאָקלען זיי, די יידן, מיט די קעפּ, און מיט די פינגער פּויקן זיי נאָך שנעלער אויס די גיכע תשובה:

— טאַ... מירן... מירן גיין... אוודאי...

נאָר באַלד דערויף באַדאַכטע טריט אין פאַרקאָוועטן פיר־הייזל. איז ווידער די אַלטע באַבע מאַטל די איינציקע, וואָס דער־כאַפּט זיך; דעקט אַפיר אַן אויער פון אונטער דער וואָליטשקענער פאַטשיילקע און שאַרט זיך צו צו דער טיר:

— כטאָ טאַם? ווער איז דאָרט?

מ'ענטפערט פון יענער זייט:

— מיר! עפנט!

און די אַלטע ווענדט זיך צו די אַרומיקע:

— שרעקט אייך נישט... יידן זיינען דאָרט....

— אַבי יידן — אָטעמען אָפּ די היימישע...

האָרכן זיך די יידן איין, שטעלן אויף די אויערן, אָבער פרענן— פרענן זיי מער מיט די אויגן, ווי מיט די מיילער:

— האַ? ווער אַ שטייגער?

אַז די אַלטע עפֿנט די טיר און אויף דער שוועל באַווייזט זיך פּלוצלינג אַ פֿרעמדער, אײַנגעהילטער מאַן, בלײַבן די יידישע פֿינ־גער קלעפּן, ווי אָפּגענומענע, אויפֿן ראַנד פֿון טיש, און די בערד — אַי די בערד — ווערן נאָר ווי בעזעמלעך פֿאַרפּאַפּטע:

— ווער קאָן עס זײַן?

אין איין־נאָ צעפֿינטלט זיך אַ האַלב טוץ אויגן, דערקענען און דערקענען נישט. „דודאַלע, דאַכט, דודאַלע בענקערט...“ ווער קאָן דען אָבער פֿרעגן?

אַ מערכה פֿון הינטן האָט זיך נאָך נאָכגערוקט שעפּטעלע זאַ־היקע, דער גביר, און ער איז באַלד אַרויס מיט זײַן לשון:

— ש...ש...שטיל, יידן...ג ג גייט אַהיים...ס ס ע ע ט וזיין גוט... מ מ מעט ש שוין זען...

האָבן זיי בדיעבד געדאַנקט גאָט, די יידן, וואָס זיי קאָנען זיך שנעלער אָפּטראָגן פֿון דאַנען. זיי האָבן אויפֿגעשטעלט די קאָלנערס און זיך אָפּגעטראָגן, איינער נאָכן אַנדערן. —

אַ קורצע ווײַלע פֿון שווײַגן. דאַן קורצע רייד. שעפּטעלע זאַ־היקע שווײַגט. ס'רעדט שוין דער פֿרעמדער:

— איך בין דודאַלע... כ'ווייס אַלץ... פֿרעגט ווינציקער... שרעקט אײַך נישט... בער וועט באַלד אַרויס פֿון דאָרט... גאַנץ פֿרי וועט ער שוין זײַן ווייט אַוועק...

ער האָט אַפֿילו נישט אויפֿגעשפּיליעט די קנעפּ פֿון זײַן שוואַרצן, לאַנגן בגד. פֿון דער טיפֿער מאַנטל־קעשענע האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ פּעקעלע, און עס אַרײַנגעלייגט אין דבורהלס פֿאַרגליווערטער האַנט:

— זעט, אַז ס'זאָל זײַן וואַרעמער בײַ אײַך אין שטוב.... — —

ס'איז געווען כמעט אַלץ, וואָס ער האָט זיך אָפּגעפּאַסט צו זאָגן. ער האָט נישט צוגעטראַכט קיין טרייסט־וואָרט פֿאַר דבורהלען, בײַ וועמען ס'פֿאַרשטיינערטע האַרץ האָט זיך אַ ריר געטאָן און דער קוואַל פֿון טרערן האָט זיך געעפֿנט; ער האָט נישט געפּרוווט אַ פֿרעג צו טאָן אַ וואָס־נישט־איז בײַ דער אַלטער באַבע מאַטל, וואָס האָט זיך געפּלאָנטערט אַרום אים און אים באַמאָסטן מיט אַ פּאָר רחמים־בעטנדיקע אויגן. דודאַלע האָט מער גאָרנישט גע־

האַט, וואָס צו טאָן און צו זאָגן אין דער־אָ שטוב. ער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער טיר. שעפּטעלע זאַהיקע, דער „אויפגעקומענער" נגיד, זיין באַגלייטער, האָט עפּעס אַ בעבע געטאָן און אָנגענומען די קליאַמקע. נאָר דאָ:

— דו גייסט שוין אַוועק, דוד?

דאָס האָט דער אַלטער ר' נוחקע מיט שווערער מי אַרויסגעבראַכט די עטלעכע ווערטער. כאָטש ס'קול זיינס אַזוי שוואַך — האָט עס דאָך אַ שניט געטאָן אין דודאַלעס אויערן און אין זיין האַרץ. שטייענדיק אויף דער שוועל, מיטן פּנים צום דרויסן, האָט ער זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן. דער אַלטער ר' נוחקע האָט זיך לייכט אַ ריר געטאָן און איבערגעפרעגט:

— דו גייסט טאַקע אַוועק?

איצט האָט דודאַלע נישט אויסגעהאַלטן, ער האָט זיך אויסגעדרייט, צוגעלאָפן צו ר' נוחקעס בעט און אָנגעכאַפּט זיינע קוואַרע הענט, וואָס זיינען געלעגן אויפן איבערבעט, ווי צוויי ווייסע שינדעלעך...

— כ'מוז גיין, ר' נוחקע... כ'מוז אַרויסנעמען בערן... אַמאָל האָב איך עפּעס אַנדערש געטאָן... פרעגט נישט... דאָ איז דאָך נישט ווין... עך, איר ווייסט דאָך נישט, וואָס איך האָב אין ווין געטאָן! בער האָט נישט דערציילט.... ער האָט נישט אויסגעזאָגט? ניין?

ער איז זיך פאַרגאַנגען, דער דודאַלע. ער האָט געדריקט קאָפּ אין קישן און געכאַפּט נאָגן דעם אַלטנס הענט...

שעפּטעלע איז געשטאַנען פונדערווייטנס, געגלאָצט די אויגן און געגאַפט. עפּעס האָט ער געוואָלט אַרויסשטאַמלען, אָבער דעם אַלטנס קול האָט זיך ווידער געלאָזט הערן:

— און לאַנג ביסטו שוין פון ווין?

— צוויי חדשים, ר' נוחקע...

— און וואָס טוט...

אַקעגן בעט, אויף וועלכער דער אַלטער איז געלעגן און ביי וועלכן דודאַלע האָט זיך, קניענדיק געשאָקלט, האָט דבורהל זיך אַוועקגעשטעלט און אירע דינע ליפּן האָבן זיך פונאַנדערגענומען:

— און וואָס טוט מיין הירשל?

דודאַלע האָט געשוויגן. ער האָט זיך משער געווען, אַז דאָס מיינט זי איר מאַן, ר׳ הירשלען, בערס פאָטער, וועמען ער, דודאַלע אַליין, האָט אָפּגעפירט קיין ווין און מ׳האָט אים דאָרטן פאַרשפּאַרט אין אַ משוגעים־הויז. ער האָט געשוויגן דודאַלע, וואָרעם ער האָט לחלוטין גאָרנישט געוואוסט, וואָס ס׳איז ווייטער געשען מיט דעם מענטשן, דאָרטן אין וויסן, פאַרהאַקטן זאַל.

— איר ווייסט גאָרנישט, דודל? — האָט דבורהל ווייטער געפרעגט און יעדעס וואָרט איז געווען אויסגעווייקט אין באַדרענגעניש — גאָרנישט?

שעפּטלען איז דערווייל גודנע געוואָרן אױסצוהערן, צו וואַרטן און ער האָט דערמאַנט:

— ד...ד...ד....דודאַלע, מ׳מ׳מ׳דאַרף ג׳גיין... טאָן...

דער אַלטער ר׳ נוחקע האָט פאַרשטאַנען, וואָס שעפּטעלע מיינט, און ער האָט לייכט אונטערגעהויבן זיין בלייכע האַנט:

— גיי... העלף...

דודאַלע האָט זיך אויפגעהויבן פון דער נידער, אָן אַן ענטפער; און אָן אַ לעצט וואָרט איז ער אַרויס פון דער שטוב, האַלטנדיק זיין האַנט אויף שעפּטלס אַקסל. דבורהל האָט אים באַגלייט מיט שטאַרע בליקן און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אַזוי, געווענדט מיטן פנים צו דער דרויסנוואַנט, וועט זי שוין פאַרגליווערט ווערן...

די אַלטע באַבע מאַטל האָט זיך צוגעשאַרט צו דער טיר און געפרווט דעם קייטל:

— „אפשר וועט נאָך עמעצער קומען?“

אָבער ווער האָט נאָך געהאַט צו קומען?

---

אין קאַזאַרמע־הויף דרעמלען די וועכטער, סאָלדאַטן, אַ גענבעטן דרעמל, די ביקסן אויף די אַקסלען, און די הענט פאַררוקט אין די אַרבל. די צוויי אָפיציר׳ישע, קודלעוואַטע הינט ניורען די קעפּ אין זייערע פּאָכקע פעלן און פאַרגעסן, אַז זיי דאַרפן בילן און זיך רייסן פון די קייטן....

אַפילו די מעשענע לבנה האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין די כמאַרעס און דערווײַלע זיך אויסגעבעט דאָרטן... בלויז אַ וואַכעדיקער שפּאַצירט אַרום אַ ווינט און וואָיעט....

ס'איז נאָך האַלב־נאַכט שוין און ס'איז פּוסט און ס'איז וויסט...

און אָט דעמאָלט גליטשט זיך צו צו גוט־אָפּגעקאָוועטער שלייטן און שטעלט זיך אָפּ צווישן די הויכע, ווײַסע, פאַרשטאַרצטע טאָפּאָליעס.

איינער־אַ־מענטש בלײַבט בײַם פערדל און רײַבט אים דערווײַלע אײַן די לאַנגע אויערנלאַפּן. איינער — אַ צווייטער מענטש — לאָזט זיך גלײַך צום זייטנטויער פון קאַזאַרמע.

— זיי פּאָפּן! — ברומט דער מענטש אַרײַן אין זיך און שפּאַנט, זיכער, איבער דער לענג פון הויף — זיי פּאָפּן!

אין האַלב־פינסטערן קאָרידאָר קוקט ער זיך אַרום, זאַדערעט דעם קאָפּ און לאָזט זיך אויף די שפּיצן...

— אָט־דאָ, די טרעפּ־אַרויף....

— אויבן — אַ שוואַכע שײַן: איבער אַן איבערשטער פאַרבּרוירענער שויב פון אַ טיר....

— אָט־די טיר.... — לויפט דורך אין געדאַנק...

אײַן דריק און ס'לאָזט זיך אַראָפּ די קליאַמקע. מיט אײַן פּראַל עפנט זיך די טיר און פאַלט צוריק צו. אינעווייניק וואַרט מען שוין. דער יונגער, שטרענגער „עסאַאול", דער זעלבער, וואָס האָט זיך מיט עטלעכע שעה פריער געבייזערט, געזידלט, דער זעלזעלבער בליצט אַצונד מיט אַ קליינעם באַטעריע־לעמפּל צו דער טיר, און מיט אַ פוס טרעט ער אויף דעם באַוואַקסענעם סאָלדאַט, דעם וועכטער, וואָס ליגט, אַ דורכגעשטאָכענער, אין אַ קאַלוזשע בלוט...

דער אַרײַנגעקומענער קוקט זיך אַרום אין דער אָפיציר באַפעלט, קורץ:

— נעם דײַן בחור!

דער אַרײַנגעקומענער שפּאַנט צו צום בינטל־שטרוי, וואו בער ליגט, אַן אײַנגעדרעמלטער.

— הויב אים אויף! — באַפעלט דער „עסאַאול" ווידער.

איין בויג, איין ריר: צוויי הענט הייבן אונטער פון דרערד דעם קראַנקן בחור.

— בער... שרעק זיך נישט... איך בין עס... דודאַלע...

— גיי! — באַפעלט, שניידנדיק, דער עסאַאול....

ווידער פּראַלט זיך אויף די טיר און דודאַלע בלייבט שטיין אין קאָרידאָר, מיט בערן אויף די הענט. דער אָפיציר שפּרייזט נאָך. לעשט אויס זיין באַטעריע־לעמפל און לאָזט זיך, דער ערשטער, אַראָפּ־טרעפּ. ס'בליצט תיכּף אויף אַ שיין פון אונטן: אַ סימן, אַז מ'קאָן שוין גיין...

דודאַלע פאַרשטשעמעט די ציין און אַזוי, מיט בערן אויף די הענט, פּליט ער די טרעפּ־אַראָפּ, ווי אַ מחבל....

אַ שאָטן פאָראויס איבערן הויף. דודאַלע שפּרייזט נאָך. איבערן טויער אַריבער. אָט איז דער שליטן, צווישן די טאָפּאָליעס, אָט...

דער מענטש ביים פערדל קומט אַנטקעגן און זאָגט:

— גוט! לייג אים אַוועק!... ס'איז אויסגעבעט...

דער אָפיציר, וואָס איז דער ערשטער אַרויס פון טויער, באַפעלט:

— גיכער!

אַ רגע, און בער ליגט אין שליטן, אַן איינגעהילטער אין אַ שעפּסענעם טולופּ; דודאַלע שפּאַרט זיך צו לעבן אים; דער אָנטרייבער יאָגט דאָס פערדל און דער „עסאַאול", וואָס האָט זיך אַוועקגעזעצט פאָרנט, פלוכט:

— פּאַדלע! געמוזט שטעכן דעם חזיר! מיטן באַגנעט.... מורא געהאַט, מ'זאָל נישט דערהערן דעם שאָס פון פּיסטויל....

— צאָ! — צמאָקעט דער אָנטרייבער — צאָ! וויאָ! הייטאַ!

אַ ווייסער טראַקט. ס'פערדל צעשפּריצט שניי־גרודעס מיט די פּאָדקאָוועס, לויפט האָפּערדיק, און דער שליטן גליטשט זיך נאָך. ס'בלייבן פון הינטן איינגעהויקערטע שטיבלעך, שלאָפנדיקע גערטענער און סעדער. אַ ווייסער שליאַך; ווייסע פעלדער אין די זייטן און אַ וואַלד אַנטקעגן.

לעבן אַ ראָוו, ביים וואַלד, בלייבט שטיין ס'פערדל. דער אָפיציר קריכט אַראָפּ און מאָנט:

— גיב, ס׳געלט, דוראַלע....

— ווילסט געלט?

— געלט!

דוראַלע רוקט אַריין אַ האַנט אין קעשענע, ציט און ציט און מיטאַמאָל:

— נאַ דיר, כאַמעליוקל!

ס׳גיט אַ סמאַליע אַ פייערל, אַ קנויל־רויך צעוויקלט זיך אין פראָסטיקער לופט, און דער שטרענגער „עסאַאול" קערט זיך איבער אין ראָוו אַריין. נעמט ער גראַבלען מיט די הענט דעם שניי, קאַ־משעט זיך און מרוקעט:

— פאַרשאָלטענע!

דוראַלע שפייט אויס, זעצט זיך צוריק אין שליטן און באַפעלט:

— פאָר!

— וויאָ! — צמאָקעט דער אָנטרייבער.

דער שליטן לאָזט זיך אַריין אין וואַלד אַריין, איבערלאָזנדיק דעם אָפיציר אין ראָוו, מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף און מיט דער לעצטער קללה אויף די ליפּן....

דער שליאַך ציט זיך צווישן ביידע זייטן וואַלד. דער וואַלד אַ טונקעלער, מיט ווייסע ליקן...

דוראַלע קומט צו זיך און בויגט זיך איבער:

— הערסט, בער?

דוראַלע וואַרט נישט אויף קיין ענטפער... ער רעדט ווייטער:

— הערסט, בער? מיר זיינען ביידע גערעכטע... מירן אי־בערטראָגן און באַווייזן.... עך, טשאָרט דיערי!!...

ס׳פערדל צעהירזשעט זיך אין לויפּט האָפּערדיק. ווייט אַוועק...

* * *

— איצט, ברודערל, וועט מיך שוין קיינער נישט טרייבן און שטויסן... אָט אַזוי... אַזוי שטעכט מען אַראָפּ די שטאָר פון די אייגענע אויגן! איצט, גוטער ברודער, וועלן מיר שפּאַנען ווי־טער... מירן שוין קריכן און זיך רוקן, אויב מ׳עט דאַרפן...

ריידנדיק, האָט דודאַלע נישט צונעקליבן קיין ווערטער און נישט געקראַצט ביי זיך אין מוח. ער האָט נאָר געוואוסט, אַז עפּעס דאַרף מען זאָגן, כּדי בער זאָל וויסן, געדענקען און גלויבן.

— עך, טשאָרט דיערי! אַז מ׳קאָכט זיך, ברודער בער, אין דער אייגענער יויך, ווערט מען ווייכער און מ׳קאָן זיך אַליין אײַנבייסן. עך... טי... אָט...

קורצע מאַך־דיר־האַרץ־רייד אין אַ לאַנגווייליקער צייט. פּויל און פּאַוואָליע זיינען זיי געקראָכן, די חדשים, אין דער שטאָט טאַרנאָפּאָל, וואוהין דודאַלע האָט געבראַכט צו פירן בערן, אַ צעמזיקטן. פּאַמעלעך זיינען זיי געקראָכן, די טעג און די וואָכן. בער איז גענעזן געוואָרן, דערקענט דעם אַרום־און־אַרום און נישט געקאָנט איבערשניידן דעם קנופּ פון דער צייט. דאָס פּאַרביסענע וואַרטן און דאָס רויִקע אַרויסקוקן אויפן „וואונדער" איז געוואָרן אַן אָפּקומעניש. די בריקן איבערן טייך, וואָס טיילט אָפּ פון צעבונטעוועטן לאַנד, זיינען געלעגן אײַנגעריסענע און די ברעגעס — צעאַקערטע און צעגראָבענע. בער איז שוין צייטנווייז מושווה געוואָרן מיטן פּשוטן פאַקט: פון נישט קאָנען ווייטער... איז בלויז פאַרבליבן אַ טרייכט:

אויב ס׳איז נישט באַשערט, זיך אײַנצושפּאַנען אין פייערדיקן רייט־וואָגן, וואָס קאָלערט איבער לעבעדיק־געוואָרענע גאַסן, איז דאָך די קלאָרסטע סברה און בעסטע ברירה, צו זיצן דאָ... דאָ אַ נעסט צו געפינען... צו וואַרטן אויפן „וואונדער". — — דער געדאַנק האָט אַרויסגעשפּראָצט און געצייטיקט, אַנטקעגן די אַלע פורעניותן, וואָס האָבן, טאָג־טעגלעך, געווירן אין גאַס, אויף וועלכע ער האָט געקוקט מיט אַ פּאָר אויסגעוואַשענע אויגן. —

אַ סך איז זי אויסגעשטאַנען, די גאַס, און די שפּורן זיינען פאַרבליבן אויף ווענט, אויף דעכער, אויף שטעגן און אין ראָוועס; אַפילו אין שוים פון דער ערד. אויף דער דאָזיקער גאַס האָט אַ יונגע מלוכה אויסגעכאָרכלט די לעצטע קרעכצן פון גיכן אונטערגאַנג, ביז אָן־אַ־שריד־ופליט. אויף דער זעלבער גאַס האָבן שוין געווייעט פאָנען פון נייע זיגער: פּוילן איז אויפגעשטאַנען.

ס׳האָט שוין געהאַלטן נאָכן ווינטער און ווייט־אַוועק נאָך די ערשטע וואָכן פון יונגער בליִונג.

און מיט די לעצטע אייז־קריעס איז אויך אוועק דער לעצטער ברום פון דער זעלבשטענדיקער „האַליצקאַ אוקראַינאַ" און ס'איז אויסגעגאַנגען דאָס ווידערקול פון אירע טרויעריקע „האמאַליאַ לי־דער"... די עמבלעמען „דריי־שפּיצן־ווידלעס" האָבן זיך נעוואַלגערט אויף די בוידעמער און די ווענט האָבן זיך שוין געצירט מיט ווייס־רויטע אָדלערלעך, שפּיץ־שנאָבלדיקע, שאַרף־קראַלנדיקע און ברייט־פליגלדיקע: דאָס לעבעדיקע פּוילן.

די ווילדע זין פון „האַליצקער ערד" זיינען אַוועק גלות אָפּ־ריכטן איבער דער גאָרער וועלט און די יונג־פּוילישע קינדער זיי־נען אָנגעקומען מיט אַ געזאַנג:

„מיר וועלן נישט געבן די ערד פון אונזער שטאַם —
און אונטערהאַקן די פּיס פון דעם באַדריקער"...

הילכיקער געזאַנג פון די יינגסטע טעג. — — — — — —

און אין דער צייט האָבן יידן אַרומגעבלאָנקעט איבער גאַסן, מיט פרענגנדיקע אויגן, פול דערוואַרטונג און, אפשר, טרייסט... אָבער די אָדלערלעך האָבן זייערע פּיאות געפליקט, די בערד געצופּט און דערשטיקט די הערלעכע דערוואַרטונג.

— וואָס ווילן יידן?!!

— יידן זיינען צופרידן, האַר... גרויס־צופרידן..... — —

און פּאָרט: הערלעכע, יידישע איבערגעבנקייט, זיסע הכנעה און זכות...

פּאַמעלעך, אָבער זיכער, האָבן זיך די טעג פון יונגער בלי־ונג אַריינגעצויגן אין די צייטיקע חדשים פון היץ און טריקעניש. דער פּויער האָט געוואַרט אויף רעגן און גערעטעניש, דער גערטנער האָט באַקוקט די קרוינען אויף די ביימער און דער קרעמער — דעם ווינט, וואָס האָט שפּאַצירט אויף זיינע אַלטע פּאַליצעס און פּאַכן.

באַנען זיינען שוין נעגאַנגען פון איין עק לאַנד צום אַנדערן און אַפילו ווייט־אַרויס איבער די גרענעצן; אָבער געפירט האָבן זיי נאָר אומפלייט און ווערים פון איין עק צום צווייטן...

— געלט איז דאָ גאַנצע בערג!

— גאָלד איז דאָ אין פעסער!

— און קיין ברויט איז נישטאָ...
— און הונגער וואַקסט...
— און מגפה טרייבערט!
אַזוי פון מויל צו מויל, פון אויער צו אויער... — —
אַוודאי האָבן בערס אויסגעוואַשענע אויגן אַיינגעזויגן יעדן ציטער פון אַן אויסגעשפּאַנטן דראָט. אַיסט וואָלט ער דאָך נישט אַזוי געביסן די נעגל ביזן בלוט. אַפילו דודאַלע בענקערטס האַרטע פּעל האָט דערפילט ס׳כוואַשטשען פון דער בייטש, פון דער גרויזאַמער שעה....
זיינע שוואַרצע, לויפנדיקע אייגעלעך האָבן זיך טיפער אַיינגעגראָבן אין די לעכער און די שווערע הענט האָבן זיך געקרייצט אין דער ברייט:
— ס׳איז אַ ביסל צופיל...
— ס׳איז צופיל.... — האָט בער נאָכגעציילט די ווערטער.
בער האָט שוין פון לאַנג אויפגעהערט צו קוקן קאַלט און מיט חשד אויף דודאַלען. „וואָס געווען — איז געווען", איצט פאַרגעבן און צונויפגעלעבט, נאָך מער, נאָך ענגער, ווי אין די ערשטע, „ווינער" טעג. אַצונד זיינען זיי אינאיינעם אין טאַרנאָפּאָלער, „פּאָדאָליער הקדש", אויף איין הילצערן, סקריפּענדיקן בעטל. דודאַלעס געלט-בייטל איז געוואָרן מאָגערער פון טאָג-צו-טאָג און ביידע האָבן זיך דערוואַרט ביז צון אַ שטיק שוואַרץ ברויט מיט טיי. פון די אַרבל האָבן אָנגעהויבן אַרויסלויכטן ווייסע סטראָטשקעס פון דער פּאָטשעווקע, און די העמדער זיינען זיך לעננער אויסגעזעסן אויף די פאַרשוואַרצט-געוואָרענע לייבער. אַזאַ מין „איבער-אַרץ" האָט געקאָנט דערעסן ווערן און דודאַלע, דער רעדעוודיקער פון זיי ביידע, האָט זיך שוין געפּרווט אונטערזאָגן:
— נו... צון אַלדי-גוטע יאָר!
אָבער גראָד ער האָט נישט געקאָנט פאַלן אויף קיין המצאה. צון אַ שטיקל „שטייגער" האָט זיך דאָסמאָל דווקא בער „דערשלאָגן".
דער באַלעבאָס פון זייער טאַרנאָפּאָלער „גאָסטאָרע", פאַניע פינגערהוט, וואָס פלעגט ליב האָבן „אָפּצושטאָטן" אַ באַזוך ביי זיינע

„לאָקאַטאָרן“, האָט איינמאָל, פון היימישקייט־וועגן, בעת בער איז גע־
זוען אַליין, אַ טאַפּ געטאָן זיין דופק:

— איז וואָס־זשע, פאַניע פרידמאַן, וועט זיין דער תּכלית?
איז וואָס־זשע וועט איר עס אויסזיצן אויף פּאָדאָליע? אַמער פאָרט
אַהיים קיין קריקעוו! אינדערהיים, ווי ס'איז־נישט־איז.... און ווידער,
אַזאַ יונגערמאַן ווי איר, אַן איידעלער, קאָן דאָך היינטיקע צייטן
גאָר מאַכן אַ „גליקס־פּאַרטיע“... קוקט אָן מיך, וואָס פאַר אַ פּנים
איך האָב אָן אַ ווייב... מילא איך, אַן אַלמן.... אָבער איר... כ'מיין
נישט קיין חכמות.... אַ... נו.... אַ שידוך....

די ווייסלען פון פאַניע פינגערהוטס קעלבערנע אויגן האָבן זיך
צעיאָגט און ער האָט פעסטער באַשטעטיקט:

— ס'זיינען דאָ יידן, וואָס האָבן געגנוג געלט געמאַכט און...
טאַקע... כ'לעבן... און וואָס דאַרף מען עס זיך אַרומדרייען און
אַרויסקוקן אויף ניסים? קיין געלט צום האַנדלען פאַרמאָגט איר
נישט, קיין „פאַך אין די הענט“ האָט איר נישט, איז, כ'לעבן, איך
ווייס פון אַ מיידל, און ס'וואָלט נישט געשאַדט, איר זאָלט אַייך
אַריבערכאַפּן אויף „בעשוי“....

בער האָט אויסגעהערט פינגערהוטן ביזן סוף, אָבער אָנשטאָט
מרוצה־צו־ווערן און באַשטימען דעם טאָג פאַרן „בעשוי“, האָט ער
גאָר מאָדנע אַ פרעג געטאָן:

— און אפשר ווייסט איר פון עפּעס אַ שטעלע? צו אַרבעטן....
כ'קלויב נישט איבער....

דער „באַלעבאָס“ האָט שוין נישט געקאָנט, גאָר־גלאַט, איינ־
זען דעם „שכל“, הלמאַי איז בערן ניחא'ר צו זיצן אין טאַרנאָפּאָל,
ווי אומצוקערן זיך אַהיים, קיין קריקעוו. און נאָך שווערער איז אים,
דעם תּמימותדיקן יידן, אָנגעקומען צו פאַרשטיין, הלמאַי רעדט ער
עס גאָר, דער־אָ „אינטעליגענטענער“ יונגערמאַן, וועגן געפינען אַ
שטעלע צו אַרבעטן, אָנשטאָט זיך אָנצוכאַפּן, טאַקע מיט ביידע
הענט, אָן אַ גוטער „גליקס־הייראַטס־פּאַרטיע“, נעמען אַ פּאָר „פּעק־
לעך געלט“ און צו ווערן אַ לייט, מיט לייטן גלייך...

אָבער נאָך אַ פּאָר שעה אַיינטענהן איז אים בערס עקשנות
דווקא אַזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן, אַז ער האָט צוגעזאָגט נאָכ־

צופרעגן וועגן אַ „פּאָסטן" בײַ „זיך", אין אייער־מאַגאַזין, וואו ער אַרבעט אַלס קאָסטנקלאַפּער.....

— מירן אַ רעדט טאָן מיט אונזער „אינהאַבער" אַליין, אפשר וועט מען עפּעס געפינען.... — —

און באמת: פינגערהוט האָט טאַקע געבראַכט אַ גוטע בשורה:

— ס'עט שוין זיין רעכט. שלאָפט זיך נאָר גוט אויס.

— וואָס איז עס אַזוינס?

— שלאָפט זיך נאָר גוט אויס!.... ס'איז רעכט. דאַבּזשע! ס'אי רעכט... מאָיע סלאָוואָ...

אויף צומאָרגנס האָט ער, מיט אַ שמייכעלע, און מיט שפּיי־עכץ, אויסגעגלעט בערס אויסגעריבענע עלנבויגנס אין קלאַפּעס, צו־רעכט געמאַכט די פריזור מיטן שרונט (מיט די אייגענע הענט) און אים פשוט גענומען אונטערן אָרעם:

— קומט, פאַניע פרידמאַן! געדענקט, האַלט זיך לעבן מיר! קומט, פרידמאַן!

— קומט, פאַניע פינגערהוט!

באַגלייט פון דודאַלעס אָנגעשפּיזלטע בליקן און זיין אומפּאַר־שטענדלעכן ברוס, האָבן זיי זיך אַרויסגעלאָזט אין גאַס. דער וועג צום מאַגאַזין איז געווען אַ שפּאָרעוודיקער און אין אַיילעניש האָט פינגערהוט נאָך אויפגעקלערט אייניקע קליינינקייטן:

— איר'ט זיך „בענעמען" אָנשטענדיק און שטיל... און ס'וועט זיין... אויסגעצייכנט... איר הערט, פאַניע פרידמאַן?

— כ'הער, פאַניע פינגערהוט... — — — — — — —

אַ ביסל צו־לאַנג האָט מען אויפגעהאַלטן דעם נייעם „מענטש", איידער מ'האָט אים „אָנגעשטעלט".

דער „אינהאַבער" אַליין, הער בערנהויט, אַ בייכיק יידל, מיט איין אויג, נאָר דערפאַר אַ טאָפּל־נאָזיקער, האָט מיט אַ שפּיץ־פינגער געטאַפּט די ראָס פון זיין בלוי מאָרדעלע און זיך אַפילו נישט צוגעהערט, וואָס פינגערהוט טענהט, דאָ צון אים אַליין, דאָ צום הויפּט־פאַרוואַלטער, דעם רויטן וואָליש, וואָס האָט זיך אויך געפונען אין מאַגאַזין־קאַנצעלאַריע.

— אַ פײנער, אָנשטענדיקער, געבילדעטער יונגערמאַן — האָט פינגערהוט געװיזן אויף בערן, װאָס איז געשטאַנען אויף דער שװעל, מער אויף דער אַנדערער זײט, װי אינעװײניק.

— אַזוי? אַ געבילדעטער? — האָט דער רויטער װאָליש, אַ הויכער „דײטשוק“, געדרײט די שטײפע קָדמא־ואַזלא־װאָנצעס — אַזוי? אַ געבילדעטער? װאָס־זשע װעט ער דאָ טאָן? אין קאַנצעלאַריע האָבן מיר גענוג אָן אים. און אויף צו „לעזן בישער“ איז דאָ קײן אָרט נישט! קײן מײדלעך צום פלירטעװען זײנען אויך נישטאָ! איז װאָס־זשע װעט ער דאָ טאָן? „זיך לויזען אין קראָם?“ נעט װאַר?

ער האָט אַ בלישטש געטאָן מיט זײנע מזיקישע אויגן, דער רויטער װאָליש, און צוגעװאונקען מיט אַ פינגער:

— פאַרשטאַנען? נאַ־אַלזאָ!

אַ שמײכל פון געפאַלנקײט האָט זיך צעלײגט אויף פינגערהוטס בײדע באַקן און ער האָט זיך געקנײטשט אין דרײען:

— כ'האָב דאָך אים שוין געבראַכט, הער פאָװאַליעטער....

בער אַלײן, דער אַרבעטס־זוכער, װאָס איז געשטאַנען אויף דער שװעל, האָט דערפילט אַ האַרבקײט אין מויל און אַ בײסעניש אין די נאָזלעכער. הערנדיק װאָלישעס חשבונות און דאָס פרײכן פון דעם „אינהאַבער“ הער בערנהויט, האָט זיך אים פאַרװאָלט אַזוי אַ היבשן שפײ טאָן, פאַרקירעװען אינדרויסן אַרויס און נאָך מיטשלעפן מיט זיך זײן „באַלעבאָס“. פינגערהוטן איז אָבער געגאַנגען ממש אין לעבן:

— װעט ער פרוּװן קאָסטנס קלאַפן! טוט אַ „געפעליכקײט“, הער פיװאַלטער, איר האָט דאָך צוגעזאָגט... — האָט ער זיך געבעטן און גענויגט, דער דאָזיקער פינגערהוט...

— נישטאָ קײן קאָסטנס צום קאַליע־מאַכן! אויף דער אײגענער מאָרדע דאַרף מען זיך לערנען שערן! אויף דער אײגענער! און באַסטאַ! צון אײער אַרבעט גײט, פינגערהוט! נישטאָ קײן צײט. אויף אַמעריקאַניש: טאַים איז מאָניע! כ'על אַראָפּרעכענען פון אײער לוין!

פינגערהוט האָט נישט געקאָנט איפּהויבן דעם קאָפּ. זיינע צכנעשע בליקן האָבן געקוקט אויף די פּאַסן ליכט, וואָס האָבן געטאַנצט אויף די אונטערשטע טיר־טאָוולען און זיינע ליפּן האָבן זיך באַוואויגן תמעוואַטע.

וואָליש, דער פאַרוואַלטער, האָט געוואָלט וואָס־גיכער משלח־זיין די „לייט" און האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— פינגערהוט, צו דער אַרבעט! כ'על אַראָפּרעכענען און...

ער האָט אָבער שוין נישט באַוויזן ווייטער צו „סטראַשען".

— איר!! איר!! — האָט בער אַרויסגעהוסט און מיט איין ריר געבליבן שטיין אינמיטן צימער — מען טרייבט נישט! איר!

זיינע לאַנגע פינגער האָט געצופּט דעם זוים פון אָפּגעשליסענעם ראָק און די אויגן זיינען געשפּרונגען פון קאָפּ אַרויס:

— און לאַכט נישט! לאַכט נישט!

הינטער וואָלישן, דעם „דייטשוק", האָט אַ סקריפּ געטאָן ס'בענקל. ער האָט זיך צערירט און זיינע וואָנצעס זיינען געבליבן שטיין, ווי צוויי הערנער, נאָר דורס־צו־זיין.

אַ מערכה, דער „אינהאַבער" אַליין, דער הער בערנהויט, וואָס האָט בינו־לבינו באַוויזן איסצושלאָפן ס'אײנצקן אויג זיינס, האָט זיך ראַזדריכעט און אַ מליאַסק געטאָן מיט די בלויע ליפּן:

— זאָל זיין נאָך איין „לומפּ" ביי דער „האָליץ־וואָל"! שיקט אים אויפן בוידעם אַרויף!... צופרידן?... רעדן זי דאָך, זי פינגערהוט שטינקער?!

בער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם הער בערנהויטס פאָר ווערטער, וואָס זיינען אַרויס פון אונטער זיין פאַרלעגערטן גומען, אָבער פינגערהויט האָט זיך אַזוי צעשאָקלט פאַר פרייד, אַז ער האָט אַזש געכאַפּט קושן זיין שפּייזערס האַנט:

— אַ זייער שיינעם, פיינעם דאַנק...

— אַ־יאָ? פינגערהוט שטינקער...

— פיינעם דאַנק... — האָט פינגערהוט מעלה־גירהט און זיך קוים אַוועקגעריסן פון זיין האַר... — —

בער אַליין האָט שוין, שווייגנדיק, אויסגעהערט די אָנזאָגעכ־צער און, אַזוי שווייגנדיק, באַגלייט פון פינגערהוטן, זיך געלאָזט צו זיין נייער אַרבעט.

אין פרייען, גרינפאַרוואַקסענעם הויף, איז געשטאַנען דער גרויסער, הילצערנער מאַגאַזין, אייגנס פאַר דער אַרבעט. אַריינקומענדיק אין די דושנע פיר ווענט, אינעווייניק, האָט בער ס'ערשטע גע־מוזט אויסשטיין אַן אומדערוואַרט, פייערלעכן קבלת־פנים. די צענדליקער האַלב־נאַקעטע יונגען, וואָס זיינען געשטאַנען ביי די לענג־ווענט און געפאַקעוועט אייער פון איין קאַסטן אין אַנדערן, געבראַקירט און גערייניקט, האָבן זיך צעגאָרגלט אויף קולי־קולות, לכבוד דעם נייעם אורח:

— וויוואַט! הוראַ!

— טשעסט אַביוואַטעליו!

— זיי געגריסט, גראָסער זיגער!

— וויוואַט! הוראַ!

אין דער ערשטער מינוט איז בערן גאָר געפעלן געוואָרן די אויפנאַם. פאַרבייגייענדיק די שורות אַרבעטער, האָט ער זיי אַלעמען פריינטלעך באַטראַכט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן אַרויפצוגיין אויף די ערשטע טרעפּ, האָט ער דערפילט אַ שאַרפן צוויק אין קאַרק. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, זיך געוואָלט אַרומקוקן, נאָר פון אונטן אַרויף זיינען שוין, איינס נאָך ס'אַנדערע, געפלויגן פוילע אייער און געטראָפן גלייך אין פּנים אַריין. די צעכראַסטעטע יונגען ביי די קאַסטנס האָבן זיך צעהאָפּלסט, געפינעט און אָנגעפילט די געביידע מיט מגושמדיקע געשרייען און ווילדע קולות:

— פרישע אייער!

— גוטע אייער!

— זעקס פאַר שיפל!

די חברה־פאַקערס זיינען שיר נישט צעזעצט געוואָרן פאַר גדולה:

— אַ מחיה צום גומען!

בער איז געשטאַנען אַ פּריטשמעליעטער, מיט געל־פּאַרקלייטערטע אויגן און ס'האָט אים גערונען פון פּנים, איבער די ליפּן אַראָפּ, אין האַלז אַריין און טיפער... ער האָט נישט געוואוסט, וואָס מיט זיך צו טאָן: צי אַנטלויפן פונדאַנען, צי אַרויפלאָזן זיך אויף די טרעפּ אויפן בוידעם אַרויף... ער האָט געפּרוווט באַוואַשן די באַקן, די אויערן, און אײַנגעריבט דערביי די אַרבל און די דלאָניעס מיט געלן, שטינקענדיקן קלעבעכץ...

פינגערהוט, זיין באַגלייטער, כאָטש ער אַליין האָט אויך אַרייַנגעכאַפּט אַ כּיבוד און מורא געהאַט פאַר נאָך־מער, האָט ער, פונדעסטוועגן, זיך אַקעגנגעשטעלט און צעיאַכמערט:

— וואַגאַבונדן! לומפּן! באַטיאַרן!

די יונגען זיינען טאַקע צו זיך געקומען, באַרעכנט, אַז זיי האָבן איבערגעכאַפּט די מאָס, און איינער פון זיי האָט דערקלערט:

— נו, איצט קאָן ער שוין אַרויפגיין אויפן בוידעם, צופּן די האָלצוואָל. ער האָט זיך דאָך באַאַרבעט צום ערשטן אײַנקויפן אין „צעך", דער טיליגענטער שמויגער! — — —

נאָך דער דאָזיקער צערעמאָניע האָבן זיך די יונגען צוריק אַ נעם געטאָן צו די קעסטלעך, צו די קויבערס און האָבן דערלאַנגט אַ לידל, אַזוי אויפן געוויינלעכן שטייגער:

„מיין פעטער הייסט פּיאָיִם
אינז וואוינען מאַ ציווישן גוֹיִם"...

קיינער פון זיי האָט זיך שוין מער נישט אומגעקוקט און נישט געזען, מיט וואָס פאַר אַ וואַקלעניש בער האָט אַרויפגעשפּאַנט אויפן בוידעם. — —

דערפאַר איז דאָ, צווישן די הויכע סטערטעס האָלצוואָל אין די סטויגן שטרוי, די אויפנאַם געווען אַ גאָר נעבעכדיקע. עטלעכע פרייכנדיקע, עלטערע יידן האָבן בלויז אַריינגעהוסט און אײַנגעקייכט אין זייערע פאַרשטויבטע און באַשפּרענקלטע בערד און קליינע, פאַרלאָזטע יינגלעך האָבן לעקישעוואַטע געשטשירעט די ציינדלעך אויף דעם נייעם, גרויסן „צופער", פון וועלכן ס'קאַפּען געלע ריקעס.... כיך...כי...כיך!!... קיינער האָט גאָרנישט געדאַכט,

און וואָס צו טאָן — האָט אויך קיין איינציקער פון זיי נישט געוויזן. האָט שוין פינגערהוט, באין־ברירה, זיך געמוזט מטפל־זיין מיט דער ערשטער לעקציע פון צופּעכץ... ער האָט צוגעפירט בערן צון אַן איינגעפּרעסטן, איינגעדראָטעוועטן בינטל האָלצוואָל, געוויזן, ווי אַזוי ער דאַרף עס צעצופּן, מאַכן פּאָכקע, אַזוי אַז מ׳זאָל אין דעם קאָנען פּאַקן חי ביצים. דערביי האָט ער צוגעוואונטשן:

— זאָל זיין אין אַ גוטער שעה!... גוט איז דאָס... — —

אַזוי האָט זיך געשטעלט דער ערשטער טאָג פון בערס שפּאָל־נייער באַשעפטיקונג. און אַזוי האָט ער אָנגעהויבן אַריינאָטעמען שטויב און קייען פליגן אויפן בוידעם פון הער בערנהיימס מאַגאַזין.

גיך און באַלד איז ער צוגעוויינט געוואָרן צו דער פיינער מלאכה. שוין נאָך דער ערשטער האַלבער שעה האָט ער אַרום זיך געהאַט אַ גרויסן הויפן צעצופּטע פּאַקעכץ, און די פינגער האָבן, וואָס ווייטער, פלינקער געריסן די בינטלעך.

איינער פון די קליינע יאַטלעך, יאָסעלע סטראָמפּאַל, איז אַזוי שטאַרק נתפּעל געוואָרן פון בערס פלינקער אַרבעט, אַז ער האָט אַזש באַלעקט מיטן צינגל דאָס פּייטשע נעזל:

— ער טאָן ציפּן! טיקט נאָר, ווי דיך ער רייסט דאַגצע סטיטער! —

נאָך שפּעטער האָט בער זיך שוין געראָיעט גלייך מיט אַלעמען אין מושב, געהויערט אויף די קני און גענאָסן, מיט אַ פּייכטער ניסעכץ... פאַרנאַכט איז ער שוין געווען איינער פון אַלע און אינער גלייך מיט אַלע. ר׳ משולם, אַ ייד מיט אַ פאַרלייגטער נאָניע און אַן אויסגעקראָכענער זאַפּראַן־באָרד, האָט אים מכבד געווען מיט אַ שמעק־טאַבאַק און אַפילו געעצהט:

— צו־וואָס איז דאָס אַיילעניש, בחור? טאַקע, כ׳לעבן... וואָסי־וואָע, דו אַרבעטסט אויפן וייגער? אויפן שטיק? פאַר דעם געלט, וואָס מ׳עט דיר באַצאָלן, מענסטו אָפּווישן די פינגער... נישקשה... די כאָליערע נעמט אים נישט דעם „בלינדן טרעלבוך“...

בער האָט נישט צוגעגעבן אינגאַנצן רעכט דעם יידן, און גע־פרוווט אויפקלערן:

— אַרבעטן איז עפּעס אַנדערש, ר׳ ייִד, און פֿאַרלאַנגען מ׳זאָל באַצאָלן, ווי ס׳געהער צו זײַן, איז עפּעס אַנדערש... וועלן מ׳זאָל אײַך גוט באַהאַנדלען איז עפּעס אַנדערש און טאָן, וואָס מ׳דאַרף צו טאָן — איז אויך עפּעס אַנדערש....

דער זאַפּראַן־בערדיקער ר׳ משולם האָט זיך אַפֿילו געקראַצט אין דער דיך און נישט געקאָנט פֿאַרשטײן, פֿאַרוואָס דער בחור זשאַלעוועט אַ קללה דעם „בלינדן טרעלבוך", אָבער פֿונדעסטוועגן האָט ער בײַ זיך געפּועלט, אַז דער „נאָוויטנער האָן" — בער — איז אַ פֿײַנער בחור און האָט זײַן דעה איבערגעגעבן צו די אַ׳בעריקע ייִדן:

— ער ווײַזט אויס צו זײַן אַ טאַטנס אַ קינד... אַן „אויסגעריכערטע ליולקע"... נאָר וואָס איז די פּעולה? קאָן ער אַוודאי נישט ליגן אין דער אַדמה?

בײַם אַהיימגײן איז בער שוין גאָר היימיש געווען מיט די ייִדן און די קלײנע יאַטלעך האָבן אים שוין גאָרנישט אָפּגעלאָזט און באַגלייט ביז אין שטוב אַרײַן.

— מירן אײַך אויפֿוועטן דאַניע פּרי! — האָט דאָס יאַטל יאָסעלע סטראָמפּאַל אונטערגעטאַנצט און זיך באַלעקט — מירן טלאַפּן בײַ אײַך אין פֿענסטערן, ווע׳מיר טלאַפּן.... מיר סטייען אויף דאַניע פּרי...

— קלאַפּט, קלאַפּט, קינדער, — האָט בער זיי אונטערגעגעבן חשק — איר וועט מיך וועקן... אַמאָל וועל איך אײַך וועקן.... מירן לעבן, ווי גוטע ברידער....

אַז בער האָט אָפּגעוואַשן דעם שטויב פֿון ערשטן אַרבעטס־טאָג, איבערגעביסן אַ שטיקל ברויט מיט טיי און פֿאַררויכערט אַן אָפּשניצל פֿון אַ סיגאַרעטל, האָט זיך אַ שמייכל אויסגעלייגט אויף זײַנע מוילווינקלען:

— דודאַלע, איך וועל ווערן אַ רבי.... כ׳האָב תּלמידים... קלײנע און אַלטע.... יונגע און ווילדע... איך וועל ווערן אַ רבי...

אָבער דודאַלע האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר איבערגעלאָפּענע אויגן און איבערגעחזרט, וואָס ער האָט אים שוין עטלעכע מאָל געזאָגט:

— אַז מ'קאָכט זיך, ברודער, אין דער אייגענער יויך, ווערט לייכטער... מ'קאָן זיך אַליין אײַנבײסן.... גוטער ברודער, ס'איז צו־פיל דאָ... מ'דאַרף גיין און — איך גיי... אַהין....

— וואוהין? — האָט בער געפרעגט, הגם ער האָט שוין גאָר גוט פאַרשטאַנען, וואָס דודאַלע מיינט. — וואוהין?

— אַהיים... איבער דער גרענעץ... צו זיך... אין מיין רוסיש ווינקל.... דאָ־דאָ וועל איך פגרן... דאָ וועט צוריק אָנוואַקסן די שטאָר אויף די אויגן... און איך וויל נישט הענגען אויף קיין תליה!...

— און איך? — האָט בער זיך פאַרטראַכט...

— דו? אַ רבי זאָגסטו דאָך, ווערסטו... טאָ ווער!

אַז די נאַכט איז אָנגעוואַקסן אויף שויבן, אויף דעכער און אויף פּליטעס, האָט דודאַלע זיך אַרויסגעשאַרט פון שטיבל און אַ קלאַפּ געטאָן בערן אויף די פּלייצעס, צום זיי־געזונט:

— און אַז כ'וועל דאָרט באַגעגענען... קאַטיען... געדענקסט זי, האַ? קאַטיושענקאָ... אין ווין... עך... דיך האָט זי דאָך ליב געהאַט!... דערפאַר וועל איך זי לאָזן געמאַך... כ'וועל זי נאָר גריסן פון דיינעטוועגן... כ'וועל איר זאָגן, אַז דו... עך, טשאָרט דיערי! כ'וויל נישט הענגען אויף קיין תליה!

ער איז אַרויס אין געסל. דודאַלעס טריט האָבן אָפּגעהילכט אויף די שטיינערנע פּליטעס. בער האָט איבערגעחזרט:

— און איך?

אַ הונט האָט אַ האַווקע געטאָן: האַוו... האַוו...

דודאַלע איז פאַרשוואונדן געוואָרן....

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין די ערשטע וואָכן פון זיין וואוילער באַשעפטיקונג האָט בער ממש אָן אַלעם פאַרגעסן: אָן דודאַלען, וואָס איז אַוועק און אים איבערגעלאָזט אויף פּאַניע בערנהויטס בוידעס, אָן אייגענע יאָרן־טעג און אָן אַלץ, וואָס איז געווען הינטער אים...

אַפילו דעם מאָרגן, וואָס האָט באַדאַרפט אַ גראַבל טאָן אין פענסטער — אַפילו וועגן דעם האָט זיך שווער געטראַכט....

ס'איז דאָך אַזוי פּראָסט און פּשוט: ווען אַ מענטש זינקט טיפער אין די אָנגעצופּטע האָלצוואָל־קופּעס, אין שטרוי און אין שטויב, וואָס פּרעסט זיך אַיין אין לונגען, אין מאַרך.... — ס'איז דאָך אַזוי גלאַט און פּשוט געווען....

די גאַס האָט ער אויסגעמיטן. אַלע גאַסן האָבן זיך געטרונקען אין בלאָטעס און אין גלאַנצנדיקע, שטייענדיקע אָזערעס.

ס'האָט שוין אַריינגעצויגן אין האַרבסט אַריין און די רעגנס האָבן שלוימיקערע געמאַכט די טריט.

איבעריקנס, וואָס האָט ער געקאָנט טאָן, בער, צו דער דאָזיקער גאַס און צו אירע אויסגעווייקטע מענטשעלעך?

אויף פּאָדאָליער הקדש־ווינקל האָבן די מענטשן באַגלייט יעדן אַוועקגייענדיקן טאָג, מיט פאַרביסנקייט, און אָפּגעוואַרט די נאַכט, מיט אַרויסגעזעצטע אויגן. יעדן טאָג האָט זיך „דער גאַסט מיט דער קאָסע" אַריינגעריסן אין די פאַרעיפּושטע שטיבער און אונטערגעשניטן יונג און אַלט. — ווי אַזוי־זשע האָט ער געקאָנט קומען צו זיי, צו די דאָזיקע אין „הקדש־ווינקל", און וואָס פאַר אַ באַטייט האָט געקאָנט האָבן זיינס אַ וואָרט און אַ בליק, אַנטקעגן זייער שטומען וואונק: „מיר גייען אויס"...??

אויף דער „פּאַנסקע־גאַס"־אַרויס האָט ער זיכער נישט געהאַט, וואָס אַרויסצוטראָגן. דאָרט האָט זיך געראָיעט פון פאַרדעכטיקע ברואימלעך, ווימלענדיקע הייִשעריקן, וואָס האָבן פאַרצייכנט די פרייזן פון טאָג:

— דער דאָלאַר לויפט אינדערהויך!

— זיידנוואַרג צינדט זיך אָן!

— מעל און צוקער ברענען!

— ציריך נאָטירט!

— דאַנציק רופט!

— כ'קויף!

— כ'פאַרקויף!

— וויפל...

— אַזויפיל...

— נא...נא...אַ...

אויף דער פאַנסקע־גאַס האָט בער זיך הערכסטנס געקאָנט חידושן און אַ קריץ טאָן מיט די ציין... ווער זאָל אים הערן? און ווער אָנקוקן?... אפשר דאָרט, אין די לופטיקע פלעצער, אויף די גאָרנס, וואו ס'הילכט די פויק און ס'דזשינדזען טאַצן, און פאַר־לעך דרייען זיך, ביז אָפּצוגיין אין שווייס? און אפשר טאַקע נאָר דאָרטן־אָ? —

אים, בערן, איז אָבער ניחאר געווען, אין די אָוונטיקע שעהן, צו זיצן ביי פינגערהוטן אין אַלקער, קוקן אויף דער פאַררויכעטער סטעליע און אויסצוהערן פינגערהוטס סברות; צו לייענען מאָגערע צייטונגען און לאַנגאָטעמדיקע לידער, אויף דיקע טאָוולען, לידער, וואָס באַזינגען דעם לוויקן „מאַרש“ פון דער צייט און איר סאָפּילימישן עלטערוויידן... און אַז ס'איז איינמאָל ניחא — איז דאָך נישט שייך... — — און ווייטער? פון רעגנדיקן האַרבסט צום ערשטן שניי איז געווען גאָר נאָענט און די ערשטע פרעסט זיינען טאַקע אָנגע־קומען גיך און מיט אַ ברען...

בלאַסע בריוו פון קריקעוו האָבן דערציילט וועגן די האַרטע פראָסטבלומען אויף די פענסטער פון דער פויערישער כאַטע און וועגן די געשוואָלענע פיסלעך פון די יינגערע קינדער...

שאַרפע ווינטן אין פינגערהוטס צעלעכצטע פיר ווענט האָבן געמאַכט פרירן ס'בלוט אין די אָדערן און געטריבן שטעכעלקעס אין די שפּיץ־פינגער.

אָבער וואַרטן, אַרן — האָט מען דאָך געמוזט. אַפּנים צוליב דעם, אַז דער אויסגעצאָמטער פינגערהוט זאָל זיך „אָנגורטן“ און, אין אַ פראָסטן, ווינטערדיקן מיטוואָך, אַ פרעג טאָן:

— איז וואָס־זשע, פאַניע פרידמאַן, מירן דאָס איבערטראָגן? מירן דאָס אויסהאַלטן? יקרות וואַקסט... דער ווינטער רייסט שטיקער און די פאָר מאַרק, וואָס דער רויטער וואָליש באַצאָלט נאָך דער וואָך־אַרבעט, קלעקן נישט אַפילו אויף קיין זעקל קאַרטאָפליעס... איז וואָס־זשע, פאַניע פרידמאַן?

נאָר אָנשטאָט צו טרייסטן, צו פאַרענטפערן, האָט בער גאָר גענומען אָנטרייבן די סליונע אין מויל אַריין, רייצן און חוזקן:

— אָבער דער בלינדער בערנהויט? אַבע! אויף זיינע ווענט בליען נישט קיין ווייסע בלומען... און ביי אים שפּילט גישט אין קימען... זאָגט, פינגערהוט, איר וואָלט חשק געהאַט, זיך אַרויסצוכאַפּן אין „פונטשאַרטס" און אַ טאַנץ צו טאָן אַ טאַנגאָ? אַזוי—רי—טאַם טי—טאַם—טי—טאַם—ריטאַם... כע=כע! אַוודאי, איז וואָסזשע, פאַניע פינגערהוט? יונגט! זינגט! אַנו — עוד לא אָבדה תקותנו! ס'וועט אַייך וואויל זיין! און אפשר וועלן מיר זיך גאָר אַ לאָז טאָן קיין ארץ=ישראל? מיר האָבן אַן איינן לאַנד! שאַט! איר וועט ווערן קייזער און איך אַ מיניסטער — גוט? און טאַקע אַ מצווהטענצל! אַנו, אַנו, קומט! נו, נו...

אַוודאי האָט פינגערהוט געמיינט, אַז בער איז דול געוואָרן.

— וואָס איז אַייך, פרידמאַן? — האָט ער אָנגעהויבן שרייען — וואָס איז אַייך?

אָבער בער האָט אים געשלעפּט און געריסן:

— טאַנצן קומט! טאַנצן! נעמט אַ וואַלגער=האָליץ! פּויקט אויף אַ בעקעלע! אויף אַ בלעך! אויף שויבן... טאַנצן...

און ער איז נישט אָפּגעקומען, בער, מיטן בלויזן געשריי און געלעכטער. ס'האָט מיט אים געשאָקלט און געוואָרפן, פון איין וואַנט צו דער אַנדערער, פון איין ווינקל אין צווייטן:

— קומט, פינגערהוט!

און אַז די צעלעכצטע פיר ווענט זיינען ענג געוואָרן, איז ער אַרויס אין גאַס.

— וואוהין לויפט איר, בער? — האָט פינגערהוט זיך נאָך אים געלאָזט — וואוהין?

אָבער בער האָט שוין געשטאַמפּט איבערן שניי און ער האָט שווער געסאָפּעט:

* *
*

— צו „פונטשאַרטס"! צו פונטשאַרטס טאַנץ=בודע! — —

דער פּאָרטיער האָט אים לאַנג באַטראַכט און זיך נישט געאיילט צו עפענען די טיר פון זאַל. אַז אַ מענטש גיט נישט קיין „גאַרדעראָב", גייט אָנגעטאָן ווי אַ „לאַידאַק" און שטופּט זיך גאָר

צו דער טיר... — האָט ער געדרייט די גרויע וואָנצעס, דער פּאָרטיער, זיך געשנאָלט אין גלאַנציקן קנאָפּ פון אויסגעשניטענעם „ליוורעי“ און געטענהט:

— אַייער אויסזען, יונגערמאַן... דער הילוך... כ'קאָן נישט... פאַרבאָטן...

— פאַרבאָטן צו טאַנצן?

— נישט צו טאַנצן... נאָר פאַר אַזוינע...

ביי דער גאַרדעראָב האָט מען דערווײַלע אַראָפּגענומען פּאָ־קענע און לאָשאַק־מאַנטלען פון די גאָר צאַרטע, אין־זייד און אין־פּליוש־געוויקלטע דאַמען און זיי באַדינט מיט אַ „קוש־די־האַנט“. די זייער עלעגאַנטע הערן, די באַגלייטער, האָבן געבלאָזן די טריט, און, אויף איינמאָל, אָנגעהויבן פּראָטעסטירן:

— פּאָרטיער! מאַכט פריי דעם וועג! ווער זיינען עפּעס די באָלשעוויקעס אינמיטן דרינען?! ווער זיינען די לומפּן, וואָס שטערן דעם דורכגאַנג? מאַרש!

פון אינעווייניק האָבן זיך מעלאָדיעס געריסן, האָקנדיקע, טשאַקנדיקע און פאַרבעטנדיקע, מיט ווערטער:

„יאַ מאַם קאָכאַנקאַ —
אַ מאָיאַ קאָכאַנקאַ, צאַ־צאַנקאַ...“

די צעצונדענע ליכטער האָבן געצויגן, גענאָגט און געוואונקען. . .

בער האָט נישט אָפּגעטראָטן:

— אָבער טאַנצן וויל איך!

דעם פּאָרטיער איז, ווייזט־אויס, אוממעגלעך געווען צו געבן ווייטערע דערקלערונגען און ער האָט זיך אַרומגעקוקט, צי שטייט נישט ערגעץ אַ באַוואָפנטער...

— אַריינגיין וויל איך! אין זאַל וויל איך! — האָט בער נישט אויפגעהערט זיך צו בייזערן און דראָען — טאַנצן!

נייגעריקע „הערן“ זיינען אַרויסגעקומען פון אינעווייניק און גע־פירט זייערע „דאַמען“ אָנצוקוקן דעם „משוגענעם באָלשעוויק“. און איינע, אַזאַ אויסגעלאָקטע, מיט אונטערגעפירטע אויגן און אַ די־נעם מיילעכל, האָט אַפילו אַ כיכיקע געטאָן איבערן אַקסל:

— איך וועל מיט אים גיין אַ פּאָקסטראָט!...

אַז איר ערשטע „חכמה“ האָט אַרויסגערופן אַ געלעכטערל, האָט זי זיך אָנגענומען מיט האַרץ און צוגעטראָטן:

— און ס'אַר אַ וואונדערלעכע אויגן ער האָט! און ס'אַר אַ ליפּן... ס'אַר אַ... ס'אַר אַ...

אָבער מאָרגנ: די דאַמע האָט שוין נישט געקאָנט פאַרענדיקן. די פרעמדע „וואונדערלעכע“ אויגן האָבן זיך געגליטשט איבער איר, זיך אַריינגעשניטן אין איר פּרצוף און דערקענט... די פרעמדע ליפּן האָבן אַ צאַפּל געטאָן און זיך צעשפּאַרט:

— אַוודאי וועסטו מיט מיר טאַנצן! ווער-ווער, אָבער דו, לוסי, וועסט! לוסי... אַיאָ דו ביסט עס דאָך, לוסי גראָס פון קריקעוו! דו ביסט דאָך די, וואָס איך האָב... אַוודאי! וועסט מיט מיר טאַנצן! — —

פאַרשטייט זיך, אַז קיין פּאָליציאַנט האָט נישט געפעלט און בער האָט זיך גיך-און-באַלד אַראָפּגעשאָטן פון אַלע טרעפּ. אפשר האָט אים די ניכטערקייט זיינע אַרויסגעהאָלפן, וואָס ער איז נישט אָנגעקומען נעכטיקן אונטער אַייזערנע גראַטעס. ווי אַ סטראַשידלע האָט ער אויסגעזען איבערן שניי. ער איז אַוועק אַהיים. אָבער שפּעט ביינאַכט, ליגנדיק אויפן סקריפּענדיקן בעטל, איז אים היים געוואָרן: היים, אין אַזאַ ווינטערדיקער נאַכט... הינטערן שאַרבן האָט געפּיקט: „וואָס פאַר אַ טאַנצן גאָר?! וואָס פאַר אַ פאָקסטראָט און טאַנגאָ?! און זי, לוסי... פונוואַנען קומט זי אַהער? ס'אַר אַ בייזער שינוי?“

ס'איז אים היים געוואָרן אין דער פּראָסטיקער קאַמער און אַ ווילדער פּחד איז איבער אים געקומען: „פלאָנטערט זיך נישט אַמאָל אין קאָפּ? אפשר גאָר פון זינען?“

ער איז אַראָפּ פון בעט, צוגעלאָפן צום פענסטער און גענומען דריקן דעם שטערן אין דער שויב...

— ס'איז דאָך אָבער קלאָר! אַלץ! בערנהויטס מאַגאַזין, די טאַנצבודע, די פּויק, פינגערטהוטס צעלעכצטע ווענט, די מגפה איך פּאַראָליער הקדש, דאָלאַרן, שמוגל — אַלץ! די זעלנער מיט די ביקסן און אַפילו לוסי גראָס, וועמען ער האָט אַמאָל געראַטעוועט פון שאַנד, געהיט זי און...

ער האָט נישט אַוועקגענומען דעם קאָפּ פון פענסטער. דער שטערן איז ממש צוגעפרוירן געוואָרן צו דער שויב. און אַזאַ גע־פּאַלדעוועטער געיאָמער האָט אָנגעהויבן האָפּסלען אויף די וויטרינעס:

— האָ־אָ! האָ־האָ! אַלץ איז קלאָר!.. אָי... אָי... אַליין...
אַליין...

---

איצט איז די אומרו געוואַקסן. דאָס געלאַסענע זיצן אויפן בוידעם האָט זיך געצויגן צו זיין גרענעץ און ברעג. און ס'האָט זיך איבערגענומען די מאָס פון פאַרעקשנטן גלאָצן מיט די אויגן אויפן טשערעפּ־דאַך, אויף די שפּינוועבס־נעצן און אויף די פרייכנ־דיקע יידן ביי די סטויגן האָלצוואָל. אָבער גאָר דער עיקר: דער שווערער שטיין איז אָפּגערוקט געוואָרן און ווערטער האָבן אַ פלייץ געטאָן, ווי ביסטרע שטראָמען, וואָס רייסן דורך די סלויזע־צאָמען איבער די ברעגעס אַרויס...

האָט ר' משולם, דער זאַפראַן־בערדיקער „צופער", נישט דער־פירט דעם שמעק־טאַבאַק צו די נאָזלעכער, און קלאַפנדיק מיט צוויי פינגער אויפן האָרן־שקעטעלע, פּאָטאַקעוועט:

— ביסט טאַקע נערעכט, בער... ס'אי טאַקע אַ רציחה...
ווי איינער רעדט: וואָס אַרט מיך, וואָס דו פגרסט, אַבי איך באַלעק זיך... ביסט טאַקע גערעכט, בער... ווי איינער רעדט...

אַפילו דער קליינער יאָסעלע סטראָמפּאַל האָט אונטערגעהויבן ס'קעפּל פון די סטויגן שטרוי, אַזוי ווי אַ הענדל פון אונטער דער סטריכע, און זיך צעפּיפּסט:

— און מיין מאַמע ליגט מיט דעסוואָלענע פּיס. ס'טאָ קיין סאַיטל האָלץ... ס'טאָסט אַזוי טייער... אַ סרעט!

— אַ שרעק, אַ שרעק... — האָבן אַלע, די־אין־שטויב־זיך־ראָיענדיקע נפשות, איבערגעחזרט...

און בערס פּנים ציט זיך איבער מיט אַ קרענקלעכער רויט־קייט, די אויגן אַיילן זיך אַהין און אַהער אין די לעכער, ווי זיי וואָלטן וועלן אין־איינעם־נאָ אויסשפּירן אַלע ווינקלען:

— זיצט נישט! רייסט נישט! די אייגענע הויט צעצופּט איר דאָך! לאָזט איבער דעם בוידעם! ווער וועט עס דען טאָן אַחוץ

אײך? דאַנציג ברענט! דאַנציג װיל טראַנספּאָרטן סחורה, און בערנ־הויטס טײסטער װערט געשװאָלענער פֿון טאָג צו טאָג! און דײן מאַמעס פֿיס, יאָסעלע, װערן אויך געשװאָלן... אַראָפּ פֿונדאַנען! אַראָפּ!

אַ סך האָט ער גערעדט, בער. היציק און בײסנדיק:

— צופּט! צופּט פֿון זיך אַראָפּ ס'הײטל ביז צום בײן! — —

אַ שאַרפֿער בּרי, האַרבע רײד. די הוסטנדיקע ײדן אויפֿן בוי־דעם האָבן טאַקע געענטפֿערט מיט אַ ײדישלעכן קרעכץ, אָבער די יונגען פֿון פּאַק־סקלאַד, די זעלביקע צעשויבערטע בחורים, װאָס האָבן ערשט־נישט־לאַנג געהאַלטן אין־אײן־חוזקן פֿון בערן, דעם „טיליגענטן שמויגער״, דווקא זײ האָבן גענומען צום האַרצן זײנע רײד און האָבן, די ערשטע, געבײלט פֿויסטן צו װאָלישן, דעם רויטן „דײטשוק״:

— ער, דער רויטער, לאָזט נישט באַצאָלן װיפֿל ס'קומט! ער לאָזט נישט העכערן דעם פּרײז! ממיתן אים... דעם כלב!.. זאָג דו, פֿרידמאַן, װאָס זאָלן מיר טאָן?

און די יונגען האָבן פֿאַרגעסן, אַז ערשט־נישט־לאַנג האָבן זײ דעם זעלבן בערן באַװאָרפֿן מיט פֿולע אײער און געריסן בײ אים די פּאָלעס...

אפֿשר איז עס געװען די װירקונג פֿון בערס רײד, װאָס אָנ־שטאָט זיך צו פֿאַרענטפֿערן פֿאַר די פֿריערדיקע װילדקײטן און געלעכטערלעך, האָבן זײ אַצונד, װי בלינדע, אויפֿגעשטעלט מויל און אויערן און איבערגעקײט יעדעס װאָרט, װאָס זײ האָבן געהערט:

— טאַקע... אַװדאי זײנען מיר אַר... אַרבעטאָרערס... פּונקט װי די... פּונקט װי די פֿון דער ציגלפֿאַבריק... גלײך װי די אײל־טרעטערס... טאַקע, מירן מאָנען!

פֿון אינעװײניק, פֿון די לײדיקע אינגעװײדן אַרױס, איז אויסגע־װאַקסן די אײזערנע טרײסט:

— האָב נישט קײן מורא, בער! רעדט! מירן אָפּשפּילן אַ חתונקע! מירן זיך טרעפֿן מיט די ציגעלניקעס, מאַכן... מאַכן...אַ... רעדט!

װי די יונגען האָבן זיך עס צעטשוכרעט!.... — —

אָבער בערן האָט דאָס אַלץ אויסגעוויזן, ווי אַ קליינינקע שפּיל. ווי עס זאָל נישט זיין, — ס'אַר אַ באַטרעף דאָס קאָן האָבן די „חתונקע" פון עטלעכע צעקראַצטע יונגלעך, וואָס אָדער זיי וואַרפן „פוילע אייער", אָדער זיי מאַכן „סטרייק"...

נאָר שטיין אַן אָפּגעזונדערטער און ווידער פּיפּסן צום באַלקן איז פאַר בערן אַצונד שוין אוממעגלעך געווען.

— איז זאָל־זשע זיין אַזוי! זאָל זיין!..

וואָרעם די אומרו האָט אַלץ אָנגעטריבן און ער האָט פאָרט נישט געקאָנט אַוועק ווייטער פון טאַרנאָפּאָל. די וועגן צו גרויסע שטעט — פאַרשפּאַרטע און אומזיכערע; דערצו אַ ספק: צי וועלן די גרויסשטאָטישע קרייזן וועלן צולאָזן אַן אומבאַקאַנטן, אַ נאָמענלאָזן?... די אומזיכערקייט האָט געפרעסן... — צולעצט האָט דער פאַניע פינגערהוט ממש זיך געוויקלט אַרום זיין האַלז:

— איר זיינט וואויל, בער... אַלץ איז רעכט... נאָר פאָרט נישט אַוועק! אָט־דאָ... זיצט דאָ! איר ווילט אַרבעטער? גייט אין ציגלפאַבריק... גייט צו די איילמאַכער... און אַ דאַגה שוסטערס, שניידערס?... אָבער דאָ, זייט דאָ... וואוהין וועלן מיר אַהינקומען?... וואוהין? זעט די ווענט — — —

איז, ווי געבעכדיק זיי זיינען נישט געווען די ווערטער, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט פון פינגערהוטס ברוין־בלויע לעפצן, האָבן זיי דאָך באַוואויגן:

— גוט! איך בלייב דאָ... אויפן בוידעם ביי בערנהויטן... מיט אייך... און צו די ציגלמאַכער וועל איך גיין און צו די איילעיניקעס — האָט בער נאָכגעגעבן.... — — —

---

און גאָרנישט שווער איז געווען זיך אַריינצורייסן אין די איינגעדויקערטע שטיבלעך אַרום דער ציגלפאַבריק, וואָס האָט אַצונד, אין די ווייסע נעכט, געשראָקן מיט איר אויסגעלאָשענעם, פאַרשטאַרצטן קוימען, וואָס האָט ווי אַ בייזער פינגער נאַקיוועט צו די הויכן....

גאָרנישט שווער איז געווען אויפצוּוועקן די אײַנגעפּעפּערטע מאַנספּאַרשוינען, וואָס האָבן געגענעצט פון אָרעמער לאַנגווייל און פון אַ גאַנצן ווינטער ליידיק-זיצן. די פלאַקס-האָריקע ציגל-קנעטער האָבן זיך אַרומגעזען, אַרומגעשניוכעט און ס'איז גאָרנישט שווער געווען צו פועלן, אַז זיי זאָלן, אָט אַפילו שוין-אָ, אַרויסגיין אין הויף און זיך צערעווען, אָדער גאָר אָנאַרבעטן אַ חורבן, אויב עמעץ וויל נאָר...

— אָ, מיר קאָנען עס, חברל — האָט וואָיצעך, דער ברענער, זיך געשלאָגן אין ברוסט — מיר קאָנען גיין ביזן האַלז... אַוועקלייגן אַפילו אַ פייער... אונז איז קיין חילוק נישט... אָט זיצן מיר, ווי געפּגרטע פליגן אין די שפּאַלטן און וואַרטן אויף אַ זונעלע... דערווייל קייען מיר די יאַסלעס און קראַצן זיך אין פּאַכווע!... און וואָס האָבן מיר? אַ היימישע כאָליערע אויפן שטאָטזייגער...מיר קאָנען אין פייער...

— אונטערצינדן? — האָט סטעפּקע, די בלאָנדהאָריקע ליים-קנעטערין, נישט געקאָנט פאַרשטיין — צו-וואָס? דערפאַר דאַרף מען בינדן און די מאָרדעס צעשלאָגן! ס'איז נישט רעכט! צו-וואָס חרוב מאַכן גאָטס גיטער? מיר זיינען דאָך מענטשן!... און אונזער לאַנד איז אַ יונגע. אַ יונג פּאָטערלאַנד!

בער האָט נישט געוואָלט גיסן קיין איל אויפן פלאַם. ס'האָבן ווינטן געווייעט, ווילדע וויכערס; די מענטשן האָט מען באַדאַרפט דערציען. וואָרעם זייער ווייניק האָבן געקוקט מיט אַזאַ גלייכן אויג, ווי די בלאָנדהאָריקע סטעפּקע. דערפאַר איז בער מיט איר געווען צופרידן:

— דו פאַרשטייסט, חברטע.... ביסט אַ געראָטענע....

און — ס'איז אים שוין וואויל געווען, בערן, קוקנדיק ווי די אײַנגעפּעפּערטע מאַנסבילן האָבן דערפילט ס'אייגענע לייב-און-לעבן, און ווי זיי האָבן זיך אַ ריר געטאָן. מער פון אַלע האָט געשטאַרקט און געמונטערט דער בריט-פּלייציקער וואָיצעך, כאָטש ער האָט זיך נאָך אַליין געריסן, ווי אַ הונט אויף אַ קייט. און די בלאָנדהאָריקע סטעפּקע — אָ, ווי זי דערמאַנט דאָס פוילישע מיידל, מיט אירע

העלע אויגן, מיט איד וואָרף מיטן בלאָנדן קאָפּ־האָר אָן קאַטיען: אָן קאַטיעס העלקייט און גרייטקייט! — און איר אָנקוועלן:

— מיר זיינען קינדער פון אונזער פוילישער מאַמע־ערד. דאָ שמעקט מיט גרויסקייט און מיט האַרבע ריחות; יאָ, טאָוואַזשישו פרידמאַן...

— מיר זיינען קינדער פון אונזער פוילישער מאַמע ערד — האָט בער נאָכגערעדט דעם מיידל און עפּעס איז אים גוט געוואָרן — דאָ שמעקט מיט האַרבע ריחות און דאָ.... איך פיל עס, מיידל.... איך פיל עס, חברטע סטעפאַ... — — —

די סוף־ווינטער־נעכט האָט בער שוין נישט אָפּגעוואָגלט, ווי אַלע נעכט, ביז אַהער. אַזוינע אָוונטן פון „טאַניץ־גלוסטעניש", ווי אין קאָרידאָר פון „פונטשאַרטס" טאַניץ־בודע, האָבן זיך נישט איבער־געחזרט. און ס'איז אים מער נישט אײַנגעפאַלן — אַט אַזוי ווי ער האָט עס עטלעכע מאָל געטאָן — אויסצושפּאַנען אַלע גאַסן פון דער שטאָט, כדי כאָטש נאָך איינמאָל צו באַגעגענען לוסין...

נאָר מאָדנע: געחידושט האָט ער זיך יאָ, הלמאַי זוכט ער זי נישט מער, דאָס דאָזיקע צעבאַלעוועטע, קריקעווער מיידל, וואָס האָט זיך אַמאָל געשפּילט מיט זיינע יאָרן־טעג און מיט גאַנצע „פּאַסן־געפילן".... מיט סטענגעלעך, פאַרביקע און ציעוודיקע...

ער האָט זיך געחידושט, אָבער צופיל נאָכטראַכטן און פאָרשן ביי זיך אַליין האָט ער נישט געוואָלט, וואָרעם...

— „אפשר איז טאַקע כטעפקע אַצונד די יעניקע, וואָס הייבט אָן פאַרנעמען אַן אָרט און מען מוז אָן איר געדענקען?"...

איינמאָל און נאָך איינמאָל — און אַזוי ווערט עס פיל מער, ווי אַ געוויינהייט: די בלאָנדהאָריקע לײמקנעטערין כטעפקע, אַן אויס־נעצוואָגענע און אַן אויסגעפּוצטע אין פאַרטעך מיט קווייטן, זיצט יעדן פאַרנאַכט, אויף דעם וויים־געפאַרבטן בענקל לעבן אויוון, און וואַרט אויף בערס קלאַפּ אין טיר....

איינמאָל און נאָך איינמאָל — און ביים ברייטפּלייציקן וואָיצעך, ביי סטעפקעס ברודער, איז עס געוואָרן אַ פשוטע זאַך, נאָכן אויסהערן בערס לעקציע, זייער אָפּט צו פאַרנעמען די איבעריקע

צוהערער „אויף אַ הייכער קישקע“ אין שענק אַריין און אָן אַ בּרעקל חשד, איבּערצוּלאָזן בּיידע אַליין:

— דו, בּערקו, טרינקסט דאָך נישט... טאָ זייַ נאָך דאָ און לערן מיט סטעפּקען... — —

לכתחילה פלעגט די בּלאָנדע פּוילישקע שלינגען בּערס רייד מיט אַ פלאַקער און נייגעריקייט. נאָך יעדן נייעם וואָרט, וואָס זי האָט דערהערט, פלעגט זי אַזש אַ זיפץ טאָן:

— אַך, יעזו ליבּינקער! אַזוי איז עס טאַקע? נישט גע־וואוסט...

אָבּער, וואָס ווייטער פלעגט זי נאָך בּרייטער אויפרייסן די אויגן, אָבּער גאָר־זיך אַראָפּלאָזן די אויגנדעקלעך...

— אַך, מוטער הייליקע! דערבּאַרעם זיך.... ס'נאָגט...

און עפּעס האָט זי אויפגעהערט צו פאַרשטיין די קלאָרע ווער־טער...

און בּערס קול איז געוואָרן מער ציטערדיק... און פּיבּעדי־קער דער גלייז:

— אַרומנעמען דאַרף מען אַלץ! אַ קייט מאַכן... איין רינג ... איין רינג פון גוטע „מענטשנקינדער“... אַרומנעמען...

— אַך, יעזו, אַרומנעמען — האָט סטעפּקע געפּלאַפּלט, ווי ווי נאָכזאָגנדיק אַ תּפילה...

אַזוי אָפּט. בּיז... בּיז אין איין אויף־דער־נאַכט האָט עס פּאָרט געמוזט קומען איבּער זיי בּיידע: נאָכן אויסהערן אַ לעקציע וועגן „קאָאָפּעראַציע“, וואָס האָט זיך עפּעס דאָסמאָל נישט געקלעפּט, האָט וואָיצעך, אויף זיין געוויינלעכן שטייגער, אויסגעגלייכט די בּיי־גער, זיך אויסגעראָסטעט און אַרויסגעשפּאַנט אינדרויסן:

— דורשטיק!... הינטיש בּלוט!... פּסיאַ־קרעוו...

האָבּן די איבּעריקע אַרבּעטער פון דעם קרייזל אויך אָנגערוקט די היטלען און, מיט צערודערטע געמיטער, נאָכגעגאַנגען:

— אַ העלער דונער... — —

איז דאָסמאָל בּערן אַזוי אומהיימלעך געוואָרן, ווי קיינמאָל נאָך נישט. און שווער איז געווען אַראָפּצודריקן די קלייאַמקע און נאָכלויפן נאָך די אַוועקגעגאַנגענע, כאָטש ס'האָט זיך געריסן אַרויס...

עפּעס האָט געבריט אין נאַקן. אַ בראַנד און אַ ווייטאָג. ס'האָט אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן, טונקלען, גלייך ווי דאָס קאַרגע ליכט אין דעם קליינעם, ווייסן צימערל וואָלט בּיסלעכווייז אויסגעזויגן געוואָרן... און אַזאַ שטילקייט האָט זיך אויסגעלייגט, אַזש איינגעצויגן איז געוואָרן דער אָטעם... און מיטאַמאָל:

— אָך, גאָט מיינער!...

סטעפּקע, וואָס איז געזעסן לעבן בערן אויפן ווייסן בענקל, און נעגראַפלט מיט איין האַנט דאָס גראָבע פלייש פון איר אַנדערער, האָט אַ זיפץ געטאָן און איבערגעחזרט:

— אָך, גאָט היילִיקער!...

בער האָט אויפגעציטערט. ער האָט זיך אַ בויג געטאָן צו דעם מיידלס זייט, עפּעס געוואָלט אַרויסריידן, אָבער אין דער רגע, נישט זענענדיק אַליין, ווי אַזוי דאָס איז איבער אים געקומען, איז זיין קאָפּ געבליבן ליגן אויף דעם מיידלס אָנגעדראָלענע ברוסטן. צוויי הענט, צעקאַרבטע און גליענדיקע, האָבן געקוועטשט זיינע שלייפן... און די מיידלערישע, פולע, עטוואָס פאַרריסענע ליפּן האָבן געשעפּטשעט:

— דו, טייערער... ווי־לאַנג קאָן מען אויסהאַלטן?...

סטעפּקעס פּנים, אַ פרישס, אַ פּאָכקע, האָט זיך געטאַסעוועט צו זיין קאָפּ, באַקן, ווי ס'וואָלט זיך וועלן אַריינגראָבן, אַריינקנעטן...

— פאַרוואָס האָסטו בּיז אַצונד נישט פאַרשטאַנען? אפשר ווייל איך בין דיר אַ מיידל פון אַ פרעמדן פאָלק? האָסט זיך געמיאוסט? אַך, דו! קוש!.. מיאוס זיך נישט...

אַנגסטן. בּיז אָטעם צו פאַרלירן. רויש. שרעק. און דאָך איז בער שוין געבליבן אַזוי ליגן און זיינע צוויי בלוטלאָזע ליפּן האָבן געגאָגט דעם ראָזעווען, מיידלישן האַלז.

— נאָך... זויג! קוש! אַזויפיל בלוט ביי מיר... לאַנג שוין דיינע ווערטער נישט געקאָנט הערן... נאָר אויף דיר געקוקט, טייערינקער...

— און איך האָב זיך געשראָקן — האָט בער זיך דערוועגט — נו... זאָל זיין... ס'איז באַשערט...

— דריק זיך... נעם מיט כוח! האָסט קיין כוח נישט? כי־כי, ווי טרוקן דו ביסט! אַ...אַ... הײליקע...

זי האָט זיך פאַרצויגן; אָן רייד. אַ ווײַלע האָט זיך בלויז געהערט דאָס אָטעמען פון ביידע. שווער; היים. נאָר מיטאַמאָל:

— יעזו קאָכאַני! דער לאָמפּ גייט אויס! נישטאָ קיין נאַפט... אַ ליכטל...

זי האָט פאַרגלייזט די אויגן, זיך געצאַפּלט, אָבער אַזוי שנעל האָט זי נישט געמאַכט קיין פייער...

דאָס קליינע צימערל איז איבערגעגאַנגען: פון קראַמפּן, געהעשעריי און תענוגלעכע ווייען...

— אַך, הײליקע... טרייסט... — — — — —

און אַז וואָיצעך איז שפּעט ביינאַכט אַהיימגעקומען, אַ דורכגענומענער פון אַן איבעריקן גלעזל בראַנפן און פון פראָסט, האָט ער בגילופנדיק אַריינגעשניטן אין דער פינסטערניש אַריין:

— פּאָפּסט שוין, שוועסטער? העי, סטעפאַ! ווי אַ לעבעדיקער איך בין, אַז דאָס יידליקל קאָן אַ טויטן דערוועקן. ער און נאָך מער — אַ גלעזל ספּירט! פּאָפּסט, סטעפאַ! נאַרעלע, מע טרינקט פון גריזעניש. אָבער, אַז דער גוטער טאָג וועט קומען, אַך, ווע'מיר דאָס אַ צעפיר טאָן די הענט!... זומער... זומער... ווען מ'עט די ציגעלניע אַ לאָז טאָן! אָבער אַ יידל איז עס שוין איינמאָל אָט דער בערעק... פייער איז ער! פייער, הינטיש בלוט, נישט אמת, שוועסטער? פּסיאַ־קרעוו...

אָבער סטעפע איז געלעגן אין ווינקל, אויף איר געלעגער, און מיט אירע צעאַקערטע הענט געריבן ס'צעוואַרעמטע לייב. פון די נאָזלעכער, פון די אויערן, אַפילו פון די אויגן האָט געוועצט אַ פּאַרע, נאָר פאַרקוילט צו ווערן. אירע געזונטע, ווייסע ציין האָבן זיך איינגעביסן אין די גראָבלעכע ליפּן, און אָט אַזוי האָבן זיך דורכגעזייגן פאַרשטיקטע ווערטער:

— אמת... וואָיציעכו טייערער... אָך, פייער... ער... בערקן... פייער...

— כע־כע! — האָט זיך וואָיצעך צערעוועט און אַ שמייכ

געטאָן אַ שטיוול אָן אַ וואַנט — כע־כע... זאָל מען נאָר, היי־טיש בלוט, אַ לאָז טאָן די צעגעלניע!...

— — — — — — — —

— — — — — — — —

אַז דער ערשטער זוניקער טאָג האָט זיך אַוועקגעשטעלט, אויף אַ רעכטן אמת, און שפּיזלדיקע פרילינג־שטראַלן האָבן אַ חנדל־געטאָן, האָט מען פּאַרסניי אויסגעהייצט דעם גרויסן ברען־אויוון פון ציגעלניע און דער אויסגעהונגערטער, גבורהדיקער קוימען האָט ווי־דער אָנגעהויבן אַרויסשפּייען געדיכטע וואָלקנס. גרויסע קנוילן רויך האָבן זיך געוויקלט אינדערלופטן און קליינע קנײלעכלעך האָבן זיך אָפּגעריסן, אַרויסגעטײלט און געזעצט אין דער נידער, אויף די אַרויסגעשפּראָצטע, גרינע פרי־גרעזלעך.

אַרום דער ציגעלניע האָט אויפגעלעבט. געפּילדער, שוויס, גע־זאַנג און ווינטעלעך. —

אין די דאָזיקע פרילינג־טעג איז שטאַרק געוואַקסן דער באַ־דאַרף פון געברענטע ציגל, און די אַרבעט איז אַוועק אַ גאַנג.

אויפגעקומענע שטאָטישע גבירים האָבן גענומען אויפבויען חרוב־געוואָרענע בנינים און פויערים פון דאָרף, בעלי־גופים, וואָס האָבן אָנגעשטאָפּט די אײזערנע טעפּ מיט גאָלד פאַר אַ מעסטל תבואה, האָבן זיך פאַרבענקט נאָך חנעוודיקע, רויט־ציגלענע הייז־לעך. זיי האָבן אָפּגעקערט די אַלטע, ליימיקע כאַטקעס אויף די הויפן, ביז צום גרונט, און אָנגעלאָדעוועט ווייסע שטיינער פאַר נייע פונדאַמענטן...

אַלע האָבן צערייצט זייערע אַפּעטיטן. ס'איז דאָך שוין „שלום־שלווה". 1920. האָבן קוימענס זיך גערויכערט. —

אָבער די פלאַקסהאָריקע יונגען און די קאַרינאָסע מוידן, מיט די אָנגעצוויקטע הענט, וואָס האָבן געגראָבן ס'ליים, געקנאָטן די ציגל און זיי געברענט — די דאָזיקע חברה האָט עפּעס שטאַרק גע־שמייכלט, אין פאַרנאַכטן, ווען ס'איז אויסגעגאַנגען אַ יונגער אַר־בעטסטאָג.

אין די דאָזיקע אויפדערנאַכטן האָבן זיי זיך לעבעדיקער גע־אַמפּערט, אויף דער גרויסער לאָנקע אַרום דער פאַבריק, און היי־

סער גרייסן. הגם זייער אַלטער „אַיינגייער" און „אייגענער" — בער — האָט אַצונד ווייניקער גערעדט, ווי תּמיד, האָבן זיך שוין אַנדערע געפונען, וואָס האָבן זיך געלאָזט הערן:

— אָ, קוקט אָן אונזער פּוילן...

— אונזער יונג לאַנד...

— אַן אַנדער פּנים וועט עס באַלד האָבן!

— מיר קענען ל'יים און טראָגן די מולטערס — אַ ציגלענע פּוילן וועט עס זיין! אַ געברענטע, האַ, סטעפּאַ? האַ, שוועסטער?

נאָר סטעפּקע, וואַיצעכס שוועסטער, אַ מידע פון קנעטן ס'ליים, און פילנדיק אַ נאָגעניש אין האַרצן, פּינטלט מיט די אויגן און צעשויבערט די העלע האָר:

— ערד... געטרייע... הענט אונזערע... שווייס אונזער... אַך, הייליקע...

אין די אָוונטן פון יונגן פרילינג... אַרום דער צעגעלניע...

דאַכט, אַ דערוואַרטונג. נישט-אויסגערעכנט און נישט באַ-שטימט. אויסקוק אויף אַ נייעם טאָג; פּאָרט אויסקוק — און דאָך האָט בער זיך עפּעס געוואַקלט און נישט געוואוסט, אָן וואָס צו גלויבן...

און אפשר האָט ער מורא געהאַט, אַז די גאַנצע בענקשאַפט נאָך „עפּעס", וואָס קאָן ווערן אַן אמת, אַ דערלעבעניש, אָט דאָ-אָ, זאָל נישט צעווייט ווערן און צערונען מיטאיינמאָל, מיט איין פּראַל, מיט איין אָנקום. — ס'הילכן דאָך גאָר אָפּ טריט פונדערווייטנס. באָרוועסע שפּאַן: פון צעמזיקטע און גערדראָלענע פּיס-פינגער און פּיאַטעס... און ס'ציטערן די בערג פון קאַנאָגנען-גערונער און ס'פּאַר-קאַטשען זיך די הימל-ראַנדן, ווי פּאָלעס פון אַ צעפלאָשעטן בגד. וואָס אַ טאָג העפּטיקער. וואָס אַ טאָג נענטער. די פּוילישע חיילות ציען אָפּ, גאָר פּלוצלינג, פון די פראָנטן און די „באָרוועסע", די „רויטע", דערענטערן זיך צו טרוקענע און נאַסע גרענעצן.

— „וואָס-זשע איז פּאָרט?"

נאָר אויף בערס שאלה ענטפערט אַ זיכערער חוזק און אַ חוכא-וטלולא פון פיל מיילער:

— די רויטע, כאַ-כאַ! רויטע כּלבים!

— לאַכאַבונדעס און לאַכמאַניקעס!

— נאַקעט, באָרוועס און אין צילינדריקעס!

— די „רויטע“? פרעסן לייז און די אייגענע לייז פרעסן זיי! —

בער האָט זיך פאַרלוירן. די מענטשן אַרום דער צענעלניע האָבן, אָדער געשמייכלט, אָדער געריבן די הענט און געקוקט צו די שטערן.

— „וואָס-זשע איז, אין אמתן?“

גייט ער, בער, אַהיים, זיצט אויס ביז באַגינען אויף דער פריזבע, צוזאַמען מיט פאַניע פינגערהוט. —

— איז וואָס-זשע וועט זיך דאָ אויסקאָכן, בער? דער מאַגאַזין אַרבעט נישט. דער „בלינדער טרעלבוך“ דאַרף גאָרנישט קיין סחורה. ער האַנדלט אויף דער בערזע מיט „פאַפירלעך“. און איר, און איך — עט, די ציין אויף די באַנטעס אַלע! זעט איר דאָך, בער, ס'וואַסער איבערן האַלז...

אַזוינע געשפּרעכן חזרן זיך איבער און לאָזן זיך אויס מיטן אַהינקומען פון דער נאַכט. און די נעכט, אַזוינע ווייסע, ציטערדיקע, מיט געזשומעריי פון מחנות פליגעלעך נאַכטיקע און מיט געפינקל פון גרינלעכע צינד-שטיינדעלעך. נאָר צעווייכן זיך פון ליבן און בייסנדיקן תענוג, צון אַלדי-גוטע יאָר!...

און די קאַיאָרן צעגענעצן זיך מיט ווי פון פריש-דערוואַכטע טעג, אַזוינע אָן פרייד פון אָנגעשטויגענע וואונדער. איין טאָג נאָכן אַנדערן; איין נאַכט נאָך דער אַנדערער.

און בער, דער מענטש, דער נאָך-נישט-אויסגעריכטער, ציילט זיי, ציילט אויף די פינגער, אָן אַ כיוון.

פאַרטייעט ער זיך און ווערט גאָר אויסגעווייקט פון שפּאָרעוודיקער בענקשאַפט, וואָס גיסט זיך אָן און רינט אַריבער:

— איר ווייסט, פאַניע פינגערהוט, אין אַזאַ צייט קאָן מען גאָר אַ חידושלעך לידל אַריינשניידן און אַרויסציען... נישטאָ קיין כלי... אַ פידעלע... סטרונעס...

— כי-כי... איר זיינט, בער, אַ פידלשפּילער אויך? דינגט זיך אָן ביי אַ קלעזמער אויף שכירות און ביי דער קלעזמערקע אויף

קעסט. קישקע מיט צימעס... מילצלעך... ניין... ס'איז דאָך איצט ספירה־צייט... כי־כי... כ'בין אַרויס פון חשבון.

פאַרשעמט ער זיך, בער. אייגענער חוזק. אייגענע צעקראָכענע ווייכקייט. אַ האָניגטייגל, גוט צום גומען און צון אַ בלאָטער. קרי־כערישע שעהן, פון לויטער זשעדנעקייט און טרוקענעם שפייעכץ.

— אַז אַפילו בייז ווערן קאָן מען נישט! אַפילו דער רוח וויל נישט נעמען, איר הערט, פינגערהוט?!

— האָט ער נישט גענומען, וועט ער נעמען. איז ער נישט געקומען, וועט ער קומען. אָבער, הלמאַי דאַרף מען עס דערפאַר צאָרנען? איר האָט נישט גענוג איבער וואָס צו זיין אין כעס? גיט אַ זוך, וועט איר טרעפן אַזויפיל, אַזש איר וועט אַרויס פון די כלים און כּלימלעך!... נישט היינט, איז — מאָרגן. גלויבט מיר... סלאָוואָ האָנאָרו... —

און זעט־זעט, ווי ער וואָלט דאָס זיין אַ נביא, דער פאַניע פינגערהוט: אויפן אַנדערן טאָג, נאָך זייער איבערווערטלען זיך, סאַמע מיטוואָך אינדערפרי, האָט דער בריוועטרעגער אָפּגעזוכט דאָס „פּאָדאָ־ליער הקדש־ווינקל" און געבראַכט בערן אַ רעגיסטרירטן בריוו פון קריקעוו. און דאַכט זיך, אַ פּשוטער בלויער קאָנווערט — אָבער עפּעס אומהיימלעכס האָט אַ ווייע געטאָן פון די פילע מאַרקעס און פון די גרויסע שוואַרצע פּאָסטזיגלען. נאָר אַז ער האָט געעפנט און דערזען דער מוטערס כּתב, די צעקאַליעטשעטע, צעבראָכענע אותיות, פון לאַנג נישט אַרבעטן מיט אַ פען, האָט ער זיך באַמיט לייענען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל ביזן סאַמע סוף, צופירנדיק נענ־טער צו די אויגן דאָס באַשריבענע פערטל פּאַפּיר. ער האָט אָנגע־שטרענגט, איבערגעזופּט די קורצע שורות, וואָס יעדע פון זיי האָט אַנטהאַלטן אַ פרישע בשורה און דערציילט וועגן אַ באַזונדערער פּאַסירונג, אין אָט־אָ דעם נוסח:

„הער־זשע מיין זאָן, דער פעטער מאיר־לייבל פּאָדהאָריצער איז ביי אונז צו גאַסט. ער איז ווילקאָמען! הערצליך.

ער קומט פון פּראָג. ער איז רייך און געזונט. אַ סך סחורה האָט ער געבראַכט צו פירן. ער האָט פאַרדינט היבשלעך און לאָזט זיך קענען. ער קלויבט זיך אויפבויען אונזער חרוב־

הויז און אויפריכטן אונז אַלעמען. אויפהויבן פון שטויב. דערווייל האָט ער אָפּגעדונגען אַ ניי הויז און מיר וואוינען נישט מער אין דער גוייִשער כאַטע. מיר וואוינען, גאָט זיי עס לאָב און דאַנק, אין אַ גרעפישן פּאַלאַץ. יאָ. נאָבל אונד פּרעכטיק דאַרף דיזע וועלט צו גרונדע געהען. און ווייטער — זיי־זשע וויסן, מיין זון, אַז ער, דער פעטער, הייסט דיר תּיכּף אַהיימקומען. און דאַן וועסטו טאָן, ווי אַזוי דו וועסט וועלן: ענטוועדער דו ווירסט מיט אים נאָך פּראַג פאַהרען, אָדער דו וועסט בלייבן אינדערהיים און טראַכטן וועגן אַ תּכלית, איין ציל אים לעבן, וואַס יעדער האַבן מוס.

און יאָ: פון ווין איז אָנגעקומען איינע נאַבריכט, אַז די טעי ברענגט מען דעם פאָטער אַהיים. זיי, די דאָקטאָרן, ערצטע, קאָנען גאָרנישט טאָן. האַלטן אים פאַרשפאַרט ווילן זיי נישט.

איבערליינ־זשע דיר די זאַכע אונד האַנדלע זאָ, אַז דער אָנקל און מיר אַלע זאָלן זיין צופרידן. זאָ דיין טוען אונד לאַססען.

ס׳גריסט דיך, דיין מוטער דבורה, און קיסט דיך הערצלעך".

נאָך דער אונטערשריפט נאָך אַ לענגערער צוגאָב:

„און דו, בערעניו, דו קענסט דאָך דאָס פרייליין לוסי גראָס? דאָ מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט זי מיך געטראָפן אין גאַס. עטוואַס האַט זי געשפּראָכן און נישט דערזעדט. זי האָט מיר ערציילט וועגן איינער אונאַנגענעמער בעגעגניס מיט דיר אין איינעם טאַנץ־זאַל. איזט עס וואַר? דו טרינקסט שנאַפּס? זי האָט דיך געזוכט אייניקע מאַל און דיך נישט געקאַנט פינדן. איצט ווייסט זי וואו דו האַלטסט זיך אויף, זי ווירד דיך נעכסטענס בעזוכען. פערשאַפסט מיר ערגערניסע, מיין זאָן. גרויס צער און יסורין. טרינק נישט! היט זיך. קום אַהיים. אַרויסגעזענדעט דיר איין הונדערטער".

און ביים סאַמע ברעגעלע פון בריוו אַ צוויי שורות, מיט דריבינקע אותיות, אַזוי ווי אַ „דרוק", רשי־כּתב:

„דרישת שלום מאת דודך מאיר אַריה פּאָדהאָריצער
המצפּה לראות פּניך בּקרוב. דורש טובך וטוב
משפּחתנו. כּן יהי רצון“.

אָט ווייזט אויס, אַז ס'איז געווען גאָר היפּש און גענוג,
בּערם פּנים זאָל זיך אָנצינדן מיט אַ רויטקייט, פונם שטערן בּיזן
האַלדז אַריין און עטלעכע נישט־אויסדריקלעכע ווערטער זאָלן פאַר־
הילכן:

— דער, זי און יענער! און וואָס נאָך? וואָס ווילן זיי?!

דאָס בּייגעלע פּאַפּיר האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון דער
צונויפגעדריקטער האַנטפלאַך און בּער האָט נישט בּאַמערקט, אַז
פּאַניע פינגערהוט, וואָס האָט זיך דערווייל נעבּנטער צוגעשאַרט, האָט
עס אונטערגעכאַפּט:

— אַזאַ שלעכט בּריוול, פּאַניע פרידמאַן?

— דער און זי און יענער! וואוהין שלעפּן זיי דאָס מיך?

— אָבּער אַ הונדערטער! כ'זע דאָך, אַז מען שיקט אַ הונדער־
טער... אַזאַ ליבּער פעטער!

פינגערהוט האָט זיך נישט געפילט איבּערצולייענען דאָס
פרעמדע בּריוול פון אַלף בּיז תּיו און אָנגעהויבּן איבּערצוגיין אויף
האַלב־דייטש און פּאָלאָווינע פויליש:

— זי, מענשנקינד! פראַשע פּאַנאַ... איין גאַנצער הונדערטער!
דליאַ בּאָגאַ! — —

אַוודאי ווייסט זיך איטלעכער זיינס. פינגערהוט, אַ שטייגער,
האָט שוין דעם גאַנצן טאָג געטראַכט, אַז בּער, אַזאַ גוטער בּחור,
ווי ער איז, וועט זיך זיכער „לאָזן קענען“ און טיילן מיט דער
אַפּותּיקאַ העלפט־אויף־העלפט; איז דאָך געמאָלט, אַז ס'זאָל „ליכ־
טיק“ ווערן אין די אויגן:

— ס'זאָגט זיך אַזוי: אַ פּופּציקער!... פינף גאַנצע צענער־
לעך! צען גאַנצע פינפערלעך! אַ העלפט פון הונדערטער...

און בּער, ווידער, אפשר האָט ער שוין נאַרישט געוואוסט וועגן
וואָס צו טראַכטן, ווייל אַלץ האָט זיך אַזוי געקייטלט און געריגלט
אַרום אים: „דער פעטער מאיר לייבּל מיט דער שיינער בּאָרד....
ס'פּעטע פּנים... קנאַקט מיט אַ פינגער... קלימפּערט מיט געלט אין

דער קעשענע... וויל אַ ניגון... און דאָ — לוסי... האָט אים געזוכט... דער טאַטע אין משוגעים=הויז אין ווין... דער טאַטע, ר' הירשל, מיט די ברוינע מאַנדל=אויגן... וועט קומען... וועט באַלד גלאָצן מיט די אויגן, ווי אַמאָל... שיטן ווערטער — פּיילן... ווערטער — סם... און דאָ — ציגל... פּוילן... סטעפּקע... דער מאַרש פון די „רויטע"... רינגל=אַיין, רינגל=אויס און ער, בער, אינדערמיטן.

אַ גאַנצן טאָג. פון אינדערפרי ביז פאַרנאַכט. און כאָטש פינגערהוט באַמיט זיך, אויף אַלע כלים, אַיינריידן און אויסריידן, זיך צו חברן, צוקלייבן שפּרוכן:

— אַלץ מוז זיין אָנגעלייגט אין אַזאַ צייט! ווער מיר גוטס גינט!... ווער ס'ווינטשט מיר גוטס! דליאַ באָגאַ!... —

אָבער בער הערט נישט און ענטפערט „בוידעם":

— וואוהין שלעפּן זיי מיך? וואוהין זאָל איך?

ערשט, אַז דער פּאָסט=שליח האָט, פאַרנאַכט=צו, אָפּגעבראַכט די גאַנצע מאה, האָט בער זיך אַזוי לייכט דערטראַכט. וואוהין מע דאַרף גיין, ווען דער קאָפּ הענגט, ווי אַ גרויסע גאַלקע אויף אַ בויגעוודיקער טראָסטשע:

— קומט, פינגערהוט! באַנעצן און אָנפילן די אויסגעטרייבערטע קישקעס! קומט, צון אַלדי=גוטע יאָר!

* *
*

פינגערהוט האָט געפינטלט מיט די אויגן. אַ שרעק איז אים באַפאַלן:

— בער, עס'ט צעטרענצלען די „פּיטיקע"! וואָס וועט זיין? וואַי=וואַי!....

— גוט וועט זיין, וואויל וועט זיין! ס'אַרט דיך די אַפּותיקא? זופ! פּרעס! דעם פעטער מאיר=לייבלען וועט עס נישט שאָדן!

אַ ברירה האָט ער געהאַט פינגערהוט? ער האָט „געוואַיקעט" און דערביי, אַזוי אין ליידן און אין צרות, געמוזט צילעווען איין גענזן פּופּיקל נאָכן אַנדערן און פאַרגיסן מיט גאַנצע קריגעלעך לעמבערגער ביר, פּעטן און שוימיקן, מיט אַ סך מאַלץ.

בער איז געזעסן אויף אַ געבעטער סאָפקע, דעם קאָפּ איין אַ ווייכן אָנלען, און געבליצט מיט אַ פּאָר גלאַנציקע, איבערגע־לאָפענע אויגן. דער גאַנצער פּרצוף אַן אויסגעווייקטער, און אַרום די מוילווינקלען אַ לייכטער שמייכל:

— לאָז דיר וואוילגיין, פינגערהוט! פּאָר אַ גאַנצער צייט האָלצוואָל און פאַרפוילטע „זביקעס" און בערנהויטס בײַדל... פּיק זיך אָן, וועסטו כוח האָבן צו שלעפּן... אַי, וועסטו שלעפּן, מיט דיינע לאַפּעלעך און אונטערשטעלן די שמאָלע אַקסעלעך... אַי, דו! ווערימל פּיצינקע!

— וואַי... וואַי! וועסט בלײַבן נקי, מענטש איינער... — האָט פינגערהוט אַלץ געוואָרנט, באַלעקנדיק דערבײַ די פאַרפּעטשטע נעגל און די אויסגעווייקטע וואָנצעס — גיב אַכטונג... מיר צוליב... כ'על שלעפּן... כ'על אונטערשטעלן אַ פּלייצע... כ'על שרייען... כ'על בילן... האַווקען... אַבי, אַבי...

— אַבי וואָס, ווערימל, זשאַבעלע? ס'געלט? נישט מיינס איז עס! אַלעמענס! מ'וואָלט נאָך באַדאַרפט אַהערצו רופן יאָסעלע סטראָמפּאַל, זאָל ער די ליידיקע קישקעלעך אָנפילן...

— בער... טייערער... איך...

— וואָס איז?

פינגערהוט האָט אָבער נישט געקאָנט אויף איינמאָל אַרויס־וואַרפן פון אונטערן צוגעלעגערטן גומען די גאַנצע בקשה, מיט וועלכער ער האָט זיך געקרענקט, מחמת בערס איבערגייענדיקע אויגן האָבן אים געשטאָכן מיט אַ הוזקל... עטלעכע מאָל האָט ער גע־פּרוווט, ביז ער האָט זיך ענדלעך אויסגעהוסט:

— וואָס איז, פרעגסטו? בער, גוטער ברודער מיינער... פאַניע פרידמאַן... גיב... גיב מיר אַ חלק פונם געלט... כ'האָב אַזוי לאַנג קיין געלט נישט געהאַט... פּאַפּירנס... גוט געלט... פיינע געלטעלע... אוי... אוי... וועסטו ווייניקער צעשיטן... ווינציקער צעוואַרפן... איך... אַ פּאָר נייע הויזן דאַרף איך... מיט אַ פּאַ־סיקל... מיט אַ קענטעלע... מיט אַ פאַלדעלע... בער...

אַזאַ מין הכנעהדיק בעטן, אַזאַ נודנער געיאָמער, אַזש בער האָט געמוזט אַרויסשיסן אַ געלעכטער:

— כי־כאַ! כאַ־כאַ! ט׳האָסטו דיר, פראָשעלע, אַ צענערל! און נאַדיר נאָך איינס, און טאַקע נאָך איינס! ווערסטו דיר קויפן הויזן מיט אַ קנייטש און שיכעלעך מיט אַ סקריפ... און אַ ניי ווייבל אַריינקריגן... האָסט דאָך שוין לאַנג קיין ווייבל נישט געהאַט... און אפשר אַ מויד, אַ בתולה? האַ, פראָשעלע?

— אוי, אוי, אוי, געלטעלע! אמתע געלטעלע!

ווי ער האָט דאָס גענומען, דער פינגערהוט, גלעטן די באַנקנאָטלעך, וויקלען זיי אין דרייערליי שמאַטעס, ביז ער האָט זיי אַריינגערוקט אין בוזים אַריין...

— אַ קוש טאָן דיר וויל איך! ביסט דאָך אַ גוטער יונג, בער! אַ טייערער, באַי מאַין ערע! ווי דאָס וואַרעמט אין בוזים — קנאַקעדיקע צענערלעך... לאָמיך דיר אַ קוש טאָן, בער...

— נישט מיך קוש, פינגערהוטל! אָט קוק: ס׳דרייען זיך דאָ מוידן אַרום....

דורכן שענקשטיבל, כאָטש אַ באַזונדערס, האָבן זיך עטלעכע מאָל דורכגעדרייט אָנגעפאַרבטע, מאָגערע מיידלעך, אונטערלאָזנדיק אַ ווערטעלע, אַזוי ווי אַ הון פאַרלירט אונטערוועגס אַן איי, און ברומענדיק אַ לידעלע, אויף אָנצוהערעניש:

„פריילעך זאַ׳מאַר זיין,
טרינקען זאַ׳מאַר ווייַן...״

— זעסט, פינגערהוט? זעסט, מוידן...

איינע פון זיי, אַ קורץ־געשוירענע, מיט אַ לאַנגן, דאַרן גאָרגל, האָט אַיינגעהערט בערס באַמערקונג און אַ צי געטאָן מיט דער נאָז:

— איז וואָס, אַז מוידן? געפעלט אַייך נישט, פראָשע פאַנאַ דאָקטאָראַ??!

— געפעלסט! געפעלסט! — האָט בער געשאָקלט מיטן קאָפ — געפעלסט! מאַך צו די טיר און קום אַהער!

אין איין נאָ איז דער ריגל פון דער טיר געווען צוגעהאַקט און דאָס מיידל האָט זיך צעחנדלט:

— נו, פאַרבעט... בעט צו נענטער...

— זעץ זיך... וואָס טענהסטו? — האָט בער קאָמאַנדע־וועט — זעץ זיך צו דעם שלייען אויף די קני... פינגערהוט הייסט ער... אַן אַלמן... האָט נישט קיין ווייב...

— וואָע, דאָקטאָרל מיינס, אָפּגעשליסנס? כ׳על זיך זעצן אויף וועמען איך וועל וועלן! — האָט דאָס מיידל זיך צעפּעסטעט — און אפשר וויל איך זיך גאָר זעצן אויף דיינע קני? וועסט מיך נישט האַלטן? האָסט אַ פּאָר קלינגערס אין דער לעכערדיקער קע־שענע, פּאַסט איך דיר נישט?

— דו פּאַסט... שטייסט מיר אָן... אָבער ער... מיין פריינט...

— צוערשט גיס אָן! און — ניע גאַדאַי! רעד נישט! בור־זשוק פאַרשאָלטענער.

גאָר ניכטער איז דאָס מיידל נישט געווען. זי האָט זיך אָבער נישט געשראָקן פאַר איבעריקע עטלעכע מעסטלעך. שטיי־ענדיק אויף איין פוס, האָט זי אויסגעצויגן פיר גלעזעלעך, קושנדיק דערביי איינמאָל נאָכן אַנדערן אין דנאָ, פאַר קוראַזש:

— אַז וויין — זאָל זיין וויין! אַז מלחמה — זאָל זיין מלחמה! אַז רעוואָלוציע — איז רעוואָלוציע! זאָל לעבן רוסלאַנד! זאָל לעבן פּוילן! זאָל לעבן שפּאַניע און פּאָרטאָריקאָ! וויוואַט! אויך דו זאָלסט לעבן, ווי אַזוי הייסטו, דאָקטאָרל?

— וואָס דאַרפסטו מיין נאָמען? — האָט בער געפרעגט.

— אויף כפּרות! אַבי איך, סאַלציע, וויים ווי אַזוי איך הייס און טראָג מיין קאָפּ אויפן קאַרק! כי־כי! ס׳איז הייס! פע!

זי האָט צעשפּיליעט די בלוזקע, אויסגעטאָן און זי אַוועקגע־וואָרפן אין ווינקל אַריין; אַראָפּגעשלעפּט די צעשפּאָלטענע לאַק־פאַנטאָפּליעס, אָנגעצויגן דאָס גומי־בענדל איבער די אָפּגעדעקטע ליטקעס און זיך אויסגעבעט אויף בערס שויס:

— צוקערקעלע מיינס, גיב אַ פּאַפּיראָס!... —

אַ בלויער רויך האָט אַיינגעהילט די פּנימער. פינגערהוט האָט זיך צעשאָקלט און צעקרעכצט:

— אַי־וואַי... כ׳על עס נישט אויסהאַלטן! דעם קבצנס דאָ־ליע!... דאָס נישט און יענץ אויך נישט!... און די דיך... אַי־וואַי... מיין דיך!...

בער האָט שוין נישט געקאָנט פאַרשטיין פינגערהוטס האַרץ־דייסנדיקן, בפירושן פּראָטעסט...

פילנדיק אַרום דעם האַלז אַ פּאָר זיכערע הענט, איבערן פּנים אַ געדיכטן אָטעם און אַ בלויען, פרעסנדיקן רויך אין די אויגן, האָט בער אַראָפּגעלאָזט די הייטלעך און פאַרקלעמט די ציין.

— שלאָפסט, יינגעלע? — האָט דאָס מיידל אים געקיצלט אין די פּאַכוועס און געשנעלט אין נאָז — האַ, יינגעלע?

בלויז אַ פאַרשלעפּערטקייט. אַ נעפּל אין מוח. און אַזוי פון נעפּל אַרויס האָבן זיך אַרויסגעוויקלט שטיקער דערמאַנונגען, אָן סדר, ווי צעשאָטענע בלעטער. אַן אייגעניורעטער אין די אָרעמס פון דעם מיידל, האָבן זיך פאַר בערס פאַרמאַכטע אויגן דורכגעגליטשט פּאַסירונגען און געשטאַלטן, אַזוינע ענלעכע און רויכיקע: „דער רויטער פייגע־רודיעס „קאַפּע” אין קריקעוו... די אָוונטן ביים קאָרטנטיש... טעמע־ראָסיע, די שוואַרצע „קאַסירערקע” מיטן בענדל אויפן שטערן... איר געלעכטער... איר דורכגעשטאָכענע ברוסט... יאָסל יאַכנעס, וועמעס מעסער טעמע־ראָסיע האָט אין זיך אַריינגענומען, כדי אים, בערן, צו באַשיצן... איר לידעלע... „אַ ליבע צו שפּילן... איר...”

פּאַסירונגען, געשטאַלטן, נישט קיין אַלטע, כאָטש אַ ביסל פאַרווישטע, פון ערשט־נישט־לאַנג. און דאָך — שוין גאַנצע דריי יאָר! די אויגנדעקלעך האָבן זיך פעסטער צונויפגעצויגן און אונטער זיי האָט געבריט, ווי פריסעק...

— שלאָפסט, יינגעלע? — האָט די נייע פריינדין סאַלציע גע־מונטערט — ביי מיר דאַרף מען וואַכן! דו!

— און איך וועל פאַרקוילט! אַי־וואַי ז'מיר! — האָט פינגערהוט זיך געלאָזט הערן, ווי אויף אַ רעפּליקע.

— שווייג, דו אויסגעוויקטער שטשור! — האָט סאַלציע אים אָפּגעפאָרן — רייבט אייך! נישט צון אייך טרינקט מען, פעטער! וואָס זאָגסטו, יינגעלע, האַ? נו, הער:

„די מיידיס, די מיידיס,
די מיידיס פאָן שאַנטאַן
די נעהמען די ליבע ניכט זאָ טראַגיש...”

אַ קוּלעכל אַ דינס, נאָר אַ פּאַרשיכּורטס:

„נים ציגיינער דיינע גייגע,

צייג מיר וואס דו קאנסט"... —

לאַנג און פאַרשיידענע לידלעך האָט דאָס מיידל געזונגען. זי האָט זיך געריסן, געכליפּעט און געציקלט; געוואָרפן מיט די אָפּגעדעקטע פיס און געפאָכעט מיט די הענט. נאָר די היבשע מונטערקייט האָט נישט אַרויסגעשפּראָצט.

— וואָס איז מיט דיר, טייערער?

בער, אַ ביסל אַן אויסגעניכטערטער פון טשאַד, האָט זיך פאַמעלעך אונטערגעהויבן, באַפרייט פון דער „אָנגענעמער לאַסט" און זיך אויסגעגלייכט:

— גאָרנישט... זיך עפּעס דערמאַנט... אָן אַזאַ איינער, ווי דו...

— איז וואָס־זשע?

— איז... דאַרף מען גיין...

דאָס מיידל האָט אָנגענומען בערס ענטפער פאַר אַ שפּאַס. אָבער בער האָט טאַקע אַ שלעפּ געטאָן פינגערהוטן פאַרן קאָלנער:

— נו, גענוג, פינגערהוט!

— האַ? — האָט פינגערהוט געפאָרשקעט מיט דער נאָז — ווי הייסט? און... נו... נו־אָ? אי־אָ? בתולה?...

— איך גיי, דו טו, וואָס דו ווילסט!

— דו וועסט נישט גיין! — האָט דאָס מיידל זיך אַ שטעל געטאָן אויף די שפּיץ־פינגער — דאָ וועסטו זיין! אַ גאַנצע נאַכט! איך בין דיר נישט אַבי־ווער! איך בין נישט קיין „נעקייווע"! כ'האָב געהאַט אַ מאַמע, כ'האָב געהאַט אַ טאַטע... כ'האָב... אַ נשמה! געפילן...

— נו... יאָ... אַ נשמה... געפילן... כ'לייקן נישט — האָט זי בער געטרייסט — איך דאַרף אָבער גיין...

ער האָט אַרויסגעצויגן אַ באַנקנאָט, אַוועקגעלייגט אויפן טיש און זיך צוגעלאָזט צו דער טיר. אָבער איידער ער האָט זי באַ־

וויזן צו עפענען, איז דאָס מיידל צוזן אים צוגעשפרונגען, ווי אַ בויגעוודיקע קאַץ, און אַזאַ טרוקענער פּאַטש האָט אָפּגעהילכט אויף זיין באַק, אַז פייערדיקע רעדער האָבן זיך אַ דריי געטאָן פאַר זיינע אויגן.

— באַצאָלסט מיר פאַר גאָרנישט? איך זינג דאָס... איך כליפּע... און ער, כאָטש אַ גלעט זאָל ער מיר טאָן... אַ קוש! מאַרש! מאַרש! דו בעטלער! דו זשעבראַק!

— פּיס...פּציע! אַי-וואַי! — האָט זיך פינגערהוט צעניסט — שלאָגן? שלאָגן? אַ פּרויענצימער זאָל שלאָגן אַ מאַנספּערזאָן! טי שעלמאַ! איך וועל דיר... אוי!... אוי, מיין דיך!

אין די איבעריקע שטובן האָט מען דערהערט דעם געפילדער און ס'האָט זיך באַוויזן דער באַלעבאָס, פּריץ מאָרדע אַליין:

— וואָסי-וואָע? — האָט דער שענקער איבערגעפרעגט, אונטערהאַלטנדיק דעם פּעטן בויך מיט ביידע הענט, פון די פאַרשאַרצטע, קויטיקע אַרבל אַרויס — וואָסי-וואָע?

דאָס מיידל איז געשטאַנען אַ בלייכע, אין אַ ווינקל, געציטערט פאַר כעס און שנירעלעך טרערן האָבן זיך געשלענגלט איבער אירע באַקן....

— איך... — האָט זי געפּלאַפּלט — איך...

בער האָט נישט געקאָנט אויפהויבן די אויגן. ער האָט אַוועקגעלייגט דאָס גאַנצע געלט אויפן טיש און זיך קוים אַרויסגעוואַקלט איבער דער שוועל...

— דו! בורזשוק! — האָט דעם מיידלס קול זיך נאָכגעריסן — דו וועסט אומקומען!...

אויף דער טונקעלער גאַס, אויף די שוואַרצע פּליטעס, איז אַזאַ וויסטקייט אַנטקעגנגעקומען, אַז בער האָט זיך צעוואָיעט, ווי אַ צערייצטע חיה. ער האָט קיינעם נישט געזען לעבן זיך, און קיינער איז אים נישט אַנטקעגנגעקומען. דעם האַלז איינגעצויגן צווישן ביידע אַקסלען, די אויערנלאַפּן אַראָפּגעלאָזט, האָט ער זיך געדרייט גאַס-איין, גאַס-אויס. ער האָט נישט געזוכט קיין סטעזשקע, קיין שטעגל — בלויז מיט די נאָזלעכער האָט ער געשנאַפּט: צו געדרוימיקייט! ס'האָט געשטיקט, ביז אַוועקצופאַלן. ס'איז ענג געווען אין

גאָרגל; ס'האָט געצופּט אין די ריפּן, אַפילו די לעבערלעך האָבן ווי געטאָן. — ס'איז נישט געווען דער בזיון, דער פּאַטש פון אַ זונהם האַנט, וואָס האָט געיאָגט „קאַפּאַקאַל"... ס'איז נישט געווען דער דורכפאַל אין אַ ביליקן שענקל פאַר אַלעמען אין די אויגן... — ס'איז גיכער געווען אַ שטויס, צו דערזען די אייגענע לעכערלעכקייט, אַן אַרויסגעשוואומענע, אַן אַרויסגעשווענקטע... דען „וואָס איז ער, דאָס מענטשל, דער „טילי-ענטער שמויגער", ווי די מאַגאַזין-יונגען רופן אים, וואָס גריזשעט די אייגענע פינגער, נאָגט אויס טראָפּנדלעך מאַרך, צוליב לאַנגווייל און קראַנקער אַיינרעדעניש?" ס'האָט געעקבערט אין זיין געהירן: „וואָס איז זיין גאַנצע שפּיל: דרייען זיך, וואַרפן זיך, שיטן ווערטער, ווי שוועבעלעך פון אַ קעסטעלע, זשאָנגלירן, ווי אַ קאָמעדיאַנטשיק, מיט פאַרביקע סטענגעלעך אין מויל?! — און וואָס זיינען די עטלעכע יאָר פון דרייען זיך טירל-אַיין, טירל-אויס און וואַרטן אויף ניסים?... אַלע יאָרן אַזוי! ביז איצטער-אָ!"

— וואָס פאַר אַ אַנטפּלעקונגען?! וואָס פאַר אַ וואונדער? ס'איז אַ העלדישקייטן? וואָס זיינען די זוכענישן? — האָט עס אין אים געשריגן — שטיק! בלויז מיאוסע קונצן, פאַר זיך אַליין מער ווי פאַר אַנדערע!

ס'האָט געשמיסן און געצופּט; געריסן און געיאָגט:

— פאַר זיך אַליין...

ערגעץ ביי אַ ברעג פון אַ טראָטואַר האָט געפלעמלט אַ לאָמפּ, געגענעצט מיט אַ גרינער גאַז-שיין. איז ער צוגעפאַלן, בער, צו דער אייזערנער שטאַנג און זיך קוים אָנגעהאַלטן אויף די פיס. אויף די ליפּן גאַווער און פּיענע; די אויגן איבערגעקערטע אין זייערע נעסטן, דעם קאַפּעליוש פאַרלוירן ערגעץ אינמיטן געלאָף, האָט ער אַפּנים געהאַט, ווי אַן אויסגעשפּיגענער סרחנדיקער העכט צון אַ ברעג... ער האָט זיך אָנגעקלאַמערט אָן דער לאָמטערן-שטאַנג און זיך צעטרייסלט:

— חוזקט! פּאַטשט אין די באַקן! גאָלע שאַנד!

אָבער די ווערטער האָבן זיך נישט צעשאָטן אין דער שוואַרצקייט אַריין. זיי זיינען געבליבן דערוואָרגן אין ווּשט. און דערוואָרגענע האָבן זיי זיך נאָך אַ קלויצע געטאָן:

— פּאַטשט, אפשר איז דאָס די מאָס!

ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, אַראָפּגעזונקען און געבליבן ליגן, ווי אַן איבערגעקערטער זאַק.... — — — — —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

— העי, בער! ראַזדריכע זיך! ס'איז עפּעס נישט פויגלדיק אינדרויסן!

אַן אויסגעקנייטשטער, אַ באָרוועסער, מיט אַ פּאָר פּאַרפּאַפּטע אויגן, איז פינגערהוט געשטאַנען לעבן בערן און אים געוועקט:

— דו, פּעפּער! מע טאַראַבאַנעט! באָמבעס!...

אַליין מיט אַ פולן מויל גענעץ און זויערקייט צווישן די ציי־נער, האָט פינגערהוט געצופּט בערס וויעס און מזהיר־געווען:

— ס'וועט אויף דיר דער באַלקן אַראָפּפאַלן!... וועסט פרי־טשמעליעט ווערן!...

בערס קאָפּ האָט זיך אַ ריר געטאָן, ווי ער וואָלט געזוכט אַ באַקוועמערע נעסט אין האַרטן קישן... פינגערהוט האָט אים שוין נישט נאָכגעלאָזט. געשנעלט אין נאָז, געריסן אַ ליפּ, ביז ער האָט זיך געלאָזט הערן:

— אוי, מאַמע!

— מאַמע־אַהין, מאַמע־אַהער... מ'דאַרף אַ קוק טאָן, וואו האַלט! —

ס'האָט געהאַלטן ווייט. אַ פלוצלונגדיקער שינוי. איבער נאַכט. אומגעריכט:

— בום! בום! דלינג!

---

גאַסן, אויסגעליידיקטע, אויסגעקערטע. טראָטואַרן, איבערגעלאָ־זענע אויף „גאָטס באַראָט“ — אויף ווינט און האָגל: מיטצונעמען פאַרוואַלגערטע שטיקער אייזן, שמאַטעס, פּאַפּיר און — אָפּצושווענ־קען בלוטיקע פלעקן. גאַסן, אין כמאַרנעם פאַרנאַכט, פול דערשטיקטן

געבּרום און מיט אומאויפהערלעכן האַרמאַטן-געוועלגעריי — אינערהויך, אין דער נידער, אין דער טיף און אין אַלע עקן.

וואו מענטשן זיינען? — קלעפּן מיט אויגן און נעזער צו פענסטער; פּחדנים שאַרן זיך צו די ווינקלען, נישט נייגעריק אַפילו אויפן סוף...

אַלע הויקערן זיך אין די שטובּן און די שטובּן אַליין — הויקערן זיך, אין ענגשאַפט, אין זייערע שורות.

— קומט צעשטערונג? קומט מבול? וואָס קומט, צון אַלדי-גוטע יאָר??!

אַלע טראַכטן. אי הייזער, אי פּליטעס, אי רערן, אי ראָוועס. — שטאָט, אויסגעליידיקטע, דרויסן פּוסטער — כאָטש אַזוי מעוברת מיט שרעק.... — —

בער שפּרייזט איינער אַליין, אין דער גאַנצער ברייט פון גאַסן, ווי ער וואָלט דאָס געגאַנגען צום באַדעקנס פון וואונדערלעכן דערלייזער. שפּאַנט ער גדלותדיק איבער די שטיינער, און שטיינער האָבן מורא אָפּצוענטפערן מיט אַ הילך.

נאָר הינט קומען אַנטקעגן, ווי פּאַריאַגטע פון יאַטקעס, אָדער אַנטרונענע פון הינצליעס און שינדערס. אַ גאַנצע טשאַטע: שוואַרצע, ווייסע, געפלעקלטע:

— האַוו... האַוו...

בער שפּרייזט זיכערער. מיטאַמאָל שלאָגט ער זיך אָן אויף אַ סאָלדאַטשיקל, אַ שנעקל, מיט אַ מענדל אויף דער ביקס. דער שמייכלט צון אים. פרעגט אים, גוט-ברודעריש, און פול מיטלייד:

— וואוהין לויפסטו דאָס, אָדלערל? און וואָס שלעפּסטו מיט זיך אַ פאָן?

— זאָג מיר, דו, יונגערמאַן... זיינען אַלע אונזעריקע זיך צעלאָפן? וואו-אַרום? און מיט וועלכע הינטערוועגן? כ'ווייס נישט... וואוהין וועל איך אַהינקומען? און ס'לאַנד וועט מען פאַרכאַפּן...

— קיינער וועט נישט פאַרכאַפּן! קום מיט מיר...

בער גייט פאָראויס און נאָך אים דאָס באַוואָפנטע אָדלערל. ס'איז אַ אומהיימלעכקייט: די ביקס, די פאָן, דער גלאַנצנדיקער דאַשעק פון שפּיציקן היטל איבער די אויגן...

אינמיטן וועג באַקומט דאָס זעלנערל חרטה:

— כ'וועל גיין אַליין... כ'וועל זוכן אַ זיכערן וועג. —

בער קוקט אים נאָך און ווינטשט:

— האָב הצלחה!... האַלט זיך שטאַרק!

פריי פעלד. און אָט איז די ציגעלניע. דער קוימען איז הונגעריק פון נעכטן-אָן און שלינגט אַיין, אויבן-אַרומעט, דורכן פאַרריסענעם פיסק, פאַרבלאָנדזשעטע קוילן. אין הויף איז לעבעדיק, ס'טומלט זיך. באָרוועסע אַרבעטער ליגן אויסגעצויגן, בעבען און קראַצן די פיאַטעס. אָנגעצוויקטע שיקסעס קלאַפן מיט זייערע הילצערנע פאָסטאָלעס:

— האָי-דאַנאַ, דאַנאַ!

אַלע קוקן צו די פאָלעס פון הימל, וואָס רויטלען זיך, פאַרקאַטשען זיך און גלייכן זיך אויס.

אין אַ ווינקל ברענט אַ קליין סטויסעלע האָלץ. דריי קאָזאַקן, פאַרבלאָנדזשעטע פעטליורישע „משולח'ם", מיט געלע לאַמפאַסן ביי די הויזן, מיט גרויסע פלאָכטן האָר פון אונטער די באַטראָלדלטע היטלען, זיצן אַרום פייער און בראָטן אַ יונג חזירל...

ביי אַ בוים שטייען זייערע פערד, די לעדערלעך פון די צוימען צוגעקניפט צו אַראָפהענגענדיקע צווייגן. זיי דריגען מיט די הינטערשטע פיס, די פערד, ווייסן מסתמא עפעס... פאָרשקען מיט די נאָזדרעס, ווילן זיך אַיילן...

— סטאָי! העי! — בייזערט זיך איין האַידאַמאַק און שמייסט מיט אַ בייטשל — סטאָי! — —

ס'איז לעבעדיק אין הויף. דער ברייטפלייציקער וואָיצעך האָט אַלעמען אַרויסגעיאָגט פון די אַרבעטער-שטיבלעך, ווי אויף פאַראַד. אַפנים, אַז ער האָט עפעס דערשמעקט. וואָרעם ער דרייט זיך אַרום די דריי האַידאַמאַקעס און קוקט חוצפהדיק אין זייערע פאַרדרויכערטע צורות. ער פרעגט זיך נאָך וועגן זייערע אַפעטיטן:

— סע שמעקט דאָס חזירל? סע שמעקט, האַ? אָן-הערנערדיקע האָבן שוין אַזאַ טבע... אין אַייערע פאָלקן האָדעוועט מען זיי, מסתמא... נישט אמת? חזירים-טרייבער! און וואָס וועט זיין נאָך דער

וועטשערע? איר האָט נישט קיין „אָכאָטע“ אַ צי צו טאָן דאָס ביקסל? אַ גוטן אַפּעטיט!

עמעץ האָט זיך צעכיכעט:

— חזירים־טרייבער אין פּאָלק... האַידאַמאַקישער... אַ געזונט אין דיר, וואָיצעך! ווינטש זיי, ווינטש...

נאָר אַלעמען האָט בפירוש געאַרט, הלמאַי די האַידאַמאַקעס באַליידיקן זיך נישט און קייען, שווייַגעדיקערהייט, דאָס געבראָטנס, גראָד ווען הימלראַנדן גליען און דער חוזק רייט אַרום אויף זייערע רוקנס.

בלויז איינעם איז די גאַנצע שפּיל גאָרנישט אָנגעגאַנגען: בערן. ער האָט זיך פאַרקליבן אין אַ קליין ווינקל און אַוועקגעזעצט אויף אַ מאָך־באַוואַקסענעם שטיין. צו זיינע פיס האָט זיך סטעפּקע אויסגעצויגן, אין איר גאַנצער לענג, און געצופּט גראָז ביי די זייטן. אין אַזאַ אָנגעצויגענער שעה איז איר שווער געווען צו דערציילן וועגן זיך, און זי האָט, מיט אַלע כוחות, געפּרוּווט שווייגן און וואַרטן. נאָר בער האָט דערקענט:

— וואָס איז דיר, סטעפּאַ? קוק, עפּעס גייט געשען... אפשר... ווער ווייסט... אַ וואונדער... „אָ, צודאַ“!

אָבער מיטאַמאָל דערפילט ער אַ ביס אין פלייש.

— וואָס איז דיר, סטעפּאַ?

סטעפּקע קלאַמערט זיך צו זיינע פיס און באַגיסט זיך:

— איצט זיינען זיי טרוד... אָבער דערנאָך... מיין וואָיצעך, דער ברודער מיינער, ער וועט מיך קוילן... דאַכט, כ'וועל האָבן אַ... וואָס האָב איך געטאָן? כ'האָב מורא... ס'קאָן זיין, אַז ס'וועט קומען...

— וואָס? גאָרנישט!... ביסט אַ נאַר...

— אַ יידישער בענקאַרט... זיי וועלן מיך קוילן.

— וואָ...אָ...אָ...ס? — — — —

בום! בום! אַ לעצטער שאָס... צעשאָטן. דער לעצטער ציטער פאַרן געבערן.... אַלע און אַלץ האָט זיך אַ שאָקל געטאָן. אַלע רייד ווערן צעווייעט. די קאָזאַקן הייבן זיך אויף פון די ערטער, לאָזן די חלקימלעך פלייש אויפן פייער, און נעמען זיך צו די

ביקסן. איינער פון זיי, מיט גלאַנציקע שעך־בענדלעך אויף די אַקסלען און אַ קודלע איבערן שטערן, לאָזט זיך הערן אויף אַ קול:

— ווער איז דער היטער פון הויף?

דער ברייטפּליציקער וואָיצעך איז שוין דאָ בײַ דער זײַט:

— איך. וואָס ווערסטו באַפעלן?

— רוימט אָפּ דעם פּלאַץ. מירן איבערקערן דעם קוימען...

אַ מינוט שטייט וואָיצעך ווי אַ געפּלעפטער; וויל שמייכלען, וויל קריצן מיט די ציינער, אָבער גאָרנישט קומט אַרויס.

דערוויילע צינדט זיך אָן דער האַידאַמאַק, באַגיסט זיך און שרײַט, ווי אַ דולער:

— נו... איינס און צוויי! מאַרש! מ׳דאַרף אָנצינדן!

עולם מאַנסבילן און ווייבער רוקן זיך צוניף, אַקסל צו אַקסל, פּלייצע צו פּלייצע. צאַפּלען זיך, שרעקן זיך, שטאַרקן זיך. ווייסן נישט, וואָס פריער. פרעגן:

— וואָס זאָגסטו, וואָיצעך?...

און מיטאַמאָל אַ קול:

— גייט נישט אַוועק! ציגל ווערט מען דאַרפן און לעבן ווערט מען מוזן! לאָזט נישט ברענען! אייער אַרבעט! אייער! אייער פּראַצע, אייער לאַנד!

איידער עולם באַוויזט צו דערקענען ס׳קול, זעען זיי שוין: בער לאָזט זיך צום קאָזאַק. אָט קריכט ער אים אונטער די הענט און רייסט זיך מיט אים:

— דו... מע ברענט נישט! ווערסט נישט! דו... גיב... גיב... מיר...

און ער דערענדיקט נישט בער: ער זינקט אַראָפּ צו דערערד:

— אַ... אַ... דו...

די דריי האַידאַמאַקעס האָבן שוין נישט אָפּגעבונדן די פערד פון בוים. זיינען פאַרשלונגען געוואָרן צווישן עולם, ווי אין מוטנע, צעווישטע כוואַליעס.

— אונזערס! אונזערס! מיר בויען! צינד נישט!....— —

— — — — — — — —

שפּעט ביינאַכט. בער ליגט אַ צעמזיקטער אויף אַ בעטל. סטעפּ־
קע בויגט זיך איבער אים און יאָמערט:

— נו... טייערע, וואָס איז דיר?

— דו ביסט עס? — בער קוקט און גלויבט נישט — דו, סטעפּאַ?

— איך....

— און וואָס איז אינדרויסן?...

— די באָלשעוויקעס...

— געקומען?

— נישט קיין סך... אָפּגעריסענע... הונגעריקע... פריילעכע...

— און וואו איז וואָיצעך?

— לעבן זיי...

— סטעפּאַ...

— וואָס איז דיר? וואו טוט דיר וויי? זאָג...

בער ווייזט אויף זיין ברוסט:

— דאָ.

— אַדאָ?

סטעפּקע בייסט אירע פינגער:

— אָך, באָזשע!... גאָט מיינער...

— סטעפּאַ, איך הער זינגען... וואַרט...

„און דאס וועט זיין דער לעצטער
און...“

פינסטערע געסלעך. אָפּגעקערטע. אַ הייפעלע באַוואָפנטע, מיט צעווייעטע פּאָנען פילן אָן אַלע געסלעך מיט געררודער.

אָבער פון די הויכע הייזער באַגריסט קיינער נישט. און בלו־מען פאַלן נישט אויף די קעפּ. און קיין מאַן, אין שוואַרצן יום־טוב־בגד, גיט נישט איבער די שליסלען פון שטאָט....

אפילו פון „פּאַראַליער הקדש־ווינקל“, פון אייל־קעלער, פון ציגעלניע און פון דער גאַרבאַרניע קומט מען נישט אַנטקעגן... מיט ברויט און מיט זאַלץ... און איידער מען זעט נאָך — ווייעט

אַראָפּ אַ רויטע פאָן פון העכסטן טורעם-שפּיץ, ווי אַ קיינדיקער גרוס, אָדער אַ טרייסטנדיקער, לעצטער געלעכטער:

„און דאָס וועט זיין...״

* * *

מענטשן — קינד-און-קייט אויפן ברייטן, גערוימען מאַרקפּלאַץ. פון די רינגשטיבער און פון די דאָרפישע כאַטעס — אַלע אונטערן פרייען הימל. אַ נייער חול-המועד אינמיטן יאָר, אָדער גאָר אַ גרויסער אָדפוסט פאַר גלוביקע און נישט-גלוביקע אינאיינעם, וואָס ציט זיך לענגער, ווי דער שיעור איז. נאָר אָן הלל-נוסח אין די קלויזן און אָן דעם חשיבותדיקן גלאָקנקלינגערײַ להבדיל... אַזוי שוין דער זעקסטער טאָג.

אויפן שוואַרצן פּאַפּע-דאַך פון אַלטן קריקעווער „ראַטהויז״ פלאַטערט אַ גרויסע, רויטע פאָן און ליאַמפּעס קאַפּעליע מוז אויס-שפּילן דעם „נייעם מאַרש״ נאָכאַמאָל און ווידער-אַמאָל, ראָד-ראָד-אַיין אַרומען שטעטל.

אינמיטן מאַרקפּלאַץ, אינדערהויך, קאַסטן-אויף-קאַסטן, פּראָ-קלאַמירט מען און מע רופט:

— בירגער!... חברים!... אַרבעטער און פּויערים... אויף אייך אַן אויפריכטונג!... איר און איר!... אָן אייך איז עס געווענדט!...

און קוניע פּויקער זעצט אַ „טוש״ אין דער אויסגעשפּאַנטער קעסל-פּויק, און יאָסל יאַכנעס, מיט אַ רויטער „רויז״ אין לאַץ, גיט ווידעראַמאָל אַ „וואָרט״ דעם רעדנער, דעם חבר אילקאָ פון דער „רויטער אַרמײַ״...

הערן פּויערים, הערן יידן און קינדער האַפּסלען פאַר גדולה... אַזוינס האָט קריקעוו קיינמאָל נאָך נישט געהערט און נישט געזען...

— טאַ ניבע... ווער ווייסט... רעכט, צי נישט רעכט... — שאָקלען פּויערים מיט קעפּ, קראַצן זיך אין די פּאַטילניצעס און קנאַקן סיעמעטשקעס...

— אַז מען וויל, קאָן מען זאָגן „גערעכט״ און אַז מען וויל

גישט... און אפשר... נאָר גלאַט... גיי קריך דורך — דרייען יידן מיט די פינגער און ווילן אַרויסדרינגען סברות...

אָבער זומער־לעב איז, טעג זיינען גרויסע, די שפּע אַ מאָגערע, קאָן מען זיך פאַרגינען און אויסהערן אַלע און אַליץ...

— „ס'קאָסט דען געלט? וואָס?"

אָבער קשה איז באַלד געוואָרן, תיכּף אויפן ערשטן טאָג:

— אויב טאַקע „פרייע בירגער", אויב טאַקע אַזוי־און־אַזוי, וואָס־זשע איז עפּעס יאָסל יאַכנעס, דער הינטערגאַס־יונג, דער שלעגער, דער חוטא־בן־הנידהניק, אַ גאַנצער „מאַכער" ביי זיי? און וואָס עפּעס דער באָד־גוי, טאָמקע וואַסערטרעגער, און... און... און וואָס פאַר־אַ שותּפותן קאָן האָבן אַ באַלעבאַטישער ייד מיט אַזוינע „באָר־שעוויקעס"?

ס'איז טאַקע באַלד קשה געוואָרן. אָבער זען און הערן שאַדט נישט:

— „צוריקגעשמועסט... ווידער דאָס אייגענע: ס'קאָסט דען געלט? וואָס?"

און דער חבר אילקאָ, אַ הויכער, מיט אַן אָפּגעבּרענטן פּנים, מיט אַ קאָפּ אַן אָפּגעטשימכעטן ביז צו דער ווייסלעך־בלויער פעל, שטייט אינדערהויף, יעדן טאָג פאַר ס'ניי, און ביילט אַ פויסט:

— נעמט אייך צונויף, שטעלט אייך אין רייען, אַלע ווי איינער! איר, אַרבעטער, פויערים, האָרעפּאַשניקעס! מעקט־אָפּ דעם זכר פון אייערע באַדריקער... מירן אייך העלפן.... דערקענט, ווער אייערע שונאים זיינען און ווער אייערע אמתע פריינט.... נישט ס'לאַנד צו פאַרכאַפּן זיינען מיר געקומען... נאָר העלפן! וואָרעם וויסן מוזט איר, חבר לענין זאָגט...

— דער חבר לענין? ע'מיר הערן!... מהיכא־תּיתא...

נאָר שמואל קלוגמאַן, דער קלוגיטשקער „וואַליוטניק", דער משכּיל, וואָס שטייט צווישן עולם, ווייזט באַלד אַרויס זיין קליינע אמונה:

— קוקט! — רוימט ער איין אַ סוד אין אַ שכנס אויער — קוקט, ווער ס'וועט העלפן! זעט, ווי ער שלעפּט ליין פּנים בווים! זעט זיין קויטיק העמדעלע! לומפּן! לומפּן! ווען זיי דאָס האָבן

אַ וויסטן סוף! נאַ־דיר אַ חבר אילקאָ! און ווער איז עס עפּעס דער גדול־הדור זייערער, דער נייער משיח לענין? מילא טראָצקי, פאַרשטיי איך, אַ מומר־להכעיס, אַ צלם־קאָפּ... אָבער דיזער לענין! דומהייטן! גאַרניכטס! זאָ וואַס! — —

אָבער ליאַמפּעס טרומייט שאַלט, קוניע האַקט אין דער פּויק אַריין און „איז מודיע דעם נצחון“. אַזוי שוין זעקס טעג.

---

בלויז אין איין הויז זיינען אַלע פענסטער פאַרהאָנגען, די טירן צוגעהאַקט אויף די קייטלען: אין דעם פּריצישן הויז אויף יאַבלאָנאָווער טראַקט, וואוהין די פרידמאַנס האָבן זיך אַריבערגעקליבן. און קיינער פון די שטוב־מענטשן האָט שוין נישט געזען די חידושים אין דעם יום־טוב פון מיט־מאַרק.

זינט מאיר־לייבל פאָדהאָריצער, ר' נוחקע זיידענערס עלטסטער איידים, איז אַראָפּגעקומען פון פּראָג און אַריבערגעפירט די גאַנצע משפחה פון דער פריערישער כאַטע אין די ליכטיקע צימערן אַריין, געדונגענע ביים סאַמע קאַשטעליאַן ציעשינסקי אַליין, — זינט דעמאָלט האָט זיך דאָס גאַנצע „געזינד“ צוריק אָנגעהויבן פירן אויפן אַלטן שטייגער. ווידער האָט מען געבלאָזן די טריט, אַ זיידענער מלבוש האָט פאַר ס'ניי אַ שאָרך געטאָן, און די באַבע מאַטל האָט, מיט ציטערדיקע פינגער, פונקט ווי אַמאָל, איבערגעציילט דאָס שיטער־געוואָרענע „שטערנטיכל“ מיט פּערל.

ר' נוחקע, וואָס איז ווייס־געוואָרן איבער דער צייט, האָט איבערגעזאָגט דעם פּסוק:

— חדש ימינו כקדם...

אָבער דאָסמאָל האָט די רו זייערע גאָרנישט לאַנג אָנגעהאַלטן. מאיר־לייבל פאָדהאָריצער, דער הויך־בייכיקער ייד, מיט גרויסשטאָטישע מאַניערן, האָט גיך און באַלד אָנגעוואוירן זיין תקיפות. צוריקקומענדיק, אין איין אָוונט, פון קלויז, אַן אויפגעלייגטער פון אַ סך צוגעטיילטן כבוד און חניפהלעך, האָט ער אָנגעטראָפן אַזאַ גאַסט, אַז ער איז אַזש מבולבל געוואָרן. אין אַ ווייכער פאָטער־שטול, אַן איינגעהילטער אין אַ געלן כאַלאַט, איז געזעסן ר' הירשל, געווייסלט מיט צוויי שערענגעס ציין און געגלאָצט מיט זיינע גרויסע

מאַנדלאויגן. כאָטש ר׳ מאיר לייבל האָט גוט געוואוסט, אַז אין איין „שיינעם“ טאָג וועט אַ ווינער דעדעקטיוו ברענגען צו פירן זיין חסר־דעהדיקן שוואָגער, און ער האָט זיך געריכט אויף דער באַגעגע־ניש, אָבער דערזעענדיק אים טאַקע־שוין, איצט־אָ, איז ער אַזוי צע־טומלט געוואָרן, אַז ער האָט זיך אַזש אַ כאַפּ געטאָן בײַ ביידע אָנגעקנאָטענע, בלוטיק־פּאָכקע באַקן:

— דאַכט זיך... ער... ווי... ווער... נו.... ער... אָ...

אַרום ר׳ הירשלען זיינען געשטאַנען די יינגערע קינדער, זיין ווייב דבורהל, אָבער קיינער האָט אים, ביז דער רגע, אַזוי נישט געקאָנט באַוועגן צום ריידן, ווי דער מבולבלער ר׳ מאיר־לייבל.

— כי־כי! מאיר לייב! אָ־האָ! — האָט ר׳ הירשל אַ שאָס גע־טאָן — אַ דייטש! פּרינץ פאָן פאָדהאָריצער! גיב־זשע שלום אַ שוואָ־גער!... זאָג אַשר־יצר... מאיר לייבל... היתּכן? שלום?

ר׳ מאיר לייבל האָט דערלאַנגט הירשלען די שפּיצן פון זיינע פעטינקע, קורצע פינגער, אָפּגעגעבן „שלום“, אָבער שלום איז שוין נישט געווען. דער האַרטער האַלב־צילינדער האָט שוין מער נישט געריטן אַזוי געדולדיק אויף מאיר־לייבלס קאָפּ און דער שפּיגל־נייער, „געהאַקטער“ שלום־ראָק האָט אָנגעוואוירן דעם גאַנצן חן....

וואָרעם אין שטוב האָט ר׳ הירשל געדרייט מיט די אויגן, געוואונקען מיט אַ פינגער און געטייטלט:

— זע־נאָר־זע! ווער עס קיניגט דאָ! אויף מיין אָרט... האָבט אַן אוצר? ווייז אַהער! כי־כי! איך וועל דיך אַרויספירן... אַרויס־פירן פונדאַנען! ס׳זיינען דאָ גרויסע צימערן אין ווין... ווייסע... מיט גראַטעס... כי־כי! — — — —

און אין גאַס האָבן די מעקלערס וואָס אַמאָל ווייניקער אַרומ־געטענצלט און אויפגעהערט חנפענען. מ׳האָט גאָר אויסגעמיטן אינ־גאַנצן אים צו באַגעגענען. וואָרעם...

— נו... אָט־טאָי־טאָי — האָט קאָפּל מעקלער באַוויזן — און זיי קומען אַריין, די „באָרשטשעוויקעס“, און ס׳איז גאָר אַ סכנה צו טענהן מיט קורחן... און ווער דאַרף זיין סחורה אַצונד? וואָרעם זיי, די... די... „יענע“ האָבן דאָך וואַזשנע ליב אַזוינע פאַרשוי־נען, ווי ער איז... אָט־טאָי־טאָי....

מאיר־לייבל האָט דערפילט, אַז אַרום אים איז גאָרנישט פויגל־דיק. ער האָט זיך אָבער שוין צו שפּעט דערמאַנט צו אַנטלויפן פונדאַנען. וועגן פּראָג איז שוין אָפּגערעדט; אַפילו נאָר ביז לעמבערג, וואו ער האָט געהאַט זיינע גרויסע מאַגאַזינען, איז דער וועג געווען אָפּגעשניטן. — —

און אָט האָט ער זיך דערוואַרט: באָלשעוויקעס... און מ׳האָט די פענסטער פאַרהאָנגען.. — — קיינער פון די שטאָט־לייט האָט שוין גאָרנישט געוואוסט, וואָס אין די „פּריצישע" צימערן טוט זיך. נאָר געבראָכן האָט מען זיך די מוחות, וואו פאַרהאָריצער האָט גע־קאָנט זיין אוצר באַהאַלטן און דאָס „איבעריקע"...

אָבער אַ טייל האָבן זיך געטרייסט:

— אַז מ׳עט דאַרפן, וועט מען געפינען... זאָרגט אייך נישט... ס׳וועט זיין רעכט.... — —

שטייט, אַזוי טעג־לאַנג, דאָס פּריצישע הויז אויף יאַבלאָנאָווער טראַקט, ווי ס׳וואָלט זיך שלאָפנדיק געמאַכט. אָבער פון די שפּעל־טעלעך, דורך די פאַרהאַנגענע פירהענגלעך, פּיפּסט אַ געלעכטער אַרויס: ר׳ הירשלס חוזק:

— כי־כי! מ׳דאַרף נישט!... מע פּויקט אינדרויסן!...

---

דערפאַר זיינען אויפגעפּראַלט טיר־און־פענסטער פון גאָר אַן אַנדער שטיבל, — פונוואַנען ליכט רייסט זיך אַרוים און אַריין; פּאַסן, קנוילן; — אויפגעמאַכט און גרייט, ווי פאַרבעטנדיקע:

— קומט! זעט! ווי וואויל ס׳איז דאָ... ווי ליידיק ס׳איז דאָ... אַ מחיה!

גייען טאַקע מענטשן אַריין און אַרויס. ר׳ שכנאס שטיבל, וואָס שטייט צווישן די פאַרעיפּושטע רינג־קראָמען, איז געוואָרן אַ „הויז פון איינזאַמלונג". דער הינקענדיקער אײַנבינדער־טיש איז פאַר־שפּרייט, אָבער שמעקט נישט מער מיט מנוחת־שבת און דומפּיקן קראָכמאַל־און־קלייסטער־גערוך... דער טיש איז פאַרוואָרפן מיט פעסט־געבונדענע רעגיסטריר־ביכער, צעטלען, קאָנווערטן, שרייבפּענדלעך און זאַמד־פּושקעס. אויס שטיבעלע, אויס קעמערל — ס׳איז דאָ אַ קהלישע „קאַנצעליאַריע".

ר׳ שכנא זיצט טאַקע אויבנאָן, גלייך ווי אַמאָל, אָבער ער קלערט נישט מער אויס קיין שכלדיקן דרוש, קיין נייע חכמות און המצאות. די נייע „וולאַסט“ האָט איבערגעגעבן ר׳ שכנאן — דווקא נאָר אים און אים — אַ גאָר וואַזשנע און פאַראַנטוואָרטלעכע באַשעפטיקונג. טוט ר׳ שכנא זיין זאַך בשלימות און טראַכט נישט מער דערפון, אַז זיין רצון איז אַפילו פריער נישט געווען דערביי...

ער ציילט אַצונד און רעכנט, פאַרשרייבט און געדענקט די קעפ, וואָס זיינען זיינע; וואָס הייבן זיך אויף און שטעלן זיך אונטער... ער פרעגט אויס און זאָגט צו, פאָרשט און דערגייט, ווער ס׳איז הונגעריק און באָרוועס... „קאָם-בעד“, „דער קאָמיטעט פון דלות און דחקות“....

און ווי זיי וואַקסן דאָס, די קעסטעלעך, ווי זיי מערן זיך אַליין, די שטעטלדיקע אביונים, וואָס קיינער האָט ביז-היינט זייערע „דייטש-בעמען“ נישט געוואוסט!...

אַפילו דוואָשע די בלינדע, דעם קברנס פלימעניצע, האָט זיך אָן איר פאַמיליע-נאָמען דערמאַנט.

— זעכציק יאָר, ר׳ שכנא, האָב איך געהייסן דוואָשע די בלינדע... ווער-זשע וועט מיך דען דערקענען? דאַכט זיך, אַז וויניקור איז דער „דייטשנאָמען“... וויניקור, — טאַקע אַ שיינער נאָמען... שרייבט אָבער, בעסער, אַזוי ווי אַמאָל: דוואָשע דעם באַגראָבערס... זאָל מען מיך דערקענען... — — —

און ר׳ שכנא האָט אַרום זיך אַ חברה און די חברה קוועלט. יאָסל יאַכנעס, דער שטעטלדיקער „האָלאַק“, דער מיטן גרינעם אויגל און איבערגעקערטן הייטל, ער האָט איבערגעלאָזט זיינע „כלות“ אין דער „מומע“ פייגע-רודיעס „שענק“ און זיך דערמאַנט, אַז ער איז גאָר אַמאָל אַן „אַרבעטאָרער“ געווען, אַ בעקער. דער דאָזיקער מעסער-העלד, מיט די שראַמען אויפן פנים, ער האָט זיך דערכאַפּט, אַז אַ מענטש, אַז... אַז...

— אַז ר׳ שכנא, איאָ, מ׳קאָן זיך דאָך אַמאָל אין לעבן בעסערן, נישט אמת? מ׳קאָן דאָך עמעצן צו-נוץ קומען, ניין? און איצט, ר׳ שכנא, איז דאָך די צייט... מ׳דאַרף דאָך... מ׳דאַרף דאָך, ווי רופט מען דאָס... גאַרניזירן...

— אָרגאַניזירן דעם „צעך“, מיינסטו... אַוודאי=אַוודאי, יאָסל...
אַלע באַלמעלאָכעס... — —

ר׳ שכנא האָט אַ פּלאַן, זיין אייגענעם, ער ווייסט און גע=
פינט פאַרטלען. נאָר, ווי אַזוי אויסצוגלעטן די קנייטשן, די צער=
רונצלטע אַרום די מויל=ווינקלען פון זיין טאָכטער ליובע — נאָר
דערצו האָט ער נאָך קיין מיטל נישט צוגעקלערט.

זיין גרינפּנימדיקע ליובע האָט נאָך עקשנותדיקער אָנגעהויבן
שווייגן און אַפילו איבערגעלאָזט די שטוב אויף גאַנצע טעג. מיט
איר „מאַינלענדער“, מיט איר „שאָפּנהויער“ אויפן שויס זיצט זי
אָפּ שעהנלאַנג אין גלחס גאָרטן און חלומט אויס דעם „אונטערגאַנג“
און „אומקום“, דעם „אומווערט“ און „אומתכלית“ פון לעבן: דער
אומקום, וואָס אָט=שוין איז זיין אָנהייב....

אָבער אָנשטעקן דערמיט ר׳ שכנאן קאָן זי שוין נישט, בשום
אופן..... — —

— מיר איז ליכטיק, ליובע — צעלאָזט זיך דער פאָטער אי=
דער — מיר איז איצט הרחבהדיק און אַזוי מיושבדיק. מיר איז איצט,
ווי זאָל איך דיר זאָגן... המו מעי... אַלע מיינע געדערים זינגען!

— אַוודאי די ליידיקע! האָסט דען היינט געגעסן? — מישט
זיך אַריין זעלדע, זיין הויכע יידענע — האָסט דאָך שוין אַפילו
אָן אַ המוציא פאַרגעסן!... קוק זיך בעסער צו צום טאָרבעלע מעל...
זע, ווי ס׳איז אַיינגעשרומפּן... ווייסעך! און אַ גראָשן איז נישטאָ
ביים לעבעדיקן לייב... און אָן שטיוול אַפילו....

— ווער דאַרף געלט, יידענע? אַז... אַז... נהרות ימחאו כף, און
ווייסטו... יחד הרים ירננו... אַז אַפילו די טייכן וועלן פּליעסקען און
און אינאיינעם וועלן זינגען די בערג... און צו וואָס דאַרף מען
גאַנצע שטיוול? אַבי די טריט זיינען לייכטע... עקבותיך לא נודעו —
אַזוי שטייט אין פּסוק? נאָר וואָס איז די נפקא=מינה? וואַרט נאָר,
זאָל גדל אַהיימקומען... זאָל ער זיך נאָר אַזוי אַוועקשטעלן און
אַ רעדט טאָן... זאָל ער זיך אַ נעם טאָן צו אַ אייערע גראָבע קעפּ....
ווי זינגען זיי דעם נייעם שיר?... הער, יידענע, הער דעם שיר:
„און דאָס וועט זיין דער לעצטער!...“ — — —

אויב די אייגענע שטובמענטשן האָבן זיך צוגעוויינט צו ר׳ שכנאס נייע דרכים, האָבן די קלויז־יידן בשום־אופן נישט געקאָנט צוקוקן און פאַרשווייגן.

— ס׳הייסט? ס׳טייטש? אַ ייד, כלומרשט אַ בן־תורה, און ווערט אַזאַ קל־שבקלים?! אַי־וואַי... ס׳הייסט? — האָט ר׳ יהושוע־אָשרל שוחט מרעיש־געווען — ער איז דאָך אַ מוריד־במלכות... איז אַ... אַ... ס׳איז ממש כפירה! ממש... ממש! כ׳פאַרשטיי: ער איז אַ יגיעכפּיימניק, אָבער האָבן מחזקות מיט ערלים, מיט פושעים, מיט... מיט... מיט... רחמנא־לצלן, נפקאָס... מיט... מיט... רחמנא־לצלן, רחמנא־לצלן!

ער האָט זיך אַזש צעהוסט, ר׳ יהושוע־אָשרל, און זיינע מיחושן האָבן זיך צעשפּילט, אַזוי לעילא־ולעילא...

אָבער וואָס מער דער שוחט רגזעט, אַלץ לענגער האַלט ר׳ שכנא אויף די הפסקה בין־מנחה־למעריב, און אַלץ האָפּערדיקער ווערן זיינע דרשות:

— און אַז איך וועל אייך זאָגן, אַז די פושעים זיינען קיין פושעים נישט און די נפקאָס, די זונות — זיינען קיין זונות נישט?! און אַז איך וועל אייך זאָגן, אַז זיי זיינען גאָרנישט שולדיק אין זייערע זינד? אַז איר און איר און טאַקע איך, אַז מיר אַלע האָבן אַ חלק אין זייער פאַלן?! און אַז איך וועל זאָגן, אַז מ׳דאַרף זיי אַלע מקרב־זיין? אַז מ׳דאַרף זיי גאָר מדריך־זיין, און טאַקע אייך אויך! האַ? אַז מענטשן זיינען גאָר אַלע אין דעמזעלבן צלם־אלהים באַשאַפן געוואָרן — איז: דאַרף מען דעמדאָזיקן צלם־אלהים אָפּוואַשן, אָפּרייניקן. אַלע אויסגלייכן! אַלע — אָרעם און רייך! ס׳זאָלן קיין הונגעריקע נישט זיין און ביי די פעטע זאָל זיך דאָס שמאַלץ נישט פרעגלען!

— גוואַלט! ס׳שטייט דאָך לא יחדל עני! אָרעמעלייט מוזן דאָך זיין!... ס׳איז דאָך מן־התורה! — האָט ר׳ ניסן־יהודה חלבן אַרויסגעברומט — בפירוש מן־התורה! וואָס־זשע, פון דער תורה האַלסטו שוין אויך נישט?

— מ׳דאַרף טאָן, אַזוי ווי דער שכל איז מחייב... מ׳דאַרף אַיינטיילן... אַלץ... — האָט ר׳ שכנא זיך שוין געריסן אויפן קול—

אַפילו די תורה דאַרף מען אויך אײַנטײלן. יעדן אַ ביסעלע. יאָ, יאָ... איר מעגט עס וויסן, איר, ר׳ מאיר־לייבל פּאָדהאָריצער פון פּראָג! אַפילו די תורה! וואָרעם איר, די שיינע ייִדן, האָט דאָך אַלץ צו־גענומען: אי שלישי, אי שישי, אי מפטיר. אַפילו די כהונה האָט איר דאָך געגזלט בײַ די אביונים! הערט אויס, איר, ר׳ בונם קאַצנ־פּוטער! — — —

ר׳ מאיר־לייבל פּאָדהאָריק, וואָס איז דעם אויף־דער־נאַכט גע־קומען אין קלויז אַריין יאָרצייט האַלטן, איז די גאַנצע צייט גע־זעסן אין מזרח, בײַ זײַן שטענדער, בלויז געקנייטשט דעם שטערן, און געהויבן די אַקסלען. ער זאָל דאָס עפּענען אַ מויל! און אַז ער איז, לסוף, צוגעגאַנגען צום עמוד און אָנגעהויבן „והוא רחום יכפּר עון״, האָט ר׳ שכנא אים איבערגעשריגן:

— אײַערע זינד! אײַערע! און ווער ווייסט, צי מ׳וועט פאַר־געבן?! — — —

ער האָט דען געקענט דאַווענען, ר׳ מאיר־לייבל? ער האָט זיך געפּלאָנטערט מיט די פּסוקים און פון צערודערטקייט גאָר פאַר־פאָרן צום רבנן־קדיש.

— נו... אי... נו, אָ! — האָבן ייִדן געקלאַפּט אין טיש — נו... חצי־קדיש... אי־אי...

— נישקשה! איר מעגט שוין זאָגן רבנן־קדיש! — האָט ר׳ שכנא זיך צעשמייכלט — איר מעגט... איר מעגט, ר׳ מאיר־לייבל פּאָדהאָריצער!....

און עפּעס איז געווען אין דעם שמייכל: אי חוזק, אי צער, אי פרייד, אי ספק... ווער קאָן מעסטן?

און אַז דער עולם האָט נאָכן דאַווענען זיך בכיוון גיך אַרויס־גערוקט פון קלויז, כּדי מער נישט צו הערן דעם „הויקערלס״ טענות, האָט ר׳ שכנא זיך גאָר צעלאַכט:

— ס׳איז אַ וויסטקייט דאָס איז! פראַים! אָבער איר׳ט בע־סער ווערן! אַלע וועלן בעסער ווערן!

ער איז געגאַנגען איינער אַליין, פונהינטן, און זײַן גאַנג איז געווען אַזאַ זיכערער און אַזאַ גדלותדיקער, איבער די אויסגעטריקנטע סטעזשקעס פון די קריקעווער הינטערגעסלעך.

ער האָט זיך צוגעקוקט צו די פּריזבעס פון די אײַנגעהויקערטע שטיבער, וואו ווייבער און קינדער זיינען געזעסן, זקנים און האַלב=באַיאָרטע, און גלעלופּטערט זייער דלות קעגן דער האַלבער לבנה. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און פונוויטנס צוגעהערט דעם בלינדן שמואל=אַריה, בעדערס אַ מעשה... „אַ מעשה וועגן דריי לאָמע בעטלערס מיט זיבן קוליעס"...

ר' שכנא האָט געוואָלט צוגיין נענטער, אפשר זיך אַוועקזעצן און זיך אָנרופן, אָבער פּלוצלונג האָט ער דערפילט אַ האַנט אויף זיין אַקסל:

— ר' שכנא!

דער אײַנבינדער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און זיך באמת פאַרוואונדערט. אָבער באַלד האָבן זיינע אייגעלעך זיך צעשמייכלט און ער האָט, אַזוי כלאַחר=יד, אַ פרעג געטאָן:

— וואָס=זשע, ר' מאיר=לייבל פּאָדהאָריצער, איר ווילט אייך הערן די מעשה מיט די בעטלערס?

אָבער מאיר=לייבל האָט געדרייט אַהין און אַהער מיטן גאָרגל, און געשמאָרעט, אַזוי ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט פערד, וואָס קאָן נישט געפינען דעם וועג אין שטאַל אַריין. ר' שכנא האָט בכיוון געשוויגן, זיך געלאָזט גיין, אָבער מאיר=לייבל האָט אים אַ צי געטאָן ביים אַרבל און איז קוים אַרויס מיט לשון:

— ר' שכנא... כ'בעט אייך... זאָל עס בלייבן צווישן אונז... כ'וועל אַליין גיבן... כ'וועל... זאָגט גאָרנישט... כ'וועל גיבן... אייך... און זאָל זיין שאַ... איר ווייסט דאָך... מ'רעדט, אַז מ'וועט קומען נעמען... גראָבן... וועל איך אייך... גיבן...

— וואָס וועט איר געבן?... וועמען?

— אייך... נו... איר זיינט דאָך עפּעס אַ קרוב... אַ „שמעלקע" מיט די... די „ליט"... נו, זאָלן זיי צו מיר נישט קומען... זאָלן זיי נישט זוכן... די... די... קאָמיסאַרלעך... — —

וואָס=זשע האָט ר' שכנא אים געזאָלט ענטפערן? אַפילו קיין געלעכטערל האָט ער שוין נישט געהאַט פאַר דעם בייכיקן יידן אין האַלב=צילינדער. ער האָט אים באַטראַכט, פון קאָפּ ביז די פיס, און ער האָט גאַר חשק געהאַט אַ קניפּ טאָן אין בעקל, אַ

גלעט טאָן דאָס גלאַנציקע פּרצוף... אַ מערכה מאיר־לייבל האָט זיך מיישב־געווען און אויף־גיך אַ הייב געטאָן די הירשלעדערנע שטיוועלעטלעך...

— אַ גוטע...

ר׳ שכנא האָט אים נאָכגעקוקט און ס׳האָט אים גענומען וואַרעמען אינעווייניק:

— „אַי וואָלט כּדאי געווען, אַז אַזוינע לייט זאָלן גיין מיט די האָר! און אויב מ׳וועט בודק־זיין, וועט עס זיין כּשר און ערלעך פאַרדינט!“

ער האָט צורעכט געמאַכט דעם קאַפּעליוש אויפן קאָפּ, זיך דערמאַנט אָן עפּעס און געלאָזט אַהיים. אינמיטן מאַרק האָט ער באַגעגנט יאָסל יאַכנעס. דער יונג האָט געהאַט אַ ברייט, רויט בענדל אויפן אָרעם און אַ דרענגל אין דער האַנט. דערזעענדיק שכנאן, האָט דער בּחור זיך דערפרייט און צעטענצלט פאַר גדולה:

— איר זעט, „אַ וואַך“! שוין אַן אייגענע. איך אויך! מיר היטן, „כאַוועך“ שכנא... מירן אַכטונג געבן...

— היט, היט! אַוודאי אַזוי... ביינאַכט זאָלסטו היטן און פאַרטאָג זאָלסטו קלאַפּן אין די לאָדנס...

יאָסל האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ פּייפעלע, אַ גרילץ געטאָן און ס׳האָט געקלונגען דאַכטן, אַז אין דער רגע איז די גאַנצע וועלט זיינע און ער — דער וועלטס...

— איר הערט, ר׳ שכנא?... פון איין עק שטאָט צום אַנדערן... מיר זיינען דאָ... מיר... „די וואַך“...

דאָס רויטע, איבערגעקערטע הייטל האָט זיך נאָך מער פאַרצויגן און דאָס גרינע אייגל איז אינגאַנצן אַרויס: יאָסלס גרויסע, גרינע אייגל — אין דער נאַכט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און וואָס ווייטער — אַלץ לעבעדיקער און וואַרעמער. נאָר אַוודאַי: ווי ווער און ווי פאַר וועמען. וואָרעם אָט אַ שטייגער האָבן זיך גאָר געפונען אַזוינע בעלנים, וואָס האָבן, אין דער נאַכט, גע־

שפּאַנט פערד־און־וועגענער, אויפגעלאָדן אַ קוימערל, אַ טלומאַק און זיך געלאָזט זוכן אַ גרענעץ צו „ערגעץ־אַ־לאַנד"...

— מיטן הוילן לייב־און־לעבן, אַבי פון גיהינום אַרויס... נאָר ס'נאַקעטע חיות אַבי צו דערהאַלטן...

נישט קלענער איז צאָל זיינען געווען די אורחים, וואָס האָבן זיך אינמיטן העלן טאָג דווקא אַריינגעצויגן קיין קריקעוו. דערצו האָבן זיך די דאָזיקע, די אָנגעקומענע, באַוויזן אינגאַנצן אָן געפּעק. בלויז מיט שטעקנס אין די הענט, אָדער אַ קענדל אויף די אַקסלען... פּשוט, פּראָסט און זיכער...

בער פרידמאַן, למשל, איז גאָר אָנגעקומען צופוס און מיט ליידיקע הענט; איז אַ פּאַרנאַכט; איינער אַליין; לייכט, פריי און מיט גדלות...

אָבער קיינער האָט אים נישט באַמערקט און קיינער האָט צון אים נישט געשאָקלט מיטן קאָפּ. האָט אים גאָר דערפון גרויס הנאה געטאָן: „שוין געקומען און שוין דאָ"...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין שמאָלן געסל, פאַרן אַלטן „געמיינדע־שטיבל", אָפּגעטרייסלט דעם שטויב פון זיך און באַקוקט דאָס שילדל מיט ראשי־תבות: „רעוו־קאָם"... ער האָט, חשיבותדיק, איבערגעציילט די אותיות און איינגעחזרט, שטיל און מיט אַ שמייכל:

— רעוו־קאָם... רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט...

אין די פענצטער פון דעם נידעריקן „געמיינדע־שטיבל" האָבן זיך דעמאָלט ליכטער צעצונדן, און דורך די קויטיקע שויבן האָט בער געקאָנט זען בלויז באַוועגלעכע שאָטנס. ער האָט היבשלעך לאַנג געקוקט. אָבער אינעווייניק איז ער נישט אַריין...

אַזוי שטיל און אומבאַמערקט און לייכט, ווי ער איז צוגעקומען צום געסל, אַזוי לייכט האָט ער זיך פון דאָרט אַוועקגעדרייט.

די טונקלקייט האָט אָנגעהויבן זיך נידעריקער זעצן איבער קריקעוו, און טירן־און־פענסטער האָבן זי נישט געוואָלט אויפנעמען; האָבן זיך צוגעפּראַלט אויף ריגלען. האָט בער זיך געלאָזט פּאַזע די אַיינגעהויקערטע ווענט פון די באַוואָרנטע הייזלעך צו דעם סאַמע מיטן־מאַרק, און גייענדיק, האָט ער פאַרשנעלערט די טריט.

און וואוהין דען אַנדערש, אויב נישט צו ר' שכנאס נחלה?!
ער האָט גאָרנישט געקלערט פון דער היים — שוין נישט מער אין דער פויערישער כאַטע, נאָר אין די בהרחבההדיקע צימערן אויף יאַבלאָנאָווער טראַקט, — ער האָט גאָרנישט געפרוווט אַ טראַכט טאָן וועגן דעם... נו, ער האָט דאָך אַפילו נישט געוואָלט זיך אויסמאָלן, ווער ס'וועט אים אַנטקעגנקומען, באַלד אויף דער שוועל פון דעם אײַנבינדערס טיר... ווערעם אָט בלײַבט ער שטיין און נישט ער פאַרלירט זיך און נישט ער וואונדערט זיך. ער זאָגט אָפּ סתם אַ פּאָר ווערטער:

— אומעטום איז פינסטער, ליובע, נאָר בײַ אײַך...

אָבער ליובע דעם אײַנבינדערס, אויסגעצירט מיט אַ ווײַסן בעגדל אַרום דעם הויכן שטערן, אָנגעטאָן אין אַ ציטרין־קאָלירענעם קליידל מיט ברייטע אַרבל און בופטן — קאָנטיק, פאַרוואַלגערט נאָך פון איר מוטערס מיידלערישע יאָרן, — מעסט דעם פאַרשטויבטן גאַסט מיט אַ פּאָר גרויסע, אָנגעלאָפענע אויגן, און קאָן נישט ס'ערשטע וואָרט אַרויסברענגען. העלפט בער איר אַרויס:

— נו, אַוודאי דערקענט איר מיך... וואָס איז דאָס חידוש?... אָבער אַרום איז פינסטער... פאַרוואָס איז דאָס אַזוי?...

איצט האָט דאָס מיידל שוין גאָרנישט לאַנג געטראַכט. איר ענטפער איז אָפּנים אַ צוגעגרייטער פון לאַנג, אַן אָפּגעפּאַסטער און זיכערער:

— ס'איז דער אָנהייב פון גרויסן סוף, בער.... — — —

ס'איז שוין גאָרנישט נייטיק געווען מער צו ריידן. זיצנדיק דאַן אינאיינעם, ווי אַמאָל, ווי אַ סך מאָל אַזוי, אויפן גרינעם קופערט, האָט יעדער פון זיי געקוקט אויף גאָר באַזונדערע פּינטלען אויפן קוימען, און יעדער האָט באַזונדער פאַר זיך, געטריבן דעם אייגענעם שאָטן אויפן דיל...

אין קיכל, איבערן ווענטל, האָט די אײַנבינדערין זיך געעסקט מיט עפּעס. זי האָט געקלונגען אין אַן אײַזערנעם טאָפּ און געפּייקט אין מאַסיוון דנאָ. זי האָט געגאָסן וואַסער פון איין כלי אין דער אַנדערער אַרײַן, און געטעסעט שפּענער מיט אַ פאַרזשאַווערטן האַקמעסער...

— ווייסעך... אַ לעבן... קינדער... מ׳שטיינס געזאָגט... אָט האָסטו!... — האָט זי צו זיך אַליין גערעדט, און פון אירע אָפּ־געריסענע ווערטער האָט מען געקאָנט פאַרשטיין, אַז זי איז שטאַרק נישט צופרידן מיט עפּעס... — עט...

זעלדע האָט געוואוסט, אַז פאָרנט אין חדר זיצט אַ גאַסט: בער. זי האָט אָבער בײַ זיך נישט געקאָנט פועלן, אַרײַנצוגיין און אים מקבל־פּנים־זײַן. טאַקע שטילערהייט, אָבער אַזוי, אַז בער זאָל יאָ קאָנען הערן, האָט זי, אין קיך, בײַם פּריפּעטשיק, אויסגעלאָזן אירע תּרעומות:

— ווייסעך... מײַנער... מײַן קדיש... פּונקט אַזוי ווי אַנ־דערע... אַנטלויפן... קערן איבער אַ וועלט... צײַטן... גייט אַפילו נישט אַהיים... מ׳שטיינס געזאָגט... מסתמא אינדערהיים נאָך נישט געווען...

זי האָט אָבער נישט אויסגעהאַלטן, די אײַנבײַנדערין, און פאָרט אַרײַנגעקומען. ווישנדיק די הענט אין פאַרטעך, האָט זי געמאַכט אַ וואוילן אָנשטעל:

— זע נאָר, בער! אַזאַ גאַסט... כ׳לעבן... געלויבט איז גאָט, וואָס מ׳זעט זיך ווידער מיט געזונט!... וואָס־זשע מאַכסטו? וואַרטסט אַוודאי אויף מײַן שכנאָן, האַ? ווייסעך... שמײַעט אַרום, דער צעבראָכענער ייד... רעשט זיך... „שמעיה רעש זיך, וועט מען מיינען, אַז דו האָסט קיין צייט נישט“... ווייסעך... אַן אָנשיקעניש... עפּעס אַ „רעבּ־קאָם“, „ראַבּ־קאָם“... ווער איז דער „רעבּ קאָם“, וואָס לאָזט אים נישט רוען?... שיקט נאָך אים אַלעמאָל און רײַסט די הויט... טו אים דאָס, טו קלאָץ, טו אים לאָקש... אַן אָנשי־קעניש... ווייסעך...

זי האָט אַ פּרווו געטאָן, דורכן פאַרטעך, דאָס גלעזל פון לאָמפּ און צורעכט געמאַכט דעם קנויט.

— און באַלד וועט ער מסתמא אַהיימקומען און ס׳וועט זיך אָנהייבן אַ פרישע סדרה... צעטלען אַרײַן, צעטלען אַרויס... מיט די קבצנים און מיט די בעקער־יונגען... מ׳שטיינס געזאָגט... ווייסעך... —

אָבער ליובע — זי זאָל דאָס כאָטש מיט איין וואָרט זיך אָנרופן! גאָרנישט, — גלייך ווי זי וואָלט זיך געפינען אין אַ ווייטער, ווייטער וועלט, און אַליין וואָלט פאַר איר געווען ווילד־פרעמד און אומפאַרשטענדלעך. זי צופּט בלויז די בופטן פון אירע ברייטע אַרבל און רונצלט דעם שטערן...

אויך בער קאַרגט שטאַרק מיט זיינע תשובות:

— ס׳איז רעכט... ס׳איז רעכט.

— און אינדערהיים ביסטו שוין געווען? איר וואוינט דאָך איצט אַזוי „נאָבל“... מ׳זאָל אַייך נאָר צורו לאָזן... און מיטן נגידישן פעטער האָסטו זיך שוין געזען? מ׳שמועסט, אַז מען מאָנט אים עפּעס „קאַליבוציעס“, בוצ׳עס... טר׳בוציעס... שמוצ׳עס... און... יאָ, — איר האָט דאָך איצט דעם טאַטן אינדערהיים... אַי־וואַי־ז׳מיר... מ׳שטיינס געזאָגט... אָבער פאָרט אַ טאַטע, ניין? פאָרט אַ טאַטע...

די לעצטע צוויי ווערטער האָט זי אַרויסגעזאָגט הויך און צעפּסטעט און איבערגעחזרט אַ פאָר מאָל:

— פאָרט אַ טאַטע, ניין?

— אַ טאַטע! אַ טאַטע! מ׳עט זיך רעכענען, ווי מיט אַ טאַטן! — האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט שכנאס קול הינטער דער טיר און תוך־כדי־דיבור איז ער שוין געווען אין חדרל און פאַרענד׳קט מיט אַ שאַלה:

— איז גערדונגען דערפון?...

מאָרגע: זענדיק ביי זיך אין שטוב בערן, אַן אָנגעקומענעם פון וועג, נאָך אַ פאַרשטויבטן, אַ שווייגנדיקן, האָט ר׳ שכנא דאָסמאָל אַרויסגעוויזן ווייניק התפעלות, אַז די יידענע זיינע, זעלדע, האָט אים אַזש גענומען מוסרן:

— אַ שיינער מכניס־אורח ביסטו דאָס געוואָרן, שכנא! ס׳זיצט בער און דו... גאָרנישט...

— ווי הייסט גאָרנישט? — האָט ר׳ שכנא זיך אַ קער געטאָן און ביזלעך אָפּגעענטפערט — כ׳האָב געוואוסט, אַז ער וועט קומען און כ׳האָב געוואוסט, אַז ער איז שוין דאָ... איך זע אים און כ׳וועל אים פאַרשרייבן ביי זיך... וואָס הייסט נישט ווי׳סן? איך

מוז אַלץ וויסן... מ'האָט געהייסן דינען — דין איך! און דין איך— וויל איך שוין בשלימות!

אָבער איידער ער האָט נאָך געענדיקט, ר' שכנא, האָט אַ קליין בחורל אַריינגעבראַכט אַ גרויסן צעטל, מיט גרויסע שטאַמ־פּיליעס באַזיגלט:

— צו בער פרידמאַן!... ס'איז פון „טשעקאַ"... — — — — — —

שפּעטער האָט בער געזופט, אינאיינעם מיטן בני־בית, מוטנע קאַרטאָפליע־וואַסער און געקייט קוקורוזע־ברויט... דערביי האָט ער געקוקט אויף ר' שכנאן, אויף דעם צעבראָכענעם ייִדן, און נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַרום ס'נעמט זיך צון אַזאַ נפש אַזויפיל כוח און אַזויפיל פרייד, אויב מע וויל האָבן, דעמאָלט ווען ער, בער, וואַקלט זיך, הגם זיין לייב איז פאַרהאַרטעוועט, באַצירט מיט אַזויפיל קניפּן און צייכנס; מיט פאַרהיילטע געשווירן און איבערגע־צויגענע לעכער... ער האָט נאָכאַמאָל באַקוקט דעם צעטל מיט די גרויסע זיגלען, באַטראַכט די אייגענע הענט מיט בלאָטיקע פינגער און נעגל, און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— כ'וועל גיין צו זיי... כ'וועל זיך איינשפּאַנען, אויב מ'עט הייסן... ס'איז דאָס לעצטע, וואָס איך וועל טאָן... פונדאַנען, פיל איך, וועל איך שוין אין ערגעץ נישט אַוועק... כ'וועל גיין אין „טשעקאַ", ר' שכנא... מ'רופט...

בערס רייד האָבן זיך געצויגן אַזוי ווי גומילאַסטיק, ווי קלע־בעכץ. ער האָט אַפילו אַ לאַך געטאָן, אָבער אַלץ קלעבעכץ... דערביי האָט ער זיך קיין ריר נישט געטאָן פון גרינעם קופערט...

— אַוודאי, ס'קאָן אַנדערש נישט געמאָלט זיין... כ'וועל זיך שטעלן... שוין מאָרגן...

— אָך... כאָ־כאָ! — האָט דאָס גרינפנימדיקע טיידל פלוצ־לינג אַרויסגעשאָסן אַ געלעכטער, ביז געוויין — אָך, כאָ־כאָ! סיק טראַנזיט!...

ר' שכנא האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר דעם שניידנדיקן געלעכטערל. ער האָט גיך פאַרשטעלט ס'פנים מיט די דלאָניעס, און ווי וועלנדיק איבערשרייען זיין טאָכטער, האָט ער זיך צעלאָזט אויפן קול:

— כּי אם לידך המלאה הפּתוחה...

— איר בענטשט? איר לויבט גאָט? — האָט בער נישט געקאָנט פאַרשטיין — ווי אַזוי=זשע? אי מרידה, אי גאָט?

ר׳ שכנא האָט אַוועקגענומען די הענט פון פּנים, אָנגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע אויגן, צעשראָקענע, און אויף שטום=לשון פאַרענטפערט:

— הם... הם... נו... אָ... הם... מסתּמא...

— טרייסט אים... טרייסט — האָט דאָס מיידל זיך ווידער צעלאַכט אַזש דער פלאַם פון לעמפּל האָט אַ ציטער געטאָן פון איר געלעכטער — אָך... כאָ=כאָ!

איצט האָט ר׳ שכנא זיך שוין אינגאַנצן אײַנגעקאָרטשעט און דער ווייטערדיקער פּסוק האָט געקלונגען אַזוי הויל און אַזוי נעבעכדיק, אַז ער האָט אַזש אַראָפּגעלאָזט די אויגן:

— פּותח את ידיך ומשׂביע לכל חי רצון... — —

דעם אויף=דער=נאַכט האָט ר׳ שכנא שוין מער גאָרנישט גערעדט... ער האָט עפּעס באַדאַרפט צו טאָן אויפן בוידעם און צוגעשטעלט די לייטער צו דער וואַנט, אַנטקעגן דעם אָפענעם טירל פון שטוב...

בער האָט זיך אויפגעהויבן פון קופּערט און געלאָזט אַוועקגיין. ער האָט אָבער גאָרנישט געפילט, אַז מיט דריבנע, לייכטע טריט גייט אים ליובע נאָך פון הינטן. אַרויסקומענדיק איבער דער שוועל, האָט זי אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין אַקסל און אים אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך אומגעקוקט און געוואַרט. ליובע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. מיטן שפּיץ פון שוך האָט זי געקראַצט אָן אַ שטיין, ווי זי וואָלט גאָר וועלן דעם שטיין רעדעוודיק מאַכן. לסוף האָט זי אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ און פון האַלז אַרויסגעיאָמערט:

— נו... און אין דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה גלויבט איר, בער? איר קוקט? אַנטקעגן וואָס איך פרעג עס פּלוצלינג? איר קלערט? —

זיי האָבן זיך איבערגעקוקט און אויף זיי ביידן האָט פון אייבן טעמפּ אַראָפּגעקוקט אַ שיקלדיק אויג פון דער מעשענער לבנה...

— נאַם וואָס מוטאַסטים עט איללאָס, האַ, בער? — — — —

---

אין פּריצישן סאַלאָן בײַ די פּרידמאַנס האָט מען אינמיטן דערנאַכט אַרײַנגעשטעקט אַן אָנגעצונדן ליכט אין אַ רער פֿון הענגלײַכטער, און ס'גאַנצע הויזגעזינט, פֿון גרויס ביז קלײַן, איז זיך אַהער צונויפֿגעקומען, כּדי צו באַטראַכטן בערן, זייער גאַסט. אַפֿילו דער זיידע, ר' נוחקע, איז געזעסן, אײַנגעהילט אין אַ שאַל, אויף אַ סאָפֿקע און אונטערגעדרעמלט. דבורהל, די מוטער, האָט געווישט די אויגן, און בער האָט אַ סך גערעדט און דערציילט.

נאָר דער פֿעטער, מאיר־לייבל, האָט געשטאַמפּט, מיט באָרוועסע פֿיס, איבערן קאָבריין און ס'איז אים אַפּנים נישט איבעריק וואויל געווען. ער האָט געהאַלטן אין איין ציען מיט די אַקסלען און גאָרנישט געפּרווט אַ קוק טאָן אין בערס זײַט אַרײַן.

— און... טאַ... טאַ... טאַ... — האָט דער ייד געקנאַקט מיט זײַן צונג איבערן זויערן גומען און געפּאַטשט מיט די הענט איבערן גראָבן בויך — טאַ... טאַ... טאַ!

בער איז געזעסן אויף אַ נידעריקער טאַבאָרעט און געהאַלטן לעבן זיך זײַן יינגסטע שוועסטערל. ער האָט איר געגלעט איבער די האָר און זיך געחנדלט:

— נו... און ווי געפֿעלט דיר דײַן גרויסער ברודער? האָסטו אים אַמאָל דערמאַנט? און ווייסטו וואָס דײַן ברודער איז?

— אַ באָלשעוויק, אַ גזלן! — האָט דער פֿעטער זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן — אַז מע וואַיסט, וואַיסט מען!

— וואָס־זשע, פֿעטער, איר זײַט שוין געקומען צום טעם און צום שכל? — האָט בער געענטפֿערט מיט אַ געלעכטערל — איר „וואַיסט גאָר־ניש ניש"... כ'מיין...

ר' מאיר־לייבל האָט נאָך שפּיציקער געצויגן זײַנע אַקסלען און בייזער געברומט. מיטאַמאָל האָט ער אַ טענצל געטאָן מיט זײַנע אָנגעקנאָטענע פֿיס און זיך אַוועקגעשטעלט, ווי אַ סלופּ, קעגן בערן:

— זאָג נאָר, דו, וואָס ביסטו אַהיימגעקומען? וואָס אַ שטייגער? כ'פֿאַרשטיי גוט... ביסט אַן עוכר ישראל — זיי דיר! אָבער נישט אין די אויגן: נישט דאָ! דאָ נישט! איבעריקנס, וויפֿיל ווילסטו, אַז דו זאָלסט תּיכּף, אָט שוין, גיין צוריק?! צוריק פֿונ־

וואַנען דו ביסט געקומען... מיט פרעמדע עוכרים, „פילגער־בובן", באַנדיטן, וועט מען שוין גיכער אויסקומען, ווי מיט אַן אייגענעם... זאָג וויפיל ווילסטו?

— וויפיל איך וויל? וויפיל...

— יאָ... יאָ! וויפיל?

— תיכף, פעטער... תיכף...

בער האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס שוועסטערל פון קני, געמאַכט עטלעכע שפּאַן, נעענטער צום באַרוועסן פעטער, און זיך אויסגעגלייכט אין זיין גאַנצער לענג. מיט אַ פּאָר אָנגעלאָפענע אויגן האָט ער זיך איינגעפרעסן אין דעם יידנס צורה, ביז אים, בערן, אַליין, איז פון דעם אייגענעם, אָנגעשטרענגטן בליק, פייכט געוואָרן דער שטערן...

— תיכף, פעטער... תיכף... — האָט ער איבערגעחזרט מיט אַ פאַרשטיקטן אָטעם און די הענט האָבן זיך אַ הויב געטאָן...

— וואָס־זשע, ביסט אַ רוצח אויך? — האָט דער פעטער פלוצלינג אַרויסגעשריגן — וואָס־זשע, ווילסט מיך אפשר אומברענגען?! דערויף ביסטו אַהיימגעקומען?

— הער אויף, מאיר־לייבל! — האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט דער באָבע מאַטלס קול — הער אויף!...

און ווי אַ גוטע באַשיצערין, אַזוי איז די אַלטיטשקע אויסגעוואַקסן צווישן ביידע. מיט אירע צוויי ביינערדיקע הענט האָט זי אַרומגענומען בערן און אים געצויגן צו זיך:

— צאָרן נישט, קינד מיינס... נישט קיין רעכטע מידה... אָבער דו ביסט גערעכט... האָסט דען, חלילה, עפּעס שלעכטס געטאָן? גאָרנישט... גאָרנישט... ביסט מיד, קינד מיינס, און פאַרוואָגלט... און ווער זאָגט דען, קינד מיינס, אַז...

די אַלטע האָט נישט געקאָנט פאַרענדיקן אירע טרייסטווערטער. בער האָט צוגעטוליעט זיין פּנים צון אירע שטאַרצנדיקע שטשאָקעס און, ווי אַ געקריוודעט קינד, אויסגעלאָזן זיינע תרעומות:

— מ'זאָגט דאָך, אָבער, באָבע, אַז...

— קיינער זאָגט נישט... קיינער...

— מ׳זאָגט! מ׳זאָגט! מע וואַיסט! מ׳זאָגט! — האָט מאיר־לייבל נישט געקאָנט שטילן זיין גרימצאָרן און נישט געקאָנט קילן ס׳פּלוסטרענע, פּעטע האַרץ — שקץ תּשקצנו!...

ער האָט אויסגעשפּיגן, אַ צי געטאָן די פּליושענע פּאָרט׳ערן און געוואָלט אַרויסלויפן. האָט זיך אָבער פון הינטער די פּוירהאַנגען אַרויסגערוקט אַ געשטאַלט, אַ ווייסע, מיט אַ פּאָר אָנגעצונדענע אויגן, אַזש מאיר־לייבל איז צוריקגעפאַלן, מיט אַ פּחדימדיקן געשריי:

— ער אויך! אָט איז דיין טאַטע, דער מטורף!... דער...

און ס׳האָט אים שיר אַ ניכפּה געטראָפן דעם פעטער מאיר־לייבלען, קנוילנדיק זיך אינדרייען און וואַרגנדיק זיך מיטן לעצטן וואָרט...

קיינער פון די אַרומיקע האָט שוין מער קיין וואָרט נישט אַרויסגעבראַכט. בלויז אַ שטיל כליפּען און אַ ווייסער ציטער....

ר׳ הירשל איז צוגעקומען ביז צו דער סאַמע מיט פון צימער, און אַזוי פריי, ווי נישט ער וואָלט עס האָבן אַצונד איבערגעריסן דעם געראַנגל, אויסגעשטרעקט זיינע צוויי מאָגערע האָריקע הענט:

— שטיל זייט... שטיל.... די וועלט קערט זיך איבער.... שטיל...

ער האָט זיך אונטערגעצויגן, געשטעלט אויף די שפּיצפינגער און זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט.

— און דו, מיין זון? ביסט אויך דאָ צוריק? אַלע קומען צוריק.... אַלע... איך פון דאָרטן און דו... נאַ דיר שלום, זון... און גאָרנישט.... אָבער וויבאַלד דו קאָנסט, מאַך, ס׳זאָל זיין אינגאַנצן גאָרנישט... גאָר...נישט....

די יינגערע קינדער האָבן געגראָבן די קעפּלעך אין דער מוטערס שויס און דערביי, יעדעס מאָל, געוואָרפן, פאַרגנבהטערהייט, איינזייטיקע, אָפּגעריסענע בליקן אויפן גרויסן טאַטן, וואָס איז געשטאַנען האַלב־נאַקעט, מיט אויסגעשטרעקטע הענט און געמאַכט מיט די ליפּן...

ערשט, אַז בער האָט זיך, מיטאַמאָל, אַ הייב געטאָן, אַרויסגעריסן פון דער באַבע מאַטלס הענט און צוגעגאַנגען צום פאָטער, האָבן אַלע אויפגעמאַכט די אויגן און דערזען: בער האָט גע־

נאָגט מיט זיינע ליפּן דעם פּאָטערס רעכטע האַנט, און ר׳ הירשל האָט אים געגלעט מיט דער צווייטער:

— ס׳איז דער קץ, בער... דער קץ...

— דער סוף, טאַטע? דער סוף? — — — —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

די פּאַרטאָגן זיינען פייכטע, די פאַרנאַכטן שמעקן מיט האַרבסטקייט און די נעכט ציען זיך שוין אויס אין דער לענג. פון ביימער פאַלן בלעטער. זשומענדיקע פליגן גייען אויס פליענדיק, און איינציקע שוואַרצע ראָבן קומען אויסקוקן די מקומות.

קריקעוו וויאַנעט אלוולדיק און גענעצט מיט אַ תקיעה:

— „אַי, טאַטע-פּאָטער, עד מתי? ווי לאַנג נאָך?“

עפּעס האָבן יידן אונטערגעקרעכצט, מער ווי אַלע יאָר און מער, ווי יעדן אלול, פאַר די פאָרכטיקע טעג, ווען אַפילו אַ פיש טוט ציטערן אין וואַסער...

אין קריקעוו האָט מען געזיפצט און געפאָכעט מיט די נשמות:

— פּחדים... פּחדים... מ׳עט זיך אויסלאָזן...

ס׳איז קיין ברויט נישט געווען. פויערים האָבן די תבואה פון די פעלדער ניט אַראָפּגענומען, ווייל אָפּטע האָלען האָבן אויסגעשלאָגן די קערנער; דערצו האָבן זיך נאָך דאָס יאָר היישעריקן באַוויזן, מחנות, גאַנצע מחנות, גרינע, גרינינקע פליגעלעך און פיסלעך, ווי זעגלעך...

און אויב ס׳איז יאָ אַ ביסל געבליבן, האָבן די פויערים נישט געדראָשן און געלאָזט די גאַרבן תבואה פוילן אויף די לאַנעס און אין די הויפן.

— „ס׳וועט דער טייוול, דער באָלשעוויק, סיי-ווי צונעמען... אַז אַ דונער!“

די פויערים האָבן זיך אויפגעהערט בוקן צו דער „פּאַן“ און זיינען ווינציק-וואָס געקומען אין מאַרק אַריין; אַפילו נישט אין די זונטאָגן, ווי זייער אַלטער שטייגער איז געווען.

— „זיי וועלן דאָך שמייסן, די האָלאָדריגעס“...

דערפאַר האָבן זיך גאָר הינט אָפּגעריסן פון די פּענטעס און געוואָיעט איבער קריקעווער געסלעך. און אָפּגעקראָכענע קעץ האָבן געשריגן אויף די פּריזבעס און — קיין כּוח נישט געהאַט אויף די דעכער צו קלעטערן... איז...

— נאַט... זעט... אָט, אַפילו אַ קאַץ...

קריקעוו האָט אָנגעהויבן צאַנקען...

יידן, אַ סך יידן האָבן געגייט קליינע טאָרבעלעך אין, באַוועסערהייט, האָבן זיי זיך געלאָזט צו נאָענטע דערפלעך, אַ קאַרטאָפליע אויסבעטן, אַ מעסטל קאָרן, אָדער אַ קעפּל קרויט.

ווער ס'האָט פאַרמאָגט אַ „קיילעכיקן רייניש־כּסף", האָט באַצאָלט מיט „גוט" געלט, און ווער ס'האָט אַ שטיקל לעדער געהאַט, אַ פּאַס זייף, אַ פלעשל נאַפט, אַ טאָלטן־זאַלץ, האָט גלייך אויף־גלייך אַ טויש געמאַכט...

— גיב, האַווריִלע, גיב אַ גילעטקעלע קאָרן... גאָט וועט העלפן... ער וועט איבעראָטן, פאַרטיליקן אַלע בייזע מענטשן... און ס'וועט נאָך אַ וועלט זיין... אַ ליכטיקע... און מענטש מיט מענטש... מיר האָבן דאָך איין גאָט... אי „וואַשע ווירע", אי „נאַשע ווירע"... דיין אמונה און מיין אמונה... און האַנדלען וועט מען... איין גאָט...

— נעם, שכן... נעם, מאָשקע... ביסט דאָך אַ וואוילער זשידאָק... מ'מוז דערווייַלע עסן... אפשר וועט אַ וועלט זיין און אפשר נישט... אפשר דאַרף מען אייך גאָר אויסקוילענען... מ'זאָגט, אַז איר, זשידעס, זיינט שולדיק אין אָט דעם מבול... אַז איר... אָבער דערווייַלע, סוסידו, נעם, באַהאַלט... זאָל מען נישט זען... און מער זאָלט איר דעם דערלייזער נישט קרייצן... דערווייַלע עס!... אפשר וועט מען שלאָגן... איין גאָט... — — —

אין אַ טייל יידישע הייזער האָט מען דווקא, אין יענע טעג, נאָך אַלץ געפּראַוועט וואַזשנע מאָלצייטן, אָבער אויף די בוידימער...

גאָלד און זילבער האָט מען אין קעלערס באַגראָבן און טיר־און־טויער אויפגעפּראַלט:

— נאַט... זעט, גאָר נישטאָ... ליידיק... אַלע גלייך...

שמואל קלוגמאַן, דער משכּיל, און ניסן־יהודה חלפן האָבן זיך נאָך אַליין געדרייט אין געסל, מיט די שטעקעלעך... האָבן נאָך אַליין געקויפט „טאָלערס" בחצי־חינם און געקוקט מיט „איינע" אויגן אויפן „רויטן פּלאַקאַט"...

— ביז וואָס, ביז ווען... דערווייליקע... חיי־שעה... און „זיי" האַלטן דאָך באַלד ביים אַנטלויפן...

— יאַ... ריקצוג... — האָט שמואל קלוגמאַן באַשטעטיקט — שוואַכע פּאָזיציאָן... ביז־וואָס.. ביז־ווען... — — — — —

יאָ, ביז־וואָס, ביז־ווען — און דערווייליקע: ליאַמפּע טרומייטער בלאָזט נאָך אַליין אין זיין מעשענער כּלי און קוניע זעצט אין דער פּויק אַריין, יעדן אינדערפרי און יעדן פאַרנאַכט, ווען עטל פירט שפּאַצירן די הינטערגאַס־קינדער און מושטירט זיי אויפן וועג...

— „און דאָס וועט זיין דער לעצטער"...

און ביז עפּעס וועט זיין, קאָכט מען גרויסע ציבערס זופּ און מענטשן קומען מיט פּענדעלעך... די זופּ איז גרוי און די פּנימער זיינען אָפּגעבליאַקעוועט־גרוי און אַפילו די רייד זייערע — אַזוינע שיטערע, וואַסערדיקע...

— אַ ביסל יושקע!... נישט מער כּוח אויף זיי!... עטלע... ווער ס׳געדענקט נישט עטלען!... אַ גאַנצע גוטע מליצה געוואָרן! זי טיילט דאָס יושקע און זי לערנט דאָס!... ווער ס׳געדענקט נישט עטלען... אַצונד קוקט זי אויפן זייגער און האָט קיין צייט נישט!...

— און ס׳לשון־קודשדיקע לערערל, די לאַנגע שפּין, פירט זי אין „אַרעם"! אַזאַ „אויד ליאָוודע"! אַזאַ בּראָדער נאַסיניע, אַזאַ קאָל־באַסניק, ימח־שמו, שטופּט נאָך ס׳גאַנג־וועגעלע! רופט זי כאַווער־טאָרין און ליגט ביי איר איבער דורך די נעכט... ס׳טגעהערט אַ גאַנג פון אַ טריביליולקע! שניושקעט זיך מיט עטלען!...

מ׳האָט גערעדט, געשאָלטן און געוואַרט... אָבער ביז־וואָס, ביז עפּעס, יאָגט מען דערווייליקע „שיינע יידן" צו דער אַרבעט און מ׳גיט זיי כּלים אין די הענט אַריין.

— נאַט אייך, גבאים, אַ בעזים, אַ לאָפּעטע, אַ ביגע און רירט אייך, יידעלעך!

באַלעבאַטישע טעכטער שלעפּט מען פֿאָדלאָגעס שאָרעווען און וועש וואַשן. מיט זיי, מיט די שיינע טעכטער, איז זיך שוין מתעסק יאָסל יאַכנעס ייִנגערער ברודער, פּיציעלע נוזשדע, און אַמאָל טאָמקע וואַסערטרעגער. ווען טאָמקע האַלט דינסט, זאָגט ער דערביי אַ דרשה, אויף יידיש, און טייטשט איין מיט אַ פֿולן מויל מיט „רישן":

— אַ אַררבעט... אַ שאָרדרעווע, פּאַניענקע... אַ גוט... אַ טאַטעלאָך, אַ מאַמעלאָך... אַ דרערד אַררדריין... אַ געשטאָרבים פּראַניץ-יוזעף... אַ פּראַצעווע פּאַניענקע... ראַז-דוואַ...

געאַרבעט האָבן אויך די חברה-שמשים און די באַגרעבערס: מ'האָט געבראַכט יידן צו קבר-ישראל, גיך און געשמאַק... טיפֿוס און כאָליערע האָבן ברייטלעך אַרומשפּאַצירט און נישט אויסגעלאָזט קיין איין שטוב... אַפֿילו דעם אַלטן רבס סגולה — דער ווייסער פּאָדים, וואָס מ'האָט אויסגעצויגן פֿונם שול-בעלעמער ביז צום פּאַרקאַן פֿון „גוטן אָרט" — האָט עפּעס „דאָסמאָל" אויך נישט געדאָלפֿן...

— איז אפשר טאַקע כלו כל הקיצין? — האָט דער רב, ר' אַבצילע, געצויגן די פּעדים פֿון דער באָרד און געלעקט די יאָסלעם — און אפשר עקבתא דמשיחא? אַתחלתא דגאולא?... מי יודע? משיחס טריט? —

אָבער אויף גאַסן האָבן רויטע געטראָטן. דער געיאָמער פֿון די קעץ האָט נישט פֿאַראומערט זייערע טעג און נעכט. איבער פּגרים — צום בעסערן לעבן, זיינען זיי געגאַנגען:

— אַט — דוואַ!

דער „רעווקאָם" דאָט געוועלטיקט; „בעדקאָם" האָט געדיכנט איבערן דלות... און דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל האָט גערופֿן צום משפּט.

פֿיל מענטשן האָבן געזינדיקט; זייער פֿיל! זיינען זיי צו דער „זאַנט" געגאַנגען:

— ד'סטיענקע!

— האָפּ!... פֿאַרגאָסן די שטיינער מיט ריטשקעלעך רויטע יויך און אַ שמייכל געטאָן צום בלייערנעם הימל. ווייל...

— גערינדיקט...

און קוניע פויקער האָט דערלאַנגט אַ „טוש“, באַלד דעם אַנדערן אינדערפרי:

— „און דאָס וועט זיין“....

— דער וויפּלטער? — איז מאַיאָרקע דער משוגענער שאַרלאַפּיט אַ בעלן געווען צו וויסן — דער וויפּלטער?

ס'האָט אים אויסגעפּעלט נאָך איין גראָבער פינגער... — — —

— — — — — — — —

— — — — — — — —



בער איז געזעסן אין זיין אַרבעטס-צימער און מיט רויטער טינט געצייכנט סימנים אויף געדיכט-באַשריבענע בלעטער.

אין אַ ווינקל, אויסגעצויגן אויף אַ געפלאָכטענער, שטרויענער שטול, האָט יאָסל יאַכנעס, שטילערהייט, אָפּגעגודיעט זיין פרייען האַלבן טאָג. ער האָט געהויכערט פאַפּיראָסן, געפּאָכעט מיט די פּיס און זיך געשפּילט מיטן רויטן בענדל, וואָס אַרום זיין אָרעם...

דער גרויסער זייגער אויף דער וואַנט האָט געטיקטאַקעט, ווי ער וואָלט באַשטעטיקט ביידנס אַרבעט...

— טיק-טאַק! אָט-אַזוי! טיק-טאַק.

מינוטן זיינען געלאָפן און האָבן זיך אָנגעקליבן און צונויפגעלייגט אויף אַ היבשער שעה. ביז יאָסל האָט זיך מיטאַמאָל צעגענעצט:

— האַוו... האַ... ע... האַוו... האַוע...

דעמאָלט האָט בער אָפּגעריסן זיינע בליקן פון די פּאַפּירן, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אָפּגעאָטעמט. ער האָט אַרויסגעלייגט די פּען פון דער האַנט, אָפּגעריבן אַ פינגער אין קאַנט פון טיש און זיך אַרומגעקוקט:

— ס'איז שווער, חבר יאָסל... זייער שווער...

דערהערנדיק בערס קול, האָט יאָסל פאַרקאַטשעט ס'רויע הייטל, געוויזן זיין גרין אויג און איבערגעפרעגט:

— וואָס איז שווער?

בער האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול, זיך אויסגעגלייכט און פאַרשטעקט די הענט אינם בריטן, לעדערנעם גאַרטל, וואָס אַרום זיינע לענדן. עטלעכע מאָל האָט ער איבערגעמאָסטן די לענג פון צימער, ביז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן יאָסלען.

— פאַרשטייסט — האָט בער אָנגעהויבן — ס'איז אַ ביסל שווער צו שטיין ביי דער געבורט פון אַ נייער וועלט. וואָלט זי אַפּריער כאָטש נישט באַדאַרפט אָפּגיין אין דער אייגענער פייכטקייט... וואָלט מען כאָטש אָט אַזוי געקאָנט, ווייסטו, אַ פּיר טאָן מ'ט אַ האַנט, און וואָלטן דערביי זיך נישט אַריינגעמישט... עך, ווייסט, ס'זיינען פאַרהאַן אַמאָל זייטיקע קלייניקייטן... סיבהלעך, אין דער גרייס פון שפּילקע-קעפּלעך... פאַרשטייסט?

— ניין, איך פאַרשטיי נישט! — האָט יאָסל אויסגעשפּיגן, אַוועקוואַרפנדיק אַן אָפּגעברענטן שטיקל פּאַפּיראָס — כ'פאַרשטיי גאָרנישט...

— איז אפשר בעסער אַזוי! בעסער וואָס דו פאַרשטייסט נישט, יאָסל... וואָרעם... מעגלעך, אַז איך בין טאַקע צו שוואַך... מעגלעך...

און ער האָט איבערגעריסן. האָט זיך אויך יאָסלען פאַרגלוסט אויסצופּרוּוון זיין כח-הדיבור:

— זעסטו, חבר בער, איך ווייס מיינס... מ'דאַרף אויסטרעטן אָדערן... מ'דאַרף אַרויסלאָזן דאָס פאַסקודנע בלוט פון דער וועלט... אָט, אַ שטייגער, מיין פאַסקודנע יויך האָט אָפּגערונען... זעסט, חבר בער, כ'האָב צייכנס אויף מיין פּנים, האָביך... קוק, און איך בין איצט געזונט, ווי אַ ריז. איך וואָלט היינט געקאָנט איבערקערן רישטאָוואַניעס; און כ'וועל טאַקע! אַמאָל, פאַרשטייסטו, האָב איך געקאָנט יענעם אַריינזעצן אַ מעסער אין האַרצן, אָט צוליב גאָרנישט! און היינט, זעסטו, היינט טאַקע אויך, אָבער ס'איז דאָ אַ שכל דערביי: צוליב... צוליב אַ סך גוטע זאַכן... פאַר אַלע לעבעדיקע... פאַר אַ גרויסער זאַך!

— און איך...

בער האָט זיך פאַרטראַכט און, טראַכטנדיק, האָט ער געצויגן אַ סטעננעלע פון ווערטער:

— כ'געדענק... בײַ פֿײַגע־רודיען אין „שענק”... מיר האָבן געשפּילט אין קאָרטן... האָסט מיר צעשניטן דעם שטערן... האָסט געוואָלט מיך דורכשטעכן... טעמע־ראָסיע האָט אַרײַנגעכאַפּט ס'מעסער אין איר ברוסט... זי האָט מיך פֿאַרשטעלט מיט איר לײַב...

— אַנטקעגן וואָס דערמאַנסטו עס, חבר בער — איז יאָסל אויפֿגעשפּרונגען — כ'בין דעמאָלט געווען אַ קאַליער מענטש... הײַנט בין איך... צו וואָס דערמאַנסטו? וואָס ביסטו פּלוצלינג מזכיר־נשמות?

— אָט גלאַט...

בער האָט ווידער גענומען שפּאַנען איבערן צימער און יאָסל האָט אים נאָכגעקוקט...

— אָט, גלאַט — האָט בער איבערגעחזרט זײַנע אייגענע צוויי ווערטער...

אָבער, אַז ער האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט און אַרויסגעשלעפּט זײַנע פֿינגער פֿון גאַרטל, האָט יאָסל אים שוין באַמאָסטן פֿון קאָפּ ביז פֿיס:

— עפּעס ביסטו מיר חוזק, חבר בער... עפּעס אַרבעטסטו נישט הײַנט... און ס'איז דאָך פֿאַרהאַן צו טאָן און צו טאָן... איך זיץ און וואַרט און גענעץ און...

— איך פֿיל, יאָסל, — האָט בער קוים געקאָנט ענטפֿערן און צוגעלייגט אַ האַנט צום שטערן — איך פֿיל...

נאָר פּלוצלונג האָט ער זיך אַ כאַפּ־אויף געטאָן, זיך אָפּגעשאָקלט און צוגעגאַנגען צום טיש. ער האָט אָבער שוין מער נישט געקאָנט אײַנטונקען די פּען אין דער רויטער טינט. די פֿינגער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פֿאָלגן. דערפֿאַר האָט אָבער דער געדאַנק גענומען פּיקן, אַרבעטן מעשים, און ווערטער האָבן זיך אַ שאָט געטאָן, ווי שרויטן:

— איך בין חוזק, יאָסל... דו ביסט גערעכט... כ'האָב שטענדיק מורא געהאַט, אַז אַמאָל וועל איך אַזוי ווערן... אַז דער סוף וועט זײַן אַזוי... כ'וועל דערקריכן ביז אונטערן שפּיץ, אָבער אַריבערקלעטערן דעם באַרג וועל איך נישט קאָנען... דו זאָגסט: דו פֿאַרשטייסט נישט... אָט למשל: דו האָסט זיך איבערגעקאָכט, איבערגעבערנט און ביסט געזונט געוואָרן... ס'האָט פֿון דיר אָפּ־

גערונען דאָס מיאוסע בלוט און — אַ סוף!!! אָבער איך? פאַרשטײ: בײ מיר איז דאָך אַלץ מיאוס! אַלע מײנע געפֿעסן זײנען קראַנק... אַלץ איז קראַנק! זע, איך האָב קײנמאָל נישט פאַרשטאַנען, פאַר־וואָס בײ מיר פאָרט זיך שטענדיק די זיכערקײט מיט צווײפל... אַ געוואַלדיקער ווילן און — אַזאַ חולאת און מיט קרענקלעכע געפילן אינאײנעם... דו פאַרשטײסט נישט, זאָגסטו, וואָס איך ריד צו דיר... און כ׳רײד צו דיר, טאַקע נאָר צו דיר... אָט דערפֿאַר, ווײל האָסט מיך, אַמאָל, געוואָלט מיט אַ מעסער דורכבויערן... און... און... איז אפשר וועסטו טאַקע נאָך באַדאַרפֿן אַזוי טאָן: מיך, בערן, דעם טשעקיסט, דעם פירער דײנעם, דורכלעכערן...

— וואָס?... וואָס בעבעסטו? — האָט זיך יאָסל אַזש צעשריגן — וואָס בעבעסטו מיט דער צונג?

אָבער בער האָט װײטער געצויגן:

— דו פאַרשטײסט נישט, זאָגסטו... גיב אַ טרײסל מיט דײן מוח און דערטראַכט זיך: פֿונוואַנען קום איך, בער, צו רעוואָלוציע? איך, דער זון פֿון אַ זײדענער משפּחה, פֿון אַ טאַטן אַ בעל־גאווה, אַ מטורף, אַ... — —

יאָסלען איז שוין גאָר אומהײמלעך געוואָרן. ער האָט זיך גענומען דרײען אין געפלאָכטענעם שטול און ווישן דעם שטערן:

— אָבער... דו ביסט דאָך אַן ערלעכער און אַ געטרײער פֿי־דער, בער...

— געוויס בין איך אַ... געוויס... אָט קוק!

בער האָט זיך צעשפּיליעט, אָפּגעדעקט ס׳לײב אין געוויזן די נעטן, די פֿאַרהײלטע שניטן איף זײן ברוסט.

— זעסט, יאָסל, כ׳האָב עס קײנעם נישט געוויזן. צו וואָס דאַרף מען דאָס? אָבער דווקא דו מוזסט וויסן. אין טאַרנאָפּאָל האָבן מיך קאָזאַקן צעמזיקט, אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפֿן. כמוז דיר זאָגן: ווען כ׳האָב דערפֿילט די שאַרף פֿון שווערד אין מײן פֿלײש, האָב איך נישט פאַרשטאַנען, צוליב־וואָס איך גײ אָפּ אין דער אײגענער רויטקײט: ס׳האָט נישט געוואַרעמט דער גרויסער ליכטיקער גלויבן...

— בער... בער... — האָט יאָסל איבערגעריסן — ביסט דאָך אונזערער!

— יאָ!... אַייערע, פון קינדרווייז אָן... הער: פון קינדרווייז אָן האָט מיך געריסן צון אַייך... ס'איז אָבער געווען דערפאַר, ווייל אין שטוב ביי אונז איז אפשר צו גוט געווען... כ'בין שפּעטער אין דער וועלט געלאָפן — כ'האָב געוואָלט פאַרשטיין דאָס אויסקומעניש פון וועלט און מענטשן און פעלקער... און פון דעם אייגענעם אומה־לע... עט!... ווייל די גרויסע לאַנגווייל האָט געטריבן... כ'האָב ביכער געלייענט... כ'האָב פלערליי אַרבעטן געטאָן — פאַר לאַנג־ווייל... ווייסט, מיין מוח, מיין געהירן, האָט געאַרבעט טונקעלער, ווי מיין געפיל און טיילמאָל — פאַרקערט... כ'האָב געטאָן און גע־קאָנט טאָן זאַכן קעגן מיין ווילן... און דער סוף וואָס איז? ווידער אַ טייך פון מוטנע געפילן... אָט קוק!

ער איז צוגעלאָפן צום טיש, אַ שלעפ געטאָן אַ בויגן פאַפּיר און צוגעטראָגן צו יאָסלען:

— דו ווייסט נישט, פאַרוואָס דו וועסט אפשר דאַרפן אַ האַנט אויף מיר הייבן? — זע:

יאָסלס גרינע אייגל איז שיר אַרויס פון קאָפּ:

— וואָס? וואָס איז דאָס??!

— וואָס דאָס איז?

בער האָט אָבער שוין נישט דערענדיקט. די טיר האָט זיך פלוצלינג איפגעפראַלט און אַ שליח, אינגאַנצן אַן איינגעפּאַק־טער אין אַ לעדער־קאָסטיום, איז אַריין אין צימער אַריין. ער האָט אַרויסגענומען פון זיין גרויסער טאָרבע אַ פעקל דאָקומענטן און אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

— ס'איז די היינטיקע פּאָסט, חבר. שרייבט אונטער.

ס'האָט געדויערט אַ היבשע ווייל, ביז בער האָט זיך אויס־געגלייכט, פאַרשטאַנען אָן וואָס עס גייט און אונטערגעשריבן דעם אָפּנעם־צעטל. אַז דער שליח האָט הינטער זיך פאַרמאַכט די טיר, האָט יאָסל זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און מיט פאַמעלעכע טריט צוגעגאַנגען צום טיש:

— זע, חבר בער, — האָט ער אָנגעהויבן — דו האָסט צו מיר גערעדט, האָסט זיך געהיצט, אָבער — די רעוואָלוציע זאָל אַזוי לעבן, מיין מאַמע זאָל אַזוי לעבן און דו זאָלסט ביי מיר אַזוי

אַ קוום האָבן, ווי כ'האָב טאַקע אי־איין וואָרט נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דו האָסט מיר אָנגעבעלעבעטשעט!... אָבער... איך שטויס זיך אָן.... אַז... דו... דו — דאָ האָט יאָסל אָנגעהויבן קאַלופּען זיינע ציינער און אונטערהיקען — אַז... דו... דו דאַרפֿסט... דאַרפֿסט אַרעמטירן דיין... דיין פֿעטער, דעם... דעם טרעלבוך... דאַרפֿסטו אים...
ער האָט באַגראָבן סחורה און די קינדער הונגערן... און אַלע ציען אויס די קלאָען... דאַרפֿסטו... נו, גוט! האָסט נישט ס'האַרץ, וועלן מיר אַליין... מירן אַליין אויסטרייבערן... אָבער דו, בער, פֿאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז ער איז אַ בורזשוק און מ'דאַרף... דו ביסט דאָך אַ געטרייער חבר... אַ טשעקיסטל!... דיינע פֿילאָסאָפֿישע שטיקלעך און מוח־קאַטשקעס דאַרף איך נישט וויסן... ווייסטו כערען מיט אַ מויד, ווייסטו איר דרייען אַ שלייער, אָבער מיר... שרייב אונטער אַ פּאַפּיר און מיר וועלן אַליין גיין... דער „רעווקאָם“ האָט דאָך באַפֿוילן... נו, וואָס טראַכסטו?
בער האָט געקוקט מיט אַ פּאָר איבערגעלאָפֿענע אויגן אויף יאָסלען, אויף זיין צעהאַקטן פּנים, און ס'האָט אים פֿאַרשפּאַרט ביז צום האַלדז. אָט, אַזאַ מין כּשרע בריאה, וואָס קאָן זיך צו אַנדערע זאַכן נישט דערטראַכטן!
— דער פֿעטער מיינער, זאָגסטו? — האָט בער איינפֿאַך אָנגעהויבן כאַרטשען — און אַחוץ? און... און... נו, גוט! הער, יאָסל, כ'וועל אַליין גיין!
— כ'וועל גיין אַ טרייבער טאָן דעם פֿעטער!
— האַ?
— כ'וועל גיין אַליין!
ס'לעצטע וואָרט איז געפֿאַלן. ער האָט זיך צוריקגעזעצט אין שטול און באַווישט דעם שטערן. דער זייגער האָט אָנגעהויבן קלינגען:
— דלינג... דילינג!... דלינג... דילינג!...
פֿיר.
— זעסט, חבר יאָסל, איצט איז פֿיר. נאָך אַ שעה, נאָך אַ שעה. וואַרט. אינמיטן דער נאַכט וועלן מיר אָנקלאַפּן. אַזוי ווי אומעטום. הערסט? און איצט — זעץ זיך אַוועק. ס'איז ביי מיר אַ שוואַכקייט. ווייסט... פֿון... דער מוח...

יאָסל איז צוריקגעגאַנגען אויף זיין אָרט, פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און ווידער גענומען באַטראַכטן דאָס רויטע בענדל אַרום אָרעם.

בער האָט איבערגעקוקט די פּאָסט: צייטונגען, בריוו, צירקולאַרן און אינסטרוקציעס. נאָר איין צירקולאַר האָט ער געלייענט לענגער ווי אַלע, און אָנגעהויבן פון אָנפאַנג, פאַרס'ניי. מיטאַמאָל האָט אַ שמייכל אַ צוק געטאָן אויף זיינע ליפּן:

— חבר יאָסל, אַ בשורה. פון טאַרנאָפּאָל מעלדעט מען, אַז די נאָענטסטע וואָך, צום דריטן אָקטיאַבר־יאָרצייט, צום יום־טוב, קומט חבר טישין...

— אַי־וואַי גוט! — איז יאָסל אונטערגעשפּרונגען — ס'וועט זיין פרייליך!... ער וועט עס אַ פּראַזשעע טאָן! אַי־גוט!

— איך פריי זיך אויך — האָט בער צוגעגעבן — און מיט אים קומט די חברטע פּאָפּאָווא... אַ קיעווער...

— אַי־גוט! אַי וואויל! — האָט יאָסל געריבן די הענט — דאָ איז דאָך שטיל געוואָרן, ווי אין אַ טרופּיאַרניע... דער פראָנט איז אַזש ביי סטאַניסלאַוו, ביי לעמבערג... און דאָ... אַמאָל גיט מען אַ שאָס, ווי אויף אָפּצוקומען... הערסט, איך אַליין וועל זיך נאָך באַלד מעלדן אין דער אַרמיי... כ'קאָן נישט אויסהאַלטן, קאָן איך נישט...

— אָבער דערווייל גיי אין „קאָמבער"... און גיב איבער די מעלדונג.

— כ'הער, חבר...

יאָסל האָט זיך אויסגעצויגן, ווי אַ סטרונקע, אָנגעקלאַפּט מיט די שטיוול און אַרויס. — —

בער איז געבליבן זיצן איינער אַליין. ער האָט אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיטביידע דלאָניעס און אַ שמייכל האָט זיך אויסגעלייגט אויף זיין פּנים...

— אָפּגענאַרט... — האָט ער צו זיך אַליין אַרויסגערעדט און אַנטשוויגן געוואָרן.

די ליפּן האָבן זיך געקרימט און די אַקסלען האָבן זיך געהויבן.

— לוסי גראָס... — האָט ער ווידער צו זיך אַרויסגערעדט — לוסי שפּיאָנירט... און קיין כּוח איז נישטאָ...

אין צימער איז טונקל געוואָרן. ער האָט קיין ליכט נישט געמאַכט. ס'איז אים ניחא געווען צו זיצן אין דער פינסטער און האַקן מיט אַ פויסט אין שטערן. ער האָט עפּעס געוואָלט אַרויסהאַמערן פון אונטערן שאַרבן אַרויס און אַרויספּויקן פון זיין געהירן. דער ווייסער בויגן פּאַפּיר האָט דאָך אַראָפּגעשריגן פון טיש און געמוטשעט:

— שווער...

בער האָט דערפילט, אַז ס'האַריץ שלאָגט גיך און העפּטיקער. דער שטול האָט אָנגעהויבן פאָרן אונטער אים, בריען. ווי אַ חיה בשעת אַ פּאַרפלייצעניש, אַזוי האָט ער אָנגעהויבן לויפן פון איין ווינקל צום אַנדערן:

— זי... זי! — האָט עס אין אים געשריגן און ער האָט געשוויבערט זיינע האָר. אָט דאָס מיידל, פאַר וועלכער ער האָט אַמאָל די הענט אין פייער געבריט... דאָס מיידל, וואָס ער האָט אויף די הענט געטראָגן... מיט איר איבער גערטענער געלאָפן... זי, וועלכע ער האָט אפשר... ליב געהאַט... און זי, וואָס האָט פון אים געחוזקט... אַז... — —

שטיקער טראַכטונגען און איבערוועגענישן. ס'האָט געעקבערט אין מוח. ס'איז געווען אומדערטרעגלעך. און אָט: אַ חשד פון אַ חבר, אַז ביי אים, ביי בערן, פעלט גאָר כּוח, איבערצונישטערן די אייגענע שטוב, אַז ביי אים...

— און דאָ גאָר זי: אַ מיידל! — האָט ער געפּליקט דאָס העמד — לוסי!

און אַרום איז דאָס חשכות געוואַקסן, נאָר מיט די הענט אָנצוטאַפּן. ער האָט זיך געראַנגלט מיט זיך אַליין: „צי וועט ער גאָרנישט קאָנען אַריבער אַהין, צו דער פאַמיליע גראָס, אָנקלאַפּן אין טיר און אַריין, ווי אַ דונער?! צי וועט ער דען נישט קאָנען, מיט אַ קאַלטער האַנט, אָננעמען ס'מיידל?“...

ס'האָט אים געשטיקט: „און אפשר וועט עס זיין נקמה פאַר

איר חוזק? פאַר?" — ס'האָט געריסן און געשליידערט: „איז עס טאַקע דאָס חולאַת פון... בער! בער!"...

ערשט אַז ער איז געפאַלן מיטן קאָפּ צו דער וואַנט און דערפילט אַ בייל אויפן שטערן, האָט ער זיך דערכאַפּט: „ער וועט פאָרט גיין! נישט צוליב נקמה! נאָר — ווייל מ'דאַרף!"

ס'האָט ביי אים אויפגעלויכטן אין שאַרבן: „און טאַקע שוין! גיכער! וואָרעם... אפשר איז זי גאָר אומשולדיק?" —

אַזוי אינדערגיך, אינדערפינסטער, האָט ער צוגעבונדן דעם רע־וואָלווער־טאַש צום לעדערנעם גאַרטל און מיטגענומען „ס'פּאַפּיר" אין קעשענע.

— פאַר דער זאַך! — האָט ער אַ מרוק געטאָן און זיך געלאָזט צו דער טיר.

דער זייגער האָט אויסגעקלונגען זיבן. אַ מעשענער קלינג־קלאַנג. אַ באַפעל:

— דלינג... דילינג! דלינג... דילינג!

---

די פאַני גראָכאָווע האָט, פון גרויס איבערראַשונג, איבערגעקערט איר גלאָז טיי און לוסי האָט, אַפּנים פאַר שרעק, אָנגעהויבן אויף רוסיש:

— זאַכאַדיטע... קומט נעענטער!

— אַ דאַנק פאַר אויפנאַם.

אַ רגע פון זעלטענער אומקלאָרקייט. בער האָט נישט גע־וואוסט פון וואָס אָנצוהויבן און ביידע פרויען זיינען בלאַס געוואָרן. „אין אַ פינסטערן אויף־דער־נאַכט, „ער" אַליין, מיטן לעדערנעם היטל אויפן קאָפּ, מיט אַ רעוואָלווער ביי דער זייט און מיט אַ פּאָר ווערל־פישע אויגן אין די טיפע לעכער"...

לוסי האָט אויפגעכאַפּט דעם אומגעוויינלעכן גלאַנץ אין בערס אויגן און באַלד געאַנט עפּעס מוראדיקס. נאָר די מוטער אירע האָט נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען און געטענדט:

— פאַרוואָס־זשע זיצט איר נישט, פאַניע פרידמאַן?... זייט דעם אומגליק מיט מיין „גאָטזעליגן" זעט מען אייך נישט ביי אונז...

אָ, שאָן זאָ לאַנגע ניכט געווען... וואָס מיידט איר אונז אויס? פראָשע באַרדזאָ... — —

דאָס היימישלעכע פאַרבעטן אין די פראַגעס זיינען אַראָפּגעזאָגט געוואָרן אויף זייער אַ קלאָגעדיקן אופן, און דערביי האָט די פאַני גראָסאָווע שיר נישט אַראָפּגעלאָזט דאָס אייבערשטע געביסציין פון אירע ווייכע יאַסלעס:

— איז עס אַזוי, פאַניע פרידמאַן, ניכט וואַר?

בער האָט דערקענט די ווייבערישע פאַרלעגנהייט, צוגעטראָטן נענטער און פאַרזשמורעט אַן אויג:

— בין איך דען אַצונד פונקט אַזאַ אָנגעלייגטער גאַסט, ווי אין יענע טעג? — —

מוטער און טאָכטער האָבן זיך איבערגעקוקט און אינגאַנצן פאַרלאָרן. אַפילו די פאַני גראָסאָווע האָט מער נישט געקאָנט צוטראַכטן קיין העפלעכע ווערטער. בערס ליפּן האָבן זיך געקרימט:

— נו... איך באַדויער זייער שטאַרק... ווירקלעך... כ'בין אין אַ זייער ערנסטער שליחות...

לוסי האָט זיך געפּרוווט אויפהויבן:

— אייגנטלעך?

ס'האָט געדויערט אַ קורצע ווײַלע און בער איז שוין געשטאַנען לעבן איר בײַם טיש:

— פאַר אייך, פרײַלין גראָס, זייער איבערראַשנדיקע נײַס...

— אייגנטלעך???

— איר זיינט...

— וואָס?

— אַרעסטירט...

אַ שמייכל, וואָס ציטערט אויף די זעקעלעך, אויף די אויגנהייטלעך; אַ שמייכל, וואָס קומט נאָך אַ דערלייכטערטן קראַמף...— אַזוי בער.

אָבער ביידע פרויען פאַררייסן פּשוט די קעפּ. לוסי פּירט מיט אַ פינגער פון שטערן ביזן האַלז, גלאָצט מיט די אויגן, שווייגט; און די מוטער ברעכט די הענט און קאָן זיך נישט גלייבן:

— איר... איר... שפּאַסט, פאַניע פרידמאַן... איר...

זי פרווט גאָר לאַכן, די פרוי גראָס:

— כאַ־כאַ... זאָ איין שפּאַס!

נאָר אַז בער לאַכט נישט מיט און זיין פּנים ווערט גאָר פינסטער, ברעכןביידע פרויען אויס אין אַ שטילער יללה:

— פאַרוואָס?

בערס תשובה איז אַ קורצע:

— איר וועט זיך אָנטאָן, פריילין לוסי. איר דאַרפט מיטגיין... איר וועט ענטפערן אין קאָנצעלאַריע.

ער האָט שוין מער נישט געקוקט אין זייער זייט אַריין. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און, נישט ווילנדיק, איז זיין בליק געפאַלן אין דער האַלב־אָפענער טיר פון שלאָפצימער. איבער די צוויי צונויפגערוקטע, געל־פּאָלירטע בעטן האָט ער דערקענט דאָס גרויסע בילד פון הער גראָס. ס'איז נאָך געווען אַרומגענומען מיט דער שוואַרצער טרויער־קרעפּע, נאָך פון דעמאָלט אָן, ווען ער איז אומגעקומען פון סאָלדאַטישע הענט... בער האָט דערפילט אַ פּלוצלינגדיקן ריס אינעווייניק. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערמאָנט אָן יענעם טאָג, ווען דער אַלטער איז דערהרגעט געוואָרן; ווען ער, בער, איז געקומען צו לויפן ראַטעווען די איבעריקע... ווען ער האָט...—

— כ'בין גרייט! פּירט!

אַקעגן אים איז געשטאַנען לוסי, אין אַן אַלטן פּלישענעם היטל אויפן קאָפּ, איינגעהילט אין אַ בלויען מאַנטל, און געצימערט פאַר אויפרעגונג.

— כ'בין גרייט. — האָט דאָס מיידל איבערגעחזרט און אירע אויגן זיינען איבערגעגאַנגען.

— איר... איר ווייסט, פריילין לוסי...

ניין, ער האָט נישט אויסגעהאַלטן, בער. ער האָט אָן זיין שליחות פאַרגעסן. ער האָט זיך גאָר אָן עפּעס אַנדערש דערמאָנט:

— איר געדענקט, פריילין לוסי, ווען איך האָב אייך אויף מיינע הענט געטראָגן?... דורכן פענסטער אַרויסגענומען...

— נאָך ווי אַזוי! — האָט די מוטער אונטערגעהאָלפן — איר זיינט דאָך אונזערס אַ פריינט...

— מאַמאַ!

דער פאַרביסענער געשריי פון מיידל איז געווען אַז די מוטער זאָל ווידער שטיל ווערן און בלויז ברעכן די הענט...

— און פאַרוואָס־זשע טוט איר נישט אייער פליכט, חבר קאָמיסאַר?...

דאָס מיידל איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, אויפגעפּראַלט זי אין דער ברייט און, אין אַ פּאָזע פון אַן אַקטריסע אויף דער סצענע, באַפוילן:

— נעמט אייער געפאַנגענע! פּראָשע!

„אפשר שפּיל. ווער ווייסט זיי, די באַשעפעניש, וואָס קאָנען וויינען און לאַכן, גלעטן און זיך פּיעשטשען... אפשר שפּיל און אפשר זינדיק אויך; און אומגעריכט און פאַלש... און חנעוו־דיק. . .״ — —

בער איז לאַנג געשטאַנען הינטער דער פאַרשלאָסענער שווערער טיר פון דער תפיסה־קאַמער, וואו ער האָט איבערגעלאָזט לוסין איינע אַליין, און ער האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דורך דער וואַנט, דורך דעם שווערן אייזן, אויבן־אַרומעט און אונטן־אַרום פּיפּסט אַרויס אַ מאָדנע געלעכטערל, וואָס רייצט, פאַראומערט און שמידט צו. ער האָט נישט געקאָנט געפינען דעם וועג צו דער גאַס. ער האָט לאַנג נישט געקאָנט געפינען דעם וועג צו זיך...

אַ בייז לצל האָט פאַר אים אַקעגנגעטאַנצט אין דער פינסטער און געכיכיקעט:

— הייב זיך אויף, שוטה! הייב זיך אויף און גיי ווייטער!...

---

אַרום האַלבער נאַכט. ס׳גייען שוין דריי אינאיינעם. יאָסל יאַכנעס, טאָמקע וואַסערטרעגער און בער: קאָמיסאַרן.

אַלע דריי. איינער הינטערן אַנדערן און בער — פאָראויס.

— איינס. צוויי...

אַ קאַלטער, נאַסער ווינט האָט געשמיסן אין די פּנימער און צעווייעט די פּאָלעס פון זייערע מאַנטלען. די טריט זיינען געווען אָנגעשטרענגטע, גיכע, איבער די קריקעווער געסלעך.

און קריקעווו דרעמלט אין אַנגסטן; כאָטש הויקערן זיך איין,

רוקן אַראָפּ די דעכער איבער די בלינדע פֿענסטער און האָבן עפּעס מורא זיך אומצוקוקן. מ'גייט.

אַלע דריי שווייגן. אַלע ווייסן זיי, אַז עפּעס דאַרף געשען. צום יאַבלאָנאָווער טראַקט לאָזט מען זיך אַראָפּ, צום פּריצישן הויף, וואו ס'וואוינט בערס משפּחה; דאָרט, וואו דער פֿעטער מאיר־לייבל פֿאָדהאָריצער האָט פֿאַרבאָרגן זיין אוצר, אין דער צייט, ווען שטאָט הונגערט...

יאָסל און טאָמקע טראַכטן זיך עפּעס. נאָר בער ווייסט נישט פֿון וואָס פֿריער צו קלערן. קלערט ער וועגן אַ פֿייער, וועגן בראַנד. אָבער נישט יאָסל און נישט טאָמקע זעען, אַז זיינע אויגן זיינען אָנגעצונדן; און בער אַליין פֿילט גאָרנישט קיין ווייטאָג. ער דראַ־ליעט פֿאָראויס און טרייבט אונטער:

— נו, גיכער!

און אָט זיינען זיי ביים הויף. דאָס טירל פֿון פֿאָדערשטן גערטנדל איז אָפֿן. מ'שפּאַנט אַריין. מע ניסט — פֿון גיך און אַיילעניש. מ'וואַרט נאָך אַ רגע. ביז טאָמקע צעטשוכרעט זיך דער ערשטער:

— אַ קלאַפּערן! אַ דרערד אַריין! אַ רייסן טויער!

— האַ? אָנקלאַפּן? אַוודאי! אויפֿרייסן!

עמעץ שרייט. טאַקע בער אַליין:

— אויפֿרייסן! אויפֿרייסן! — —

מ'האָט אומגעריכטערהייט, געעפֿנט פֿון אינעווייניק. מיט אַ גרויסער ליכט אין האַנט, איז אַנטקעגנגעקומען דער טאַטע ר' הירשל. ווי ער וואָלט דאָס די געהויבנסטע אורחים אַנטקעגנגעגאַנגען: מיט גרויס פֿאַראַד און מיט אַ געלעכטערל:

— קומט אַריין! מ'וואַרט... אַלע וואַרטן...

ער האָט אַליין פֿאַרנומען די פּליושענע פּאָרטיערן און געוויזן דעם וועג אין סאַלאָן אַריין:

— זעצט אייך אויס! מ'וואַרט, אַלע וואַרטן...

ער האָט אַריינגעשטעקט ס'ליכט אין גרויסן רער און זיך דורכגעדרייט איבערן סאַלאָן:

— זיצט... כ'וועל אַלעמען אַריינברענגען... אַלע...

אפֿשר זיינען די קאָמיסאַרן בטל געוואָרן. ס'האָט קיינער קיין

פּיפּס נישט געטאָן. אַפילו טאָמקע האָט פאַרגעסן צו בעבען מיט צונג. אפשר שרעק — פאַר זיך אַליין... אַזוי איז.

און ר׳ הירשל האָט טאַקע אַלעמען געבראַכט צו פירן: פון זיידן ר׳ נוחקען ביז צום יינגסטן קינד.

מאיר-לייבל פאָדהאָריצער האָט זיך אַליין אַריינגעשאַרט און אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט.

— כאַ-כאַ! איר זעט! אַלע זיינען זיי דאָ און איצט הייבט אָן! האַ, שעכטן? אַוודאי שעכטן! פון... פון... —

משוגעת? חוזק? — אַ חשד פון אַ אָנגעצונדענעם געהירן? — ס׳שטייט אַ גרויסער טאַטע, אַ באָרוועסער, פּאַטשט אין די הענט און מונטערט:

— שעכטן? נו, זון, שעכט! הייב אָן די מצווה! באַווייז!

ס׳אַר אַ כוח האָט בער באַדאַרפט אָנווענדן, וואָס פאַר אַ פעסטקייט אין קני און געלענקען, כדי זיך אָנצוהאַלטן אינדערהויך. אָבער אַ היבשע ווײַלע האָט דאָך געדויערט, ביז ער איז צוגעטראָטן, זיך דערוועגט און מיט איין מאַך מיט דער האַנט פאַרשטעלט דעם פאָטערס אויגן און מויל.

— הערט נישט, חברים! טוט!

ר׳ הירשל האָט זיך געטרייסלט, געהויבן די אַקסלען און זיך געשטיקט מיט זיינע ווערטער. אָבער בער האָט אים איבערגעשריגן:

— זוכט, חברים! נעמט! גייט פון צימער צו צימער! גייט איבערן הויף!

טאָמקע און יאָסל האָבן מער נישט באַדאַרפט. שערעווענדיק מיט זייערע גרויסע שטיוול, האָבן זיי תיכף אַרויסגעשפּאַנט פון סאַלאָן:

— מירן אַ טאַפּ טאָן, ווי ס׳געהער צו זיין, חבר בער... —

איצט איז עפּעס לייכטער געוואָרן. ס׳האָט געקאָנט דאַכטן, אַז די אַרבעט איז שוין ווי אָפּגעטאָן. אַז — נאָכן געראַנגל. בייגעקומען און — אַן עק. ס׳איז אָבער נאָך געווען ווייט צו טאָג און מענטשן האָבן זיך אויף מער פאַרמאָסטן. —

ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט: טאָמקע איז באַלד צוריק אַריין און שלעפּנדיק אַ גרויסן פּאַק אויף די פּלייצעס, האָט ער געטענהט אויף אַ קול:

— אַ גאָלד... אַ זילבער... אַ בערשטל... אַ שטיוול... אַ פּולע... אַ דרערד...

דער הויכער גבר האָט זיך אַזש געבויגן אונטערן שווערן פּאַק; ער האָט געקרעכצט, געסליונעט און געפּלוכט:

— אַ גאָלד... אַ קיפּאָרע... אַ קרענק מיט אַ קרעפּעלע...

ר' הירשל, וואָס איז אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן, האָט זיך אויפגעכאַפּט און צוגעלאָפן צום גויעץ:

— גוט, גוט! אַליין נעם! אַליין... זוכט דאָ, זוכט דאָ... ס'איז פאַרהאַן.... און מיר דאַרפן נישט... מ'דאַרף גאָרנישט האָבן... ס'איז בעסער אַזוי... נעמט! גוט, גוט! ס'וועט דאָ זיין ליידיק און לויז...

דער האַלבנאַקעטער ייד איז שיר צעשאָטן געוואָרן פון ווילדער התפעלות און גרויסער פרייד... ער האָט געפּאָכעט מיט די הענט, געפּליעסקעט אין די דלאָניעס און געדרייט מיט די פינגער...

נאָר איין מאיר-לייבלען, וואָס איז געשטאַנען בײַ דער וואַנט, ווי אַ נישט-דאָיקער, איז מיטאַמאָל אָנגעגאַנגען אַ חלשות. דערזעענדיק טאָמקען מיטן פּאַק אויף די פּלייצעס, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַרצן און אַרויסגעיעכצט:

— וואַי-וואַי! געוואַלט! כ'בין פאַרביי!... ס'האַריץ... ס'האַ—ריץ... האַ...

דער בויך איז אים אויפגעלאָפן, ווי אַ קעסלפּויק. ער האָט אָנגעהויבן שלוקערצן און אין-איין-נאָ זיך איבערגעקערט, ווי אַ גרויסער, אָנגעשטאָפּטער זאַק...

איצט זיינען די היימישע שטובמענטשן אינגאַנצן פאַרגליווערט געוואָרן. קיין געשריי, קיין אויסרוף. קיינער נישט. אַפילו די קליינע קינדער נישט. ווי אויסגעוואָרגענע. פאַרצויגענע העלזער און געלעזערנע אויגן.

און פון די קאָמיסאַרן האָט בלויז טאָמקע געשטשירעט די ציינער:

— אַ פאַיגער... אַ דרערררד!...

אַ לעצטער שבח. וואָרעם דער מענטש, דער פעטער, האָט זיך נישט געקאָנט צעשיידן מיטן פּאַק...

דער ערשטער איז ר' הירשל צוגעגאַנגען צו זיין אויסגעצוי־ גענעם שוואָגער: אַ קוק געטאָן אויף דעם פאַרענדערטן פּרצוף און זיך תּיכּף אָפּגעווענדט. ווי אַ מחותּן אויף אַ וואַזשנער שׂמחה האָט ער זיך גערדרייט אַהין און אַהער און געזוכט צו פאַרפירן אַ טענה. און באין־בּרירה האָט ער ווידער געמוזט אָנקומען צו בערן:

— האַ? טאַקע געשאָכטן? האַ? ווי־דען? אַוודאי! גוט... גוט...

ס'האָט קיינער זיך נישט אָנגערופן. ס'האָט קיינער בישט גע־ וויינט. די שטובמענטשן — פאַרשטאַרצטע און די קאָמיסאַרן — געפּלעפטע. ביז יאָסל יאַכנעס איז אַריינגעקומען און אַ טשמאָק גע־ טאָן מיט די ליפּן:

— טצאָ־טצאָ! די סקלאַדעס זיינען פול מיט זייף, מיט צו־ קער, מיט האָניג... [illegible]

בער האָט זיך צעשפּיליעט, אַראָפּגעוואָרפן דאָס היטל פון קאָפּ און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— ברענגט וועגענער! ברענגט קאַסטנס און נעמט!

יאָסל יאַכנעס האָט אויסגעהערט, זיך ווידער געלאָזט אַרויסגיין, אָבער אינמיטן האָט ער פאַרקאַטשעט ס'הייטל און אַ בליק געטאָן מיט זיין אייגל:

— און די נבלה, אָט־דאָ?

איצט האָט אַפילו טאָמקע זיך אויסגעוויכנעט. ער האָט אַראָפּ־ געלאָזט דעם פּאַק פון די פּלייצעס און זיך איבערגעצלמט. ס'איז אים אומהיימלעך געווען צו קוקן, ווי בערס אָנגעצונדענע אויגן זיינען איבערגעגאַנגען און ווי אַזוי ער איז אַריין מיט די נעגל אין דער אייגענער הויט...

נאָר ר' הירשל האָט געכיקעט און אויף אַ בייקולעכל אי־ בערגעחזרט בערס רייד. און בער האָט מספּיד געווען דעם טויטן פעטער, באַזאָגט דעם לעבעדיקן פאָטער און זיך אַליין. ער האָט גע־ רעוועט, ווי אַ ווילדע חיה:

— אַז זיי ווילן אַנדערש נישט לעבן, טאָ זאָלן זיי אומקומען!... אַז זיי... אַז איך... אַז ער... נעמט! איר וועט איבערטראָגן! נעמט! אפשר וועל איך אויך אַזוי פּלאַצן... צעפּוילט, ווי זיי... איין בלוט... העלפט מיר... פירט מיך פונדאַנען! — — — — —

* * *

גיך און פלינק האָט זיך בער אָפּגעפּאַרטיקט מיט די קליינע ענינים: דאָס הויז פון זיינע אייגענע אויסגעליידיקט, דעם טויטן פעטער געלאָזט מאַכן אַ שטיל באַגרעבעניש און אונטערגעחתמעט דאָס לעצטע פּאַפּיר... אָפּגעווישט די פינגער און דעם קאַנט פון טיש און געטראַכט וועגן „ווייטער“...

נאָר דאָ, קוים נאָכן ערשטן אָנהויב, האָט ער אויסגעפונען, אַז ס'איז שוין, אייגנטלעך, דער סאַמע סוף, אויב מ'וויל... בער, דער מענטש, איז אויך מיט זיך אַליין קלאָר און פאַרטיק געוואָרן...

אין די ערשטע אָקטאָבער־טעג זיינען געהויבענע געסט געקומען, און פון די הויכע קאַסטנס אַראָפּ האָבן זיי געשליידערט גלייקע ווערטער, שווערע חרמות און שטאַרקע צוזאָגן צו דער מאַסע, וואָס האָט געשטאַמפּט און געווייקט אין בלאָטע און אין שליים.

כאַווער טישין פון „צ. ק.“ האָט געשמיסן מיט דער צונג, ווי מיט אַ געקנופּטן קאַנטשיק, איבער די קעפּ און רוקנס פון זיינע צוהערער:

— נעמט ביקסן און גייט! איר אויסגעמאַרכעוועטע און אויסגעדייוועטע! דער שונא איז אונז אַנטקעגן. דער שונא מאַרשירט!...

אָבער מאַסע האָט שוין עפּעס אַנדערש געוואוסט: גראָד אין די ערשטע אָקטאָבער־טעג, אין די טעג פון יום־טוב און פייערונגען, האָט זיך אַ וואַקל געטאָן „דער פראָנט“. ס'איז פאַר יעדן קלאָר געווען: די „רויטע אַרמיי“ איז צעשלאָגן; אַוועק פון סטאַניסלאַוו, אַוועק פון זלאָטשאָוו — און די טעג זיינען געציילטע... באַלד... באַלד... טאַ... טאַ...

— זאָל אונזער לעצטער רויטאַרמייער פאַלן און מיר... מיר'ן זיך מיט די ציינער איינקלאַמערן... איינבייסן!...

— כע־כע! — האָט אַ פּויערל, אַ קויטיקל, אַ פאַרוואָרלאָזטס, פאַרריסן דעם קאָפּ צו „טאָוואַרישטש“ טישין, וואָס האָט זיך געהיצט אינדערהויך; ער האָט אויסגעשטשירעט די געלע ציינער, דאָס פּויערל, און אונטערגעזאָגט מיט אַ שמייכל: — אַנטלויף בעסער! די ליאַכעס וועלן דיך כאַפּן און אויפהענגען, דו, טי באָלשעוויסקאַ דושאַ! רעד... רעד! מאַסקאַל דו, מאָסקוויטערל! —

אַ רעגן האָט געכליאַפּעט. אַ שפּיזלדיקער און אַ געדיכטער. די יאַטלעך פון „קינדערהיים", אונטער דער חברטע עטלס קאָמאַנדע, האָבן געציטערט: איינציקווייז און אַלע אינאיינעם. זיי האָבן קוים געקאָנט אונטערהויבן די אויסגעווייקטע פּאָנעץ און אויספּאָכן איבער זייערע אייגענע יאַטערנדיקע, קינדישע קעפּלעך. —

אין ליאַמפּעס טרומייטער איז נאָר אַ שטן אַריין: בלאָז און ווער צעריסן — אַז אַרויסגעקומען איז בלויז אַ משוגעדיקער מרוק, ווי פון אַ בוהאַי. און די פעל פון קנועם פויק, אַן אויסגעריבענע, אַן אויסגעווייקטע — כאָטש פּאַטש אין די אייגענע באַקן אַריין און אַן עק האָט עס גענומען!! —

אין די טעג האָט עמעצער געקאָנט משוגע ווערן פאַר צער און פאַר כעס; און עמעץ האָט געכיכעט, ווי אַ לצל, ביים סאַמע אונטערגאַנג...

ר' ניסן-יהודה חלפן האָט זיך ווידער באַוויזן אויפן מאַרק און, גלעטנדיק די ברייטע באָרד, אַ טאַפּ געטאָן:

— וויפיל צאָלט מען היינט פאַר דאָלאַרן?

דער משכיל, שמואל קלוגמאַן, האָט שוין געוואוסט דעם „לעצטן" פּרייז. ער האָט געטרייסט און געמונטערט:

— מירן אַנטקעגן גיין אונזערע מיט ברויט און מיט זאַלץ... מ'צאָלט פאַר דאָלאַרן... אַמעריקאַנער... „מיט פּופּציק"...

— און קאַנאַדישע? — — —

קאָן זיין, אַז צוליב דעם איבלדיקן דרויסן און דער געלערנודעניש אין די פיר ווענט פון אייגענעם אַמט, — אַז צוליב דעם איז בער אַנטשוויגן געוואָרן און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אין אַלע ווינקלען פון „רעווקאָם" האָט געפּיפּסט אַ מרה-שחורה און אין פּאַפּע-דאַך האָבן קראָען מיט די שנאָבלען געפּיקט. קראָען האָבן געקראַקעט: קראַ-ראַ! קראַ!

קראָען האָבן געשריגן און געפּאַטשט מיט די שוואַרצע פליגלען:

— קראַ-ראַ! קראַ! — —

*
* *

אַ נאַכט. ווינט, נעץ און חשכות. —

קאַנאָנען-געדונער רייסט אויף די פינסטערניש, צעברעקלט זי און צעקרישלט.

איבערן טראַקט לויפן אויסגעווייקטע רויטאַרמייער און זוכן אַ וועג: ערגעץ צון אַ גרענעץ.

אויסגעמוטשעטע פערדלעך שלעפן אָנגעלאָדעווטע וועגענער. ס'קאָלערט איבער דער בלאָטע אַן איבעריקער האַרמאַט, אַ קוילנוואַרפער; און אַ פאַרזשאַווערטע פעלדקיך, קאָכנדיק אַ זופ אין איילעניש, זייט פונקען איבער דער געדיכטער נאַסקייט. — —

אין דער נאַכט זיצן מענטשן און באַטראַכטן:

— „גאַנץ פרי מוז מען זיך געזעגענען"...

ס'איז די לעצטע זיצונג פון „רעווקאָם". ס'זיצט טאָמקע, יאָסל יאַכנעס, טאָוואַזשיש כאָלאָפיעצקי, בער, פיציעלע נודשדע און צווישן זיי דער גאַסט, טאָוואַרישטש מיכאַיל אַלעקסעיעוויטש טישין. זיי ווייסן, אַז אויף די „קרעסן" איז נישט פייגלדיק און ביי וואַרשע... ביי וואַרשע האָט מען איינמאָל פאַרלוירן און ס'איז...

— נעמט אַייך אָן מיט מוט! — טרייסט דער פוילישער חבר כאָלאָפיעצקי. — איר וועט זען!...

אָבער אַלע האַלטן מלחמה מיטן גליווערדיקן דרעמל. טאָמקע פענטעט די אייגענע צונג, כראָפעט אונטער און ס'חלומט זיך אים אַ קראָמיסלע מיט עמערס...

און בער — ער קאָן זיין צונג פון גומען נישט אָפּקלעפן. טוט ער נאָר און הערט. בלויז טאָוואַרישטש טישין ציט דעם פאָדעם:

— איר וועט גיין מיט מיר... איר וועט לערנען, איר וועט זען. און ביז... ביז... — —

ביז וואָס? קיינער פרעגט נישט. אַ שאַלה, וואָס הענגט איבערן באַלקן, איבערן שירעם פון לאָמפ, איז אויף אַלעמענס צונג... וואָס ביז?... — —

און דעמאָלט, ווען קאָמיסאַרן זיינע וואַכעדיקע, ווען זיי עצהנען, קלערן און קאָנען זיך נישט דערטראַכטן, דעמאָלט וואַכט אויך גאַנץ קריקעוו. מ'זיצט אויף בעבעכעס, מ'זיצט אויף איבערגעקערטע

פעסער און צעבערס, אין נאַסע קעלערס, און מ׳וואַרט אויף די אדלערס, וואָס וועלן ברענגען הילף:

— ברויט... פרייע וועגן...

אייניקע יידן מאַכן שוין חשבונות, און חשבונות קומען אַרויס גלאַטינקע. ר׳ ניסן־יהודה חלפן גלעט די בעזים־באָרד און איז צופרידן:

— דריי מאָל מאה אלף רייניש... פינף מאָל מאה אלף מאַרק... ת״ק טאָלערס ממדינת אַמעריקע, וק״ן מקינאַדע... הייסט עס? הייסט עס? אַ קיימא־לן פון... — —

אַ טייל ציען אונטער דעם אונטערשטן שטראָך און געפינען, אַז:

— ביילקע ליגט אין דרערד... מאָטל ליגט אין קבר... די באַליערע האָט אַוועקגעריסן...

און —

— אַן עק האָט עס גענומען! וואַסער! טויט, אָדער רויט! — פלאַפלט שמואל־אַריה, דער אונטערבעדער, דרייט מיט די בילמעס און וויל זיין גערעכט. — וואַסער!... ניין?

אַפילו ר׳ הירשל פרידמאַן שפּאַנט אַרום איבער די פּוסטע, אויסגעליידיקטע צימערן און פּויקט מיט אַ פינגער איבער אַלע ווענט:

— דער קץ קומט... קומט ער נישט? דער קץ קומט... דער גרויסער אויסלאָז... ער איז שוין הינטער דער שטאָט... ער קומט צו פאָרן... אַי קומט ער! האַ?... —

פון אַ דולן רעדט מען נישט. אָבער צוהערן זיך מעג מען צון אַ גערעכטער טענה. אַזוי טראַכט דער אַלטער ר׳ נוחקע זיידענער און דערמאַנט זיך, גראָד אין דער־אָ נאַכט, אַן יענע אַלטע־אַלטע טעג, ווען זיין עלטער־זיידע, ר׳ יאָנטל, האָט נאָך געלעבט און איז געווען „רעגירער" אין קריקעוו. אַלטע־אַלטע טעג... — —

די נאַכט וואַקסט, ווערט געדיכט, נאָר אָנצוטאַפּן זי מיט די דלאָניעס. — —

אָבער אין „רעווקאָם" פרוווט מען פאָרט עפּעס אויסצוגעפינען: מען טראַכט, ווי אַזוי אונטערצושטעלן אַ פּלייצע... ווי אַזוי אַ רוק צו טאָן די וועלט...

חבר טישין מוסרט, שיט פעך און שוועבל. בראָט און ברענט. און בער, אַ פּאַרקילטער, הערט אויס יעדעס וואָרט, מיט כּוונה:

— הע-פּציע! האַ-פּציו... די וועלט איז אויך אַזוי... אַ פּאַר-קאַטערטע... אַ פּאַרקילטע...

און גראָד זיינען אַלעמענס אויגן אויף אים אָנגעשטעלט, אויף בערן, וואָס זיצט אין אַ ווינקל, ניסט און קאַלופּעט די נאָזלעכער. אַזאַ באַשעפטיקונג קאָן, בדיעבד, אויך אָנגיין, אין אַ פּריקרער מי-נוט...

טאָוואַרישטש טישין ווערט בייז און צעיאַכמערט זיך:

און דו, חבר פרידמאַן, דו וויסט גאָרנישט?

בער ענטפערט נישט אויף דער האַרבער שאלה. ער האָט זיך דערמאַנט, אַז אין אַ פינסטערער תּפיסה-קאַמער זיצט ליזי גראָס... אַ לעבעדיקע, איינע אַליין און וואַרט... שטעלט ער זיך אויף און פרעגט:

— וואָס זאָלן מיר טאָן מיטן מיידל? ס'זיצט אַ מיידל אַרעס-טירט... אָן אויספאָרשונג... מ'האָט געהייסן... האָב איך זי פּאַר-שפּאַרט...

טאָמקע וואַסערטרעגער דערלאַנגט אַ כראָפּ, בעבעט אַרויס אַ יידישע קללה און פּטור... — יאָסל יאַכנעס בליצט מיטן גרינעם אייגל און שפּייט אויס. ער ווייסט נישט...

— וואָס זאָל מען טאָן מיט איר? — חוזרט בער איבער.

טאָוואַרישטש טישין באַטראַכט אים אַ ווײַלע און דאַן ערשט זאָגט ער אָפּ רויק:

— וועט זיין צייט, וועט מען זי מיטנעמען... אויב נישט... נו... אַ שטיקל „בליי" און... פּאַרטיק...

קלאָר און זיכער. דער פּסק איז אַראָפּגעזאָגט און געענ-דיקט.

בער האָט ווידעראַמאָל אָנגעהויבן ניסן... ער האָט עפּעס גע-האַט צו זאָגן וועגן דער פּראַגע. ער איז אָבער נישט געקומען צום וואָרט, צוליב אומגעריכטע געסט. ס'האָט זיך געעפנט די טיר און צוויי מענטשן זיינען אַריין: אַ מאַן אין אַ ווייסער פּאַפּאַכע, אין אַ גרויען מאַנטל, מיט איין באָמבלענדיקן, ליידיקן אַרבל, און

מיט אים אַ פרוי, אין אַ קורצן שעפּסענעם פּעלצל און מיט אַ רויטן טיכל אויפן קאָפּ. נאָך אויף דער שוועל האָבן זיי זיך באַגריסט, קורץ און דייטלעך און געגעבן צו פאַרשטיין:

— מירן אויסרוען, חברים, און ווייטער גיין...

— קומט אַהער, חברים, און...

טישין האָט נישט באַוויזן נענטער צו בעטן די אַריינגעקומענע. יאָסל יאַכנעס האָט אַ בליק געטאָן מיטן גרינעם אויגל און אַ שוים איז אַרויס אויף זיינע ליפּן:

— דוכט, ס'איז... דאָס איז...

ער האָט אָבער מורא געהאַט אָנצורופן אַ נאָמען. אַלע אַרום האָבן באַטראַכט דעם חבר אין דער ווייסער פּאַפּאַכע, געקוקט אויף דעם ליידיקן, באַמבלענדיקן אַרבל און געדרייט מיט די קעפּ. ערשט בער האָט זיך אויפגעהויבן, דער ערשטער, און, אָן פריערדיקע באַ־וואָרענישן, אַ פרעג געטאָן ביים אורח:

— וואו האָסטו אַוועקגעפּטרט אַ האַנט, דודאַלע? זע, איך האָב נאָך ביידע...

ס'איז טאַקע געווען דודאַלע; דער אַלטער, דער גוט־באַקאַנ־טער, און דאָך אַן אַנדערער.

— דודאַלע, וואו האָסטו אַ האַנט פאַרבראָקט? — האָט בער איבערגעפרעגט די זעלבע שאלה — רעדט דאָך!

דודאַלע האָט אים באַמאָסטן מיט זיינע טיף־פאַרגראָבענע אייג־לעך און אָפּגעפּאָרן מיט אַ חנדל:

— דאָרטן, וואו דו האָסט דיין שכל פאַרלוירן ... געפעלט דיר? און צוליב וואָס דאַרפסטו עס נייטיק וויסן? און אַז דו פרעגסט יאָ, פאַרוואָס־זשע גראָד מיך? און זי, אָט זי, דערקענסטו שוין נישט? קוק, ס'איז דאָך קאַטיע! קאַטיושענקאַ!

— קוק, דאָס בין איך דאָך: קאַטיושענקאַ אַליין...

אַ הוילער, האַמעטנער געלעכטער... — —

---

מ'האָט געצאַפּט טיי פון אַ פאַרזשאַווערט, בלעכענעם סאַמאָ־וואַר, דערגאָסן די גראָבע געפּינגערטע טעפּלעך און געווישט די נעזער, טרינקענדיק...

מ׳האָט געגעבן הערינג, אַראָפּגעשווענקט דאָס זאַלץ מיט שאַרפֿן פּאָלין-בראָנפֿן און פֿאַרזוכט, צו ביסלעך, פֿון דעם געמישטן מיט נעגעלעך און געווירץ. מ׳האָט געקייט געפּרווירענע קוואַסעפּל און געזויגן ביטערע, רויטע קאַלינעס. די שׂמחה איז נישט געווען קיין געהויבענע. מ׳האָט געטרונקען צו דודאַלען און ער, שווייגנדיקערהייט, צו די אַנדערע. מ׳האָט געלעקט די רויטע קאַלינעס, איינגעצויגענע פֿון פֿראָסט, און געשפּיגן די קערעלעך צום באַלקן. ערשט העט-העט שפּעט האָט זיך דודאַלע ראַזדריכעט און צעטשוכעט. ער האָט דערפֿילט ס׳בלוט אין די אויפֿגעגאַנגענע אָדערן, דערפֿילט אַ בראַנד אין מאָגן; ס׳האָט אים אָנגעשפּאַרט און ער האָט זיך, אומגעבעטענערהייט, געלאָזט הערן:

— וואָס רעוואָלוציע איז? וואָס רעוואָלוציע איז?! זעט, זעט!

ער איז אַפּיר פֿון טיש, אַ הייב געטאָן דעם פֿאַרוואַקסענעם קאָפּ, ווי אַן אָקס, וואָס וויל שטויסן, אַ טרייסל געטאָן מיטן ליידיקן אַרבל, און זיך צעפּייפֿט:

— פֿיו! העי! העי! אָ-העי!

ווי אונטער אים וואָלט די פּאָדלאָגע געברענט, ווי ער וואָלט געשטאַנען אין אַ גליענדיקער פּייערפֿאַן, אַזוי האָט ער זיך געהויבן און געדרייט, אונטערגעשפּרונגען און אַראָפּגעלאָזט. אַראָפּ, אַרויף, אַראָפּ, אַרויף...

— העי! אָ-העי! העי!

און אַלע האָבן — ניט פֿאַרשטאַנען...

בלויז בערן, בער פֿרידמאַנען, איז דאָס אויסגעקומען פּשוט און פֿראָסט, ווי דער שטייגער דאַרף צו זיין. אין אַ ווינקל, ביים עקטיש, האָט ער זיך, מיט גרויס חיות, צוגעקוקט צו דודאַלעס מצווהטענצל און האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַזוי באַדאַרף צו זיין... אַוודאי אַזוי... און נאָר אַזוי...

און קאַטיע, וואָס איז געזעסן לעבן אים, געריבן איר אַרבל אָן זיין אַקסל, געגראָבן מיט אַן עלנבויגן אין זיין ריפּ, זי האָט שוין קיין חשק נישט געהאַט צו באַווייזן, אַז ס׳איז נאָך אַנדערש, ווי „אַזוי“, אַז עפּעס איז נאָך פֿאַרהאַן צוצוגעבן און אָנצוזאָגן...

אירע אויגן, וואָס פלעגן אַמאָל באַלעבן מיט זייער העלקייט, זיינען געווען איינגעגראָבן אין די לעכער און שנירעלעך האָבן געזוגען פון די קאַנאַלעכלעך... נו, טריפנדיקע אויגן, רויט-באַזוימטע, מיט אַ ברעגעלע און פאַרפאַפטע. און די בלאָנדע האָר, די קרויזן — צע-קודלטע, אַצונד, און אויסגעקראָכענע; שטיקער-פליך אין די ווינק-לען און וואונדן הינטערן אויער און ביי די שלייפן...

וואָס-זשע זאָל זי אים זאָגן? אַוודאי איז איר ניחא געווען, בלויז צו טראַכטן, אַז ערגעץ איז פאַרהאַן אַ קינד, אַז זי איז די מוטער און ער, בער פרידמאַן, דער פאַרגעלטער יונגערמאַן, מיט די אַרויסגעזעצטע לעבער-פלעקן אויפן שטערן, אַז ער איז גאָר דער פאָטער...

און איז דאָך געמאָלט, אַז דאָס קינד, ערגעץ אין אַ קיעווער קינדערהיים, ניורעט זיך אין שטויב... „און וואָס איז אַ קינד? און וואָס איז אַמאָליקע נאַרישקייט, מיט „זינד" פאַרבראָקט, אָן טעם און אָן האַרבקייט?" — ס'איז וואויל צו קוקן אויף דעם בחיר — כלומרשט אַ טשעקיסט, מיטן לעדערנעם גאַרטל און קוילנטאַש — אויף דעם בחור, וואָס דאַרף זיך באַלד קלויבן אין וועג אַריין; וואָס פאַרלירט הענט-און-פיס, פאַר שרעק און פון „נישט-וויסן"... ס'איז וואויל צו קוקן אויף דעם בחור, ווען מ'האָט אַמאָל דעם ערשטן שטויס דערלאַנגט, אים אָנגענומען פאַר זיינע האָר און אַריינגעשלעפט אין געווערבל פון צייט און אין געראַנגל פון כוחות אַלערליי...

ס'איז גוט אַ שמייכל צו טאָן, ווען אַפילו דער שמייכל, דער אייגענער, איז בלויז אַ מיאוס נאָכקרימעניש און אַ געכאָרכלעריי...

— בער פרידמאַן...

— האַ?

— איר... בער, חבר, דו ווייסט, אַז ערגעץ, אין אַ קיעווער קינדערהיים... איז... חבר בער...

בער האָט נישט געפילט דעם שפיציקן קנאָבן פון איר עלנ-בויגן זיך אַריינבויערן אין זיין ריפ. ער האָט גאָרנישט געפרווט פאַרשטיין אירע צעצויגענע ווערטער. ער האָט בלויז אַ ווילדע הנאה געהאַט, קוקנדיק אויף איר, אויף אירע אויסגעקראָכענע האָר און צעיאַטערטע שלייפן...

— קאַטיע... געדענקסט... אין ווין... כי־כי... דו ביסט געבליבן אַ גאַנצע נאַכט מיט מיר... און... וואָס וועט ווייטער זיין?

— וואָס ווילסטו זאָל זיין, חבר?

— עט... גאָרנישט... — —

דערווייל האָט זיך דודאַלע באַרויִקט. צוגעקראָכן צום טיש, זיך אַוועקגעזעצט און מיט דער איינער האַנט באַווישט דעם שטערן, ס׳פנים און געריבן די נאָז.

אַלעמענס קעפ, אַרום, זיינען געבליבן הענגען; ווי די קעפ פון גרויסע שוואָמען אויף אונטערגעבראָכענע שטענגלעך...

אַ לעצטע שמחה, אַ נישט־געהויבענע, אַ לעצטע סעודת־אַחים, ביים אָרעמען טיש, איידער מ׳לאָזט זיך אין וועג אַריין. און דער וועג אַ ווייטער, איבער אַ טייך, איבער בערגל און טאָל, אונטער פייער און שרויט — דער וועג צום וואויל זיין און רו...

— בום! בום! בום!

דער דאַך האָט זיך אונטערגעהויבן און די שויבן האָבן זיך צעקלונגען... צעקלונגען און צעשאָטן מיט אַ גלעזערנעם בריאַזג...

מ׳האָט זיך דערמאַנט. צונויפגענומען. טאָוואַרישטש ט׳שין האָט זיך אומרויִק אַרומגעקוקט און כמעט געבעטן:

— לאָזט שפאַנען פערד און וואָגן... — —

און ווייט איז נאָך געווען צו טאָג — — — —

— — — — — — — —

— — — — — — — —

בער האָט געטאַפּט די ווענט און די אַייזערנע טירן אינם שטאָקפינסטערן תפיסה־קאָרידאָר. מיטאַמאָל איז דער גרויסער שליסל אַרויסגעפאַלן פון זיין האַנט. מיט אַ טעמפן, פאַרזשאַווערטן קלאַנג איז ער געפאַלן אויפן צעמענט, ביי די שפיצן פון זיינע שטיוול. בער האָט זיך דערשראָקן. ווידער אַ שלעכטער סימן. אין די לעצטע טעג, בפרט אין דער היינטיקער געזעגן־נאַכט, האָט ער זיך געהאַלטן אין איין שפילן אין סימנים, אין רעטענישן און טרעפונגען. ער האָט אַלצדינג געוואָלט טרעפן און דערקלערן, מיט אַ וואונק און דורך אַ רמז.

און וואָס ס'איז בכלל געווען צו טרעפן!... — אַ מערכה די צייט האָט דוחק געווען. — ער האָט זיך אָנגעבויגן און מיט פאַרבלויטע פינגער אַרומגעשאַרט אויפן צעמענט־דיל. —

ער האָט איבערגעדרייט דעם שלאָס און איז אַריין אינעווייניק, אין קאַמער. די טיר איז צוריק צוגעפאַלן... ווי אויף תמיד — פאַרשפאַרט: מיט אַ לעצטן הילך... — —

דאַן: ער און זי. אויגן האָבן זיך, אין דער פינסטערניש, נישט באַגעגנט. אפשר האָבן זיך הענט געשטרעקט אַקעגן; זיי האָבן זיך אָבער אַזוי גיך נישט דערגרייכט און נישט דערפילט. די ערשטע מינוטן פון דערקענונג — בלויז דורך אָטעם. — —

דאָס מיידל האָט געוואַרט. האָט זי דאָך געוואַרט טעג און וואָכן. אין דער ליכטיק און אין דער טונקל. וואָרעם געוווסט האָט זי, אַז איינמאָל מוז ער פאָרט קומען! אַז ער אַליין מוז אויפשליסן די קאַמער, — אַזוי ווי ער האָט זי צוגעשלאָסן! — דערפאַר האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ער מוז עס אַצונד זיין... זי האָט, דורך דער שווערער טיר, דערקענט דעם זשאַווערדיקן קלאַנג, אויפן אַספאַלט פון קאָרידאָר. — זי האָט זיך אַליין געמונטערט; געשטאַרקט און צופרידן געווען, וואָס אַרום איז חושך און מ'וועט נישט זען, ווי זי, דווקא די אומשולדיקע, איז אָפּגעפאַלן און אויסגעצערט; שוואַרץ געוואָרן און אויסגעווייקט.

אָבער אַ חידוש און אַ חשד איז אויסגעוואַקסן: פאַרוואָס הייבט ער שוין אָן ריידן? ס'ערשטע וואָרט?...

און בער האָט ס'וואָרט נישט געפונען. ער האָט געוווסט, אַז עפענען דאַרף מען די אַייזערנע טיר, מ'דאַרף הייסן גיין, אָט־שוין און אין אַיילעניש. אָבער צוקלויבן און צוטראַכטן אַ פאַרענטפערונג — דאָס האָט ער נישט געקאָנט. דעריבער האָט זיין האַנט אָנגעהויבן ציטערן. ער האָט זי אויסגעשטרעקט, געזוכט דעם מיידלס אָרעם, כדי זי אָנצונעמען און צו באַגלייטן...

ער איז אָבער נאָך אַליין געשטאַנען ביי דער צעפראַלטער שווערער טיר און דאָס מיידל, לוסי גראָס, זיין געפאַנגענע, האָט זיך געקנוילט אויפן פריטש, ביי דער פייכטער, שימלדיקער וואַנט. זי

האָט דערפֿילט זײַן אָפּהענטיקייט און פֿאַרלוירנקייט אין, ווי זי וואָלט אים גאָר וועלן טרייסטן, צוגערופֿן:

— נו... קאָמיסאַר?

בער האָט אַ שערעווע געטאָן מיט די שטיוול...

— וואָס־זשע שווייגט איר, הער פֿרידמאַן? איר שעמט אײַך צו זאָגן, דאָס, וואָס דאַרף געזאָגט ווערן? — האָט לוסי ווייטער גערעדט — נו, נו, אַלטער פֿרײַנט... רעדט, וואוהין גייט איר עס איצטער מיך אַוועקטראָגן? אויף די פּלייצעס, צי גאָר... רעדט!...

ממש אויף אַלע פֿיר איז ער געקראָכן, בער, ביז ער האָט דערלאַנגט צום ווינקל, וואו לוסי האָט געהויערט אויפֿן פּריטש, פֿון וואַנען זי האָט אירע ווערטער אַרײַנגעשניטן אין דער פֿינסטערניש אַרײַן.

— איז וואָס־זשע וועט זײַן? — האָט דאָס מיידל נישט אָפּגעלאָזט, דערפֿילנדיק לעבן זיך בערס פֿייכטע הענט און זײַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם — איר קאָנט אײַך נישט צוזאַמענעמען? און איך בין גרייט צו הערן...

אָבער בער איז געבליבן ליגן אויפֿן פֿייכטן שטיינערנעם דיל און לוסי האָט זיך איבער אים געבויגן, ווי אַ פֿלעדערמויז מיט אַ פֿליגלען־נעץ אַן אויסגעשפּרייטער.

ער האָט לאַנג געקראַצט מיטן נאָגל אָן שטערן, געביסן אַן אונטערשטע ליפּ און זיך באַלעקט מיט דער צונג.

— נו, ליבינקער? — האָט לוסי געזאָלצן אַ וואונד — נו?

דאָ האָט זיך בער אונטערגעהויבן און, מיט דער גאַנצער שווערקייט, זיך אַ וואָרף געטאָן אויפֿן פּריטש, אַזש דאָס מיידל האָט אַ קוויטש געטאָן פֿאַר שרעק:

— אוי!

ערשט אַצונד האָט ער זיך אָנגענומען מיט כּוח און זײַן קלאָג איז געווען אַ פֿאַרטיקע:

— דו... „ליבינקער" האָסטו מיר געזאָגט... דו...

— הער... איר... קאָמיסאַר... — האָט לוסי זיך געצאַפּלט — קאָמיסאַר...

— שרעק זיך נישט, כ'וועל זיך אַפילו נישט צורירן צו דיר, מיידל... כ'וועל דיר בלויז זאָגן... דווקא נאָר דיר און קיינעם נישט מער...

— וואָס?

— כ'וועל דיר בלויז זאָגן... הערסט?

— וואָס?

— גיי! גיי פונדאַנען! שוין! תיכּף! גיי, וואוהין דו ווילסט! אַליין! אַליין! אויף מיינע הענט וועל איך דיך שוין נישט טראָגן... מער וועל איך דעם ווינט שוין נישט שלעפּן פאַר די פּאָלעס! גיי! הער... פאַרהאַן אין לעבן אַ קרענק... כ'וויל נישט דערקלערן... כ'האָב תמיד פון דיר געוואָלט אַנטלויפן... איך — פון דיר... און אויסגעקומען איז עס פאַרקערט! טאָ לויף!

— קאָמיסאַר, רעדט צו דער זאַך! וואוהין דאַרף איך אַצונד?

— וואוהין דו ווילסט! דיין וועג. אַ גוטער, צי אַ שלעכטער — דאָס איז דיין זאַך. אַלע וועגן זיינען אפשר גוטע, נאָר...

— וואָס פּרעדיקט איר?

— ס'זיינען ווערטער אָן וואָג. אַלע ריידן, אַזוי מיט מאָס, „צו דער זאַך" — וויל איך נישט אַזוי! ס'קלעפּט זיך נישט. אַזיסטן, וואָס פאַר אַ חילוק וואָלט געווען צווישן מיר און מיין חבר טי־שינען? צווישן מיר און יאָסל יאַכנעס? צווישן קאַטיען און דיר? דיר זאָג איך עס. ווייל צו דיר האָב איך אַמאָל גערעדט אין קעלער, צו דיר האָב איך גערעדט פון היץ, אויף מיין געלעגער... מיט דיר האָב איך געוואָלט טאַנצן, שיכּורערהייט... און אַצונד, גיי, מיידל, פונדאַנען, איידער דיר וועט אויסקומען צום „ווענטל" צו גיין! ביסט צו נאַריש, זאָלסט עפּעס וויסן און צו קלוג — זאָלסט קאָנען באַנעמען דאָס געוויינלעכע, דאָס גלייכע... וואָרעם וואָס בין איך גראָד צו דיר צוגעשטאַנען? און וואָס האָב איך געוואָלט פון אָנהייב ביזן סוף? אַ פלאָנטער... אַ קייטל... אויב מען וויל, קאָן מען אויספלאָנטערן, און אַז מ'וויל נישט... זע, אַלע צעלויפן זיך... ס'איז נאָכן אָרעמען מאָלצייט פון באָרוועסע מלאָכים... ס'איז אויס! זאָל איך אויך לויפן מיט זיי? און וועל איך דיך נישט באַגעגענען אויף אַלע שיידוועגן? דו לויפסט דאָך תמיד פאָראויס! ווער דו ביסט?

און ווער בין איך? גליכע זיינען מיר, און שוין! גיי=זשע אין לאָז מיך דאָ. וויינסט?

ס'מיידל האָט זיך צעוויינט. אַ געיאָמער. איר גאַנץ גוף האָט זיך געטרייסלט:

— דו, ליבינקער... קאָכאַני...

בער איז אַראָפּ פון פּריטש.

— דו, ליבינקער... — האָט ס'מיידל שטיל געהעשעט...

מיטאַמאָל האָט עמעצער איינגעפּראַלט די טיר. אַ גרויס, גרין אויג האָט זיך צעבליצט, ווי פאָספאָר. אַ רגע און — אַ קנאַל! טראַך!

— אַזוי!... האָט אַ מאויימדיק קול אַרויסגעברומט — האָסט געוואָלט.

אַ רויטלעכער פלאַם האָט אַרויסגעזעצט און די קאַמער איז פול געוואָרן מיט רויך.

צוויי פּאָר אויגן זיינען שיר אַרויס פון די לעכער. אָבער איינע האָבן זיך באַלד פאַרגלייזט.

אין עטלעכע מינוטן אַרום איז געקומען די דערמאַנונג. דאָס מיידל האָט אַ קוויטש געטאָן:

— בער!... פרידמאַן! קאָמי...

בער האָט שוין נישט געענטפערט.

— האָסט אַזוי געוואָלט... — האָט דאָס מאויימדיקע קול איבערגעחזרט — טאָ... קוויט!...

דאָס גרינע אייגל האָט אַ בליק געטאָן און ס'הייטל האָט זיך פאַרקאַטשעט און איבערגעקערט מיט דער רויער זייט אַרויף.

— און איצט, פאַניענקע... קאָן מען זיך אַ ליב=טאָן? מאַרש!

— — — — — — — —

* * *

אַז דער פרימאָרגן האָט זיך צעגעגנעצט איבער קריקעוו, איז אויפן שוואַרצן פאַפּע=דאַך פון דער אַלטער „געמיינדע" געבליבן הענגען אַ פאַרגעסענע, רויטע פאָן...

אויסגעווייקטע ברואימלעך האָבן, מיט פאַרשלאָגענע אויגן, געקוקט אויפן דאַך און געשמייכלט. אַ קליין גויעצל האָט זיך געקראַצט און אויסגעשטשירעט די ציינער:

— דו הענגסט? הענג... הענג!

אַ זון, אַ שפּעט-אָסיענדיקע, האָט זיך באַוויזן אין טיר-און-טויער האָבן זיך געעפנט. זיינען אַרויס יידן מיט שטעקעלעך און בעזימער:

— אַלע זיינען זיך צעלאָפן? ווייער וואיל... כן יאבדו...

— מהיכא תיתא!

— אדרבא-ואדרבא:

דעם אַנדערן טאָג זיינען שוין די אָדלער אין שטאָט געווען און געזונגען דעם מאַרש:

„מיר פון דער ערשטער בריגאַדע..."

דער משכיל, שמואל קלוגמאַן, האָט געקויפט נייע, פּוילישע פּאָסטמאַרקעס, און ר' יהושע-אשרל שוחט האָט געזאָגט „על-הניסים" און געמאַכט אַ „מי שברך" דעם „הוסיאַטינער", זאָל לעבן...

און ווייטער —

מ'האָט געמאַכט די קבורה ביינאַכט. באַגראָבן בערן, מיט די שטיוול און מיטן לעדער-גאַרטל אַרום די לענדן... באַגראָבן, אָפּגעזונדערט, ביים פּלויט פון כרת, בפקודת הרב ר' אביצילי דק"ק קריקעוו... — — —

דער פאָטער, ר' הירשל, האָט געוואָרפן אַ שטיק נאַסע ליים אויפן קבר און זיך דריי מאָל צעקרייט:

— דוב בער, חי-וקיים! — — —

---

ס'זיינען אַוועק טעג, און נאָך טעג קומען אַלץ און גייען אַוועק אין קריקעוו.

ר' ניסן-יהודה חלפן גלעט די באָרד און הוסט שוין אונטער:

— פכע... פע... הי... וויפיל צאָלט מען פאַר דאָלאַרן? —

און שמואל-אַריה, דער אונטערבעדער, דערציילט, יעדן אויפדער-נאַכט, נייע מעשיות וועגן רייכע בעטלערס; און דוואָשע, דעם

קבֿרנס פלימעניצע, האָט שוין ווידער פאַרגעסן אָן איר „דייטש נאָמען"...

כמעט אַלע האָבן שוין פאַרגעסן אָן דעם, וואָס איז געווען, און אַזוי אַרט קיינעם נישט, וואָס ס'וועט זיין מאָרגן...

יאיר שניידערס מעזיניק, בערישל וועוריק, לומטערט אום די ירושה פון זיין טאַטן און באָרגט אויס דעם „שטומען בעטלער", אַלע דריי „טיילן" פאַר אַ „פערטעלע". ער שמייכלט שוין, פונקט, „ניעפּריטשקעם", ווי זיין טאַטע:

מיר זיינען אלע פראַנצויזן, מיט די לעכעדיקע הויזן...

אוי, אוי, אוי פראַנצויזן... — —

טעג קומען און גייען אַוועק, אין קריקעוו.

ליובע דעם איינבינדערס שפאַנט, אַלעמאָל, אַראָפּ צום בית-עולם, צופּט אָן בלומען, גרעזלעך און באָדיאַקעס, שיט זיי איבערן צאַם פון בערס קבֿר און לייענט שטיקער „מאַלענדער" און שאָפּנהויער", אויף אַ קול.

דאָס ציטרין-קאָלירטע קליידל — נאָך פון איר מוטערס חופּה-אויסשטאַפירונג — וויל בשום אופן נישט אַלט ווערן אויף איר, כאָטש איר שטערן רונצלט זיך, אַ גרויע האָר וואַרפט זיך בײַ דער שלייף, און כאָטש זי חזרט איבער צום נײַנציקסטן מאָל:

— אָט אַזוי פאַרגייט... Sic transit gloria mundi ...

ס ו ף.

קראָקע — ניו-יאָרק, 1927 — 1929.